# די געשיכטע פון די פאראייניגטע שטאַטען

פון הלל ראָגאָף

## שקלאַפעריי און דער וואוקס פון לאַנד

1830-1860

ארויסגעגעבען פון פארלאג „וועקער".
ניו יאָרק, 1928.

# אינהאַלטס פאַרצייכנים:

קאפיטעל 1.

# ענדרו דזשעקסאָן.

ענדרו דזשעקסאָן איז געווען דער ערשטער פּרעזידענט וואָס האָט געשטאַמט פון אָרימען פאָלק. אַלע פריערינע פּרעזידענטען האָבען געהערט צו דער אריסטאָקראַטיע פון ווירדזשיניא אָדער פון ניו־ענגלאַנד. דזשעקסאָן איז געקומען פון דער וועסט, פון די מערב־שטאַטען, וואו די אָרימע קאָלאָניסטען האָבען געלעבט רוי און פּרימיטיוו און געפירט אַן אומאויפהערליכען קאַמף מיט דער גרוי־זאַמער נאַטור פאַר זייער עקזיסטענץ. ער איז געווען אַ „וועס־טערנער" אין אַלע זיינע חושים, אין זיין גאַנצער פּסיכאָלאָגיע. זיין קאַריערע איז געווען פאַרבונדען מיט די שטרעבונגען און אַמביציעס פון דער וועסט. די קאָלאָניסטען פון די נייע שטאַ־טען האָבען אין דזשעקסאָנ'ען געזען ניט בלויז זייער פאָרשטייער און פאַרקעמפער, נאָר אויך אַן אָפּשפּיגלונג פון זיך אַליין, אַ שטיק פון זייער אייגען לייב און האַרץ. ווען ער איז דערוויילט געוואָרען פּרעזידענט האָט די וועסט געפילט, אַז זי איז ענדליך געוואָרען די פירערין פון לאַנד, אַז די ממשלה איז ענדליך אריבער אין די הענד פון אַ מענשען „וואָס איז די וועסט".

ענדרו דזשעקסאָן איז געווען דער זון פון אַ פּאָר פּאָלק וואָס האָט איינגעוואַנדערט קיין אַמעריקא פון צפון אירלאַנד. זיי זיינען אַהער געקומען מיט צוויי קליינע קינדער אין יאָר 1765, און האָ־בען זיך באַזעצט אין דעם וועסטליכען טייל פון נאָרט קאַראָלאַינא. געלט אויף צו קויפען אַ שטיקעל ערד האָבען זיי ניט געהאַט. האָבען זיי זיך פאַרקליבען אין אַ וויימען וואַלד און גענומען אויס־האַקען די ביימער און אָפּריינינען די שטיינער. אַ סך אָרימע אימיגראַנטען פלעגען דאַמאלסט טאָן אַזוי. זיי האָבען געהאָפט

אז אין פארלויף פון עטליכע יאר וועלען זיי ענטוויקלען א פארם און דעמאלט וועלען זיי קענען באצאלען פאר דער ערד. ביי די דזשעקסאנס אבער איז די האפענונג ניט פארווירקליכט געווארען. דעם צווייטען יאר האט פאסירט אן אומגליק: דער פאטער, אויפהייבענדיג א שווערען קלאץ האט געקראגען א בלוט־שטורץ. קיין דאקטוירים זיינען אין דער געגענד ניט געווען. אין צוויי טעג ארום איז ער געשטארבען. דער פאטער איז דאן אלט געווען אינגאנצען 29 יאר.

עטליכע טעג נאך איר מאנ'ס טויט האט די יונגע אלמנה געבוירען א זון. זי האט אים א נאמען געגעבען נאך דעם פאר־שטארבענעם פאטער, ענדרו דזשעקסאן. געבוירען האט זי אים ביי אירער א שוועסטער אויף א פארם אין סאוט קאראלאינא.

„מען קען זיך קוים פארשטעלען א מער ארימען און פראסטען מצב ווי דער מצב אין וועלכען ענדרו האט פארבראכט זיינע קינ־דער יארען", שרייבט זיין ביאגראף סאמנער. מער ווי גראבע שפייז צום עסען האבען די מענשען אין יענער געזעלשאפט ניט געהאט. פון העכערע און שענערע זאכען איז דארטען כמעט קיין סימן ניט געווען. די מוטער האט געשיקט ענדרו'ן אין א שול וואס איז געווען אפען עטליכע חדשים א יאר. ער האט צום לער־נען ווייניג חשק געהאט. ער האט זיך קוים אויסגעלערענט לעזען און אביסעל חשבונ'ען. שרייבען גראמאטיש ריכטיג האט ער קיינמאל אין לעבען ניט געקענט. זיין אויסלייגעכץ איז שטענ־דיג געווען מיט גרייזען. ער האט קיינמאל קיין געדולד ניט גע־האט צו ביכער.

ווען ער איז אלט געווען 14 יאר האט אין די שטאטען פון דער סאוט געפלאקערט די רעוואלוציע געגען ענגלאנד. די גאנצע דזשעקסאן פאמיליע האט זיך אנגעשלאסען אין דעם קאמף, און אלע, אויסער ענדרו, האבען באצאלט מיט זייערע לעבענס. איין ברודער איז געפאלען אויפ'ן שלאכטפעלד, א צווייטער איז אומ־געקומען פון א קראנקהייט מיט וועלכער ער האט זיך אנגענומען אין א געפענגנים־לאגער ביי די ענגלענדער. די מוטער האט גע־דינט אלס א פרייוויליגע בארמהערציגע שוועסטער אויף אן ענגלי־

שער שיף וואו אמעריקאנער זיינען געהאלטען געוואָרען אלס גע־פאנגענע. און זי האָט זיך אויך אָנגעשטעקט מיט אַ געפערליכער קראַנקהייט און איז געשטאָרבען. ענדרו האָט געדינט אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי און אַ שטיקעל צייט איז ער אפילו גע־ווען אין געפאנגענשאפט. גליקליכערווייז איז ער ארויס מיט'ן לעבען. ער האָט אָבער אַלע זיינע יאָרען געטראָגען אַ ביטערע שנאה געגען די ענגלענדער.

צו 14 יאָר איז ענדרו דזשעקסאָן געווען איינער אַליין אויף דער וועלט, אָן טאַטע־מאַמע, אָן ברידער און שוועסטער. פון אַ פאַמיליע פון פינף פּאַרשוין איז ער געבליבען דער איינציגער.

ענדרו האָט זיך איצט געהאָדעוועט צווישען די פּראָסטע ישוב'ניקעס אין די גרענעץ־קאָלאָניעס, צווישען מענשען וואָס האָבען ליב געהאט וועט־געיעגען פון פערד, הענער־געשלעגען און אַ גוטען טרונק בראָנפען. דאָס זיינען געווען לייט וואָס זיינען שטענדיג גרייט געווען אויף אַ געשלעג. פאַר דער קלענסטער קליינינקייט איז רעכט געווען צו גיין ביז בלוט. דאָס האָט גע־הייסען „פּאַרטיידיגען דעם כבוד". ענדרו האָט אין זיך איינגע־זאַפּט דעם גייסט פון דעם דאָזיגען גרענעץ־לעבען. ער האָט זיך נאָך אויסגעצייכענט מיט די אַלע מעלות מער ווי אַנדערע. ער איז געווען אַ שטיפער, אַן עקשן, אַ כעסן און האָט זיך פאַר קיין געפאַר ניט אָפּגעשטעלט. אַלע ווייַלע האָט ער זיך געקריגט מיט אַן אַנדערען; אַלע ווייַלע האָט ער געהאט אַ נייעם געשלעג. איין היסטאָריקער שרייבט: „אין יענע יאָרען האָט ער גערעדט גראָבע רייד, האָט נאָכאַנאַנד געקייט טאַבאַק און גע'שכור'ט. ער איז געווען אַזוי ווילד, אַז זיינע חברים האָבען אים ניט גע־קענט מיטהאַלטען. ער איז געווען אַ ליידנשאַפטליכער קאָרטען־שפּילער".

נאָכ'ן טויט פון זיין מוטער האָט ער זיך געפּרואווט לערנען אַ מלאכה. אַ שטיקעל צייט האָט ער געאַרבייט ביי אַ זאָטעל־מאַכער, און דערנאָך איז ער געוואָרען אַ לערער אין אַ שול. אָבער לאַנג האָט ער זיך ביי ביידע מלאכות ניט איינגעהאַלטען. די מלאכה האָט אים געלאַנגווייליגט. אין 1782 איז ער אוועק



ענדרו דזשעקסאָן

קיין טשאַרלסטאָן, אין דער „גרויסער שטאָדט”, וואו דאָס לעבען איז געווען אינטערעסאַנטער. דאָרטען האָט ער זיך באַפריינדעט מיט רייכע יונגע לייט און האָט מיט זיי געהולטאַיעוועט אַזוי לאַנג ווי זיין געלט האָט אים געקלעקט. ווען ער האָט זיין ביסעל פאַר־מעגען פאַרשווענדט, איז ער אַוועק צוריק אין דאָרף אַריין. שפּע־טער איז ער אָנגעקומען צו אַן אַדוואָקאַט אין דעם שטעטעל סאַ־ליסבורי.

דריי יאָר איז ער אָפּגעווען ביים אַדוואָקאַט. עס האָט גע־הייסען אַז ער לערענט זיך די פּראָפעסיע. אין דער אמת'ן אָבער האָט ער א סך מער ענערגיע און צייט אַוועקגעגעבען אויף פערד־וועטען, קאָרטען, ספּאָרטס און געשלעגען ווי אויף לערנען. אָבער צום סוף פון טערמין האָט ער פונדעסטוועגען באַקומען דאָס רעכט צו פּראַקטיצירען אַלס אַדוואָקאַט. אין יענע יאָרען האָט מען קיין סך קענטנישן ניט געדאַרפט כדי צו קריגען אַזאַ רעכט.

אַ יאָר צייט האָט ער געפּרובירט מאַכען אַ לעבען פון זיין נייער פּראָפעסיע, אָבער עס איז אים ניט געגאַנגען. דאַן האָט דער מזל פאַר אים פּלוצלינג געעפענט אַ נייע טיר און ער איז אין איר אַריין. פון דעמאָלט אָן הויבט ער אָן צו גיין אויף דעם וועג וואָס פירט אים צו זיין גרויסער גלענצענדער קאַריערע.

דאָס איז געווען אין יאָר 1788. דזשעפערסאָנ'ס אַ חבר איז פון דער רעגירונג באַשטימט געוואָרען אַלס ריכטער אין אַ ווייטער פּראָווינץ אין וועסטליכען טייל פון נאָרט קאַראָלאַינא וואו מיט עטליכע יאָר פריער האָבען זיך גענומען באַזעצען קאָלאָניסטען. דער וויכטיגסטער ישוב פון דער פּראָווינץ איז געווען נעשוויל, וואו עס האָבען דעמאָלט געוואוינט אַרום 200 פאַרשוין (די פּראָ־ווינץ איז מיט אַ יאָר צען שפּעטער אָרגאַניזירט געוואָרען אַלס דער איצטיגער שטאַט טענעסי). דער נייער ריכטער האָט איינ־געלאַדען אַ גרופּע יונגע לייט זיי זאָלען פאָרען מיט אים אַהין און דאָרט זיך באַזעצען. דזשעקסאָן איז געווען איינער פון זיי. ער האָט די איינלאַדונג אָנגענומען.

ווען דזשעקסאָן איז געקומען קיין נעשוויל, איז דאָרט געווען נאָר איין אַדוואָקאַט. געריכט־פּראָצעסען זיינען דאָרטען געווען אַ

סך, ניט נאָר פון דער באַפעלקערונג אין נעשוויל גופא, נאָר פון דער גאַנצער ארומיגער געגענד. די פּראָצעסען זיינען געווען מייס־טענס צווישען בעל־חובות. דער איינציגער אדוואָקאַט פון געגענט פלעגט פארטיידיגען די אנטלייער, די לווים. איז דזשעקסאָן גע־וואָרען דער אדוואָקאַט פון די מלוים. אין פארלויף פון ערשטען מאָנאַט האָט ער געוואונען זיבעציג פּראָצעסען. ער האָט גלייך אָנגעהויבען פארדינען אַ סך געלט.

אין 1789 איז ער באַשטימט געוואָרען אַלס פּראָקוראָר פון דער גאַנצער פּראָווינץ. דעם אמט האָט ער געהאַלטען אַ פּאָר יאָר. אין דער צייט האָט ער זיך פּאָפּולער געמאַכט צווישען דער גאַנצער באַפעלקערונג. אַלס פּראָקוראָר פלעגט ער ארומ־פאָרען פון איין ישוב צום צווייטען. ער האָט געקראָגען אַ גרויסע באַקאַנטשאַפט און אַלע האָבען אים ליב באַקומען פאַר זיין ערליכקייט און אומדערשראָקענקייט. עס ווערט דערציילט, אַז ווען דער שעריף פון אַ ישוב האָט מורא געהאַט צו גיין ארעסטירען אַ פארברעכער, פלעגט דזשעקסאָן, דער פּראָקוראָר, דאָס טאָן פאַר אים. אין יענע געגענדען און אין יענער צייט האָט עס אָפט גע־שמעקט מיט'ן טויט. דזשעקסאָן האָט זיך אָבער פאַר קיין זאַך ניט אָפּגעשטעלט. זיין פליכט אַלס פּראָקוראָר האָט ער דורכגע־פירט שטרענג ערליך. ער איז ניט געווען קיין גרויסער קענער אין יוריספּרודענץ, ער האָט אָבער אויסגעטיילט גערעכטיגקייט לויט זיין ערליכען פארשטאַנד, און ריינער אויפריכטיגקייט. דער עולם האָט אויך באַוואונדערט זיין פיזישען מוט. דאָס ארומ־פאָרען און ארומוואַנדערען איבער דער פּראָווינץ איז געווען פאר־בונדען מיט אַלערליי געפאַרען. די וועגען פון איין ישוב צום צווייטען זיינען געלעגען דורך טיפע, פינסטערע וועלדער, וואו אינדיאַנער האָבען שטענדיג געלויערט. דזשעקסאָנ'ען פלעגט אָפט אויסקומען צו פארברענגען אַ נאַכט אין אַ וואַלד מיט זיין ביקס אַלס זיין איינציגער וועכטער.

אין 1793 האָבען די איינוואוינער פון דער פּראָווינץ אָפּגע־האַלטען אַ קאָנווענשאָן אויסצואַרבייטען אַ קאָנסטיטוציע און

צו אָרגאַניזירען די פּראָווינץ אין אַ באַזונדער שטאַט. דזשעקסאָן איז געווען אַ דעלעגאַט צו דער קאָנוועגשאָן, און, ווי עס ווערט דערציילט, איז ער עס געווען דער וואָס האָט פאָרגעשלאָגען אַז דער שטאַט זאָל זיך רופען טענעסי (אַזוי האָבען די אינדיאַנער גערופען דעם טייך וואָס פליסט דאָרטען, און אויפ'ן אינדיאַני־שען לשון הייסט עס „דער לאַנגער, געדרייטער טייך"). אין 1796 איז טענעסי אַריינגענומען געוואָרען אַלס אַ שטאַט. אין זעלבען יאָר איז ענדרו דזשעקסאָן דערוויילט געוואָרן אַלס דער ערשטער קאָנגרעסמאַן פון יענעם שטאַט. אַ יאָר שפּעטער איז ער אויסגעקליבען געוואָרען אַלס דער יונייטעד סטייטס סענאַטאָר פון טענעסי. ער האָט אָבער דעם אַמט געהאַלטען בלויז איינינע מאָנאַטען. אין 1798 האָט ער רעזיגנירט. אין קאָנגרעס האָט ער זיך אַפילו ניט אָנגעזען. ער האָט כמעט דאָס וואָרט קיינ־מאָל ניט גענומען. געשטימט האָט ער אָבער אין אַלע פראַגען מיט דזשעפערסאָנ'ס פּאַרטיי. ער האָט שוין דעמאָלט געהערט צו דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

אַ פּאָר יאָר נאָכדעם ווי דזשעקסאָן האָט זיך באַזעצט אין נעשוויל, האָט ער געהייראַט מיט דער טאָכטער פון דער באַלע־באָסטע ביי וועלכער ער איז איינגעשטאַנען. עס איז כדאי צו דערציילען די געשיכטע פון דער דאָזיגער הייראַט, ווייל דאָס לאַנד האָט ניט אויפגעהערט צו ריידן פון איר אין אַ משך פון דרייסיג יאָר, אַזוי לאַנג ווי די מאַדאַם דזשעקסאָן האָט גע־לעבט.

דזשעקסאָנ'ס באַלעבאָסטע האָט געהייסען מאַדאַם דאָנאַלד־סאָן. זי איז געווען אַ גאַנץ רייכע אלמנה. איינע פון אירע טעכטער, רייטשעל, האָט מיט אַ פינף יאָר פריער, ווען זי איז אַלט געווען זיבעצען יאָר, געהייראַט מיט אַ געוויסען לואיס ראַבאַרדס פון קענטאָקי. זי האָט מיט אים געלעבט אַ יאָר צייט, דאַן האָט זי אים פאַרלאָזען און איז צוריקגעקומען צו איר מוטער. זי האָט מיט איר מאַן ניט געקענט שטימען, ווייל זי איז געווען אַ פריילינבע און אַ לוסטיגע און ער איז געווען שרעקליך

אייפערזיכטיג אויף איר. אין עטליכע מאנאטען ארום איז ראָ־בארדס געקומען צופארען און געבעטען זיין ווייבעל זי זאל מיט אים שלום מאכען. זי האט איינגעשטימט און ראבארדס האט זיך אריינגעקליבען צו זיין שוויגער אין הויז. ווען דזשעקסאן איז אנגעקומען אהין, האט ער געטראפען די ראבארדס ווידער צו־זאמען.

קורץ נאכדעם האט ראבארדס גענומען פארדעכטיגען זיין פרוי אז זי איז ניט גלייכגילטיג צו דזשעקסאן'ען. זיין אלטע אייפערזוכט האט זיך ווידער צופלאקערט. ראבארדס האט פאר־לאזען זיין פרוי און האט איר האט אנגעקלאגט אויף א גט.

צו באקומען א גט אין יענע יארען איז זייער שווער געווען. פריער האט דער מאן געמוזט קריגען פון דער לעדזשיסלייטשור דאס רעכט אנצוגעבען זיין קלאגע און דאן ערשט האט ער געמאגט פארקלאגען זיין ווייב אין געריכט. ראבארדס האט אין 1791 געמאכט דעם ערשטען שריט, זיך ווענדענדיג צו דער לעדזשיסליי־טשור מיט זיין בקשה. די לעדזשיסלייטשור האט באוויליגט זיין פארלאנג. ווייטער איז ער אבער ניט געגאנגען: אין געריכט האט ער זיין פרוי ניט אנגעקלאגט. אזוי שנעל אבער ווי דזשעק־סאן האט זיך דערוואוסט, אז ראבארדס האט געקראגען די ער־לויבעניש פון דער לעדזשיסלייטשור, האט ער חתונה געהאט מיט דער יונגער מיסעס ראבארדס. ערשט מיט צוויי יאר שפעטער האט ראבארדס זיין קלאגע געבראכט אין געריכט. זיין קלאגע האט געלויטעט, אז זיין פרוי לעבט מיט דזשעקסאן'ען. ער האט, פארשטייט זיך, דעם פראצעס געוואונען. דזשעקסאן האט דאן געהייראט מיט מיסעס ראבארדס צום צווייטען מאל.

אין לויף פון די נעקסטע דרייסיג יאר האבען דזשעקסאנ'ס שונאים אים שטענדיג אויפגעווארפען, אז ער האט צוויי יאר גע־לעבט מיט א פארהייראטער פרוי. זיין תירוץ איז געווען, אז ער האט ניט געוואוסט, אז ער האט געמיינט אז ראבארדס האט גלייך דערלאנגט אין געריכט אויף א גט. דאס איז אבער געווען א קנאפער תירוץ פאר איינעם וואס איז אליין אן אדוואקאט. ער האט דאך געוואוסט דאס געזעץ און ער האט אויך גוט גע־

וואוסט ווי אזוי אויסצוגעפינען צי די פרוי איז געוועןווירקליך אָפּגעגט אָדער ניט. אפילו דזשעקסאָנ'ס פארערער גיבען איצט צו, אז די צוויי יאָר „האָט ער געלעבט אין זינד".

נאָכדעם ווי דזשעקסאָן האָט זיך צוריקגעצויגען פון סענאט, איז ער באשטימט געוואָרען פאר איינעם פון די הויפּט־ריכטער פון טענעסי. ער האָט דעם אמט געהאַלטען זעקס יאָר. דערנאָך איז ער אינגאנצען אוועק פון פּאָליטישען לעבען. ער האָט באַשלאָסען זיך אָפּצוגעבען מיט מסחר. ער האָט געהאנדעלט מיט לאנד, מיט נעגער־שקלאפען, מיט פערד און האָט געמאכט א גרויסען פארמעגען. ער איז געוואָרען איינער פון די רייכסטע לייט אין טענעסי.

אין 1806 האָט דזשעקסאָן דער'הרג'עט א מענשען אין א דועל. זיין קרבן איז געווען א יונגער מאַן, טשארלס דיקינסאָן, עטליכע און צוואנציג יאָר אלט. וועגען דעם דאָזיגען דועל איז זייער פיל געשריבען געוואָרען אי פון דזשעקסאָנ'ס פריינד, אי פון זיינע געגנער. עס איז אוממעגליך פעסטצושטע־לען וועלכער צד עס דערציילט די אמת'ע פאקטען. די בעסטע היסטאָריקער גיבען צו, אז דזשעקסאָן פאָרדינט געטאַ־דעלט צו ווערען פאר דער טאט. דער דועל מיט דיקינסאָנ'ען איז ניט געווען דער ערשטער און ניט דער לעצטער ביי דזשעק־סאָנ'ען. ווען דזשעקסאָן איז געווען א ריכטער אין דעם העכ־סטען געריכט, האָט ער ארויסגערופען אויף א דועל דעם גאָ־ווערנאָר פון דעם שטאַט, וועלכער איז געווען צוויי מאָל אזוי אלט ווי ער. יענער דועל האָט זיך געענדיגט אָן בלוט־פארגיסונג. ביידע האָבען אויסגעשאָסען און ניט געטראָפען. שפּעטער מיט עט־ליכע יאָר איז פאָרגעקומען א שיסעריי צווישען אים און צוויי ברידער בענטאָן, וועלכע זיינען געווען פראָמינענטע פּאָליטיקער אין דעם שטאַט. פון יענער שיסעריי איז דזשעקסאָן ארויס אָן ערנסט־פארוואונדעטער. א קויל איז אים אריין אין פּלייצע און איז דאָרט פארבליבען דרייסיג יאָר. די קויל האָט אים פאר־אורזאכט אָפטע קראנקהייטען און ווייטאָגען.

אָבער דער דועל מיט דיקינסאָנ׳ען איז געווען דער שרעק־ליכסטער, ווייל ער האָט זיך געענדיגט זייער טראגיש. דער דועל איז ארויסגעקומען פון א קריג איבער א קאָרטען־חוב. די־קינסאָן האָט דזשעקסאָנ׳ען שטארק באַליידיגט אין דער פרעסע, און דזשעקסאָן האָט אים ארויסגערופען אויף א דועל. אָט איז א באשרייבונג פון דעם דועל, ווי זי ווערט געגעבען אין פּראָ־פעסאָר באסעט׳ס ביאָגראַפיע פון דזשעקסאָנ׳ען, וועלכע ווערט באטראכט פאר איינער פון די סאמע בעסטע:

„ווען דער סעקונדאנט אָווערטאָן האָט געגעבען דעם סיג־נאַל, האָט דיקינסאָן גלייך אויסגעשאָסען. דזשעקסאָן האָט פעסט צוגעדריקט די האנד צום ברוסט. זיין הויכע פיגור האָט זיך אָבער ניט א ריר געטאָן. דיקינסאָן איז געוואָרען א דער־שראָקענער. „גאָט! — האָט ער אויסגעשריען, — איך האָב אים ניט געטראָפען!“

„דזשעקסאָן האָט איצט געהאט דעם געגנער אין זיינע הענד. ער האָט אויף אים אָנגעשטעלט זיינע אויגען. דערנאָך האָט ער לאנגזאם גענומען צילען מיט׳ן רעוואָלווער. דיקינסאָן האָט געציטערט און אָפּגעקערט דעם קאָפּ. דזשעקסאָנ׳ס אויג האָט פאָרזיכטיג אָפּגעמאָסטען די לענג פון דעם רעוואָלווער און פאָרזיכטיג געצילט. דאן האָט ער א צי געטאָן דעם צינגעל. אָבער דער רעוואָלווער האָט ניט אויסגעשאָסען. די סעקונדאנ־טען האָבען גע׳פּסקנ׳ט אז דזשעקסאָן מעג פּרובירען א צווייטען מאָל. ער האָט ווידער לאנגזאם און פאָרזיכטיג געצילט אויף זיין קרבן, וועלכער איז געשטאנען און געוואַרט אויף זיין סוף. דעם מאָל האָט דער רעוואָלווער אויסגעשאָסען. די קויל האָט איבערגעריסען ביי דיקינסאָנ׳ען א גרויסע אָדער, און יענע נאכט איז ער געשטאָרבען. דזשעקסאָן איז אוועק א טריאומפירענדיגער. ער האָט קיינעם ניט אויסגעזאָגט אז ער איז די גאנצע צייט פון דועל געשטאנען א פארוואונדעטער. ער האָט ניט געוואָלט אז דער שטארבענדיגער געגנער זאָל וויסען אז זיין קויל האָט אויך געטראָפען. „איך וואָלט אים דערשאָסען, — האָט דזשעקסאָן

שפּעטער ערקלערט, — אפילו ווען ער וואָלט מיר פריער דורכגע־לעכערט דעם מארך".

„עס איז קלאָר, — פאַרענדיגט פּראָפעסאָר באַסעט זיין באַ־שרייבונג — אַז דזשעקסאָן האָט דיקינסאָנ'ען דערשאָסען ווייל ער האָט אים געהאַסט און אים געוואָלט טויטען. דאָס קען באַטראַכט ווערען כמעט ווי מאָרד."

עס זיינען אַוועק נאָך ניין יאָר. דזשעקסאָן האָט זיך אָפּ־געגעבען מיט באַארבייטען זיינע פעלדער, מיט האָדעווען פערד פאַר וועט־שפּילען. ער האָט זיך אויך באַטייליגט אין פּאָליטיק אין זיין אייגענעם שטאַט טענעסי. אין לאַנד בכלל האָט מען פון אים כמעט ניט געהערט. אין טענעסי האָט ער אויך ניט געשפּילט קיין וויכטיגע ראָלע. ער האָט ניט געהאַט קיין אַמ־ביציעס, ניט אַלס פּאָליטיקער, ניט אַלס אַדוואָקאַט. ביז'ן עלטער פון 45 יאָר האָט ער ניט אָנגעהויבען צו מאַכען קיין קאַריערע פאַר זיך אין דעם פּאָליטישען און געזעלשאַפטליכען לעבען פון לאַנד. אין טענעסי האָט מען אים געקענט אַלס אַ מענשען, מיט וועמען עס איז געפערליך זיך צו פאַרטשעפּען. ער האָט גע־קענט זיין אַ וואַרימער, איבערגעבענער פריינד, אָבער דערפאַר האָט ער אויך געקענט זיין אַ פאַרביסענער, געפערליכער שונא. ער איז ניט געווען קיין בעל גאוה, האָט ניט געזוכט קיין כבוד. אָבער ווען אימיצער האָט אים אָנגעטראָטען האָט ער אים קיינמאָל ניט געקענט מוחל זיין. ער איז געווען אַ שמאָל־קעפּיגער מענש, ווען ער האָט געהאַט אַ מיינונג האָט מען אים בשום אופן ניט געקענט איבערשפּארען. ער איז געווען אַבסאָלוט איבערצייגט, אַז זיין מיינונג איז די ריכטיגע און אַז די וואָס דענקען אַנ־דערש זיינען געפערליכע מענשען. יעדערער, דעריבער, וואָס האָט געוואַגט צו האַנדלען להיפך צו זיינער אַ מיינונג האָט דערמיט זיך פאַרשאַפט דזשעקסאָנ'ען פאַר אַ פּערזענליכען פיינד.

אָבער די דאָזיגע אייגענשאַפטען פון זיין כאַראַקטער האָבען אים געבראַכט ריזיגען ערפאָלג אין דער נייער קאַריערע וואָס די מלחמה פון 1812 האָט פאַר אים געעפענט, די קאַריערע אויף דעם מיליטערישען פעלד. ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכען

איז דזשעקסאָן געוועזן דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער מיליץ אין טענעסי. ער האָט געגלויבט, גלייך מיט די אַלע קאָלאָניסטען אין דער וועסט און סאוט, אַז די מלחמה איז אַ פּאַסיגע געלעגענהייט צו פאַרטרייבען די אינדיאַנער פון דער גרעניץ־טעריטאָריע. פון זיינע יונגע יאָרען אָן איז ער געוועזן אַ פאַרביטערטער שונא פון ענגלאנד. ער האָט אויך געגלויבט אַז די פאַראייניגטע שטאַטען מוז שטרעבען צו פארכאַפּען די גאַנצע געגענד אַרום דעם גאָלף אָוו מעסיקאָ. ער האָט זיך אין דער מלחמה אַריינגעוואָרפען מיט זיין גאַנצער ענערגיע און איז געוואָרען אַ „נאַציאָנאַלער העלד".

עס איז שוין פריער דערציילט געוואָרען וועגען דזשעקסאָנ'ס נצחונות איבער די אינדיאַנער און איבער די ענגלענדער.*) די פאַראייניגטע שטאַטען האָט אויף דער יבשה געהאַט אַ גאַנצע רייע מפּלות, אָבער דזשעקסאָן איז געוועזן דער איינציגער אַמעריקאַנער גענעראַל וואָס האָט געוואונען אַ גרויסען זיג און געראַטעוועט דעם מיליטערישען פּרעסטיזש פון זיין לאַנד. אין דער סאוט און אין דער וועסט האָט ער זיך נאָך מער באַליבט געמאַכט דערמיט וואָס ער האָט פאַרטריבען די אינדיאַנער און איז אריינגעדרונגען אין פלאָרידאַ.

זיינע מעטאָדען אויפ'ן שלאַכטפעלד זיינען געוועזן ברוטאַלע. ער האָט קיינעם ניט געשאַנעוועט. ער האָט אין איין פאַל געלאָזט אויפהענגען אַ יונגען סאָלדאַט פון זיין אַרמיי פאַר אַזאַ קלייניגקייט ווי ברעכען די דיסציפּלין. אין אַ צווייטען פאַל האָט ער זעקס פון זיינע סאָלדאַטען הינגעריכטעט פאַר פאַרלאָזען דאָס שלאַכטפעלד אָן ערלויבעניש. דעם שונא האָט ער באַהאַנדעלט נאָך ברוטאַלער. ער האָט געבראָכען די אינטערנאַציאָנאַלע געזעצען. די אינדיאַנישע שבטים, וועלכע האָבען אים אין דער מלחמה געהאָלפען, האָט ער דערנאָך פאַרראַטען. ווען ער איז געוועזן דער מיליטערישער קאָמאַנדיר אין ניו אָרליענס האָט ער דאָרט געהערשט מיט אַזאַ דעספּאָטיזם, אַז די אַמערי־

* זעה ראָגאָף'ס „געשיכטע פון די פאַראייניגטע שטאַטען", באַנד 3.

קאַנער בעאַמטע אַליין האָבען פּראָטעסטירט. דערפאַר וואָס אַן אַמעריקאַנער ריכטער האָט געוואַגט צו פאָדערען די באַ־פרייאונג פון אַן אומשולדיג אַרעסטירטען, האָט דזשעקסאָן דעם ריכטער אַריינגעזעצט אין געפענגניש.

דזשעקסאָן איז פון פילע שטאַרק קריטיקירט געוואָרן, אין קאָנגרעס זיינען אַריינגעטראָגען געוואָרען שאַרפע רעזאָלוציעס געגען אים, די פּרעסע האָט אים אַטאַקירט, אָבער דאָס פאָלק האָט אין אים געזען אַ גרויסען נאַציאָנאַלען העלד. דאָס פאָלק איז אים געווען דאַנקבאַר פאַר באַזיגען די אינדיאַנער, די שפּאַ־ניער און די ענגלענדער. איבערהויפּט האָבען די סאָוט און די וועסט אין אים געזען דעם פאָרקעמפער פון זייערע אינטערעסען.

און דאָס פאָלק האָט אים אויסגעוויילט פאַר פּרעזידענט.

קאַפּיטעל 2.

# פּרעזידענט דזשעקסאָן און זיין ערשטער קאַבינעט

דזשעקסאָנ׳ס רייזע קיין וואשינגטאָן האָט געזאָלט זיין אַ טריאומף־צוג. אַ סך שטעט דורך וועלכע ער האָט געדאַרפט דורכפאָרען האָבען זיך געגרייט צו מאַכען פּאַראַדען פון זיינעט־וועגען. ער האָט אויך באקומען ספּעציעלע איינלאַדונגען פון אַנדערע שטעט און שטעטלאַך אין דער סאוט און וועסט. אָבער אין מיטען דערינען איז אים זיין ווייב קראַנק געוואָרען און געשטאָרבען. דאָס האָט פאַרשטערט דעם גאַנצען יום־טוב. דזשעקסאָן האָט שטאַרק געטרויערט נאָך זיין פרוי. ער האָט זי באַטראַכט פאַר אַ מאַרטירערין. פאַר זיינע פריינד האָט ער זיך געקלאָגט, אַז זי איז געשטאָרבען פון האַרצווייטאָג, לייענ־ענדיג אין די געגנערישע צייטונגען די פאַרלוימדונגען אויף איר ערע. דאָס איז געווען די אַלטע געשיכטע פון זייער הייראַט. די צייטונגען האָבען אויך געשריבען וועגען איר, אַז זי איז אַ וואול־גאַרע פרוי, אַז זי רויכערט און טרינקט גלייך מיט אַלע פּראָס־טערע פאַרמערס אין דער וועסט.

די איינשוועורונגס־צערעמאָניע פון פּרעזידענט דזשעקסאָן האָט באַוויזען, אַז אַ נייער קלאַס האָט איבערגענומען די מאַכט אין וואשינגטאָן. צו די איינשוועורונגס־צערעמאָניעס פון די פריערדיגע פּרעזידענטען פלעגען קומען פּראָמינענטע פּערזאָנען, פיין־פאַרפּוצטע דאַמען און הערען. דאָס מאָל זיינען אין וואַ־שינגטאָן אָנגעפאָרען צען טויזענד מענער און פרויען און קינדער פון פּראָסטען פאָלק פון אַלע טיילען פון לאַנד. „איך האָב קיינמאָל אַזאַ מחנה מענשען ניט געזען״, — האָט געשריבען סענאַטאָר וועבסטער, — „מענשען זיינען געפאָרען פון הונ־

דערט מייל ארום א קוק צו טאָן אויף דזשעקסאָנ'ען. ווי עס שיינט, גלויבען זיי ווירקליך, אז מיט זיין ערוויילונג איז דאָס לאנד געראטעוועט געוואָרען פון א שרעקליכער געפאר".

איינער וואָס האָט די סצענע בייגעוואוינט שרייבט: „צען אזייגער איז די גאס געפאקט געווען מיט אלערליי וועגענער — פון פראכטפולע קארעטען ביז פראָסטע פארמער-בוידען. אלע זיינען זיי געווען אָנגעפאקט מיט פרויען און קינדער, טייל אויס-געפוצטע און טייל אין טראנטעס. די מענער זיינען אלע גע-גאנגען צופוס".

קיין פאראד איז ניט געמאכט געוואָרען. אפילו קיין מוזיק האָט ניט געשפּילט. אין דער באגלייטונג פון א גרויסער מחנה פארערער איז דזשעקסאָן געגאנגען צופוס צום „קעפּיטעל" און איז דאָרטען איינגעשוואוירען געוואָרען אלס פּרעזידענט. דער-נאָך האָט ער געהאלטען א קורצע רעדע. אזוי שנעל ווי ער האָט געענדיגט, האָט זיך דער עולם א לאָז געטאָן צו אים, צו דריקען זיין האנד. די פּאָליציי האָט אים קוים ארויסגעשלעפּט און אים ארויפגעזעצט אויף א פערד. ער איז אוועקגעריטען צום „ווייסען הויז" און דער גאנצער עולם האָט זיך א לאָז געטאָן נאָך אים.

די סצענע וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין „ווייסען הויז" איז געווען גאָר ניט קיין שיינע. דאָרטען איז צוגעגרייט געוואָרען א סעודה, מיט געטראנקען און צובייסען פאר'ן עולם. די מאַסע האָט אָבער ניט געוואַרט ביז וואנען די קעלנער וועלען זיי סער-ווירען. זיי האָבען זיך אליין א וואָרף געטאָן אויף די טישען. זיי האָבען מיט זייערע בלאָטיגע שטיוועל געגומען קריכען אויף די אויסגעבעטע שטולען. אין דעם געדראנג האָבען זיי צובראָכען די געשיר און די גלאָזוואַרג. די ענגשאפט און דער טומעל זיינען געווען אזוי גרויס, אז מענשען האָבען גענומען קלעטערען דורך די פענסטער. צום גליק איז איינעם איינגעפאלען א פּלאַן ארויס-צוטראָגען אין הויף אַן עמער מיט שנאַפּס. דאָס האָט אָפּגעצויגען א טייל פון די מענשען פון עטוב און עס איז מעגליך געוואָרען צו מאכען אָרדנונג.

א סך פון די מענשען וואָס זיינען געקומען אין וואשינג־טאָן האָבען געהאט א גאנץ אנדער צוועק ווי אָפּצוגעבען כבוד דזשעקסאָנ׳ען. זיי זיינען געקומען פאָדערען רעגירונגס־שטעלען פאר זיך און פאר זייערע קרובים און פריינד. דער געיעג נאָך שטעלען האָט זיך אָנגעהויבען נאָך איידער די אדמיניסטראציע איז אריין אין מאכט. די פּאָליטישע טוער פון איבער׳ן גאנצען לאנד, וועלכע האָבען געארבייט פאר דזשעקסאָנ׳ס דערוויילונג האָבען נאטירליך זיך גערעכט צו באקומען זייער שכר, און זיינען איצט געקומען עס אויפצומאָנען.

און דזשעקסאָן האָט זיי ניט אנטוישט. ער האָט דערקלערט, אז די אַלטע רעגירונגס־אָנגעשטעלטע, די וואָס האָבען געשטיצט די אַלטע אדמיניסטראציע, מוזען גיין און מאכען פּלאץ פאר זיינע אייגענע מענשען. דער „פּרינציפּ" איז ניט געווען קיין נייער. די פּאָליטישע פּארטייען אין די פארשידענע שטאַטען האָבען זיך שוין אזוי נוהג געווען נאָך פון לאנג. אזוי שנעל ווי א נייע פּארטיי פלעגט אריין אין מאכט, פלעגט זי ארויס־ווארפען די אַלטע רעגירונגס־אָנגעשטעלטע און אריינזעצען איי־גענע פּארטיי־מענשען. דזשעקסאָן האָט אָבער אָט דעם פּרינציפּ „נאציאָנאַליזירט", אים אריינגעפירט אין דער נאציאָנאַלער רע־גערונג, און אויף א ריזיגען מאסשטאב. די פּרעזידענטען נאָך אים זיינען שוין געגאנגען אויפ׳ן זעלבען וועג.*)

ווען די דזשעקסאָן־אדמיניסטראציע האָט גענומען ווארפען אַלטע אָנגעשטעלטע פון זייערע עמטער, איז אין לאנד געווארען א טומעל. די געגנער האָבען דזשעקסאָנ׳ען שרעקליך אטאקירט. דער איינדרוק איז געשאפען געוואָרען אז אַלע אַלטע ווערען ארויסגעוואָרפען. דאָס איז אָבער ווייט ניט אזוי געווען. אין די ערשטע אנדערהאַלבען יאָר זיינען בלויז צען פּראָצענט פון די

*) די סיסטעם פון געבען רעגירונגס־עמטער צו אייגענע פּארטיי־מענשען ווערט אָנגערופען „ספּאָילס סיסטעם", לויט דעם אַלטען שפּריכ־וואָרט „טו די וויקטאָרס בעלאָנג די ספּאָילס" (דעם זיגער געהערט די רויב).

אַנגעשטעלטע איבערגעביטען געוואָרען, און אין פאַרלויף פון די גאַנצע אכט יאָר וואָס דזשעקסאָן איז געווען אין אמט, זיינען ניט מער ווי אַ פינפטעל פון אַלע בעאַמטע געביטען געוואָרען. אָבער כאָטש די געוואַלדען פון די געגנער זיינען געווען שטאַרק איבער־טריבען, מוז מען צוגעבען אַז דזשעקסאָן האָט באַגאַנגען געגען אַ סך פון די מענשען אַן אומגערעכטיגקייט. אַנגעשטעלטע זיינען אָפּגעזאָגט געוואָרען פון שטעלעס אין וועלכע זיי האָבען געאַרבייטען אָדער פופצען יאָר, טייל אַפילו צוואַנציג יאָר. מען האָט זיי אַרויסגעזעצט כאָטש זיי האָבען זייערע פליכטען ערליך דערפילט. דער איינציגער חטא זייערער איז געווען, וואָס זיי האָבען ניט באַלאַנגט צו דזשעקסאָנ'ס פּאַרטיי. דער היסטאָריקער מעקמעס־טער שרייבט: „גאַנצע פאַמיליעס זיינען אומגליקליך געמאַכט געוואָרען. אַ קלערק אין „אַדיטאָר'ס אָפיס" האָט פון מורא טאָמער וועט מען אים אָפּזאָגען, זיך איבערגעשניטען די האַלז. אַ צווייטער אין דעם „דעפּאַרטמענט אָוו סטייט" איז אַראָפּ פון זינען".

דזשעקסאָן האָט זיין האַנדלונג באַטראַכט אַלס אַ פּרינצי־פּיעלע. רעגירונגס־שטעלען, האָט ער געזאָגט, טאָרען ניט געהע־רען צו געוויסע פּערזאָנען. זיי דאַרפען באַלאַנגען צו אַלעמען. עטליכע יאָר האָט די שטעלע איינער, און עטליכע יאָר אַן אַנ־דערער. ער האָט אויך גע'טענה'ט, אַז ווען איינער זיצט אין אַן אמט אַ לאַנגע צייט, ווערט ער פויל און פאַרנאַכלעסיגט זיינע פליכטען. עס איז דעריבער נויטיג שטענדיג צו קריגען נייע מענשען. אַ דריטע טענה זיינע איז געווען, אַז די מענשען, וואָס אַרבייטען פאַר אַ פּאַרטיי אָדער אַ קאַנדידאַט, דאַרפען באַלוינט ווערען, און אַז זיי זיינען באַרעכטיגט צו קריגען רעגי־רונגס־שטעלען אַלס באַלוינונג.

דזשעקסאָן האָט זיין קאַבינעט אויסגעקליבען אויך לויט זיין פּרינציפּ פון פּאַרטיי־טרייהייט און פּערזענליכע פריינד־שאַפט. דזשיימס העמילטאָן, איינער פון זיינע נאָענטסטע און פּאַרטרויטסטע מענשען, שרייבט אין זיינע עראינערונגען: „פרע־

זידענט דזשעקסאן האט ניט געטראכט וועגען די פייאיגקייטען פון דעם מענשען פאר דעם אמט. איך בין זיכער, אז איך האב קיין איינציגען ווארט וועגען פייאיגקייט פון אים ניט געהערט, כאטש איך האב מיט אים געהאט א סך געשפרעכען וועגען די בעאמטע וואס ער האט אויסגעקליבען". אין דעם ערשטען קאבינעט איז אריין בלויז איין מיניסטער, וועלכער האט גע־האט מער ווי מיטעלמעסיגע פייאיגקייטען. דאס איז געווען מארטין וואן ביורען, דער „סעקרעטערי אוו סטייט" אדער אויס־לאנדס־מיניסטער. אלע איבעריגע מיניסטארען האבען זיך מיט גארניט אויסגעצייכענט. אייניגע פון זיי האבען זייערע עמטער געהאט צו פארדאנקען זייער פריינדשאפט צו דזשעקסאן'ען, און אייניגע האבען דאס געהאט צו פארדאנקען זייער פריינדשאפט צום וויס־פרעזידענט קאלהון.

די אמת'ע בעלי יועצים פון פרעזידענט דזשעקסאן זיינען ניט געווען די מיניסטארען נאר א גרופע קלוגע און ביטערע פא־ליטישענס, מיט וועלכע דזשעקסאן האט זיך ארומגערינגעלט. די לייט האבען געהאלטען אומוויכטיגע רעגירונגס־עמטער, אדער זיי זיינען געווען פארבונדען מיט פארטיי־צייטונגען. דזשעקסאן פלעגט זיך מיט זיי טרעפען פריוואט און מיט זיי זיך מישב זיין. זיי זיינען געווען די אמת'ע מאכער פון דער אדמיניסטראציע, און זיי האבען געקראגען דעם נאמען „די קיטשען קעבינעט" (די „קיך־מיניסטארען"). וואן ביורען האט געהערט צו דער דא־זיגער גרופע. אבער די וויכטיגסטע פערזאן צווישען זיי איז געווען עימאס קענדאל, א געוועזענער צייטונגס־רעדאקטאר און א העכסט פייאיגער זשורנאליסט. ער האט א סך מיטגעהאלפען אין דזשעקסאן'ס וואלקאמף אין זיין שטאט, אין קענטאקי. דזשעק־סאן האט אים אראפגעבראכט קיין וואשינגטאן און אים געגעבען א קליינעם אמט אין א רעגירונגס־ביורא כדי אים צו האבען שטענ־דיג נעבען זיך. טייל היסטאריקער זיינען מיט דער מיינונג, אז קענדאל האט באשטימט די גאנצע פאליטיק פון דער דזשעקסאן־אדמיניסטראציע און איז געווען דער אמת'ער באלעבאס פון „וויסען־הויז". עס איז אינטערעסאנט צו באמערקען, אז אין

דזשעקסאָנ'ס אדמיניסטראַציע האָבען צייטונגס־שרייבער צום ערשטען מאָל אָנגעהויבען צו שפּילען א וויכטיגע ראָלע אין פּאָ־ליטיק. דזשעקסאָן האָט מיט אַלע כחות געזוכט צו געווינען די פּרעסע, און ער האָט אין א סך וויכטיגע עמטער אריינגעזעצט זשורנאַליסטען און רעדאַקטאָרען.

אין דעם קאַבינעט און אין דער הויכער רעגירונגס־געזעל־שאַפט פון „ווייסען הויז" האָט זיך גלייך אין אָנפאַנג פון דזשעקסאָנ'ס טערמין פאַנאַנדערגעברענט א סקאַנדאַל, מיט וועל־כען וואַשינגטאָן און דאָס גאַנצע לאַנד האָט געקאָכט אַנדער־האַלבען יאָר נאָכאַנאַנד, און וועלכער האָט צום סוף מיטגעבראַכט אַז אַלע קאַבינעט מיניסטאָרען, אויסער איינעם, זאָלען רעזיג־נירען. דער סקאַנדאַל איז געווען איבער דער פרוי פון איינעם פון די מיניסטאָרען, די פרוי פון דזשאַן איטאָן, דעם „סעקרעטערי אָוו וואָר" (קריגס־מיניסטער).

געגען די איטאָנס האָבען נאָך לאַנג פריער זיך ארומגעטראָגען קלאַנגען אַז זיי האָבען געזינדיגט געגען דער מאָראַל. די פרוי איטאַן איז געווען די טאָכטער פון אַן אײרישען קרעטשמאַר אין וואַשינגטאָן, א געוויסער וויליאַם אָניעל. אין אָניעל'ס קרעטשמע פלעגען קומען די אָנגעזעענסטע, פּראָמינענטסטע מענשען פון וואַשינגטאָן און פון גאַנצען לאַנד. די טאָכטער זיינע, פּעגי, איז געווען א וואונדערבאַרע שיינהייט, און דערצו א לוסטיגע, א שטיפערין, מיט א געשליפענעם צינגעל, און מיט א סך פאַרשייט־קייט. ווען זי איז געווען נאָך גאָר א יונגע, האָט זי געהייראַט מיט א געוויסען טימבערלעיק און זי האָט געהאַט מיט אים דריי קינדער.

נאָך דער חתונה איז זי געבליבען וואוינען אין איר פאָ־טער'ס קרעטשמע. צווישען די וואָס זיינען דאָרטען איינגעשטאַ־נען איז געווען מר. איטאַן, א סענאַטאָר פון טענעסי. איטאָן איז געווען אַן אינטימער פריינד פון דער פאַמיליע און אויך פון מר. טימבערלעיק. באַלד האָט מען גענומען ריידען אין שטאָדט, אַז צווישען אים און דער שיינער פּעגי וועבט זיך א געהיימער ראָמאַן.

פלוצלינג האט טימבערלעיק באשלאסען אנצונעמען אן אמט אויף א רעגירונגס־שיף. איטאן, וועלכער איז געווען א רייכער מאן, האט אים געהאלפען דעם אמט באקומען. די קלאנגען וועגען פעגי'ס באציאונגען מיט איטאן זיינען איצט פארשטארקט געווארען. אלע זיינען געווען זיכער, אז זי פארראט איר מאן. אזוי זיינען פארבייגעלאפען זעקס יאר. דאן איז אנגעקומען די נייעס אז מר. טימבערלעיק האט זיך איבערגעשניטען די האלז. מיט עטליכע מאנאטען שפעטער האט איטאן חתונה געהאט מיט דער יונגער אלמנה. די חתונה איז פארגעקומען דעם ערשטען יאנואר, 1829, ווען דזשעקסאן איז שוין געווען אין וואשינגטאן און האט שוין געהאלטען אין קלייבען זיינע מיניסטארען.

געוואוסט האט מען, אז דזשעקסאן האט אין זינען צו באשטימען איטאנ'ען אין דעם קאבינעט, ווייל איטאן איז געווען איינער פון זיינע בעסטע פריינד און איבערגעבענסטע אדיוטאנטען אין טענעסי. פארשידענע מענשען האבען געזוכט צו ווירקען אויף דעם פרעזידענט ער זאל דאס ניט טאן. ווי פאסט עס אז אזא אונמאראלישער מענש ווי איטאן זאל זיצען אין קאבינעט? — האט מען צו אים גע'טענה'ט. דזשעקסאן האט אבער געגלויבט, אז אלץ וואס ווערט דערציילט וועגען די איטאנס איז א בלבול. איינער פון זיינע אייגענשאפטען איז געווען ניט צו גלויבען קיין שלעכטס אויף א פריינד. קיינע טענות האבען ניט געהאלפען. איטאן איז צו דעם הויכען אמט באשטימט געווארען.

און דאן האט דער סקאנדאל זיך פאנאנדערגעפלאקערט. די אריסטאקראטישע דאמען אין וואשינגטאן האבען ארייגעלייגט מרס. איטאן אין חרם. קיינער פון דער הויכער געזעלשאפט האט איר ניט איינגעלאדען צו זיך אהיים, און קיינער איז ניט געגאנגען צו איר. די אנפירער פון דעם חרם זיינען געווען די פרויען פון די איבעריגע מיניסטארען, און מיט זיי אויך די פרוי פון דזשאן קאלהון, דעם וויים־פרעזידענט. אפילו דזשעקסאנ'ס אייגענע משפחה, זיינע פלימעניצעס, וועלכע האַ־

בען געפירט די באַלעבאַטישקייט פון זיינעטוועגען אין ווייסען־הויז, האָבען זיך געהאַלטען פון דערווייטענס פון מרס. איטאן. אין קאַבינעט זיינען געווען צוויי מיניסטאָרען, וועלכע האָבען געשטיצט די פאַרפאָלגטע דאַמע: וואַן ביורען און דער פּאָסט־מאַסטער דזשענעראַל בעריען. וואַן ביורען איז געווען אַן אלמן, און בעריען האָט מורא געהאַט פאַר דזשעקסאָנ'ען. מיט פּעגי'ן האָבען אויך געהאַלטען צוויי אַמבאַסאַדאָרען: דער ענגלישער און דער רוסישער, וועלכע זיינען גראָד געווען ביידע אומפאַר־הייראַטע, און „לוסטיגע בחורים". צווישען די דיפּלאָמאַטען און מיניסטאָרען און אַנדערע הויכע בעאַמטע וואָס זיינען געווען פאַרהייראַט האָט כמעט קיין איינציגער ניט געוואַגט צו אנער־קענען די מרס. איטאן.

דזשעקסאָן האָט איינגעלייגט די וועלט פאַר די איטאָנס. ער האָט זיך צוליב זיי צוקריגט מיט איניגע פון זיינע בעסטע פריינד, ער האָט געסטראַשעט, ער האָט עפענטליך פאַרטיידיגט פּעגי'ן און איר מאַן. אָבער עס האָט גאָרניט געהאָלפען. גע־ענדיגט האָט זיך די געשיכטע דערמיט, וואָס דער גאַנצער קאַ־בינעט האָט רעזיגנירט. וואַן ביורען האָט פאָרגעשלאָגען דעם פּלאַן אַלס איינציגען אויסוועג, און דער פרעזידענט האָט אים אָנ־גענומען. דער איינציגער וואָס איז פאַרבליבען אין אַמט איז גע־ווען דער פּאָסטמאַסטער דזשענעראַל. די רעזיגנאַציעס פון די מיניסטאָרען זיינען אריינגעשיקט געוואָרען אין אַפּריל, 1831.

צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע פון לאַנד האָט עס פּאַסירט אַז אַ קאַבינעט איז געפאַלען צוליב אַ פרוי.

קאַפּיטעל 3.

# די סאַוט הויבט זיך אָן צו פילען פיינדליך צו דער נאָרט.

די שטימונג פון דער סאַוט בנוגע צו דער נאָרט, איר שטעלונג צו דער נאַציאָנאַלער רעגירונג און צו די וויכטיגע נאַציאָנאַלע פראַגען, האָבען זיך שטאַרק געביטען נאָך די ערשטע צוואַנציג יאָר פון 19טען יאָרהונדערט. פריער איז די סאַוט געווען נאַציאָנאַליסטיש געשטימט. אירע פאָרשטייער האָבען אָנגעפירט די באַוועגונג פאַר מלחמה געגען ענגלאַנד אין 1812, וועלכע איז געווען אַ מלחמה פאַר נאַציאָנאַלער ערע, און פאַר נאַציאָנאַלע עראָבערונגען. אירע פאָרשטייער האָבען אין 1815 און 1816 געקעמפט פאַר'ן „אַמעריקאַנעם סיסטעם", פאַר דער באַשאַפונג פון אַ טאַריף־וואַנד צו באַשיצען די היגע אינדוסטריען געגען דער קאָנקורענץ פון אויסלאַנד, פאַר אינערליכען אויפבוי, פאַר דעם, אַז די נאַציאָנאַלע רעגירונג זאָל בויען וועגען, האַפענס און קאַנאַלען צו פאַראייניגען אַלע טיילען פון לאַנד עקאָנאָמיש און פּאָליטיש. די סאַוט האָט דעמאָלט געקוקט אויף ניו־ענגלאַנד ווי אויף אַן אומגעטרייען מיטגליד אין דער נאַציאָנאַלער רעגירונג, ווי אויף אַ וואַקעלדיגען טייל פון לאַנד וואָס זוכט שטענדיג נאָר חסרונות, און טראָגט פאַרבאָרגען אין האַרצען אַ וואונש זיך איינצאַנצען אָפּצורייסען.

אָט די שטימונג האָט זיך געענדערט, ווייל די עקאָנאָמישע אומשטענדען פון דער סאַוט האָבען זיך געענדערט. דער ריזיגער וואוקס פון דער קאַטאָן (בוימוואָל) פּראָדוקציע אין דער סאַוט און די גרויסע ענטוויקלונג פון דער פאַבריקאַציע אין דער נאָרט האָבען אָנגעמאַכט אַן איבערקערעניש אין די מוחות און

אין די הערצער פון די פּלאַנטאַציע אייגענטימער אין דער סאוט, הויפּטזעכליך אין די צוויי אַלטע שטאַטען ביים ברעג ים — סאוט־קאַראָלאַינא און דזשאָרדזשיא.

די עקאָנאָמישע ענדערונגען האָבען געווירקט שלעכט אויף דער אַלטער סאוט. זי האָט געליטען פון אַ צוויי־פאַכיגער קאָנקורענץ: פון דער אינדוסטריעלער און האַנדעלס־קאָנקור־רענץ פון דער נאָרט, און דער לאַנדווירטשאַפטליכער קאָנקור־רענץ פון דער סאוט־וועסט. זי האָט אָנגעהויבען צו פילען, אַז זי ווערט עקאָנאָמיש פאַרשקלאַפט צו די אַנדערע טיילען פון לאַנד און אַז פאַראַנטוואָרטליך פאַר דעם איז די נאַציאָנאַלע רעגירונג.

אין וואָס איז באַשטאַנען די געענדערטע לאַגע?

פריער, אין די ערשטע יאָרען פון 19טען יאָרהונדערט, האָט די אַלטע סאוט געהאַט אַלץ: אי אַגריקולטור, אי האַנדעל, אי פאַבריקאַציע. פון אַלץ האָט זי געמאַכט געלט. אירע הויפּט פּראָדוקטען זיינען געווען קאַטאַן, רייז און טאַבאַק. זי פלעגט די פּראָדוקטען אַרויסשיקען קיין אויסלאַנד דורך אירע אייגענע האַפענס. שיפען פלעגען קומען צופאָרען קיין טשאַרלסטאָן, קיין סאוואַנא און אין די אַנדערע האַפענס פון יענע שטאַטען. זיי פלעגען ברענגען פאַרשידענע סחורות, אין וועלכע די סאוט האָט זיך געניטיגט. און די שיפען פלעגען דערנאָך אָנלאָדען קאַטאַן, רייז און טאַבאַק און עס פירען קיין אויסלאַנד. אין 1821 האָט סאוט קאַראָלאַינא געהאַט אַ האַנדעלס־פּלאָטע פון דרייסיג טויזענד טאָן. אין דעם זעלבען יאָר איז פון אויסלאַנד אריינגע־פירט געוואָרען אין די סאוט קאַראָלאַינער האַפענס, סחורות אין ווערט פון דריי מיליאָן דאָלאַר. פאַר יענער צייט איז דאָס געווען ניט קיין שלעכטער האַנדעלס־פאַרקער. די סאוט האָט אויך אין יענע יאָרען געבויט פאַבריקען פון טעקסטיל. די רויע מאַטעריאַל, די קאַטאַן, איז דאָך ביי איר געווען צום האַנט, געלט האָט אויך ניט געפעלט, זיינען די פאַבריקען געווען אין ערפאָלג.

און דאַן האָט זיך דאָס רעדעל גענומען דרייען אויף צוריק. דער פרייז פון קאטאן האָט גענומען פאַלען. דאָס איז געווען צו פאַרדאַנקען די גרויסע נייע פּלאַנטאַציעס אין דער סאוט־וועסט. די ערד אין דער סאוט־וועסט איז געווען אַ בעסערע. די פאַרמער וואָס האָבען זיך דאָרטען באַזעצט זיינען געווען מער ענערגיש. דאָרטען האָט געהערשט דער גייסט פון די פּיאָנערען פון דער וועסט. די גרויסע אינטענסיווע פּראָדוקציע פון דער נייער סאוט־וועסט האָט קאָנקורירט מיט דער אַלט־מאָדישער, אָרימער פּראָדוקציע אין דער אַלטער סאוט. אין 1801 האָט מען אין ניו־יאָרקער האַפען געצאָלט פאַר קאטאַן פיר־און־פערציג סענט אַ פונט. אין 1832 איז דער פרייז געפאַלען צו זיבען סענט אַ פונט.

און די נאָרט האָט איצט קאָנקורירט מיט דער אַלטער סאוט אין האַנדעל און אין פאַבריקאַציע. ניו־יאָרק איז געוואָרען דער וויכטיגסטער האַפען אין לאַנד און האָט אָפּגעצויגען צו זיך אַ גרויסען טייל פון דעם האַנדעל אין אַלע אַנדערע האַפענס. איבערהויפּט אָבער האָבען געליטען די האַפענס פון דער סאוט. די אורזאַך איז געווען אַ פשוט'ע: אַן אויסלענדישע שיף האָט געקענט מאַכען מער געלט דורך דעם ניו־יאָרקער האַפען, ווי דורך דעם טשאַרלסטאָנ'ער האַפען פון סאוט־קאראָלאינא (דער וויכטיגסטער האַפען פון דער גאַנצער סאוט). אין ניו־יאָרק האָט אַ שיף געקענט ברענגען פון אויסלאַנד אַ פולען טראַנספּאָרט און אַרויספירען אַ פולען טראַנספּאָרט. ניו־יאָרק האָט געקויפט סחורה פאַר'ן גאַנצען לאַנד, און אויף אַלץ וואָס מען האָט געבראַכט אַהין איז געווען אַ בעלן. ניו־יאָרק האָט אויך געהאַט אַלערליי סחורות אויף אַרויסצושיקען. אַן אויסלענדישע שיף האָט קיין ניו־יאָרק אָדער פון ניו־יאָרק קיינמאָל ניט געדאַרפט פאָרען אַ ליידיגע אָדער אַ טיילווייז ליידיגע. מיט דער סאוט איז דאָס אָבער ניט אַזוי געווען. אין אַ דאָרטיגען האַפען האָט מען געקענט ליפערען נאָר געוויסע סחורות, אין וועלכע די פאַרמער פון דער סאוט האָבען זיך גענויטיגט. די שיף איז קיינמאָל ניט געווען זיכער אַז זי וועט דאָרט קענען

פאַרקויפען אַ פולען טראַנספּאָרט. צו וואָס אַלזאָ ריזיקירען, אַז עס איז דאָ די זיכערע ניו־יאָרק? דעם רעזולטאַט קען מען זען אָפּגעשפּיגעלט אין די פאָלגענדע ציפערען: אין 1831 זיינען אין די האַפענס פון סאַוט־קאַראָלאַינאַ אַריינגעפירט געוואָרען ניט מער ווי אַ העלפט סחורה אין פאַרגלייך מיט צען יאָר פריער, כאָטש אין די צען יאָר האָט זיך דער אַלגעמיינער אימפּאָרט פון אויסלאַנד פאַרגרעסערט אויף צוויי מאָל. די האַנדעלס פלאָטע פון סאַוט־קאַראָליינאַ איז אין די צען יאָר אויך פאַרקלענערט געוואָרען אויף אַ העלפט — פון דרייסיג טויזענד טאָן אויף פופצען טויזענד טאָן.

און די פאַבריקען פון דער סאַוט האָבען ניט געקענט אויס־האַלטען די קאָנקורענץ פון די פאַבריקען אין ניו־ענגלאַנד. זיי האָבען זיך איינע נאָך די אַנדערע צוגעמאַכט. אורזאַכען זיינען געווען פאַרשיידענע. ערשטענס, האָבען זיך די נעגער־שקלאַפען ניט אויסגעטויגט פאַר פאַבריק־אַרבייט. צווייטענס, האָבען די פאַבריקאַנטען פון דער סאַוט שטענדיג געהאַלטען אַן אויג אויף די פּלאַנטאַציעס, און ווען עס האָט זיך זיי אויסגעדוכט אַז דאָס יאָר וועט זיין אַ געראָטען יאָר פאַר קאַטאַן און אַז מען וועט דערפון קענען מער פאַרדינען, פלעגען זיי אַרויסנעמען די אַר־בייטער פון די פאַבריקען און זיי שיקען אויף די פּלאַנטאַציעס. די פאַבריקען זיינען ביסלעכווייז אונטערגעגאַנגען. די קאָנקורענץ פון ניו־ענגלאַנד האָט געזיגט.

די סאַוט האָט איצט גענומען פילען אַ געגנערשאַפט צו דער נאָרט און צו דער איסט, און זי האָט גענומען באַקעמפען יעדע זאַך, וואָס די נאַציאָנאַלע רעגירונג האָט געטאָן אין די אינטערעסען פון דער נאָרט און דער איסט. זי האָט אָנגעהויבען צו באַקעמפען די אַלע געזעצען און איינריכטונגען, וועלכע אירע אייגענע פאָר־שטייער אין קאָנגרעס האָבען מיט צען און צוואַנציג יאָר צוריק היים פאַרטיידיגט. זי איז אַרויסגעטראָטען געגען דעם טאַריף, געגען אינערליכע אויסבעסערונגען, געגען דער נאַציאָנאַלער באַנק. איר וויכטיגסטער שטאַטסמאַן און פאָרשטעער אין וואַשינגטאָן, איר וואָרט־פירער אין דער רעגירונג און אין דער געזעלשאַפט,

דער געוועזענער סענאטאר און דער איצטיגער וויים־פרעזידענט, דזשאן קאלהון, האט זיך אליין אין די אלע פראגען איבערגעקוליעט. אין 1816 איז ער געוועזן איינער פון די שטארקסטע פארקעמפער פאר׳ן טאריף, פאר דער באנק, פאר אינערליכע אויסבעסערונגען; איצט, אין 1828, איז ער געווארען דער פארביטערטסטער באקעמפער פון די אלע פראיעקטען.

דער שארפסטער קאמף איז פארגעקומען איבער דער פראגע פון טאריף. דער קאמף האט זיך נאך אנגעהויבען אין 1824. ער האט זיך אבער רעכט פאנאנדערגעפלאקערט ערשט נאכדעם ווי דזשעקסאן איז געווארען פרעזידענט. אין דעם דאזיגען קאמף איז קלאר און בולט ארויסגעבראכט געווארען די נייע שטעלונג פון דער סאוט צו דער נאציאנאלער רעגירונג. אין דעם דאזיגען קאמף האט די סאוט זיך פארנומען אין יענער ריכטונג, וואס האט זי געפירט דירעקט צום בירגער־קריג פון 1860.

אין 1824 האט שוין די סאוט געשטימט געגען דעם טאריף־ביל וואס איז דאן אריינגעטראגען געווארען אין קאנגרעס. די פארשטייער פון דער סאוט האבען גע׳טענה׳ט, אז פון דעם טאריף געווינט בלויז די נארט, די דארטיגע פאבריקאנטען; זי אבער, די סאוט, דערלייגט צו אים. דורכן הויכען טאריף איז די סאוט געצוואונגען צו קויפען פאבריצירטע סחורות אין דער נארט און צאלען העכערע פרייזען ווי זי וואלט געדארפט צאלען פאר די זעלבע סחורות ווען זיי וואלטען אימפארטירט געווארען פון ענגלאנד. דורכן טאריף און דורך דער ענטוויקלונג פון דער פאבריקאציע און פון דעם עקספארט־האנדעל אין דער נארט איז די סאוט געצוואונגען געווען צו שיקען אירע פראדוקטען — קאטאן, טאבאק און רייז — דורך די האפענס פון דער נארט. און דאס איז פאר איר אויך געווען א פארלוסט. ווען זי האט געהאנדעלט דירעקט מיט אויסלאנד, האט זי געקראגען בעסערע באדינגונגען. די ענגלישע פאבריקאנטען האבען געהאט מער קאפיטאל ווי די אמעריקאנער אין דער נארט; מען האט ביי זיי געקענט קריגען א בעסערען קרעדיט. די סאוט האט גע׳טענה׳ט אזוי: „מיר,

די שטאאטען פון דער סאוט, פראדוצירען דריי־פינפטעל פון דער סחורה וואס אמעריקע שיקט ארוים קיין אויסלאנד. מיר, אלזא, שאפען דעם גרעסטען טייל פון דעם עקספארט, און דאך, פון דעם אימפארט פון אויסלאנד האבען מיר גארניט, אויב מיר שיקען פראדוקטען פאר אויסלאנד, זיינען מיר בארעכטיגט פון דארטען צו קריגען ביליגער סחורה."

אין 1824 האט די סאוט פארלארען. אין פיר יאר ארום, אין 1828, איז די טאריף־פראגע ווידער אויפגעשוואומען. דאס איז געווען אין רעכטען מיטען וואל־קאמף פאר פרעזידענט, און דער טאריף ביל איז ווידער אנגענומען געווארען. די סאוט איז געווען שרעקליך אויפגעבראכט. די לעדזשיסלייטשור פון סאוט־קאראליינא האט אנגענומען א רעזאלוציע, וועלכע האט געשמעקט מיט בונט. די רעזאלוציע איז פארפאסט געווארען אין געהיים, פון וויים־פרעזידענט קאלהון. אין דער רעזאלוציע ווערט פארמולירט די טעאריע, אויף וועלכער די סאוט האט זיך געשטיצט אין איר ווידערשטאנד געגען דער פעדעראלער רעגירונג פון 1828 ביזן בירגער קריג.

אין דער רעזאלוציע ווערט געזאגט: דאס טאריף געזעץ פון 1828 איז געגען דער קאנסטיטוציע פון די פאראייניגטע שטאטען. וואס, אלזא, קען אן איינצעלנער שטאט טאן, ווען די פעדעראלע רעגירונג פארפאסט א געזעץ וואס איז געגען דער קאנסטיטוציע? די לעדזשיסלייטשור פון דעם שטאט דארף דאן די פראגע איבערגעבען צו די בירגער פון דעם שטאט. די בירגער דארפען פאררופען א ספעציעלע שטאט־קאנווענשאן און פערהאנדלען די פראגע. אויב די קאנווענשאן געפינט, אז דאס געזעץ איז ניט קאנסטיטוציאנעל, דארף זי באשטימען וואס פאר א שטעלונג צו נעמען. אויב זי באטראכט דאס געזעץ פאר שעדליך פארן שטאט, קען די קאנווענשאן ערקלערען, אז עס איז פאר דעם שטאט אויסצופאלגען דאס געזעץ אדער ניט.

מיט אנדערע ווערטער הייסט עס, אז די לעדזשיסלייטשור אין סאוט קאראליינא האט זיך געשטעלט אויפ'ן פרינציפ, אז יעדער שטאט אין די פאראייניגטע שטאאטען האט א רעכט אליין

מבטל צו מאכען א געזעץ, וואס דער קאנגרעס נעמט אן; אז יעדער שטאט קען זאגען, אז דאס אדער יענעס געזעץ גילט ניט אין זיינע גרענעצען. פאר אנדערע שטאטען מעג עס זיך זיין א געזעץ, אבער ניט פאר אונז. דער פרינציפ איז אנגערופען גע־ווארען מיט'ן נאמען „נאליפיקיישאן" (מבטל מאכען).

דערווייל איז דזשעקסאן אויסגעוויילט געווארען פאר פרע־זידענט. דזשעקסאן איז אליין געוועז פון דער סאוט און איז געוועז א פלאנטאטאר. די סאוט האט אים געגעבען איר בא־גייסטערטע שטיצע, און זי האט דעריבער געגלויבט אז ער וועט איר שטעלונג צו דער טאריף פראגע, ווי אויך איר פרינציפ פון „נאליפיקיישאן" זיכער שטיצען. בעפאר די וואלען האט דזשעק־סאן זיך אויסגעהיט פון ארויסזאגען א מיינונג איבער די דאזיגע פראגען. עס איז א סברא אז ער האט באמת קיין מיינונג ניט געהאט. דאס גאנצע לאנד האט געווארט אומגעדולדיג צו זען ווי אזוי ער וועט האנדלען.

דער שטורם האט אויסגעבראכען אין סענאט אין יאנואר 1830. א סענאטאר פון קאנעטיקוט האט אריינגעטראגען א פאר־שלאג, אז מען זאל מאכען אן אויספארשונג וועגען דעם לאנד־פארקויף אין דער וועסט, כדי פעסטצושטעלען צי וואלט ניט בע־סער געוועז אפצושטעלען אויף א צייט דעם פארקויף. דער פאר־שלאג איז ביטער אטאקירט געווארען פון סענאטאר בענטאן פון מיזורי. ער האט אים פארדאמט אלס א פארזוך פון דער איסט אפצושטעלען דעם וואוקס פון דער וועסט. סענאטאר בענטאן האט אין דעם פארשלאג געזען די האנט פון די רייכע פאבריקאנ־טען פון דער איסט. זיי, די פאבריקאנטען, ווילען האבען ביליגע ארבייטער פאר זייערע פאבריקען, און כל־זמן עס איז דא ביליגע ערד אין דער וועסט, וואו די מאסען קענען זיך באזעצען, איז זיי שווער צו קריגען ביליגע ארבייטער. דער הויכער טאריף, האט בענטאן געשריען, איז פאר די פאבריקאנטען ווייניג; זיי ווילען נאך, אז די נאציאנאלע רעגירונג זאל זיי באזארגען מיט „הענט" פאר זייערע פאבריקען. אין זיין רעדע האט בענטאן געזוכט צו

באווייזען, אז די איסט האָט אלע מאָל געוואָלט דערשטיקען די וועסט, ניט דערלאָזען איר זיך צו ענטוויקלען.

אויף מאָרגען, נאָכדעם ווי בענטאָן האָט גערעדט, האָט סענאטאָר ראָבערט יאָנג העין, פון סאוט קאראָליינא, גענומען דאָס וואָרט אין דער פראגע. העין איז געווען קאלהון׳ס א תלמיד. אלע האָבען געוואוסט, אז דורך זיין מויל רעדט דער וויים־פרעזידענט, דער וואָרט־פירער פון דער גאנצער סאוט.

העין האָט זיך באנוצט מיט דער געלעגענהייט זיך צוצו׳חנפ׳ענען צו דער וועסט, צו מאכען די וועסט פילען, אז די איסט איז אירער א שונא, פונקט ווי די איסט איז א שונא פון דער סאוט, און אז דערפאר דארפען די צוויי טיילען פון לאנד, די וועסט און די סאוט, זיך פאָליטיש פאראייניגען און שטיין אויף דער וואך געגען דער איסט. זיינע ארגומענטען זיינען געווען אומגעפער די זעלבע ווי בענטאָנ׳ס. ער האָט אויך גע׳טענה׳ט, אז צוליב די פאבריקען אין דער איסט איז איינגעפירט געוואָרען דער הויכער טאריף, פון וועלכען די סאוט ליידט אזוי שרעקליך. די פאבריקאנטען פון דער איסט זיינען דער בשותפות׳דיגער שונא פון דער סאוט און דער וועסט.

און רייבענדיג וועגען דער לאנד־פראגע, האָט העין אטאקירט די נאציאָנאלע רעגירונג. ער האָט געזען א געפאר אין דעם, וואָס די נאציאָנאלע רעגירונג האלט די קהל׳שע ערד פאר זיך. נאָך זיין מיינונג האָט דאָס לאנד געדארפט געהערען צו די באזונדערע שטאטען. דערמיט וואָס די נאציאָנאלע רעגירונג האָט די ערד, האָט זי א קוואל פון הכנסה, און די הכנסה מאכט זי פעסטער, שטארקער. און וואָס שטארקער און סאָלידער די נאציאָנאלע רעגירונג איז, אלץ שוואכער ווערען די באזונדערע שטאט־רעגירונגען, און דאָס גראָבט אונטער דעם פונדאמענט פון די אמעריקאנער אינסטיטוציעס.

אויף העינ׳ס רעדע האָט געענטפערט סענאטאָר דעניעל וועבסטער פון מאסאטשוסעטס. ער האָט זיך אָפגעשטעלט דער עיקר אויף דעם לעצטען פונקט וועגען דער באפעסטיגונג פון דער נאציאָנאלער רעגירונג. ער האָט דערקלערט, אז אזוי דארף זיין,

די נאַציאָנאַלע רעגירונג דאַרף זיין סאָליד און פעסט. די צוויי רעדעס — העין'ס און וועבסטער'ס — האָבען אויפגערודערט וואַשינגטאָן. ביידע סענאַטאָרען זיינען געווען וואונדערבאַרע רעדנער און גלענצענדע דעבאַטאַנטען. אָבער אויסער דעם, האָבען זיי ביידע דעבאַטירט די ברענענדיגסטע פראַגע פון טאָג, די פראַגע אין וועלכע דאָס גאַנצע לאַנד איז געווען טיף פאַראינטערעסירט.

סענאַטאָר העין האָט ווידער גענומען דאָס וואָרט צו ענטפערען וועבסטער'ן. אין דער צווייטער רעדע האָט העין דיסקוטירט די אַלע אָנגעווייטאָגטע פראַגען פון דער סאוט: טאַריף, שקלאַפעריי, די רעכט פון די שטאַטען. ער איז אַרויסגעטראָטען געגען דעם פרינציפ אַז די נאַציאָנאַלע רעגירונג דאַרף שטיין העכער איבער די באַזונדערע שטאַט־רעגירונגען. ער האָט אָפּגעלייקענט דעם פרינציפ, אַז די נאַציאָנאַלע רעגירונג קאָן אַליין באַשטימען וואָס זי מעג טאָן און וואָס ניט. אויב אַזוי, האָט ער גע'טענה'ט, איז די שטאַט־רעגירונג מאַכטלאָז און דאָס פאָלק איז אינגאַנצען ביי דעם קאָנגרעס אין די הענט. ער איז אַרויסגעטראָטען פאַר דעם זעלבען פרינציפ ווי דער, וואָס סאוט קאַראָליינאַ האָט מיט אַ יאָר פריער פאָרמולירט, נעמליך, אַז יעדער שטאַט האָט אַ רעכט אַליין צו באַשטימען צי אַ געזעץ פון קאָנגרעס איז קאָנסטיטוציאָנעל צי ניט און צי דער שטאַט איז מחויב דאָס געזעץ צו פאָלגען אָדער ניט.

און ווידער אַמאָל האָט וועבסטער געענטפערט העין'ען. וועבסטער'ס צווייטע רעדע ווערט באַטראַכט פילייכט אַלס די גלענצענדסטע רעדע וואָס איז ווען געהערט געוואָרען אין אַמעריקאַנער סענאַט. ער האָט אַוועקגעלייגט דעם גרונד־געדאַנק, אַז די קאָנסטיטוציע איז ניט געשאַפען געוואָרען פון די שטאַטען, נאָר פון דעם פאָלק. די נאַציאָנאַלע רעגירונג איז דעריבער ניט דער אַגענט פון די שטאַטען, נאָר דער אינסטרומענט פון גאַנצען פאָלק. די שטאַטען האָבען דעריבער קיין דעה ניט איבער דער נאַציאָנאַלער רעגירונג, ווייל זיי האָבען זי ניט אַרויסגערופען אין לעבען. אַ דעה איבער דער נאַציאָנאַלער רעגירונג האָט בלויז דאָס גאַנצע אַמעריקאַנער פאָלק. אויב דעם פאָלק געפעלט ניט אַ געזעץ וואָס

דער קאנגרעס מאכט, קאן דאס פאלק דאס געזעץ אפשאפען דורך אויסקלייבען אן אנדער קאנגרעס און אן אנדער פרעזידענט. די באזונדערע שטאטען, אלס שטאטען, קענען זיך אין דער נאציא־נאלער רעגירונג ניט ארייננמישען.

וועבסטער׳ס צווייטע רעדע האט געמאכט נאך א טיפערען רושם ווי די ערשטע. אין דער נארט איז זי אויפגענומען געווא־רען מיט דער גרעסטער באגייסטערונג. וועבסטער איז געווארען דער פארקעמפער פון דער קאנסטיטוציע, פון דער נאציאנאלער רע־גירונג. זיין רעדע איז פארשפרייט געווארען אין פערציג טויזענד עקזעמפלארען. אבער אין דער סאוט האט דוקא היין׳ס רעדע געמאכט א טיפען איינדרוק. דארטען האט מען זי אפגעדרוקט און פארשפרייט אין פיל טויזענדער עקזעמפלארען.

די פראגע איז איצט געווען: וואס איז מכח דעם פרעזידענט? ווי שטייט דזשעקסאן אין דער דאזיגער פראגע פון שטאט־רעכט און „נאליפיקיישאן״? די פאליטישע פירער פון דער סאוט האבען באשלאסען צו צווינגען דזשעקסאנ׳ען ארויסצוקומען מיט אפענע דבורים. האבען זיי דעם 30־טען אפריל, 1830, איינגעארדענט א יום־טוב לכבוד דזשעפערסאנ׳ס געבורטסטאג, א מין פארטיי־יום־טוב. זיי האבען איינגעלאדען דעם פרעזידענט, די מיניסטא־רען און אלע וויכטיגע שטאטסלייט און פאליטיקער. דער מנהג איז דעמאלט געווען, אז ביי אזוינע יום־טובים זאלען געטרונקען ווערען „טאוסטען״ פאר געוויסע רעגירונגס־פאליסים און פרינצי־פען. אלע האבען ערווארט, אז אין זיין „טאוסט״ וועט פרעזידענט דזשעקסאן אויסדריקען זיין שטעלונג צו דער גרויסער פראגע וואס האט אלעמען אינטערעסירט.

דזשעקסאן האט מיט זיין „טאוסט״ ענטוישט די סאוט. זיין „טאוסט״ האט געלויטעט: „אונזער נאציאנאלע רעגירונג, זי מוז אויפגעהאלטען ווערען״. ווען קאלהון האט עס דערהערט, איז ער אויפגעשפרונגען און אויסגערופען זיין „טאוסט״, וועלכער האט געלויטעט: „די נאציאנאלע רעגירונג איז אונז טייער נעקסט צו פרייהייט. זי קען אויפגעהאלטען ווערען בלויז דאן, ווען זי רעס־פעקטירט די רעכט פון די שטאטען.״

מיט צוויי יאָר שפּעטער איז דער קאַמף אַריבער פון ווער־טער צו מעשים. אין 1832 האָט דער קאָנגרעס ווידער דורכגע־פירט אַ טאַריף־געזעץ. אָבער כאָטש דער נייער טאַריף איז געווען אַ מילדערער ווי דער פריערדיגער, האָט די סאוט פּראָטעסטירט. די לעדזשיסלייטשור פון סאוט קאַראָליינאַ האָט זיך פאַרמאָסטען צו האַנדלען לויט דער רעזאָלוציע וואָס זי האָט אָנגענומען אין 1828. זי האָט פאַררופען אַ ספּעציעלע קאָנווענשאָן, וועלכע איז פאָרגע־קומען אין נאָוועמבער 1832. די קאָנווענשאָן האָט באַשלאָסען ניט צו פאָלגען דעם טאַריף געזעץ און האָט אַרויסגעגעבען אַן ערקלע־רונג, אַז אויב די נאַציאָנאַלע רעגירונג וועט שיקען אַן אַרמיי אָדער אַ פלאָטע צו צווינגען זי צו פאָלגען דאָס געזעץ, וועט זי זיך אָפּטיילען פון די פאַראייניגטע שטאַטען. די לעדזשיסלייטשור האָט גלייך נאָכדעם גענומען מאַכען הכנות צו מלחמה אין פאַל די נאַציאָנאַלע רעגירונג וועט נעמען מיליטערישע שריט.

פּרעזידענט דזשעקסאָן האָט דערויף געענטפערט מיט אַ פּראָ־קלאַמאַציע, געווענדעט צו דעם שטאַט סאוט קאַראָליינאַ, אין וועלכער ער האָט זי אויפגעפאָדערט זי זאָל ניט גיין צו ווייט. „די געזעצען פון די פאַראייניגטע שטאַטען מוזען דורכגעפירט ווע־רען. די וואָס האָבען אייך געזאָגט, אַז איר מעגט זיי ניט פאָלגען, נאַרען אייך. זייער ציל איז צו צוברעכען די פאַראייניגטע שטאַ־טען. און אויב איר וועט מאַכען אַ פאַרזוך דאָס צו טאָן מיט באַוואָפענטער מאַכט, וועט איר זיין שולדיג אין פאַרראַט. זייט איר גרייט צו נעמען אויף זיך די שולד?" ער האָט דערקלערט ווייטער, אַז ער וועט אַריינשיקען אַן אַרמיי פון פערציג טויזענד מאַן אין סאוט קאַראָליינאַ, און אויב די לאַגע וועט דאַרטען ווערען ערנסט, וועט ער אויפהייגגען קאַלהונ'ען אַזוי ווי המנ'ען. דער קאָנגרעס האָט באַפולמעכטיגט דזשעקסאָנ'ען צו באַנוצען די אַר־מיי און די פלאָטע דורכצופירען דעם טאַריף־געזעץ.

דאָס מאָל האָט זיך די זאַך געענדיגט אויף אַ פרידליכען אופן. אין קאָנגרעס איז אַריינגעטראָגען געוואָרען אַ נייער טאַ־ריף־ביל, וועלכער האָט טיילווייז באַפרידיגט סאוט קאַראָליינאַ. דער ביל איז געווען די אַרבייט פון דעם שטענדיגען פשרה־מאַכער

הענרי קלעי. ביידע צדדים האָבען זיך אָן דער פשרה אָנגעכאַפּט, ווייל ביידע האָבען ניט געוואָלט עס זאָל קומען צו א בלוטיגען צוזאמענשטויס. סאוט קאראָליינא איז צופרידען געווען וואָס זי האָט אויסגעפירט, אז דער טאריף זאָל פארקלענערט ווערען, כאָטש געוואָלט האָט זי, אז ער זאָל אינגאַנצען אָפּגעשאַפט ווערען; די נאציאָנאַלע רעגירונג איז צופרידען געווען וואָס סאוט קאראָליינא האָט איינגעוויליגט דעם נייעם טאריף־געזעץ צו פאָלגען.

## קאַפּיטעל 4

# דזשעקסאָנ׳ס קאַמף געגען דער יונייטעד סטייטס באַנק

די „יונייטעד סטייטס באַנק״ וואָס האָט זיך געגרינדעט אין 1816 האָט אין פאַרלויף פון יאָרען זיך פאַרשאַפט אַ סך שונאים, אי צווישען די מאַסען, אי צווישען געשעפטסלייט, אי צווישען פּאָליטישע טוער. אורזאַכען זיינען געווען אַ סך און פאַרשידענע. טייל זיינען געקומען פון פּאַראורטיילען, טייל פון פּאַרטייאישקייט, טייל פון פּראַקטיק. איינער פון די שונאים וואָס די באַנק האָט זיך פאַרשאַפט איז געווען פּרעזידענט דזשעקסאָן. ער איז געקומען אין וואַשינגטאָן אַ געגנער פון דער באַנק און אין זיין ערשטען „מעסעדזש״ האָט ער שוין געגעבען אָנצוהערעניש אַז די באַנק וועט פון אים קיין נחת ניט האָבען.

די רעגירונג האָט די באַנק געגרינדעט אויס נויט. די געלד־לאַגע אין לאַנד איז נאָך דער מלחמה פון 1812 געווען אַזאַ כאַאָטי־שע, אַז עפּעס האָט געמוזט געטאָן ווערען כדי אריינצוטראָגען אָרדנונג אין איר. עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו אָרגאַניזירען די באַנק מיט אַ קאַפּיטאַל פון דרייסיג מיליאָן דאָלאַר, צו וועלכע די רעגירונג זאָל ביישטייערען פינף מיליאָן און זי זאָל דערפאַר האָבען דאָס רעכט צו זיין פאַרטראָטען פון פינף דירעקטאָרען אין דער פאַרוואַלטונג (די גאַנצע פאַרוואַלטונג איז בעשטאַנען פון דרייסיג דירעקטאָרען). די באַנק האָט פון דער רעגירונג געקראָגען אַ מאָנאָפּאָל אויף אַרויסגעבען אַסיגנאַציעס. די רעגירונג האָט זיך אויך פאַרפליכטעט צו לייגען אין דער באַנק די אַלע שטייערען־געלדער, וואָס זי וועט זאַמלען איבער׳ן לאַנד. אויף די רעגירונגס „דעפּאָזיטס״ האָט די באַנק ניט געדאַרפט צאָלען קיין פּראָצענט.

דערפאַר האָט זי געמוזט טאָן פאַר דער רעגירונג אַלע נויטיגע באַנק טראַנסאַקציעס אָן באַלוינונג.

די ערשטע געגנער פון דער „יונייטעד סטייטס באַנק" זיינען געווען די לאָקאַלע באַנקען אין די פאַרשידענע שטאַטען. אין יענע יאָרען זיינען ניט געווען אזוינע באַנק־געזעצען ווי איצטער. דעמאָלט, ווען איינער האָט געוואָלט עפענען א באַנק, האָט ער זיך געווענדעט צו דער לעדזשיסלייטשור פון זיין שטאַט נאָך א טשאַר־טער און די לעדזשיסלייטשור האָט די בקשה ענטווידער באַווי־ליגט אָדער צוריקגעוויזען. דער באַזיס אויף וועלכען די פראַגע פלעגט באַשטימט ווערען, איז געווען דורכאויס א פּאָליטישע. האָט דער אַפּליקאַנט געהאַט פּאָליטישען איינפלוס איז די בקשה באַוויליגט געוואָרען; אויב ניט, ניט. קיינעם האָט ניט געאַרט צי די פּערזאָן פאַרמאָגט די געלט־מיטלען אָנצופירען די באַנק, צי מען קען איר אָנפאַרטרויען מיט דעם עולם'ס געלד. קיין קאָנטראָל, קיינע כללים זיינען כמעט ניט געווען. קוים האָט איי־נער באַקומען דעם טשאַרטער האָט ער געקענט טאָן וואָס ער האָט געוואָלט.

און די באַנקען אין די שטאַטען, די „סטייט בענקס", האָבען יענע יאָרען אנגעטאָן א סך צרות. זיי פלעגען אויסלייען געלד אויף ספּעקולאַציעס, זיי פלעגען דרוקען פּאַפּיר־געלד און עס פאַרשפּריי־טען. שפּעטער ווען זיי פלעגען באַנקראָטירען, פלעגט דאָס געדרוק־טע געלד קיין שום ווערט ניט האָבען, און ליידען פלעגען אַמייסטענס די אָרימע, די ארבייטער און די פּאַרמער, וואָס האָבען די אסיגנאַ־ציעס באַקומען אַלס אַרבייטס־לוין אָדער אַלס געצאָלט פאַר פּראָ־דוקטען. די באַנקירען אָבער פלעגען מאַכען געלט אין דער צייט וואָס זיי האָבען ספּעקולירט, ווי קורץ די צייט איז ניט געווען.

די „יונייטעד סטייטס באַנק" האָט ביז א געוויסען גראַד געהאַלטען די לאָקאַלע באַנקען אונטער קאָנטראָל. זי האָט אויך מיט די לאָקאַלע באַנקען קאָנקורירט אין געשעפט. אויסער דעם האָבען די שטאַט באַנקען געמוזט צאָלען א געוויסען שטייער צו די שטאַט־רעגירונגען; די „יונייטעד סטייטס באַנק" איז פון די דאָזיגע שטייערען פריי געווען, כאָטש זי האָט געהאַט אָפּטיילונגען

אין די פארשידענע שטאטען. צוליב די אלע אורזאכען האבען די לאקאלע באנקען זיך באצויגען פיינדליך צו דער „יונייטעד סטייטס באניק".

די גרויסע מאסען, די ארבייטער אין די שטעט און די פארמער אין די דערפער, האבען פיינד געהאט די באנק, ווייל זיי האבען אין איר געזען די ערשטע גרויסע געלט-מאכט, דעם ערשטען גרויסען, שרעקליכען מאנאפאל אין אמעריקא. די באנק איז געווארען אלץ גרעסער און מעכטיגער און וואס גרעסער און מעכטיגער זי איז געווארען אלץ געפערליכער האט זי אויסגעזען אין די אויגען פון די גרויסע מאסען. אין די ערשטע יארען האבען איבער 31.000 מענשען געהאט אקציעס אין דער באנק. ביסלאכווייז האבען די רייכע ארייננעקראגען די אקציעס אין זייערע הענד. אין 1831 איז די צאל פון די אקציעס-אייגענטימער שוין געווען ניט מער ווי 4 טויזענד, און ארום 4 הונדערט פון זיי האבען גאר אין אמעריקא ניט געוואוינט; זיי זיינען געווען ענגלישע גבירים, בארא-נען און אריסטאקראטען. פארוואלטעט איז די באנק געווארען פון א הייפעלע מענשען, גרויסע מאגנאטען און אריסטאקראטען. דער אלגעמיינער עולם האט אויף איר געקוקט ווי אויף א פעסטונג פון רייכע און האבען זי דערפאר געהאסט.

איבערהויפט האבען זי פיינט געהאט די פארמער פון דער וועסט. אין דער וועסט איז שטענדיג געווען א מאנגעל אין געלט. די פארמער האבען זיך אימער גענויטיגט אין קרעדיט צו קויפען געצייג און צו קויפען מער ערד און צו מאכען פארבעסערונגען. די „באנק" האט די ערשטע צייט געבארגט מיט א פרייער האנט, אבער שפעטער האט זי גענומען פאדערען, אז די פארמער זאלען ליקווי-דירען די חובות. דאס איז פאר א סך פון זיי געווען אוממעגליך צו טאן, און די באנק האט ביי פילע צוגענומען זייער לאנד און זייערע היימען.

די ערשטע פאר יאר איז די „יונייטעד סטייטס באנק" געווען א נעסט פון גנבים און שווינדלער. די בעאמטע און די דירעקטא-רען האבען פון דער באנק גע'גנב'עט ריזיגע סומען. דאס האט שיער ניט מיטגעבראכט דעם צוזאמענברוך פון דעם גאנצען גע-

שעפט. שפּעטער איז איינגעפירט געוואָרען אַ בעסערער קאָנטראָל. אָבער מעשיות וועגען אומערליכקייט, גרעפט און פּאַרטייאישקייט האָבען זיך צווישען עולם אַרומגעטראָגען אָן אויפהער. טייל מעשיות זיינען ניט געווען ריכטיג, אָבער טייל — יע.

אָט, צום ביישפּיל, האָט מען געוואוסט, אַז די „באַנק" האָט אונטערגעקויפט געוויסע צייטונגען זיי זאָלען זיך באַציען פריינדליך צו איר. אין ניו־יאָרק איז געווען אַ צייטונג, וועלכע האָט שטענדיג באַקעמפט די באַנק. האָט זיך געמאַכט אַז די צייטונג האָט זיך גענויטיגט אין אַ הלואה. זי האָט זיך געווענדעט צו דעם פּרעזידענט פון דער באַנק. דער פּרעזידענט האָט איר געבאָרגט 50 טויזענד דאָלער, כאָטש די צייטונג האָט ניט געקענט געבען די נויטיגע גאַראַנטיע, און פון דעמאָלט אָן איז די צייטונג געוואָרען פריינדליך צו דער באַנק. ענליכע פאַלען זיינען פאָרגעקומען אין אַנדערע שטעדט. פאַרשיידענע אונטערזוכונגען האָבען פעסטגעשטעלט, אַז די באַנק האָט אַנטליען ריזיגע סומען צו קאָנגרעסלייט; אין 1830 האָבען די קאָנגרעסלייט אָנגעבאָרגט ביי איר די סומע פון 192 טויזענד דאָלער; אין 1831, די סומע פון 332 טויזענד; און אין 1832 — די סומע פון 478 טויזענד. פּאָליטישענס האָבען פון דער באַנק באַקומען אַלערליי טובות: זייערע פריינד האָבען באַקומען הלואות און שטעלען.

דזשעקסאָן האָט פון שטענדיג אָן געטראָגען אַ האַס געגען דער באַנק. עס איז אַ סברא, אַז אָנגעהויבען האָט זיך זיין כעס דערפון, וואָס ער האָט אַמאָל געבעטען אַ הלואה ביי דער באַנק און האָט ניט געקראָגען. צי דאָס איז אמת, ווייס מען ניט אויף זיכער. דזשעקסאָן איז אָבער געווען אָנגעזאָפּט מיט די זעלבע גערעכטע און אומגערעכטע פיינדליכע מיינונגען געגען דער באַנק, וואָס האָבען געהערשט בכלל אין דער וועסט און סאַוט. ער איז געקומען אין וואַשינגטאָן מיט דעם געפיל, אַז די באַנק איז אַ געפאַר. די הויפּט בעלי־יועצים זיינע, די וויכטיגסטע קאַבינעט־מיניסטאָרען און די מיטגלידער פון זיין „קיטשען־קאַבינעט", האָבען אויך אַזוי געפילט. רייבונגען האָבען זיך גלייך אָנגעפאַנגען. דער פינאַנץ־מיניסטער און דער פּרעזידענט פון דער באַנק האָבען

איינער דעם צווייטען געשריבען בריף, אין וועלכע זיי האבען זיך אויסגע׳טענה׳ט און אינדירעקט זיך אויסגעזידעלט.

דער טערמין אויף וועלכען די באנק האט געקראגען איר „טשארטער" האט זיך געדארפט ענדיגען אין 1836. דזשעקסאן האט אין זיינע מעסעדזשעס אין קאנגרעס אין די ערשטע יארען פון זיין טערמין דערקלערט, אז דער קאנגרעס דארף גלייך נעמען פארהאנדלען די פראגע, צי דער טשארטער פון דער באנק זאל באנייט ווערען. פארבייגייענדיג האט ער שוין אויסגעדריקט די מיינונג, אז ער צווייפעלט צי די באנק האט, לויט דער קאנסטיטוציע, לכתחילה געמעגט געגרינדעט ווערען, און צי עס איז ראטזאם זי ווייטער אויפצוהאלטען.

דער קאנגרעס האט אין דער פראגע ניט געהאנדעלט. דערווייל האט זיך אונטערגערוקט דאס יאר 1832, און עס האבען געדארפט פארקומען נייע וואלען פאר פרעזידענט. דזשעקסאן האט זיך געקליבען צו לויפען פאר א צווייטען טערמין. האבען די פאליטישענס, וועלכע זיינען געווען פריינדליך צו דער באנק, געראטען דעם פרעזידענט פון דער באנק, מר. בידעל, ער זאל זיך איצט ווענדען צום קאנגרעס פאר דער באנייאונג פון דעם טשארטער. פארוואס זיי האבען עס געטאן איז איינע פון די פראגען, איבער וועלכע היסטאריקער פלפול׳ן זיך ביז היינטיגען טאג. דער הויפט עצה־געבער איז געווען הענרי קלעי, דזשעקסאנ׳ס ביטערסטער געגנער. קלעי האט שוין דעמאלט געהאט אן אייגענע פארטיי, און ער האט ערווארטעט צו לויפען פאר פרעזידענט געגען דזשעקסאנ׳ען. איז דא א מיינונג, אז קלעי האט בכיון געראטען בידעל׳ן ער זאל באצייטענס די פראגע אויפהייבען, כדי דזשעקסאן זאל אפען נעמען א שטעלונג געגען דער באנק בעפאר די וואלען. קלעי האט געהאפט אז דאס וועט ווירקען, אז די באנק און די רייכע לייט אין לאנד זאלען אנווענדען אלע כחות צו דערוויילען אים, קלעי׳ען. לויט דער דאזיגער מיינונג, האט קלעי בכיון אריינגעשלעפט די באנק אין א צרה, כדי ער זאל האבען א בעסערען שאנס דערווויילט צו ווערען פאר פרעזידענט.

א צווייטע מיינונג איז פאראן, אז קלעי האט געהאנדעלט

פון אויפריכטיגער פריינדשאַפט צו דער „באַנק". ער איז גע־ווען איבערצייגט, אַז ערב די וואַלען וועט דזשעקסאָן ניט וואַגען זיך איינצורייסען מיט אַזאַ גוואַלטיגער געלט־מאַכט ווי די „באַנק" און ער וועט ניט שטערען די „באַנק" זאָל קריגען דעם נייעם טשאַרטער.

וואָס קלעי'ס חשבון איז ניט געווען — אַ טעות האָט ער יעדענפאַלס געמאַכט. דער קאָנגרעס האָט פאַרהאַנדעלט די פראַגע און אָנגענומען אַ ביל, אַז דער טשאַרטער זאָל באַנייט ווערען. (אין קאָנגרעס זיינען דאַן געזעסען 59 מיטגלידער, וועלכע זיינען שולדיג געווען דער באַנק נאָענט צו אַ האַלבען מיליאָן דאָלער.) דעם 10טען דזשולייַ, 1832 האָט דזשעקסאָן דעם ביל צוריקגעוויזען. דערביי האָט ער אָנגעשריבען אַ „מעסעדזש", אין וועלכען ער האָט אָנגעגעבען די אורזאַכען פון זיין האַנד־לונג. ער האָט ערקלערט, „אַז די באַנק מאַכט די רייכע רייכער און די מעכטיגע מעכטיגער", אַז עס איז אַ געפאַר, אַז אַזאַ גוואַלטיגע מאַכט זאָל קאָנצענטרירט ווערען אין די הענט פון עטליכע פּערזאָן, וועלכע זיינען ניט פאַראַנטוואָרטליך צום פאָלק. ער האָט גע'טענה'ט, אַז די באַנק מאַכט אירע פּראָפיטען פון הלואות צו אָרימע פאַרמער אין דער וועסט און אַז די געלט גייט אריין אין די קעשענעס פון די קאַפּיטאַליסטען אין דער איסט און אין ענגלאַנד.

אין די פּרעזידענט־וואַלען פון 1832 איז די הויפּט קאַמף־פראַגע געווען די „באַנק". דזשעקסאָן איז געלאָפען אַלס דער קאַנדידאַט פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי און קלעי אַלס דער קאַנדידאַט פון דער פּאַרטיי „נאַציאָנאַלע רעפּובליקאַנער". דער רעזולטאַט האָט באַוויזען, אַז דאָס פאָלק האָט געהאַלטען מיט דזשעקסאָנ'ען אין דער באַנק־פראַגע. דזשעקסאָן האָט געקראָגען 219 עלעקטאָרישע שטימען, און קלעי בלויז 49. די גאַנצע וועסט און די גאַנצע סאוט (אויסער קלעי'ס אייגענער שטאָדט, קענטאָקי) האָט געשטימט פאַר דזשעקסאָנ'ען.

דזשעקסאָן האָט זיך איצט אָפּגערעכענט מיט דער באַנק. ער האָט ניט געוואַרט ביז דער טשאַרטער טערמין וועט זיך

ענדיגען אין 1836. ער האט גלייך באפוילען זיין פינאנץ־מי־ניסטער, ער זאל ארויסציען די רעגירונגסגעלדער (10 מיליאן דאלער) וואס זיינען געלעגען אין דער באנק. דער פינאנץ־מיניס־טער האט זיך אנטזאגט דאס צו טאן. האט דזשעקסאן אים אראפגעזעצט און באשטימט אן אנדערען אויף זיין פלאץ, וועל־כער האט דאס יע געטאן. דער סענאט האט דזשעקסאנ׳ס האנד־לונג פארדאמט אין א רעזאלוציע (אין 1837 איז די פארדא־מונגס־רעזאלוציע צוריקגעצויגען געווארען און אויסגעמעקט גע־ווארען פון די פראטאקאלען פון סענאט).

די „באנק" האט מער ניט געקענט עקזיסטירען אלס א נא־ציאנאלע באנק און זי האט זיך פארוואנדעלט אין א „סטייט־באנק" פון פענסילווייניא.

דער פרעזידענטען־וואל־קאמף פון 1832 איז אויך וויכטיג צוליב צוויי נייעסען וואס זיינען דאן אריינגעטראגען געווארען אין די פאליטישע מעטאדען פון לאנד. אין דעם וואל־קאמף זיינען די פרעזידענט־קאנדידאטען צום ערשטען מאל נאמינירט געווארען דורך נאציאנאלע קאנווענשאנס וואס די פארטייען האבען פאררופען. אין די פריערדיגע יארען פלעגען די קאנדידאטען נאמינירט ווערען דורך „קאקוס" מיטינגען פון קאנגרעסלייט אדער דורך רעזאלוציעס פון סטייט־לעדזשיסלייטשורס. אין 1832 איז אריין אין קראפט די סיסטעם פון פארטיי־קאנווענשאנס, אין וועלכע די פארטיי־ארגאניזאציעס פון אלע שטאטען האבען זיך באטייליגט.

אין יענעם וואל־קאמף איז אויך צום ערשטען מאל איינגע־פירט געווארען די מאדע, אז יעדע פארטיי זאל אננעמען א פרינ־ציפען־ערקלערונג און זי פארלייגען פאר די בירגער אלס איר „פלאטפארמע". פריער האט מען פון אזוינע זאכען ניט גע־וואוסט.

צוזאמען מיט דזשעקסאנ׳ען איז ערוויילט געווארען אלס וויים־פרעזידענט מארטין וואן־ביורען.

## קאַפּיטעל 5.

# די דריי וויכטיגסטע שטאַטסלייט פון דער עפּאָכע.

אין די דרייסיג יאָר, צווישען 1820 און 1850, זיינען דריי פּערזענליכקייטען געשטאַנען אין סאַמע פראָנט פון דער פּאָלי־טישער אַרענע. אַלע זיינען זיי אַ געוויסע צייט אין די יאָרען געזעסען אין סענאַט; אַלע האָבען זיי געשפּילט אַ ריזיגע ראָלע אין די פּאָליטישע פּאַרטייען פון דער צייט; און יעדער פון זיי האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך אַ געוויסע גרופּע פון שטאַטען, אַ געוויסען טייל פון לאַנד. זיי זיינען געווען וויכטיגע שטאַטס־לייט, און זייערע נעמען זיינען בארימט געוואָרען פון איין עק לאַנד ביז'ן צווייטען. ביז היינטיגען טאָג ווערען זיי פאַררע־כענט צווישען די בארימטסטע און וויכטיגסטע פּערזענליכקייטען אין דער געשיכטע פון אַמעריקע.

די דריי פּערזאָנען זיינען: דעניעל וועבסטער, הענרי קלעי און דזשאָן קאַלהון.

דעניעל וועבסטער האָט פאַרטראָטען ניו־ענגלאַנד, הענרי קלעי — די נאָענטע וועסט, און דזשאָן קאַלהון — די סאַוט.

### דעניעל וועבסטער.

אין איין זאַך שטימען אַלע איין, אַז וועבסטער איז געווען דער גרעסטער רעדנער וואָס די פאַראייניגטע שטאַטען האָט גע־געבען דער וועלט. ער איז פון דער נאַטור באַשאָנקען געוואָרען אי מיט די פיזישע, אי מיט די גייסטיגע אייגענשאַפטען וואָס זיי־נען נויטיג פאַר דעם אָראַטאָר: אַ מעכטיגע, אימפּאָזאַנטע פי־גור, דורכדרינגענדיגע אויגען, אַ שטאַרקע און מוזיקאַלישע שטי־

מע, א קלארע לאגיק און א געפילפולע שפראך. זיינע רעדעס האבען באצויבערט סיי דעם געקליבענעם עולם פון אינטעלי־גענטען, סיי די גרויסע מאסען פון פראסטען פאלק.

וועגען זיינע אנדערע אייגענשאפטען זיינען דא שטארקע חלוקי־דעות. פון איין זייט זיינען דא אזעלכע וואס האלטען, אז וועבסטער איז געווען איינער פון די גרעסטע מענשען אין



דעניעל וועבסטער

דער וועלט־געשיכטע; אז ער איז געווען א גרויסער שטאטס־מאן, האט באזעסען א ריזיגען ליטערארישען טאלאנט, און האט דערצו געהאט די נשמה פון א צדיק; און פון דער צווייטער זייט זיינען דא אזעלכע וואס האלטען, אז ער איז געווען א מענש אן כאראקטער, אן ווילען, אז מער ווי ריידען האט ער

ניט געקענט, אַז זיין בילדונג איז געווען אַן אויבערפלעכליכע, אַז ער האָט שטילערהייט געפירט לינקע ליבעס מיט פרויען, האָט גע׳שכור׳ט, געבאָרגט געלט און ניט באַצאָלט, גענומען געלט ביי רייכע מעצענאַטען, וועלכע האָבען פון איהם געזוכט פּאָליטישע טובות.

און ווי שטענדיג, איז דער אמת ערגעץ צווישען די צוויי עקסטרעמען. ער איז זיכער ניט געווען אַזאַ גרויסער מענש ווי זיינע הייסע חסידים ווילען האָבען, און ער איז אויך ניט געווען אַזאַ קליין מענשעלע ווי זיינע שאַרפע מתנגדים האַלטען. ער האָט געלעבט אין אַן אומרואיגער צייט, אין יענע יאָרען ווען די שנאה צווישען דער נאָרט און דער סאוט האָט גענומען אַרויס־שפּאַרען פון די טיפע באַהעלטענישען, אין דער צייט ווען נייע פּאָליטישע שטרעמונגען זיינען אויפגעשוואומען און אויסגערונען געוואָרען. וועבסטער איז שטענדיג געשטאַנען אין סאַמע פראָנט, האָט גערעדט מיט אַ שטימע, צו וועלכער דאָס גאַנצע לאַנד האָט זיך צוגעהערט, און עס איז גאַנץ נאַטירליך, וואָס מען אורטיילט איהם ניט מיט׳ן קאַלטען שכל, נאָר מיט הייסער ליידענשאַפט.

ער איז ניט געווען קיין אָריגינעלער מענש. ער איז געווען אַנערקענט אַלס איינער פון די גרעסטע אַדוואָקאַטען פון זיין צייט, אָבער ער האָט אין יוריספּרודענץ ווייניג מחדש געווען. ער האָט זיכער געהאַט ליטעראַרישע פייאיגקייטען. זיינע רעדעס קענען נאָך היינט געלעזען ווערען אַלס שיינע ליטעראַרישע שאַ־פונגען. ער האָט געהאַט אַ פיינע, בילדער־רייכע שפּראַך, און אָפט אַ פּאָעטישען שוואונג. אָבער אין די ערשטע רייען פון ליטעראַרישע קינסטלער קען ער ניט געשטעלט ווערען. ער האָט ניט געהאַט גענוג פאָרשטעלונגס־קראַפט צו דערגרייכען אַזאַ מדרגה.

זיין טאַלאַנט אַלס דעבאַטאַנט איז געווען אויסערגעוויינליך. ער האָט שטענדיג געוואוסט ווי אָנצוגעמען אַ פראַגע ביים גאָר־געל, ביים סאַמע עיקר. ער האָט פאַרשטאַנען וואָס דער צו־הערער וויל וויסען, וואָס פאַר אַ פונקט מען מוז פאַר איהם קלאָר

מאכען. כאטש ער האט געוואוסט, אז פאר אים איז לייכט צו באהערשען די ליידענשאפטען פון די צוהערער, דאך האט ער זיך אויף דעם אליין ניט פארלאזען. ער האט שטענדיג געמאכט דעם איינדרוק, אז ער צילט דעם עולם צו איבערצייגען, ניט אים איינצוריידען, און ער האט ווירקליך איבערצייגט. ער האט שטענ־דיג צוגעגרייט די נויטיגע פאקטען אין דער פראגע און די נוי־טיגע לאגישע באווייזען צו פארטייטשען די פאקטען.

קיין גרויסע בילדונג האט ער ניט באזעסען. דערפאר אבער האט ער געהאט אן אייזערנעם זכרון. ער האט געדענקט אלעס וואס ער האט וועגן עס איז געלייענט און געהערט.

וועגען זיין כאראקטער איז זייער שווער צו דערגיין א טאלק. די אלגעמיינע מיינונג איז, אז ער האט א סך געטרונקען און אז מאנכע פון זיינע בעסטע רעדעס האט ער געהאלטען שכור'ערהייט. זיינע פריינד לייקענען עס אנטשיידען אפ, און זיי ברענגען גאנצע פעק מיט ראיות אז ער האט געטרונקען ווייני־גער ווי דער דורכשניטליכער מענש אין זיין צייט. אויך אז ער איז געווען ניט גאנץ כשר אין געלט־פראגען איז, ווייזט אויס, ריכטיג. ער פלעגט בארגען און פארגעסען אפצוגעבען. ווי עס שיינט, האט ער פשוט ניט פארשטאנען דעם ווערט פון געלט; אים האט שטענדיג אויסגעפעלט, כאטש ער האט פארדינט א סך און כאטש ער איז ניט געווען קיין פארשווענדער. זיינע פריינד זאגען, אז ער האט געהאט אן אפענע האנט; אז פאר יעדען איז לייכט געווען צו באקומען געלט פון אים. ווי ווייט דאס איז אמת, וועט ווארשיינליך קיינמאל ניט פעסטגעשטעלט ווערען. אז ער האט גענומען געלט ביי זיינע רייכע פארערער לייקענט קיינער ניט. זיינע פריינד פארענטפערען אים, אז די וואס האבען אים געגעבען, האבען עס געטאן מיט די ריינסטע מאטיווען פון פריינדשאפט און פארערונג; ניט זיי האבען ער־ווארטעט און ניט זיי האבען געקראגען וועלכע עס איז באלוינונג.

דעניעל וועבסטער האט געשטאמט פון אן עכטער פוריטא־נער יענקי־פאמיליע פון ניו־ענגלאנד. זיין פאטער איז געווען א פארמער אין ניו־העמשיר, וועלכער האט זיך דורך זיינע אייגענע

פייאיגקייטען ארויסגעהויבען איבער די דורכשניטליכע מענשען פון זיין קלאַס. ארויסגעהויבען האָט ער זיך ניט מאַטעריעל, נאָר גייסטיג. ער איז אויסגעקליבען געוואָרען צו פארשיידענע פּאָליטישע עמטער און איז אפילו געווען ריכטער, כאָטש ער האָט קיינמאָל ניט געלערענט קיין יוריספּרודענץ און האָט איבערהויפּט געהאַט ווייניג בילדונג. די פאמיליע איז געווען אַן ארימע. דאָס לעבען פון די פּיאָנערען־פארמער אין ניו־העמשייר איז געווען אַ שווערער. די דאָרטיגע ערד איז געווען אַ שטיינערנע, און ארויסשלעפּען פון איר געווינס איז אָנגעקומען מיט גרויס מי. דער פאָטער האָט שטענדיג באַדויערט זיין אָרימקייט און האָט געהאָפט אַז זיינע קינדער וועלען, דורך בילדונג, האָבען אַ גרינגער לעבען.

דעניעל איז געווען דאָס ניינטע קינד אין אַ פאמיליע פון צען. ער איז געבוירען געוואָרען אין יאַנואַר, 1782. פון קינדווייז אָן איז ער געווען אַ שוואַכער, ער פלעגט אָפט קראַנק זיין. ווען ער איז עלטער געוואָרען, האָט ער ניט געקענט, ווי די אַנדערע קינדער, גיין העלפען אויפ'ן פעלד און אין שטאַל. דער פאָטער האָט אים געגעבען מער פרייהייט זיך צו שפּילען און ארומוואַנדערען אין די פעלדער און וועלדער. דאָס האָט אים געגעבען די געלעגענהייט צו בעאָבאַכטען די נאַטור און צו אנטוויקלען אין זיך אַ ליבע צו דער נאַטור, וועלכע איז פארבליבען אויף שטענדיג טיף איינגעוואָרצעלט אין זיין הארצען.

פייאיגקייט אויף צו לערנען האָט ער ארויסגעוויזען זייער פרי. אין זיין אָטאָביאָגראַפיע דערציילט וועבסטער, אַז ער געדענקט ניט קיין צייט, ווען ער האָט ניט געקענט לייענען די ביבעל.. ווארשיינליך האָבען עס אים די עלטערען אויסגעלערענט. שפּעטער איז ער געגאַנגען אין דער דאָרף־שול, וואו די לערער זיינען געווען זייער שלעכטע, און וואו דער לימוד אין אַלגעמיין איז געשטאַנען אויף אַ נידעריגער מדרגה. דער פאָטער איז אָבער געווען אַנטשלאָסען אים צו געבען די געלעגענהייטען וואָס ער אַליין האָט ניט געהאַט. ער האָט אים געשיקט צו לערער אין וויטערע שטעטלאַך. „לערן, לערן” — האָט אים דער פאָטער

איין מאל געזאגט, — „ווען איך וועל שוין ניט זיין, וועסטו ניט דורכמאכען די צרות וואס איך האב דורכגעמאכט, — די צרות וועלכע האבען מיך אלט געמאכט פאר דער צייט". אין דער שול, וואוהין ער האט דעם קליינעם דעניעל געשיקט, האט געקאסט לערנען און קעסט א דאלער א וואך. אבער דעם איין דאלער אפצושפארען איז דעם פאטער אויך אנגעקומען שווער.

צו פופצען יאר איז דעניעל אריינגעטראטען אין דעם דארט־מאוט קאלעדזש. אין 1801 האט ער זיין קורס געענדיגט אן אויסצייכנונגען. אין קאלעדזש האט ער זיך אויסגעצייכענט אלס דעבאטאנט און רעדנער, אבער אין זיין שטודיום איז ער הויך ניט געשטאנען.

נאך אן אינערליכען קאמף האט ער באשלאסען צו שטו־דירען פאר אדוואקאט. דעם קאמף האט ער געהאט מיט זיין געוויסען. ער האט מורא געהאט, אז די פראפעסיע וועט שלעכט ווירקען אויף זיין כאראקטער. פאר זיינעם א פריינד האט ער אויסגעגאסען זיין הארץ: „איך האב מורא אז די פראפעסיע וועט אין מיר דערשטיקען די געפילען פון רחמנות און וועט פארטעמפען מיינע חושים. אן אדוואקאט מאכט דאך א לעבען פון ארימע לייט. רייכע גייען ניט אין געריכט." דאך האט ער זיך גענו־מען צו דער פראפעסיע און אין 1805 איז ער געווארען אדוואקאט.

די גאנצע צייט פון זיין שטודירען האט ער געהאט צו קעמ־פען מיט'ן דלות. ער האט קיינמאל ניט געוואוסט וואו ער וועט נעמען מארגען אויף צו עסען. אזוי שנעל ווי ער האט געענדיגט און אנגעהויבען פראקטיצירען, האט ער געמאכט ערפאלג. זיין פראקטיק איז געוואקסען אלץ גרעסער, און ער האט זיך איבער־געקליבען אין אלץ גרעסערע שטעט, ביז וואנען ער איז בארימט געווארען אלס איינער פון די גרעסטע אדוואקאטען אין ניו־העמ־שייר. אין 1816 האט ער זיך באזעצט אין באסטאן, און אין דעם ערשטען יאר וואס ער האט דארטען פראקטיצירט האט ער געמאכט צוואנציג טויזענד דאלער. פאר יענער צייט איז דאס געווען אן אונגעהייער גרויסע סומע.

אין פאליטיק איז ער געווען א קאנסערוואטאר. זיין פא־

טער איז געווען א פעדעראליסט און דעניעל האט גע'ירש'נט די זעלבע אידעען. אין 1812 האט ער גלייך מיט אלע פעדעראַ־ ליסטען אין ניו־ענגלאנד גערעדט געגען דער מלחמה. ער איז שוין דאן געווען באוואוסט אין ניו־העמשייר אלס א גרויסער רעדנער. אין זעלבען יאר איז ער ערוויילט געווארען אלס קאנגרעסמאן.

מיט זיין ערוויילונג צום קאנגרעס פאנגט זיך אן זיין פאלי־ טישע קאריערע. ער האט אין קאנגרעס פארטראטען די אנטי־ מלחמה פארטיי. ער האט געשטימט געגען צוואנג־דינסט און גע־ גען מלחמה־שטייערען. ער האט זיך אפען געפרייט איבער די מפלות וואס די אמעריקאנער ארמיי האט געכאפט. די דאזיגע פאקטען זיינען אינטערעסאנט, ווייל אין די שפעטערדיגע יארען איז ער געווארען דער הייסעסטער קעמפער פאר דער נאציאָ־ נאלער רעגירונג, דער פייערדיגסטער פאטריאט. אין 1813 און 1814 האט ער גערעדט און געשטימט ניט ווי די נאציאנאלע רעגירונג האט געוואלט נאר ווי די אינטערעסען פון דעם הענד־ לער־קלאס אין ניו־ענגלאנד האבען געפאדערט.

אין יענע יארען האט ער געשטימט געגען א טאריף, ווייל דעמאלט זיינען די ניו־ענגלאנד שטאטען געווען באהערשט פון די רייכע הענדלער, וועלכע האבען געוואלט פרייען האנדעל. אין 1816 האט ער געשטימט געגען דער גרינדונג פון דער נאציאנאלער באנק, אויך דערפאר וואס די ניו־ענגלאנד הענדלער האבען די באנק ניט געוואלט האבען.

אין די צוויי פראגען, טאריף און באנק, האט ער אין די שפעטערדיגע יארען אינגאנצען געביטען זיין שטעלונג. דאס האט פאסירט דאן ווען אין ניו־ענגלאנד איז דער האנדעל־קלאס שוואך געווארען פאליטיש און מאטעריעל און די אויבערהאנד האבען דארטען געקראגען די פאבריקאנטען און באנקירען. וועבסטער איז דאן געזעסען אין סענאט און האט דארט געפירט דעם קאמף פאר דעם הויכען טאריף און פאר דער אויפהאלטונג פון דער נא־ ציאנאלער באנק.

אין 1820 האט וועבסטער געהאלטען א רעדע לכבוד דעם צוויי הונדערט יאריגען יובילעי פון דער גרינדונג פון דער פלי־

מוט קאלאניע, לכבוד דעם אנקומען פון די ערשטע פוריטאנער אין אמעריקע. די רעדע איז איינע פון די בעסטע וואס ער האט געהאלטען. זי האט דאן אויפגערודערט דאס לאנד און ביז היינטיגען טאג ווערט זי געלעזען און געלערענט אלס א מוסטער פון די ערהאבענסטע פאטריאטישע געפילען וועגען אמעריקא'ס פארגאנגענהייט און צוקונפט. אין די שפעטערדיגע יארען האט וועבסטער געהאלטען ענליכע רעדעס ביי פייערונגען פון גרויסע נאציאנאלע יום טובים, און די מערסטע פון זיי זיינען בארימט אין דער פאטריאטישער ליטעראטור פון אמעריקע.

אין די דאזיגע רעדעס האט ער שטענדיג פארערט און פאר־הייליגט דעם געדאנק פון נאציאנאלער איינינקייט, דעם געדאנק אז די קאנסטיטוציע איז א הייליגער בונד פון אלע שטאטען, א בונד וואס מוז שטיין איבער אלץ; אז דער בונד צווישען די שטאטען טאר קיינמאל ניט פאנאנדערגעריסען ווערען, און אז עס איז גאר ניטא קיין מאכט אין דער וועלט וואס קען אים פאנאנ־דעררייסען. דעם זעלבען געדאנק האט וועבסטער אויך געפריי־דיגט אין זיינע רעדעס אין סענאט, אין זיינע דעבאטען מיט די פארשטייער פון די סאוט. עס איז די מיינונג פון א סך היסטא־ריקער, אז וועבסטער'ס רעדעס האבען עס צוגעגרייט דעם באדען פאר'ן קאמף וואס די נארט האט אין 1860 אויפגעהויבען געגען דער סאוט, וועלכע האט דעמאלט געוואלט ארויסטרעטען פון די פאראייניגטע שטאטען און גרינדען א באזונדער רעגירונג. וועב־סטער האט איינגעפלאנצט אין מיליאנען הערצער דאס געפיל, אז די גאנצקייט פון לאנד איז דאס וויכטיגסטע, דאס שענסטע און ערהאבענסטע אין דעם נאציאנאלען לעבען, און אז דער וואס וואגט אנצורירען די דאזיגע איינינקייט איז א פאררעטער ניט בלויז געגען לאנד, נאר געגען דעם ווילען פון גאט אליין.

א פאר מאל האט וועבסטער געמאכט א פארזוך זיך צוריק־צוציען פון קאנגרעס. ער איז אבער ווידער געקומען. אין 1826 האט מאסאטשוזעטס אים ערוויילט אלס יונייטעד סטייטס סענאטאר. אין סענאט איז ער פארבליבען כמעט ביז זיין טויט,

אין 1852. בלויז עטליכע יאָר איז ער געווען דרויסען. אין די יאָרען 1841 און 1842 איז ער געווען דער סעקרעטערי אָוו סטייט אָדער אויסלאַנד־מיניסטער.

## דזשאָן קאַלהון.

דזשאָן קאַלדוועל קאַלהון איז געווען דער גרעסטער שטאַטס־מאַן פון דער שקלאַפּישער סאוט. אין די פערציג יאָר פון זיין פּאָליטישער טעטיגקייט האָט ער פאָרמולירט די אַלע טעאָריעס און אויסגעאַרבייט די אַלע אַרגומענטען מיט וועלכע די שקלאַ־פען־אייגענטימער פון דער סאוט האָבען פאַרטיידיגט זייער אינ־סטיטוציע. ער האָט געפירט דעם קאַמף פאַר שקלאַפעריי אין סענאַט, אין קאַבינעט, און אויף דער עפענטליכער פּלאַטפאָרמע. ער האָט אויך דער ערשטער פאַרשטאַנען די געפאַר וואָס סטראַ־שעט שקלאַפעריי מצד דער פרייער נאָרט, און האָט אַלע זיינע כחות אָנגעשטרענגט די געפאַר אָפּצואָווענדען. ער האָט זיך באַנוצט מיט צוויי מיטלען. ערשטענס, האָט ער געזוכט צו פאַרגרעסערען די שקלאַפען טעריטאָריע אין דער סאוט. צוויי־טענס, האָט ער געזוכט אַרומצוצאַמען די סאוט מיט דער פעס־טונג פון „שטאַטס־רעכט" (סטייט־ראַיטס), מיט דעם פּרינציפּ, הייסט עס, אַז די שטאַט רעגירונג שטייט העכער איבער דער נאַ־ציאָנאַלער רעגירונג. קאַלהון איז געווען דער פּאָליטישער סטראַ־טעגיקער און פּראַקטישער פאָרקעמפער פון דער סאוט. ער איז געווען דער שטאַרקסטער גייסטיגער איינפלוס וואָס האָט צוגע־גרייט די סאוט צו דעם בלוטיגען אויפשטאַנד געגען דער נאַ־ציאָנאַלער רעגירונג פאַר דער פאַרטיידיגונג פון נעגער־שקלאַ־פעריי.

דזשאָן קאַלדוועל קאַלהון איז געבוירען געוואָרען דעם 17טען מערץ, 1782, אויף אַ פּיאָנערען־פאַרם אין דעם וועסטליכען טייל פון סאוט־קאַראָליאַנע. זיין פאָטער איז געווען אַן אימיגראַנט, וועלכער איז אַהער געקומען אַלס אינגעל פון אירלאַנד. די מו־טער איז אויך געווען אַן איירישע, אָבער אַ היי־געבוירענע. די קאַלהון־פאַמיליע האָט ניט געהערט צו דער אַלטער אַריסטאָקראַ־

מיע פון דער סאוט, וועלכע איז געווען פארפלאַנצט נעהענטער צום אטלאַנטישען ברעג. ווען זיין פאָטער איז געקומען אהער אַלס אָרימער אימיגראַנט צוזאַמען מיט זיינע עלטערע ברידער, האָט ער זיך באַזעצט אין פענסילוויינ‎יא. מיט יאָרען שפּעטער האָט ער זיך אריבערגעקליבען אין סאוט־קאראָלאינא, ווייט ביים



דזשאן קאלהון

גרענעץ, וואו די געפאר פון אינדיאַנער האָט נאָך געלויערט. ער האָט געהערט צו יענע מערקווירדיגע העלדישע לייט, וואָס האָבען די ערשטע אריינגעדרונגען אין די גרענעץ־געגענדען און דורכ־געבראָכען א וועג צו דער וועסט. די ערשטע יאָרען זיינען גע־ווען שווערע און געפערליכע, אָבער מיט דער צייט איז דער פאָטער געוואָרען א רייכער פלאַנטאַטאָר, מיט ברייטע פעלדער

און אַ היבשע צאָל נעגער־שקלאַפן. ווען דזשאָן איז אַלט געווען קנאַפּע פערצן יאָר, איז דער פאָטער געשטאָרבען.

ביז אַ יאָר אַכצען האָט דזשאָן געוואוינט מיט זיין מוטער, ברידער און שוועסטער אויף דער פּלאַנטאַציע. די מעגליכקייטען אויף בילדונג זיינען דאָרט געווען זייער שוואַכע. אין די קינדער־יאָרען איז ער אַ קורצע צייט געגאַנגען אין אַ שול און האָט זיך אויסגעלערענט לעזען, שרייבען און אַביסעל חשבונ׳ען. דערנאָך האָט ער זיך אָפּגעגעבען אינגאַנצען מיט העלפען אין דער פאַרוואַלטונג פון דער פּלאַנטאַציע. וועגען ווייטער שטודירען האָט ער אפילו ניט געטראַכט.

וואָס עס האָט אים באַוואוינגען שפּעטער צו ענדערען זיין קאַריערע איז ניט באַקאַנט. ווי ער אַליין דערציילט אין זיין אָטאָביאָגראַפּיע, האָט ער עס געהאַט צו פאַרדאַנקען אינגאַנצען זיין עלטערען ברודער דזשיימס. דער ברודער האָט געהאַלטען, אַז דזשאָן דאַרף זיך לערנען און ווערען אַ געבילדעטער מענש. דער ברודער האָט איבערגערעדט מיט דער מוטער, און עס איז געבליבען אַז דזשאָן זאָל אַוועקפאָרען שטודירען. דאָס איז געווען אין יאָר 1800, ווען דזשאָן איז אַלט געווען אַכצען יאָר.

זיין בילדונג־קורס האָט געדויערט זיבען יאָר. אין דער צייט האָט ער געענדיגט דעם יעיל אוניווערזיטעט און אַ יוריספּרודענץ־אַקאַדעמיע אין רידזשפעלד, קאָננעטיקוט. ער האָט געהאַט גרויס חשק צום לערנען און האָט אַרויסגעוויזען אויסערגעוויינליכע פייאיגקייטען. אין יעיל האָט ער זיך אויסגעצייכענט אַלס איינער פון די בעסטע סטודענטען.

עס איז אינטערעסאַנט צו וויסען, אַז אָט דער מוח קאַלהונ׳ס, וואָס האָט אין די שפּעטערע יאָרען געטאָן די גאַנצע קאָפּ־אַרבייט פאַר דער סאַוט, האָט זיין ערשטע אַנטוויקלונג, זיין ערשטע בילדונגס־שפּייז, באַקומען אין דער נאָרט. אין יענע יאָרען, ווען דער מאַרך ווערט פאָרמירט און עס ווערען איינגעקריצט די ערשטע און טיפסטע דענק־ריכטונגען, איז קאַלהון ניט געווען אין דער סאַוט, נאָר אין דער נאָרט. קאַלהונ׳ס ביאָגראַפען ציען פון דעם דאָזיגען פאַקט פאַרשיידענע שליסען. אין

יענע יארען איז ניו־ענגלאנד ניט געווען גוואלדיג באגייסטערט פאר דער נאציאנאלער רעגירונג. דזשעפערסאן האט דאן נאר־וואס געהאט אומגעווארפען די פעדעראלע פארטיי, און די אריס־טאקראטען פון ניו־ענגלאנד האבען אפען גערעדט וועגען אפ־רייסען זיך פון דער רעגירונג. גלויבען דריבער א טייל היס־טאריקער, אז דעמאלט איז געלייגט געווארען דער יסוד פאר קאל־הונ'ס שפעטערדיגע מיינונגען וועגען שטאאט־רעכט. דאס איז, פארשטייט זיך, ניט מער ווי א סברא.

נאכדעם ווי ער האט געענדיגט זיין קורס אלס אדוואקאט, האט ער זיך באזעצט אין א שטעדטעל אין סאוט קאראלאינא און אנגעפאנגען פראקטיצירען זיין פראפעסיע. אומגעפער אין דער זעלבער צייט האט ער געהייראט זיינע א קוזינע, א רייכע מיידעל. זיין פראקטיק איז געווען אין די העכסטע קרייזען און ער האט געמאכט א סך געלט. לאנג האט ער זיך אבער מיט איר ניט אפגעגעבען — בלויז דריי יאר. אין 1810 איז ער אויסגעקליבען געווארען אלס קאנגרעסמאן. דערמיט פאנגט זיך אן זיין פאליטישע קאריערע, וועלכע האט זיך געצויגען ביז זיין טויט, אין 1850. זיין באגייסטערטער ביאגראף, פראפעסאר מעיגס, שרייבט וועגען זיין מאטעריעלען מצב אין דער צייט וואס ער האט אויפגעהערט צו פראקטיצירען אדוואקאטור: „ער האט ווארשיינליך פון זיין פאטער גע'ירש'ענט מער ווי מיר דענקען, אדער פילייכט איז דער ווערט פון זיין ירושה, די ערד, גע־שטיגען דורך דעם וואוקס פון דער באפעלקערונג אין דעם גע־גענד. מען דארף אויך ניט פארגעסען, אז ער האט געהייראט א רייכע יורש'טע. די הייראט האט אים ווארשיינליך אויך דערהויבען געזעלשאפטליך, אריינגעפירט אין די „העכערע פענס־טער", און דאס האט אים פיל געהאלפען אין זיין פאליטישער קאריערע."

אין די ערשטע יארען אין קאנגרעס איז קאלהון געווען א באגייסטערטער נאציאנאליסט. ער האט געהערט צו דער גרופע יונגע פאטריאטען, וועלכע האבען גענומען פירען די רעפובליקא־נישע פארטיי, דזשעפערסאנ'ס פארטיי, אויף א נייעם וועג. זיי

האָבען עס אריינגעשטויסען דאָס לאַנד אין דער מלחמה מיט ענגלאַנד, די מלחמה פון 1812. זייער אַמביציע איז געווען דורך דער מלחמה צו הויבען דעם פּרעסטיזש און אויך צו פאַרגרעסערען די גרענעצען פון דער נאַציאָנאַלער רעגירונג. ווען די מלחמה האָט זיך געענדיגט, האָט קאַלהון געהאָלפען אָנפירען דעם קאַמף פאַר קלעי'ס „אַמעריקען סיסטעם", פאַר אַ הויכען טאַריף צו באַשיצען די אינדוסטריען פון ניו־ענגלאַנד און פאַר אינערליכע אויסבעסערונגען, פאַר בויען וועגען און קאַנאַלען. ער האָט אויך געהאָלפען דורכפירען דעם פּראָיעקט צו גרינדען אַ נאַציאָנאַלע באַנק. זיין גאַנצער פּראָגראַם איז דעמאָלט געווען אַ נאַציאָנאַלער. אין די רעדעס וואָס ער האָט געהאַלטען איבער די דאָזיגע פראַגען אין קאָנגרעס האָט ער זיך געשטעלט אויפ'ן שטאַנדפּונקט, אַז די קאָנסטיטוציע גיט דעם קאָנגרעס דאָס רעכט צו טאָן אַלץ וואָס ער געפינט פאַר ראַטזאַם אין די נאַציאָנאַלע אינטערעסען, און אַז מען דאַרף זיך ניט האַלטען צו שטרענגביים בוכשטאַב פון דער קאָנסטיטוציע.

קאַלהון'ס פּאָפּולאַריטעט איז שנעל געוואַקסען. ער איז געווען איינער פון די גרעסטע רעדנער, איינער פון די שטאַרקסטע דעבאַטאַנטען אין קאָנגרעס. זיינע רעדעס האָבען זיך אויסגעצייכענט „מיט אַ קאַלטער, קלאָרער לאָגיק". „כאָטש ער איז געבאָרען און ערצויגען געוואָרען אין דער סאַוט, — שרייבט אַ היסטאָריקער, — האָט ער ניט געהאַט קיין וואַרימקייט, ניט אין זיין טעמפּעראַמענט און ניט אין זיין כאַראַקטער. ער איז געווען דורכאויס מאַרך־קאַלטע, אומבאַרמהערציגע לאָגיק". אים האָט אויך געפעלט הומאָר. ווען ער האָט גערעדט, איז ער שטענדיג געווען טויט־ערנסט. ער האָט אָבער געהאַט די פייאיגקייט ארויסצוזאָגען זיינע געדאַנקען קלאָר און איינפאַך. ער פלעגט אויך ציטירען אָפט פון באַרימטע שרייבער און ברענגען ביישפּילען פון געשיכטע. דאָס האָט געוואונען פאַר אים גרויס רעספּעקט אַלס אַ געלערנטען מענשען. אין זיין פּריוואַט לעבען איז ער געווען אַ שטרענגער פּוריטאַנער. אין דעם פּרט איז זיין רעפּוטאַציע געווען אַ סך אַ בעסערע ווי די רעפּוטאַציע פון זיינע וויכטיגסטע קאָ־

לעגען. אויף אים האט מען ניט גערעדט אז ער האט ליב צו שפילען אין קארטען, צו טרינקען, אדער אז ער יאגט זיך נאך געלט, ווי מען האט געזאגט אויף וועבסטער'ן און אויף קלעי'ען.

אין מאנראו'ס אדמיניסטראציע איז קאלהון באשטימט געווארען אלס קריגס-מיניסטער און אין קאבינעט האט ער פארטראטען די זעלבע נאציאנאלע פרינציפען ווי אין קאנגרעס. דאן איז ער שוין געווען אזוי פאפולער איבער'ן לאנד, אז מען האט גענומען ריידען וועגען אים אלס מעגליכען קאנדידאט פאר פרעזידענט. אין 1824, ווען עס האט זיך אנטוויקעלט דער קאמף צווישען דזשאן קווינסי עדעמס און ענדריו דזשעקסאן, און די רעפובליקאנישע פארטיי איז צושפאלטען געווארען אין צוויי פראקציעס, איז קאלהון געשטאנען אן א זייט. דערפאר איז עס מעגליך געווען פאר אים דערוויילט צו ווערען אלס וויים-פרעזידענט אונטער ביידען, פריער אונטער עדעמס'ען, דערנאך אונטער דזשעקסאן'ען.

אויף דעם נייעם וועג הויבט קאלהון אן צו גיין פון דעם ערשטען טערמין פון דזשעקסאן'ס אדמיניסטראציע. דעמאלט האט די סאוט שוין גענומען א באשטימטע שטעלונג אין דער טאריף-פראגע. דעמאלט האט שוין אנגעהויבען קלאר צו ווערען אז גרויסע עקאנאמישע אינטערעסען טיילען אפ די סאוט פון דער נארט, און קאלהון האט זיך אוועקגעשטעלט פעסט אויף דער זייט פון זיין שטאט, פון סאוט קאראלאינא, און פון דער גאנצער סאוט.

זיין ערשטער גרויסער ארויסטריט איז פארגעקומען אין 1828, ווען דער קאנגרעס האט דורכגעפירט דעם טאריף-ביל געגען דעם ווילען און געגען די עקאנאמישע אינטערעסען פון דער סאוט. קאלהון האט עס דעמאלט פארפאסט די בארימטע דעקלאראציע וועלכע זאגט, אז אן איינצעלנער שטאט האט א רעכט מבטל צו מאכען א געזעץ וואס דער קאנגרעס נעמט אן. ער האט געפירט די באוועגונג פון „נאליפיקיישאן” אין סאוט קאראלאינא. און אים האט עס דזשעקסאן געסטראשעט מיט הענגען אין פאל סאוט קאראלאינא וועט בלייבען איינגעשפארט

און ניט פאָלגען דעם טאַריף־געזעץ. דער קאַמף האָט קאַל־הונ׳ען קלאָר געמאַכט אַז ער קען מער ניט בלייבען אין זיין אַמט אַלס וויס־פּרעזידענט, אַז ער קען מער מיט דזשעקסאָנ׳ס אַדמיניסטראַציע ניט גיין, און אַז ער מוז פאַרנעמען אַ פּלאַץ אין אַ קערפּערשאַפט וואו ער וועט קענען בעסער אָנפירען זיין קאַמף פאַר דער סאוט. האָט ער רעזיגנירט פון וויס־פּרעזידענט און איז אַריינגעטראָטען אין סענאַט אַלס פאָרשטייער פון סאוט קאַראָלאינאַ.

ער איז אין סענאַט אריין אין 1833. און פון דעמאָלט אָן ביז זיין טויט (מיט אַן אונטערברעכונג פון אַ פּאָר יאָר, ווען ער איז ווידער געווען אַ קאַבינעט־מיניסטער), האָט ער פון דער סענאַט־טריבונע גערעדט אַלס דער פאָרקעמפער פון דער סאוט. דער וויכטיגער שטרייט־פּונקט איז שוין ניט געווען מער דער טאַריף און די באַנק: דער קאַמף ווערט פון איצט אָן געפירט הויפּטזעכליך איבער דער פראַגע פון שקלאַפעריי. קאַלהון שטייט אין סענאַט אויף דער וואַך און היט, אַז די אינסטיטוציע פון נעגער־שקלאַפעריי זאָל אויף דאָס מינדעסטע ניט אָנגערירט ווע־רען. ער לאָזט אויף איר ניט פאַלען אַ שפּרינקעלע פון שלעכ־טע קריטיק. ביי אים איז עס ניט בלויז אַ פראַגע פון עקאָ־נאָמישע אינטערעסען. ער איז איבערצייגט, און וויל אַז דאָס גאַנצע לאַנד זאָל זיין איבערצייגט אין דעם, אַז שקלאַפעריי איז גוט, רעכט; אַז שקלאַפעריי איז אין איינקלאַנג מיט די העכסטע פּרינציפּען פון מאָראַל, פון יושר און גערעכטיגקייט.

אַלע אַרגומענטען, אַלע טעאָריעס און פּרינציפּען וועגען שטאַט־רעכט האָבען געשטאַמט פון קאַלהונ׳ס קאָפּ. די גאַנצע פּראַקטישע פּאָליטיק פון שטאַרקען די מאַכט פון דער סאוט אין דער רעגירונג איז אויסגעאַרבייט און דורכגעפירט געוואָרען פון אים. פון 1833 ביז 1350, ווען ער האָט פאַרלאָזען דעם סענאַט אַ קראַנקער, איז ער געווען די שטאַרקסטע זייל וואָס די שקלאַפערישע סאוט האָט געהאַט אין לאַנד. אין זיינע לעצ־טע רעדעס אין סענאַט האָט ער נביאות געזאָגט, אַז די סאוט

וועט זיך מוזען אפרייסען פון דער רעגירונג. ער האט געפירט די סאוט אויף דעם דאזיגען וועג, און ער האט פארשטאנען אז מיט דער צייט וועט די סאוט מוזען דערגרייכען דעם לעצ־טען פונקט פון דעם וועג — יענעם פונקט וואו עס הויבט זיך אן דער ווילדער, בלוטיגער בירגער־קריג.

## הענרי קלעי.

אין איין פרט איז הענרי קלעי'ס פאליטישע לאגע געווען א שווערערע ווי די לאגע פון זיינע צוויי קאלעגען, וועבסטער און קאלהון. יעדער פון די צוויי האט געהערט צו א טייל פון לאנד, וואס האט געהאט א באשטימטען כאראקטער, א באַ־שטימטען פאליטישען און אינדוסטריעלען פנים. וועבסטער איז געווען א קינד פון ניו־ענגלאנד און האט פריער פון אלץ פאר־טראטען די אינטערעסען פון די הערשענדע קלאסען אין ניו־ענגלאנד — פון די דארטיגע הענדלער, פאבריקאנטען און פי־נאנסירען. קאלהון איז געווען א קינד פון דער סאוט, און ער האט פריער פון אלץ פארטראטען די אינטערעסען פון די הער־שענדע קלאסען אין דער סאוט — די אייגענטימער פון פלאנ־טאציעס, די באלעבאטים פון די נעגער־שקלאפען. און די פאלי־טישע פרינציפען פון די צוויי שטאטסלייט האבען זיך געענדערט לויט די ענדערונגען וואס זיינען פארגעקומען אין דעם עקאנא־מישען לעבען פון זייערע שטאטען.

הענרי קלעי איז געווען א שטאטסמאן פון א ברייטערען און טיפערען פארנעם. ער האט געשטרעבט צו שטיין העכער, איבער איינצעלנע גרופען פון שטאטען. ער האט געזוכט צו זיין דער נאציאנאלער שטאטסמאן. ער איז תמיד גרייט געווען מקריב צו זיין א פרינציפ כדי צו פארמיידען א צו שארפען קאמף צווישען איין טייל פון לאנד און א צווייטען. אין די גרעסטע קריזיסען וואס דאס לאנד האט דורכגעמאכט, אין די פערציג יאר פון קלעי'ס פאליטישער טעטיגקייט, איז ער געווען דער שלום־מאכער. ער איז אפילו געקרוינט געווארען מיט דעם טיטעל: „דער גרויסער שלום־מאכער".

וואָס האָט איהם באַוואויגען צו פירען אזא דיפּלאָמאַטיע? זיינע פאַרערער האָבען געזען דערין אַן אויפריכטיגע איבערגעבענקייט און געטריישאַפט צום פאָלק. ער איז שטענדיג גרייט געווען מקריב צו זיין זיין רעפּוטאַציע, זיינען פריינט, כדי צו ראַטעווען דאָס לאַנד פון אַ קריטישער לאַגע. אָבער זיינע געגנער האָבען אין אים געזען אַן אָפּאָרטוניסט, אַ פּאָליטישען זעלבסט־זוכער, ביי וועמען קיין פּרינציפּ איז ניט געווען הויך און הייליג גענוג, אַז ער זאָל פאַר אים וועלען קעמפען אונטער אַלע אומשטענדען. אין זיינע פשרות האָבען זיי געזען אַ פאַרזוך צו געפעלען אַלעמען, אויסצונעמען ביי אַלע טיילען פון לאַנד. און דערפאַר שרייבט זיין וויכטיגסטער ביאָגראַף, קאַרל שורץ:

„צווישען די עפענטליכע פּערזענליכקייטען אין דער אַמעריקאַנער געשיכטע זיינען דאָ זייער ווייניג, איבער וועמען מיינונגען זיינען אַזוי ליידענשאַפטליך צוטיילט ווי איבער הענרי קלעי. זיינע פיינד האָבען אים פאַרדאַמט אַלס אַ זעלבסט־זיכטיגען אינטריגאַנט אין פּאָליטיק און אַלס אַן אויסוואורף אין פּריוואַטען לעבען; זיינע נאָכפאָלגער האָבען אים אַוועקגעשטעלט אַלס דעם ערשטען צווישען די חכמים פון דער צייט, און צייטענווייז האָבען זיי אים אַפילו אָנגערופען — הייליגער”.

הענרי קלעי איז געבוירען געוואָרען אין ווירדזשיניא, דעם 12טען אַפּריל, 1777. זיין פאָטער איז געווען אַ גלח, וואָס איז געווען באַליבט און פאַרערט אין זיין קהלה. ווען הענרי איז אַלט געווען פיר יאָר איז דער פאָטער געשטאָרבען, איבערלאָזענדיג אַן אַלמנה מיט זיבען קינדער. אַ פאַרמעגען איז פון אים געבליבען גאָר אַ קליינער, אַן אָרימע פאַרם. און דערפון האָבען זיך די אַכט פאַרשוין געמוזט דערנערען. אין אַזעלכע אומשטענדען האָט הענרי ניט געקענט אָפּגעבען צופיל צייט פאַר דער שול. ווען ער איז נאָך אַ קינד געווען, האָט ער געמוזט העלפען אויפ'ן פעלד און אין שטוב. אין שול איז ער געגאַנגען ניט מער ווי עטליכע מאָנאַטען, און זיין גאַנצע בילדונג איז באַשטאַנען פון לעזען, שרייבען און אַביסעל חשבון'ען.

צו פערצען יאָר האָט זיין שטיף־פאָטער פאַר אים געפונען

א פלאץ אין א געשעפט, וואו ער האט געארבייט אלס אן ארויס־העלפער ביים פארקויפען און אלס שיק־אינגעל. שפעטער אבי־סעל איז ער אנגעקומען אלס שרייבערל אין א רעגירונגס־ביורא. צו זעכצען יאר האט ער געקראגען א שטעלע ביי איינעם פון די הויפט ריכטער אין דעם שטאט. זיין ארבייט איז געווען איבער־צושרייבען פאפירען און דאקומענטען אין געריכט. אויף דער שטעלע האט ער געשלאסען באקאנטשאפט מיט אדוואקאטען און מיט געריכטס־מענשען און ער האט באשלאסען צו שטודירען פאר אדוואקאט. ער איז אנגעקומען ארבייטען צו אן אדוואקאט, און צו איין־און־צוואנציג יאר האט ער באקומען דאס רעכט צו פראק־טיצירען די פראפעסיע.

איצט איז ער אויפגענומען געווארען אין די רייכע און אינ־טעליגענטע קרייזען פון ריטשמאנד, די וויכטיגסטע שטאדט אין ווירדזשיניא. אלע האבען אים ליב געהאט, ווייל ער איז געווען שארפזיניג, לוסטיג, געזעלשאפטליך־אנגענעם. ער האט זיך פארשאפט א גוטען נאמען און א סך פריינט.

קורץ דערנאך האט ער זיך איבערגעקליבען קיין קענטאקי, וואו זיין מוטער האט דעמאלט געוואוינט. קענטאקי איז אין יענער צייט געווען די וועסט, א נייע וואקסענדע קאלאניע, וואו די געלעגענהייטען פאר יונגע לייט זיינען געווען בעסער ווי אין די אלטע שטאטען, איבערהויפט פאר יונגע לייט וואס האבען געמוזט פאר זיך אליין דורכשלאגען א וועג. אין קענ־טאקי איז ער געבליבען זיין גאנץ לעבען. שפעטער, ווען ער האט גענומען שפילען א ראלע אין דער פאליטיק פון לאנד, איז ער געווען באקאנט אלס „קלעי פון קענטאקי".

ער האט זיך באזעצט אין לעקסינגטאן, די וויכטיגסטע שטאט אין קענטאקי, און איז דארט אין א גאר קורצער צייט גע־ווארען איינער פון די פראמינענטסטע אדוואקאטען. ער האט זעלטען פארלארען א פראצעס. זיין מערקווירדיגע רעדנער־קראפט פלעגט באצויבערען די דזשורי־לייט. ער האט אויך געהאט מערקווירדיגע איינפאלען, מיט וועלכע ער פלעגט פאר־דרייען זיין געגנער דעם קאפ. קארל שורץ שרייבט: „אין קענ־

טאָקי האָט מען געזאָגט, אַז עס האָט דאָרט קיינמאָל ניט פּאַסירט אַז אַ מערדער וואָס קלעי האָט פאַרטיידיגט זאָל פאַר׳משפּט ווערען צום טויט". זיין פּראַפּעסיע האָט אים אַריינגעטראָגען אַ סך געלט. איבערהויפּט האָט ער פאַרדינט פון פּראָצעסען איבער לאַנד־אייגענטום.

הענרי קלעי איז געווען הויך געבויט, ניט קיין שיינער, אָבער מיט אַ סימפּאַטישען אויסזען, און אַן אַנגענעמע פער־זענליכקייט. זיין שטימע האָט געקלונגען ווי מוזיק. ער איז געווען העפליך צו יעדען, אפילו צו די נידעריגסטע, און ער איז געווען גוט־הערציג, שטענדיג גרייט צו גיין פריי אין געריכט צו פאַרטיידיגען און העלפען אַן אלמנה, אַ יתום, אַ נעגער — אַזוינע וואָס האָבען ניט געקענט באַצאָלען. ער איז געווען פול מיט לעבען, פול מיט ענערגיע, שטענדיג פריילִיך און לוסטיג. ער האָט ליב געהאַט צו פאַרברענגען אַ סך אין געזעלשאַפט. אָט די אַלע אייגענשאַפטען האָבען אים זייער באַליבט און פּאָפּולער געמאַכט.

אַן אַדוואָקאַט, און אַ פּאָפּולערער דערצו, איז עס גאַנץ נאַ־טירליך געווען, וואָס ער איז אַריינגעטראָטען אין פּאָליטיק. זיין ערשטער אַרויספּאָר איז געווען זייער אַ שיינער. אין קענטאָקי איז אין 1799 אָנגעגאַנגען אַ באַוועגונג, אַז דער שטאַט זאָל אָפּשאַפען שקלאַפעריי. קלעי האָט זיך אַריינגעוואָרפען אין דער דאָזיגער באַוועגונג. זיינע ערשטע פּאָליטישע רעדעס און פּאָ־ליטישע אַרטיקלען אין דער פּרעסע זיינען געווען פאַר אָט דעם געזעץ. די באַוועגונג האָט קיין ערפאָלג ניט געהאַט, און מיט דער צייט האָט קלעי זיך פון איר דערווייטערט. ער האָט זיך פאַרנומען מיט מער פּראַקטישע און מער פּאָפּולערע פראַגען אויף דעם פּאָליטישען פעלד. ער איז געוואָרען אַן אָנהענגער פון דזשעפערסאָנ׳ס דעמאָקראַטיע, וועלכע איז דעמאָלט געווען אין מאַכט און וועלכע איז געווען שטאַרק, דער עיקר אין דער סאַוט און וועסט. אין 1803 איז ער אויסגעוויילט געוואָרען פאַר דער לעדזשיסלייטשור אין קענטאָקי. מיט דריי יאָר שפּעטער האָט דער שטאַט אים געשיקט אַלס פאַרטרעטער אין יונייטעד סטייטס

סענאט. (לויט דער קאנסטיטוציע, האט ער נאך דעמאלט ניט געטארט פארנעמען דעם אמט: א סענאטאר מוז זיין אלט ניט וויניגער ווי דרייסיג יאר, און קלעי איז נאך דעמאלט געווען ניט מער ווי ניין־און־צוואנציג. קיינער האט אבער די פראגע



הענרי קלעי

ניט אויפגעהויבען און ער איז פארבליבען אין אמט.) אין סענאט איז ער געזעסען א יאר צייט, ווייל ער איז באשטימט געווען צו ענדיגען דעם טערמין פון א געשטארבענעם סענא־טאר. ווען קלעי איז צוריקגעקומען אהיים, איז ער ווידער אויס־געקליבען געווארען אין לעדזשיסלייטשור פון זיין שטאט. אין 1809 איז ער ווידער אוועק אין סענאט אויף א קורצען טערמין.

די קורצע טערמינען אין סענאט און אין זיין שטאט־לע־

דזשיםלייטשור האָבען גערינט קלעי'ען אלס אַ צוגרייטונג־שול. זיין אמת'ע קאַריערע אין דער פּאָליטיק הויבט זיך אָן אין 1810, ווען ער איז אויסגעקליבען געוואָרען אין קאָנגרעס. אין יענע יאָרען האָט אַ מיטגליד אין דער האוז אָוו רעפּרעזענטייטיווס (די נידעריגערע הויז) געהאַט אַ בעסערע געלעגענהייט זיך אויסצו־צייכענען אין דעבאַטען איידער אַ מיטגליד פון סענאַט (דאָס העכ־ערע הויז). דעמאָלט זיינען אין נידעריגערען הויז די דעבאַטען געווען פרייע, אומבאַגרעניצטע. אין סענאַט, פאַרקערט, זיינען כמעט גאָר קיין דיסקוסיעס ניט אָנגעגאַנגען. (איצט איז עס פונקט פאַרקערט.) העגרי קלעי איז שוין אין רעפּרעזענטאַנטען הויז געקומען אַ באַרימטע פּערזענליכקייט. ער האָט געהערט צו דער גרופּע „יונגע פּאַטריאָטען", וואָס האָבען דעמאָלט פאַרטיי־דיגט אַ שטאַרקע נאַציאָנאַלע שטעלונג געגען ענגלאַנד. ער איז גלייך ביי דער דערעפענונג דערוויילט געוואָרען אלס „ספּיקער".

און ער איז עס געווען דער יעניגער, וואָס האָט געפירט דעם קאָנגרעס אין דער ריכטונג פון קריג געגען ענגלאַנד. „מען קען זאָגען אָן אַ גוזמא, — שרייבט קאַרל שורץ — אַז זיין פירער־שאַפט האָט צוגעאיילט דאָס לאַנד צו דער מלחמה פון 1812". ער האָט געגלויבט, אַז די פאַראייניגטע שטאַטען וועט לייכט קענען באַזיגען ענגלאַנד און צונעמען קענעדע ביי איר. די מפּלות אין די ערשטע מאָנאַטען פון דער מלחמה האָבען אים ניט אַנטמוטיגט. זיינע פּאַטריאָטישע רעדעס אין קאָנגרעס האָבען אריינגעגעבען פרישען מוט אין דעם גרויסען עולם פאָרטצוזעצען דעם קאַמף. אין 1814 איז ער געשיקט געוואָרען קיין גענט אלס איינער פון די דעלעגאַטען צו פאַרהאַנדלען מיט ענגלאַנד וועגען פרידען.

נאָכ'ן קריג האָט ער פאָרמולירט די נייע ווענדונג פון דער רעגירונג, דעם נייעם פּראָגראַם פון דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי, אַ פּראָגראַם וואָס איז געווען פונקט דער היפּוך פון דזשעפערסאָנ'ס פּראָגראַם. די צוויי הויפּט פונקטען פון דעם פּראָ־גראַם זיינען געווען: אַ טאַריף און אינערליכע אויסבעסערונגען. ער האָט געהאַלטען אַז דאָס לאַנד מוז זיך אַליין אַנטוויקלען, אויפהערען

צו זיין אפהענגיג פון אייראפא. דער הויכער טאריף וואלט מעגליך געמאכט פאר די הינע פאבריקאנטען צו אנטוויקלען זייערע אינדוסטריען; די אינערליכע אויסבעסערונגען, דאס הייסט, די באשאפונג פון קאנאלען און שליאכען, וואלט פאראייניגט אלע ווינקלען פון לאנד און געגעבען דעם אינערליכען האנדעל די מעגליכקייט צו וואקסען. די אלטע דעמאקראטען, דזשעפערסאנ'ס נאכפאלגער, האבען גע'טענה'ט, אז די נאציאנאלע רעגירונג טאר זיך ניט מישען אין אזוינע אנגעלעגענהייטען. זי טאר ניט ארויפלייגען א טאריף צו העלפען דעם אדער יענעם קלאס אין דער געזעלשאפט. זי טאר זיך ניט אפגעבען מיט אזוינע זאכען ווי בויען וועגען און קאנאלען, ווייל דאס געהערט צו די באזונדערע שטאט־רעגירונגען. קלעי איז אבער געווען א נאציאנאליסט. ער האט געשטרעבט צו מאכען דאס לאנד אלס גאנצעס גרויס און מעכטיג. דאס האט אים באוואויגען פריער צו שטויסען דאס לאנד אין מלחמה; דאס האט אים אויך באוואויגען איצט צו שטויסען דאס לאנד אויפ'ן וועג פון אלגעמיינער אנטוויקלונג.

אין קאנגרעס איז ער געזעסען ביז 1824, און די גאנצע צייט וואס ער איז דארט געווען האט ער פארנומען דעם אמט פון „ספיקער" און האט געשפילט די הויפט ראלע. זיין שטימע איז געווען די וויכטיגסטע אין דער דאזיגער קערפערשאפט. זיין נאמען איז פארבונדען מיט אלע וויכטיגסטע פראגען וואס זיינען פאר דער צייט דורכגעגאנגען אין קאנגרעס.

ביסלעכווייז האט ער זיך אנגעהויבען צו אידענטיפיצירען מיט די רייכע קלאסען, מיט דיזעלבע גרופען מיט וועלכע וועבסטער איז געווען פארבונדען. ער איז געווארען אלץ מער און מער קאנסערוואטיוו. צום ערשטען מאל זיינען די ליבעראלען אנטוישט געווארן אין אים, ווען ער האט דורכגעפירט דעם „מיזורי קאמפראמיס" אין 1820. ער איז שטענדיג פאררעכענט געווען צווישען די פארנעשריטענע אין דער פראגע פון שקלאפעריי. מען האט אים געהאלטען פאר א געגנער פון שקלאפעריי. מען האט נאך גע־דענקט זיין טעטיגקייט אין 1799, אין דער באוועגונג פאר שקלא־פען־באפרייאונג אין קענטאקי. איצט האט ער מיט אלע כחות

געאַרבייט דורכצופירען די פּשרה פון 1820, וועלכע האָט דער־לויבט שקלאַפעריי אין מיזורי, און וועלכע איז באַטראַכט גע־וואָרען אַלס אַ זיג פאַר דער שקלאַפערישער סאַוט.

עס איז גאַנץ מעגליך, אַז די אַמביציע וואָס האָט זיך ביי אים איצט אַנטוויקעלט, איז פאַראַנטוואָרטליך געווען פאַר זיין אַראָפּגליטשען זיך צום קאָנסערוואַטיזם. ער האָט באַקומען אַ חשק צו ווערען פּרעזידענט. ער האָט געוואָלט געפעלען די פאַרשיידענע געגענדען פון לאַנד: די פאַבריקאַנטען פון די ניו־ענגלאַנד שטאַטען, די שקלאַפען־אייגענטימער פון דער סאַוט, און די פאַרמער פון דער וועסט. און מער ווי אַלץ האָט ער געזוכט אויסצונעמען ביי די רייכע לייט, וואָס האָבען געהאַט די דעה אין זיין פּאַרטיי.

די אַמביציע צו ווערען פּרעזידענט האָט קלעי'ען געבראַכט נאָר עגמת נפש. פון 1824 ביז'ן סוף פון זיין לעבען איז דאָס פאַר אים געווען אַ שטענדיגער קוואַל פון אַנטוישונג, פון פאַר־ביטערונג, פון דערנידערונג. אָבער ער האָט זיך פון דער אַמ־ביציע ניט געקענט באַפרייען. אין 1824 איז ער געווען איינער פון די קאַנדידאַטען פאַר פּרעזידענט און האָט באַקומען די קלענסטע צאָל שטימען. דער קאָנגרעס האָט דעמאָלט געדאַרפט באַשטימען ווער פון די אַנדערע דריי קאַנדידאַטען זאָל ווערען פּרעזידענט. און קלעי, אַלס פירער פון קאָנגרעס, האָט געבראַכט דערצו, אַז דזשאָן קווינסי עדעמס זאָל דערוויילט ווערען. דאָס האָט געגעבען אים דערוועקט דעם ביטערען צאָרן פון ענדריו דזשעק־סאָן וועלכער האָט אים פאַרפאָלגט מיט אַלערליי אַטאַקעס און בלבולים אין משך פון די נעקסטע צוועלף יאָר. אין 1832 איז קלעי ווידער געלאָפען פאַר פּרעזידענט. די אויסזיכטען זיינען געווען גאַנץ גוטע פאַר אים. ער האָט אָבער געמאַכט די יונ־נייטעד סטייטס באַנק פאַר זיין הויפּט „אישו". ער האָט פאַר־טיידיגט די באַנק, וועלכע איז פון די גרויסע מאַסען באַקעמפט געוואָרען אַלס אַ געפערליכע געלט־דעספּאָטיע, און ער איז ווידער דורכגעפאַלען מיט אַ קראַך. אין 1840, ווען די אויסזיכטען פאַר זיין פּאַרטיי זיינען געווען גלענצענד, האָט ער ניט נעקראָגען

די נאמינאציע. אזוי איז עס געגאנגען כסדר, איין אנטווישונג נאך דער אנדערער.

די פיר יאר וואס דזשאן קווינסי עדעמס איז געווען פרעזידענט האט קלעי געדינט אין זיין קאבינעט אלס סעקרעטערי אוו סטייט. נאך דעם ווי עדעמס איז אין 1829 ארויס פון אמט, האט זיך קלעי א פאר יאר אפגערוט אויף זיין פארם אין קענטאקי. אין 1831 איז ער ווידער דערוויילט געווארען אין סענאט. פון דעמאלט אן איז ער שוין פארבליבען אלס איינער פון די הויפט־פירער, אלס איינער פון די וויכטיגסטע פערזענליכקייטען, ביז זיין טויט, אין 1852.

וועגען קלעי'ס פייאיגקייט און וועגען זיין פאליטישער פירערשאפט שרייבט קארל שורץ דאס פאלגענדע: „ער איז קיינמאל ניט געווען קיין גרויסער מתמיד. ער האט אבער געהאט אן אויסערגעוויינליך גוטע תפיסה. ער האט שנעל באנומען זאכען, און ער האט פיל געלערענט פון דעם פראקטישען לעבען. ער האט געהאט איניציאטיווע, כאטש ניט שטענדיג האט ער פארשטאנען ווי צו באנוצען זיך מיט איר. ווען ער פלעגט אריינקומען אין א בעראטונגס־צימער פון דער רעגירונג אדער פון דער פארטיי, פלעגט ער גלייך איבערנעמען די פירערשאפט אין זיינע הענט, און ער פלעגט באשטימען דעם גאנג. זיינע פריינט, און אפילו טייל געגנער, האבען געפילט אז עס איז נאטירליך אז ער זאל פירען און זיי זאלען אים פאלגען. זיי האבען געווארט ער זאל ארויסזאגען דאס באשטימטענדע ווארט. ער האט זיך אזוי צוגעוואוינט צו דיקטירען אנדערע, אז ער האט ניט געקענט פארליידען קיין אפאזיציע... בארימט איז ער פון אנפאנג געווארען דורך זיין רעדנער־קראפט. זיינע רעדעס זיינען ניט געווען קיין מייסטערווערק פון ליטערארישען שטאנדפונקט, זיי האבען זיך אויך ניט אויסגעצייכענט מיט גרינדליכקייט, מען געפינט אין זיי ניט קיין טיפע טעאריעס וועגען רעגירונגס־פראגען, אויך ניט קיין טיפע אפהאנדלונגען וועגען עקאנאמישע וויסענשאפט, זיי זיינען אויך ניט שארפזיניג, קלוג, אדער וויציג. אבער זיי האבען אויסגענומען הויפט זעכליך דער־

מיט, וואָס זיי האָבען געמאַכט דעם איינדרוק פון טיפען ערנסט, פון ריינער אויפריכטיגקייט. קלעי פלעגט ריידען מיט אַזאַ ליידענשאַפט, אַז דער צוהערער האָט געפילט אַז יעדעס וואָרט האָט זיך אויסגעלייטערט ניט בלויז אין קאָפּ ביי קלעי׳ען, נאָר אויך אין האַרצען. ווען מען לעזט די רעדעס אויף פּאַפּיר, מאַכען זיי ניט דעם דאָזיגען איינדרוק. ווען קלעי האָט זיי אָבער אַרויסגעזאָגט מיט זיין מויל, מיט זיין שטימע, און צוגעגעבען צו זיי די באַוועגונגען, דעם אויסדרוק פון זיין פּנים, האָבען זיי באַצויבערט די צוהערער. עס ווערט דערציילט אַז זיינע געגנער האָבען אים אָפט ניט געקענט ענטפערען, ווייל זיינע ווערטער פלעגען זיי פּשוט פאַרגליווערען. זיי פלעגען בלייבען זיצען ווי פאַר־כשופ׳טע״.

## קאפיטעל 6.

# די פּאָליטישע פּאַרטייען אין די דרייסיגער יאָרען.

אין די דרייסיגער יאָרען פון 19טען יאָרהונדערט איז די פּאָליטישע לאַגע אין לאַנד געווען אַ צורודערטע. עס זיינען נאָך ניט געווען קיין פעסטע פּאַרטייען, מיט פעסטע פּראָגראַמען. אין די וואַל־קאַמפּען האָבען די הויפּט־ראָלע געשפּילט די אַמביציעס פון פּערזאָנען.

דזשעקסאָן איז דערהויבען געוואָרען צום פּרעזידענטען־שטול ניט פאַר זיינע פּרינציפּען, ניט פאַר זיין פּאָליטישען אָדער עקאָנאָמישען פּראָגראַם, נאָר פאַר זיין פּערזענליכקייט: די גרויסע מאַסע פּראָסטע פאַרמער אין די נייע שטאַטען פון דער וועסט האָבען אין אים געזען אַן אייגענעם מענשען. אַ היסטאָריקער באַמערקט זייער ריכטיג, אַז יעדער אָרימער פאַרמער אָדער אַרבייטער אין לאַנד האָט געפילט שטאָלץ מיט דזשעקסאָנ׳ס דערוויילונג. באַוואוסט אָדער אומבאַוואוסט האָט ער געפילט, אַז אויב דזשעקסאָן האָט געקענט ווערען פּרעזידענט, קען ער אַמאָל אויך ווערען פּרעזידענט. די סאַוט האָט פאַר דזשעקסאָנ׳ען געשטימט צוליב אַן אַנדער אורזאַך: די רייכע פּלאַנטאַטאָרס און שקלאַפען־אייגענטימער האָבען געוואָלט פּטור ווערען פון דער הערשאַפט פון דער נאָרט; זיי האָבען געוואָלט האָבען זייערען אַ מענשען בראש פון דער הויפּט רעגירונג, און דזשעקסאָן איז דאָך געקומען פון טענעסי, אַ שטאַט וואָס איז געווען פונקט אַזוי אַ טייל פון דער סאַוט ווי פון דער וועסט. דערצו איז דזשעקסאָן, נאָך אַלעמען, געווען זייער גלייכען. אמת, ער האָט ניט געשטאַמט פון קיין אַריסטאָקראַטישער פאַמיליע, אָבער ער איז אַליין געווען אַ פּלאַנטאַטאָר און האָט אַליין גע־

האָט שקלאַפען. אויב ער איז ניט געווען זייער גלייכען אין יחוס, איז ער אָבער געווען זייער גלייכען עקאָנאָמיש. זיי האָ־בען צו אים געהאַט אַ סך מער צוטרוי ווי צו דזשאָן קווינסי עדעמס.

דער הויפּט געגנער פון דזשעקסאָנ׳ען און פון זיין גאַנצער אַדמיניסטראַציע איז געווען הענרי קלעי, און דאָ האָט אויך די הויפּט ראָלע געשפּילט פּערזענליכקייט. אמת, קלעי האָט געהאַט אַ פּאָליטישען פּראָגראַם: דאָס „אַמעריקאַנער סיסטעם". ער האָט אַגיטירט פאַר אַ הויכען טאַריף און פאַר אינערליכע אויס־בעסערונגען. אָבער זיין אָפּאָזיציע צו דזשעקסאָנ׳ען איז ניט געווען אויפ׳ן גרונד וואָס דזשעקסאָן האָט באַקעמפט דאָס פּראָ־גראַם. קיינער האָט גאָר ניט געוואוסט דזשעקסאָנ׳ס שטעלונג צו די פראַגען. קלעי האָט באַקעמפט דזשעקסאָנ׳ען אויס ריין פּערזענליכע מאָטיווען, צוליב די פּערזענליכע פּאַרלוימדונ־גען וואָס דזשעקסאָן האָט אויף אים געמאַכט נאָך אין די פריער־דיגע יאָרען. דזשעקסאָן און קלעי האָבען איינער דעם אַנדערען געהאַסט מיט אַ בלינדער, משוגענער שנאה.

ביידע, אי דזשעקסאָן, אי קלעי, האָבען זיך באַטראַכט אַלס די יורשים פון דזשעפערסאָנ׳ס פּאַרטיי, די רעפּובליקאַנישע פּאַרטיי. ביידע האָבען זיי גע׳טענה׳ט, אַז זיי זיינען די אמת׳ע אָרטאָדאָקסישע רעפּובליקאַנער, די אמת׳ע „דזשעפערסאָניסטען". אָבער כדי מען זאָל דערקענען דעם אונטערשייד צווישען זיי, האָבען די דזשעקסאָן לייט זייער פּאַרטיי גערופען „דעמאָקראַ־טישע רעפּובליקאַנער", אָדער בלויז „דעמאָקראַטישע", און די קלעי לייט האָבען זייער פּאַרטיי גערופען „נאַציאָנאַלע רעפּוב־ליקאַנער" (נעשאָנאַל רעפּאָבליקענס).

ווען דזשעקסאָן איז געוואָרען פּרעזידענט, איז די סאַוט געשטאַנען מיט אים. דזשאָן קאַלהון, דער וויכטיגסטער פאָר־שטייער פון דער סאַוט, איז מיט דזשעקסאָנ׳ען געלאָפען אויף איין צעטעל און איז מיט אים דערוויילט געוואָרען אַלס וויס־פּרעזידענט. אין דעם קאַבינעט וואָס דזשעקסאָן האָט צונויפגע־שטעלט זיינען פיר מיניסטאָרען געווען קאַלהונ׳ס מענשען.

קאלהון'ס אן אדיוטאנט, דאוו גרין, איז געווען דער רעדאקטאר פון דער אדמיניסטראציע צייטונג אין וואשינגטאן. עס האט געהערשט דער אלגעמיינער איינדרוק, אז דזשעקסאן און קאל־הון, די וועסט און די סאוט, וועלען פירען די רעגירונג.

עס האט אבער ניט געדויערט לאנג, און קאלהון איז געווא־רען פונקט אזא פארביטערטער שונא פון דזשעקסאנ'ען ווי קלעי. די אורזאכע פון דעם קריג צווישען זיי איז געווען א פלאנ־טער פון פערזענליכע אמביציעס, פון פאליטישע אינטריגעס און פאליטישע פרינציפען. וועגען דעם דאזיגען עפיזאד איז אזוי פיל אנגעשריבען געווארען, אז עס איז שווער זיך פאנאנדערצוקלייבען און ארויסטראגען אן אומפארטייאישען אורטייל ווער עס איז גערעכט געווען; אדער בעסער געזאגט, ווער עס איז געווען ווייניגער אומגערעכט.

נאר אויף איינינע פאקטען איינינען זיך כמעט אלע פון ביידע צדדים.

קאלהון איז קיינמאל ניט געווען באגייסטערט פאר דזשעק־סאנ'ען. ער האט שטענדיג געהאט שטארקע אמביציעס אליין צו ווערען פרעזידענט און האט ניט פארגונען דזשעקסאנ'ען זיין פלוצלונגען ערפאלג. ער האט אים אבער געשטיצט און זיך פארגעשטעלט אלס זיין פריינד, ווייל ער האט געמיינט אז דורך דעם וועט אים סוף כל סוף געלינגען צו פארווירקליכען זיין איי־גענע אמביציע. דזשעקסאן האט אין זיינע קאמפיין רעדעס ער־קלערט, אז מער ווי איין טערמין טאר א פרעזידענט ניט זיין (דאס איז געווען א טייל פון זיין דעמאקראטיזם). אויסער דעם, איז דזשעקסאן שוין געווען ניט קיין יונגער מאן, — 62 יאר — און זיין געזונט איז געווען ניט אמבעסטען. קאלהון איז זיכער געווען, אז דזשעקסאן וועט א צווייטען מאל ניט לויפען און אז אין 1832 וועט ער, אלס וויים־פרעזידענט, קריגען די נאמינאציע פאר פרעזידענט.

ווי עס ווייזט אויס, האט דזשעקסאן געפילט אז קאלהון איז אים ניט קיין אמת'ער פריינד, און ער האט גלייך גענומען ארויסווייזען ווייניג צוטרויען צו אים. אמת, ער האט אין קא־

בינעט אריינגעזעצט פיר פון קאַלהונ׳ס מענשען אַלס מיניסטאָרען, אָבער דער גאַנצער קאַבינעט האָט ביי דזשעקסאָנ׳ען א קנאַפּע ראָלע געשפּילט. די קאַבינעט מיניסטאָרען האָבען בלויז געטראָגען דעם טיטעל. זיין אמת׳ער קאַבינעט, זיינע אמת׳ע עצה־געבער, איז געווען דער „קיטשען קאַבינעט” (דער קיך־קאַבינעט). די הויפּט ראָלע אין דער גרופּע האָט געשפּילט וואַן־ביורען, וועלכער איז אויך געווען דער „סעקרעטערי אָוו סטייט” אָדער אויסלאַנדס מיניסטער. קאַלהון האָט וואַן ביורענ׳ען באַטראַכט אַלס זיין גרעסטען קאָנקורענט, ווייל וואַן ביורען איז געווען א פּייאָנער פּאָליטישען און איז געקומען פון דעם גרויסען מעכטיגען שטאַט ניו יאָרק. ער, קאַלהון, האָט זיך געסטאַרעט צו ווירקען אויף דזשעקסאָנ׳ען, אַז ער זאָל וואַן ביורענ׳ען ניט באַשטימען פאַר סעקרעטערי אָוו סטייט, אָבער ער האָט דאָס ניט אויסגעפירט. דזשעקסאָן האָט פון וואַן ביורענ׳ען גערעט מיט דער וואַרימסטער באַגייסטערונג. ער האָט אים באַטראַכט אַלס זיין איבערגעבענסטען פריינד, אַלס זיין געטרייסטען מענשען, און אויך אַלס א גרויסען שטאַטסמאַן און א טיפען קאָפּ. עס איז קלאָר געווען פאַר יעדען, אַז אויב דזשעקסאָן וועט אויסקלייבען א נאָכפאָלגער נאָך זיך, וועט ער זיין ניט קאַלהון נאָר וואַן ביורען.

עס האָבען זיך פאָרמירט צוויי גרופּען אין „דזשעקסאָנ׳ס הויף”: א וואַן־ביורען גרופּע און א קאַלהון גרופּע. עס האָט זיך אָנגעהויבען א סדרה פון אינטריגעס, רכילות און פּליאָטקעס. די וואַן ביורען מענשען האָבען אויפגעגראָבען א לאַנג־פאַרגעסענע מעשה געגען קאַלהונ׳ען. דזשעקסאָן איז שטענדיג געווען מיט׳ן איינדרוק אַז בשעת ער איז אַטאַקירט געוואָרען פאַר זיין דעספּאָטישער האַנדלונג אין פלאָרידא אין 1818, איז קאַלהון געשטאַנען אויף זיין זייט. קאַלהון איז דאַן געווען א מיטגליד פון פּרעזידענט מאָנראָ׳ס קאַבינעט. איצטער האָבען קאַלהונ׳ס געגנער אויפגעדעקט דעם אמת, אַז ביי דעם קאַבינעט וואָס האָט דיסקוטירט דזשעקסאָנ׳ס האַנדלונג איז קאַלהון געווען דערפאַר, אַז דזשעקסאָן זאָל געשטעלט ווערען צו א קריגס־געריכט. זיי

האבען די באוויייזען פארגעלייגט פאר דזשעקסאנ׳ען. דזשעקסאן איז געווארען אן אנגעצונדענער און האט געפאדערט פון קאל־הונ׳ען א דערקלערונג. קאלהונ׳ס ענטפער איז געווען א דיפ־לאמאטישער. ער האט ניט געלייקענט און ניט צוגעגעבען. דזשעקסאן האט דאן עפענטליך פארדאמט קאלהונ׳ען אלס א היפא־קריט, און זיי זיינען געווארען אפענע שונאים.

צו דער ריין־פערזענליכער שנאה איז באלד צוגעקומען דער פאליטישער קאמף איבער דער טאריף פראגע, וועלכע האט געפירט צו דעם „נאליפיקעישאן" עפיזאד. א גרויסער טייל פון די פלאנטאטארס אין דער סאוט זיינען איצט ענטוישט געווא־רען אין דזשעקסאנ׳ען. זיי האבען אים שטענדיג געהאלטען פאר אן אייגענעם, ווייל ער איז אליין געווען א רייכער פלאנטאטאר און א שקלאפען־אייגענטימער. זיי האבען פון אים דערווארט, אז ער וועט זיין געגען דעם טאריף, און אז ער וועט אנערקענען דאס רעכט פון א סטייט מבטל צו מאכען א געזעץ פון דער נאציאנאלער רעגירונג. די רייכע פלאנטאטארס פון דער סאוט, אדער יענע צווישען זיי, וואס האבען געהאט א ווייטערען בליק, האבען דאס באטראכט פון גרעסטער וויכטיגקייט. זיי האבען פארשטאנען, אז עס וועט קומען א צייט ווען די נארט וועט בא־קעמפען דאס שקלאפען־סיסטעם, און זיי האבען עס געהאלטען פאר העכסט וויכטיג ארומצוצאמען באצייטענס די סאוט מיט א וואנט, וואס די נארט זאל ניט קענען דורכברעכען. די וואנט האט געזאלט זיין „סטייט ראיטס", דאס הייסט, דער פרינציפ אז די רעכט פון די איינצעלנע שטאטען שטייען העכער ווי די רעכט פון דער נאציאנאלער רעגירונג. זיי האבען דערפאר גענומען מיט אלע כחות באקעמפען יעדען פארזוך פון דער נאציאנאלער רעגירונג ארויפצוצווינגען איר מאכט אויף די שטאטען. די געגנערשאפט פון דער סאוט צום „אמעריקען סיסטעם", צום טאריף און צו אינערליכע אויסבעסערונגען איז געווען דער עיקר דערפאר, וואס זי האט ניט געוואלט געבען דער נאציאנאלער רע־גירונג דאס רעכט און די מאכט ארויפצולייגען שטייערען, צו רעגולירען האנדעל, צו העלפען אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען,

צו טאָן אפילו אזוינע זאכען פאַר די שטאַטען, וואָס וואָלטען פאַר זיי געווען א טובה. נאָך אין 1818 האָט א פאָרשטייער פון דער סאַוט אויסגעדריקט דעם דאָזיגען שטאַנדפּונקט אין די פאָל־גענדע ווערטער: „אויב דער קאָנגרעס קען גרינדען א באַנק און בויען שאָסייען, אויב די קאָנסטיטוציע ערלויבט אים דאָס צו טאָן, דאַן האָט ער די מאַכט צו באַפרייען יעדען שקלאַף אין אַמעריקע".

דזשעקסאָנ'ס האַנדלונג אין דער „נאָליפיקעישאָן" פּאַסירונג האָט אים געשאַפען א סך שונאים צווישען די פּאָליטישע פירער פון דער סאַוט. אין טייל צייטונגען פון דאָרט איז ער קריטיקירט געוואָרען מיט די שטאַרקסטע ווערטער. א צייטונג אין אָגאַסטאַ, דזשאָרדזשיא, האָט אים אָנגערופען „דער עקעלהאַפטסטער היפּאָ־קריט, דער בלוטיגסטער טיראַן".

און איצט האָט זיך געשאַפען א מאָדנע לאַגע אין דער פּאָ־ליטיק פון לאַנד. דזשעקסאָנ'ס צוויי הויפּט שונאים, קלעי און קאַלהון האָבען זיך פאַראייניגט געגען אים. דער בונד איז ניט געמאַכט געוואָרען אָפען. זיי האָבען אָבער ביידע געפילט א נאָענטקייט און געוואָלט איינער דעם אַנדערען העלפען צו פאַר־ניכטען דזשעקסאָנ'ען און זיין מאַכט.

די צוויי גרופּען — די קלעי גרופּע און די קאַלהון גרופּע — זיינען געווען ווייט איינע פון דער צווייטער ווי מזרח פון מערב. קלעי איז געשטאַנען פאַר א הויכען טאַריף, פאַר אינערליכע אויסבעסערונגען, פאַר דער נאַציאָנאַלער באַנק, פאַר פאַרגרעסערען די מאַכט פון דער נאַציאָנאַלער רעגירונג; קאַלהון איז געווען געגען א טאַריף, געגען אויסבעסערונגען, געגען דער באַנק, געגען פאַרשטאַרקען די נאַציאָנאַלע מאַכט. דאָך זיינען זיי געגאַנגען האַנט אין האַנט. ביידע האָבען געוואָלט פאַרקוקען זייערע פּרינ־ציפּען, אבי עס זאָל מעגליך זיין צו פאַראייניגען די כחות געגען דזשעקסאָנ'ען.

אין דעם וואַל־קאַמף פון 1832 איז נאָך די אָפּאָזיציע אין דער סאַוט געגען דזשעקסאָנ'ען ניט געווען גענוג גרויס און שטאַרק. די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט נאָמינירט דזשעק־

סאָנ׳ען פאר פרעזידענט און וואן ביורענ׳ען פאר וייס־פרעזידענט (דזשעקסאָן האָט ערקלערט אז ער מוז לויפען א צווייטען מאָל, ווייל ער מוז ענדיגען זיין קאמף געגען דער באנק). די נאציאָנאל־רעפּובליקאנישע פּארטיי האָט נאָמינירט הענרי קלעי׳ען פאר פּרעזידענט. אויסער די צוויי קאנדידאטען איז געלאָפען וויליאם וואוירטה אויף א דריטען צעטעל, „אנטי־פריימוירער". דער צעטעל איז געוועזן א צוטשעפעניש, וועלכער האָט פיל געשטערט קלעי׳ס שאנסען. די אנטי־פריימוירער פּארטיי האָט זיך אָרגאניזירט צוליב פאָלגענדער געשיכטע: א געוויסער וויליאם מאָרגאן אין באטייוויא, ניו יאָרק, האָט אין 1826 אָפּגעדרוקט א ביכעל, אין וועלכען ער האָט פארעפענטליכט די סודות פון די פריימוירער. קורץ נאָכדעם איז ער פארשוואונדען. עס האָבען זיך פארשפּרייט קלאנגען, אז די פריימוירער האָבען אים ערגעץ פארנארט און ערמאָרדעט. דאָס האָט דערוועקט איבער׳ן לאנד צאָרן געגען אלע געהיימע אָרגאניזאציעס, און עס האָט זיך אָנגעפאנגען א באוועגונג צו פארבאָטען אזוינע אָרגאניזאציעס. די באוועגונג האָט אין 1828 געהאט נצחונות אין אייניגע לאָקאלע וואלען. אין 1831 האָט זי פאררופען א קאָנוועגשאָן אין באלטימאָר און נאָמינירט א פּרעזידענט־קאנדידאט.

די הויפּט קאמף־פראגע פון דעם קאמפּיין איז געוועזן די באנק. די גאנצע סאוט האָט געשטימט פאר דזשעקסאָנ׳ען, מיט דער אויסנאָם פון סאוט קאראָלאינא, קאלהונ׳ס שטאַט. זי האָט אירע עלף עלעקטאָרישע שטימען געוואָרפען פאר א געוויסען פלאָיד פון ווירדזשיניא. דזשעקסאָן און וואן־ביורען זיינען דערוויילט געוואָרען דורך א ריזיגער מאַיאָריטעט. זיי האָבען באקומען 290 שטימען, און קלעי ניט מער ווי 49.

אין זיין צווייטען טערמין איז דזשעקסאָן געוועזן מער אגרעסיוו און מער אויטאָקראטיש ווי אין ערשטען. ער האָט איצט געפילט, אז דאָס פאָלק האָט גוטגעהייסען אלץ וואָס ער האָט געטאָן; אז דאָס פאָלק האָט צו אים דעם פולסטען צוטרויען. ער האָט זיין ווילען ארויפגעצוואונגען אויף דעם קאבינעט, און ער האָט איגנאָרירט דעם קאָנגרעס. דאָס איז געווען

אַ נייע ערשיינונג, וועלכע האָט ביי אַ סך בירגער אַרויסגערופען שרעק. ביז דאָן האָט דער קאָנגרעס שטענדיג געהאַט די איבער־מאַכט איבער'ן פּרעזידענט. דער גרויסער עולם האָט באַטראַכט דעם קאָנגרעס אַלס דעם וויכטיגערען צווייג אין דער רעגירונג. דזשעקסאָן איז געווען דער ערשטער פּרעזידענט, וואָס האָט זיין מאַכט געשטעלט העכער איבער דעם קאָנגרעס. ער האָט גע־פירט ווי ער האָט געוואָלט, צי דעם קאָנגרעס איז זיין פירונג גע־פעלען געווען צי ניט. אַן ענליכע שטעלונג האָט ער גענומען צום סופרים קאָורט. ער האָט ערקלערט, אַז דער סופרים קאָורט איז ניט קיין גרעסערער יחסן ווי דער פּרעזידענט, און אַז אויב דער פּרעזידענט גלויבט, אַז אַ געוויסע אַנטשיידונג פון סופרים קאָורט איז ניט ריכטיג, איז עס זיין פליכט ניט צו פאָלגען דעם סופרים קאָורט.

די אָפּאָזיציע צו דזשעקסאָנ'ען האָט איצט אָנגענומען אַ שאַרפערען כאַראַקטער אין אַלע טיילען פון לאַנד. אין 1834 איז אין דער סאוט געלייגט געוואָרען דער פונדאַמענט פון אַ נייער פּאַרטיי — די „וויג פּאַרטיי". (די „וויגס" זיינען געווען אַ פּאָליטישע פּאַרטיי אין ענגלאַנד, וועלכע האָט געקעמפּט געגען דער מאַכט פון די קעניגע, די פּאַרטיי וואָס איז געשטאַנען פאַר'ן פּאַרלאַמענט. די נייע פּאַרטיי אין אַמעריקא האָט אָנ־גענומען דעם זעלבען נאָמען, ווייל זי האָט זיך אויך געשטעלט די אויפגאַבע צו קעמפען, ווי זי האָט ערקלערט, געגען דעם „קעניג דזשעקסאָן" און פאַר'ן קאָנגרעס. די באַוועגונג פון דער „וויג" פּאַרטיי האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט איבער'ן לאַנד.)

די „וויג פּאַרטיי" איז געווען אַ פּאַרטיי פון אָפּאָזיציע. דערין איז באַשטאַנען איר שטאַרקייט און איר שוואַכקייט. עס זיינען אין איר אַריין קלעי'ס נאַציאָנאַלע רעפּובליקאַנער, די אַנטי־פריימוירער, די „שטאַט־רעכטלינגע" פון דער סאוט, און די בירגער וועלכע האָבען פריער געגלויבט אין דזשעקסאָנ'ען און איצטער זיך דערשראָקען פאַר זיין אויטאָקראַטישער מאַכט.

די רייכע, די האַנדעלס־קלאַסען, די געלט־מענשען פון לאַנד האָבען אויך געשטיצט די „וויג פּאַרטיי", ווייל זיי האָבען פיינט

נעהאט דזשעקסאָנ'ס דעמאָקראַטיע, די אַלגעמיינע שטרעמונג וואָס דזשעקסאָנ'ס נצחון האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט, דעם טריאומף פון דעם פּראָסטען המון איבער דער אַריסטאָקראַטיע. דזשעקסאָן האָט די גאַנצע צייט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער איז דער פאָלקס-פאַרטרעטער; אַז ער קעמפּט פאַר'ן פאָלק נעגען דעם געלט-טייפעל. צי ער האָט עס געמיינט אויפריכ־טיג, צי דאָס איז געווען ניט מער ווי דעמאַגאָגיע, איז שווער צו זאָגען. יעדען מאָל ווען ער איז געקומען אין צוזאַמענ־שטויס מיט'ן קאָנגרעס, האָט ער דעם קאָנגרעס אַטאַקירט אין נאָמען פון פאָלק, אַלס דער רעטער פון די גרויסע מאַסען. דאָס האָט פון אים אָפּגעשטויסען אי די רייכע, וואָס האָבען זיך גע־שראָקען פאַר זיינע ראַדיקאַלע פּראַזען, אי די אינטעליגענץ. וואָס האָט ניט געקענט פאַרטראָגען זיין דעמאַגאָגישען טאָן און זיין דעמאַגאָגישע פּאָזע.

די „וויג פאַרטיי" האָט אָבער ניט געהאַט קיין פעסטע אָרגאַניזאַציע, און קיין באַשטימטע פּלאַטפאָרמע. אַלע עלעמענ־טען אין איר האָבען פיינט געהאַט דזשעקסאָנ'ען, אָבער וואָס אַנבאַלאַנגט פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פראַגען פון טאָג — דערין זיינען זיי געווען ווייט צוטיילט. מאַנכע פון זיי זיינען געווען פאַר אַ טאַריף, מאַנכע נעגען; טייל האָבען געהאַלטען פון „שטאַט-רעכט" און טייל זיינען געווען פאַר אַ פעסטער נאַציאָנאַלער רעגירונג; מאַנכע זיינען געווען פאַר אַ באַנק און מאַנכע נעגען. פאַררופען אַ קאָנווענשאָן און אויסגלייכען זיך אויף אַ פּלאַטפאָרמע האָבען די פירער מורא געהאַט. זיי האָבען געוואוסט, אַז דאָס וועט אונמעגליך זיין, אז אזא קאָנ־ווענשאָן וועט אַרויסשטעלען בולט די מיינונגס-פאַרשידענהייט און וועט פירען דערצו, אַז די גאַנצע פאַרטיי זאָל צופאַלען אויף שטיקלאַך.

פאַר די וואַלען פון 1836 האָט די דעמאָקראַטישע פאַרטיי פאַררופען אַ קאָנווענשאָן. דזשעקסאָן האָט געהאַט די פולע קאָנ־טראָל איבער איר, ווייל מער ווי אַ העלפט פון די דעלעגאַטען זיינען געווען רעגירונגס-אָנגעשטעלטע. אויף דזשעקסאָנ'ס באַ־

פּעל איז וואַן־ביורען נאָמינירט געוואָרען פאַר פּרעזידענט. אין דער פּלאַטפאָרמע וואָס די פּאַרטיי האָט אָנגענומען זיינען געווען אַ פּאָר פּונקטען, וואָס האָבען אַפּעלירט צו די מאַסען. איין פּונקט האָט געפאָדערט אַלגעמיינע שטימרעכט אין אַלע שטאַטען. אַ צווייטער פּונקט האָט פאַרפליכטעט די קאַנדידאַטען פון דער פּאַרטיי צו באַקעמפען באַנקען, מאָנאָפּאָלען, ספּעציעלע פּריווילעגיעס פאַר רייכע — און אַרויסטריט, הייסט עס, געגען דער וואַקסענדער געלט־מאַכט.

די „וויג פּאַרטיי" האָט קיין קאָנוועגשאָן ניט פאַררופען. דער פּלאַן פון אירע פירער איז געווען, אַז אין די פאַרשיידענע טיילען פון לאַנד זאָלען נאָמינירט ווערען לאָקאַלע קאַנדידאַטען געגען וואַן־ביורענ'ען. זיי האָבען געהאָפט, אַז די קאַנדידאַטען וועלען געווינען אַ געוויסע צאָל עלעקטאָרישע שטימען און וואַן־ביורען וועט ניט קריגען די נויטיגע מאַיאָריטעט. דאַן וואָלט, לויט דער קאָנסטיטוציע, די „האוז אָוו רעפּרעזענטאַטיווס" געדאַרפט אויסקלייבען דעם פּרעזידענט. אין דער „האוז אָוו רעפּרעזענטאַטיווס" וואָלט וואַן־ביורען דורכגעפאַלען. לויט דעם פּלאַן האָבען די „וויגס" אַרויסגעשטעלט דריי קאַנדידאַטין. וועבסטער איז נאָמינירט געוואָרען אין מאַסאַטשוזעטס, ווהאיט אין טענעסי און אַלאַבאַמאַ, און וויליאַם הענרי העררישאָן אין פּענסילווייניא. דער חשבון איז געווען אַז וועבסטער וועט קריגען די שטימען פון ניו־ענגלאַנד, העררישאָן פון דער נאָרט־וועסט, און ווהאיט פון דער סאוט.

פון דעם חשבון האָט זיך גאָרניט אויסגעלאָזען. וואַן־ביורען האָט געקראָגען די נויטיגע מאַיאָריטעט — מיט 46 שטימען מער ווי אַלע זיינע געגנער צוזאַמענגענומען.

קאַפּיטעל 7.

# דער עקאָנאָמישער קריזיס פון 1837.

די גאַנצע צייט וואָס דזשעקסאָן איז געזעסען אויפ'ן פּרע־זידענטען־שטול האָט דאָס לאַנד זיך געבאָדען אין שפע („פּראָס־פּעריטי"). פון 1830 ביז 1837 זיינען געווען די זיבען פעטע יאָרען. די אינדוסטריען האָבען געבליט, אַלע נייע אונטערנעמונ־גען זיינען געווען אַן ערפאָלג. אַ גרויסע צאָל מענשען זיינען רייך געוואָרען.

אָבער אַזוי שנעל ווי דזשעקסאָן איז אַראָפּ און וואַן־ביורען איז אַריין אין אַמט, האָט זיך אַ געדיכטער וואָלקען גענומען פאַר־ציען איבער'ן לאַנד. עס איז אָנגעקומען אַ קריזיס, וואָס האָט געבראַכט אָרימקייט און ליידען, הונגער און נויט אין אַלע ווינק־לען פון לאַנד. די מאָגערע יאָרען האָבען פאַרשלונגען די פעטע. די שלעכטע צייט האָט זיך געצויגען ביז אַרום 1843.

דאָס מיינט ניט, אַז שולדיג אין דער פּאַניק איז געווען דער נייער פּרעזידענט. וואַן־ביורען איז גראָד געגאַנגען אין דזשעק־סאָנ'ס טריט. דער קריזיס וואָלט אָנגעקומען סיי־ווי־סיי, ווער עס וואָלט ניט געווען פּרעזידענט. ער האָט געמוזט קומען, הויפּט־זעכליך אַלס רעזולטאַט פון דער אומנאַטירליכער „פּראָספּעריטי" פון די פריערדיגע יאָרען.

די שפע איז ניט געווען קיין נאַטירליכע, ניט קיין נאָר־מאַלע. זי איז ביז אַ גאָר גרויסען גראַד געווען אויפגעבלאָזען, געקינצעלט. איר פונדאַמענט איז געווען ספּעקולאַציע. עס איז געווען אַ זייפען־בלאָז, וואָס האָט פריער אָדער שפּעטער געמוזט פּלאַצען.

דאָס לאַנד איז געווען פאַרפלייצט מיט ווערטלאָזען געלט,

אסיגנאציעס וועלכע האבען מיט זיך ניט פארגעשטעלט קיין פעסטען אייגענטום — ניט קיין גאלד, ניט קיין זילבער, און ניט קיין אנדער ווערטפולע זאך. דאס געלט איז ארויסגעגעבען געווארען פון באנקען. די באנקען האבען זייערע טשארטערס באקומען פון די שטאט רעגירונגען דורך כאבאר און פאליטישען איינפלוס. די געזעצען אין די פארשידענע שטאטען האבען געפאדערט, אז א באנק מוז האבען וויינינגסטענס א געוויסען פראצענט מעטאל געגען דעם פאפיר געלט וואס זי דרוקט, אבער די דאזיגע געזעצען זיינען איגנארירט געווארען און די רעגירונגס־בעאמטע האבען זיך געמאכט ניט־וויסענדיג. אין 1829 זיינען אין לאנד געווען 329 באנקען; אין 1837 האט די צאל זיך פארמערט ביז 788. א סך פון די באנקען האבען געהאט זייערע קאנטארען אין די וועלדער אין וויטען וועסט, און דערפאר האט מען זיי געגעבען דאס צונעמעניש „וואילד קעט בענקס" („ווילדע קעץ"). אט די באנקען זיינען געווען די ערגסטע: מעהר ווי געדרוקטע פאפיר האבען זיי ניט פארמאגט. מען האט זיי א צונעמעניש געגעבען „ווילדע קעץ", ווייל אין די געגענדען וואו זיי האבען זיך געפונען זיינען ווילדע קעץ ארומגעלאפען אין די גאסען (ביז היינטיגען טאג רופט מען אזא סארט שווינדלערישע באנק „וואילד קעט בענק"). די באנקען פלעגען זיך באנוצען מיט פארשיידענע מיטלען אפצונארען די רעגירונגס־אינספעקטארען. איינס פון די מיטלען איז געוועזען אזא: עטליכע באנקען פלעגען זיך צוזאמענלייגען דאס ביסעל גאלד און זילבער וואס זיי האבען אלע פארמאגט, און פלעגען דאס ארומפירען פון איין באנק אין דער אנדערער. וואו דער רעגירונגס־אינספעקטאר פלעגט קומען, פלעגט מען אים ווייזען דיזעלבע קעסטעלע מיט דיזעלבע ביסעל גאלד און זילבער. א צווייטער מיטעל איז געווען פאלגענדער: די באנק פלעגט אנפאקען א קעסטעל מיט אייזען, און אויבען עס פארדעקען מיט שטיקלאך גאלד און זילבער. דער אינספעקטאר האט געמיינט, אז דאס גאנצע קעסטעל איז פול מיט'ן זעלבען טייערען מעטאל ווי די אויבערשטע שטיקלאך.

אט אין די באנקען האט יעדערער געקענט קריגען געבארגט

אזויפיל געלט וויפיל ער האט נאר געוואלט, און מיט די גע־בארגטע ווערטלאזע אסיגנאציעס האבען זיך באנוצט הויפטזעכליך ספעקולאנטען. די באנקען האבען געגעבען די פאפירלאך און גע־נומען פאר זיך הויכע פראצענטען פון די ספעקולאציעס וואס זיי־נען מיט די פאפירלאך געמאכט געווארען. אזוי ווי יעדערער האט געהאט געלט, און יעדערער האט געקויפט און „אינוועסטעט״, האבען זיך די פרייזען געהויבען. דאס שטייגען פון די פרייזען האט צוגעגעבען אפעטיט נאך צו קויפען, ווייטער צו ספעקולירען. יעדערער האט געקויפט מיט דער האפנונג צו פארקויפען פאר העכערע פרייזען. יעדערער האט געבארגט, זיך פאר׳משכנ׳ט, זייענדיג זיכער, אז שפעטער וועט ער מאכען גענוג אויסצוצאלען די חובות. קיין עקאנאמישער פונדאמענט איז ניט געווען.

די גרעסטע ספעקולאציע איז אנגעפירט געווארען מיט לאנד אין דער וועסט. די רעגירונג האט פארקויפט לאנד פאר א דא־לאר מיט א פערטעל אן אקער. האבען די ספעקולאנטען געבארגט געלט אין די באנקען און אפגעקויפט דאס לאנד פון דער רע־גירונג אין ריזיגע שטרעקעס, און גלייך נאכדעם געהעכערט דעם פרייז און פארקויפט צו אנדערע ספעקולאנטען. יענע האבען ווי־דער געהעכערט דעם פרייז און פארקויפט צו אנדערע. און אזוי כסדר. אט וואס א היסטאריקער שרייבט וועגען יענער געשיכ־טע: „א מאן פלעגט בארגען הונדערט דאלער אין א באנק און פלעגט געבען דער באנק א פערזענליכען וועקסעל, אן שום גא־ראנטיע. מיט די הונדערט דאלער פלעגט ער קויפען ביי דער רע־גירונג אכציג אקער לאנד. די אכציג אקער פלעגט ער צושניידען אין לאטס (חלקים) און פלעגט באשטימען אז דער פרייז פאר די לאטס זאל זיין טויזענד דאלער. ער פלעגט דאן אוועקגיין אין באנק און איינלייגען די לאטס אלס א משכון און אויף זיי בארגען נאך טויזענד דאלער. מיט די טויזענט דאלער האט ער געקויפט ביי דער רעגירונג נאך אכט הונדערט לאטס. אויף אזא אופן האט א מענש מיט א ביסעל פאנטאזיע און א סך חוצפה געקענט אריינקריגען אין זיינע הענט טויזענד אקער פון בעסטען לאנד אין דער וועסט״.

די פאָלגענדע ציפער באַווייזען ווי ווייט די ספּעקולאַציע האָט זיך פאַנאַנדערגעפלאַקערט: אין 1834 האָט די רעגירונג פאַרקויפט לאַנד פאַר 5 מיליאָן דאָלער; אין 1835, פאַר 15 מיליאָן דאָלער, אין 1836 — פאַר נאָענט צו 25 מיליאָן דאָלער.

די קליינע פאַרמער אין דער וועסט און די גרעסערע פּלאַנטאַטאָרס אין דער סאוט האָבען אויך געבאָרגט געלט און געקויפט ערד, כאָטש זיי האָבען זיך דערין ניט גענויטיגט. זיי האָבען געהאָפט, אז שפּעטער וועלען זיי פאַרקויפען דאָס לאַנד פאַר אַ העכערען פּרייז. דערווייל האָבען זיי זיך פאַר'משכנ'ט, פאַרמשכנ'ט זייערע אַלטע פאַרמס, און געמוזט אויף די געבאָרגטע געלט צאָלען גרויסע פּראָצענטען. דער ווערט פון לאַנד און הייזער (ריעל עסטייט) אין די שטעדט איז אויך געשטיגען — אַלץ צוליב די ספּעקולאַציעס.

ריזיגע קאַפּיטאַלען זיינען אויך אריינגעלייגט געוואָרען אין עפענטליכע אונטערנעמונגען: אין בויען דאַמף־שיפען, באַנען, קאַנאַלען. אין 1830 איז די צאָל פון דאַמף־שיפען געווען 130; אין 1834 איז די צאָל כמעט פאַרדאָפּעלט געוואָרען, זי האָט דערגרייכט ביז 230. אין 1830 זיינען אינגאַנצען לאַנד געווען בלויז 23 מייל באַן־ליניעס; אין 1836 זיינען שוין געווען 1500 מייל באַן־ליניעס. נאַטירליך זיינען די אונטערנעמונגען געווען גוט פאַר'ן לאַנד. זיי האָבען געבראַכט נוצען אין דער צוקונפט. אָבער דעמאָלט, בשעת מען האָט אין זיי די קאַפּיטאַלען אריינגעלייגט, האָט מען זיך נאָך אין זיי ניט גענויטיגט. דאָס קאַפּיטאַל וואָס איז אריינגעלייגט געוואָרען איז געבליבען פאַרגליווערט, די „אינוועסטמענטס” האָבען זיך ניט באַצאָלט. די שטאַט־רעגירונגען, וועלכע האָבען די אויסבעסערונגען אונטערנומען, האָבען זיך שרעקליך פאַר'חוב'ט. אין 1820 האָבען אַלע שטאַט־רעגירונגען געהאַט חובות אויף ווייניגער ווי 13 מיליאָן; אין 1830 האָבען זייערע חובות באַטראָפען 26 מיליאָן; אין 1835 — 66 מיליאָן; אין 1838 — איבער 120 מיליאָן. אויך די פּריוואַט פּערזאָנען, וואָס האָבען אריינגעלייגט געלט אין די אונטערנעמונגען, האָ־

בען ניט געמאכט גענוג פראפיטען צו באצאלען דעם קרן און די פראצענטען.

עס קען זיין, אז די ספעקולאציעס וואלטען אנגעהאלטען נאך א שטיקעל צייט, אז דער זייפען־בלאז וואלט אזוי שנעל ניט גע־פלאצט. האבען אבער גראד דעמאלט פאסירט איינינע זאכען, וואס האבען אונמעגליך געמאכט אז דער שפיל זאל ווייטער אנ־גיין.

אין 1836 האט פרעזידענט דזשעקסאן ארויסגעגעבען א באַ־פעל, אז די וואס קויפען לאנד ביי דער רעגירונג מוזען צאהלען מיט גאלד אדער זילבער; אז פאפירענע געלט זאל מער ניט זיין גילטיג צו באצאלען פאר רעגירונגס־ערד. דאס האט געגעבען א שטארקען קלאפ די לאנד ספעקולאציעס אין דער וועסט. דאס האט אויך אין אלגעמיין דיסקרעדיטירט פאפיר־געלט. פריוואטע הענדלער האבען גענומען קוקען מיט פארדאכט אויף אסיגנאציעס. יעדערער האט גענומען פאדערען גאלדענע אדער זילבערנע מטבעות. דזשעקסאן'ס כונה מיט דעם דאזיגען באפעל איז טאקע געווען — אפצושטעלען די ספעקולאציעס.

אומגעפער אין דערזעלבער צייט האט נאך פאסירט עפעס. די נאציאנאלע רעגירונג האט באשלאסען צו צוטיילען דאס געלט וואס האט זיך אנגעזאמעלט אין איר קאסע צווישען די שטאטען. א דאנק די גוטע צייטען פון די ספעקולאציעס מיט לאנד, האט די נאציאנאלע רעגירונג געמאכט אזוי פיל געלט, אז זי האט אויסגעצאלט אלע אירע חובות און האט נאך אפגעשפארט נאענט צו 40 מיליאן דאלער. דאס געלט איז געלעגען אין די פאר־שיידענע באנקען אין אלע טיילען פון לאנד און די באנקען האבען אויסגעבארגט דאס געלט צו ספעקולאנטען. איצט האט די רע־גירונג פלוצלונג באשלאסען דאס געלט פאנאנדערצוטיילען צווישען די שטאט־רעגירונגען לויט זייער באפעלקערונג: גרעסערע שטא־טען זאלען קריגען מער, און קלענערע ווייניגער. די באנקען זיי־נען אויפגעפאדערט געווארען אפצוגעבען דער רעגירונג אירע געל־דער, און די באנקען האבען גענומען פאדערען דאס געלט פון

זייערע בעל־חובות (די רעגירונג האָט, פאַרשטייט זיך, געפאָדערט גאָלד און זילבער; קיין פּאַפּיר־געלד האָט זי ניט גענומען).

געוויסע געשעעניש'ען אין אויסלאַנד, אין אייראָפּע בכלל און אין ענגלאַנד בפרט, האָבען אויך מיטגעווירקט די לאַגע שווערער צו מאַכען. אין די אַלע יאָרען פון דער היגער „פּראָספּעריטי" האָבען ענגלישע קאַפּיטאַליסטען אריינגעשיקט אהער געלט און עס דאָ אריינגעלייגט אין פאַרשיידענע אונטערנעמונגען. אין 1836 איז אין גאַנץ אייראָפּאַ, ווי אויך אין ענגלאַנד, פאָרגעקומען אַ פינאַנציעלער קריזיס. עטליכע גרויסע באַנקען אין ענגלאַנד האָבען באַנקראָטירט. די ענגלישע באַנקען, וועלכע האָבען גע־האַט געלט אין אַמעריקא, האָבען אָנגעפאַנגען עס ארויסצוציען.

און צו די אַלע אומגינסטיגע אומשטענדען האָט די נאַטור נאָך צוגעלייגט איר חלק. אין די דריי יאָר פון 1835 ביז 1837, איז די גערעטעניש אויף די פעלדער געוועזען זייער אַ שלעכטע. די פאַרמער האָבען ניט געמאַכט קיין געלט, און זיי האָבען ניט געקענט קויפען קיין סחורה. דער סוף איז געוועזען אַז אַי זיי האָבען געליטען, אַי די שטאָטישע פאַבריקאַנטען.

אָט די אַלע זאַכען צוזאַמען האָבען מיטגעבראַכט דעם פּאַניק פון 1837. עס איז געוואָרען אַ געלאַף אויף די באַנקען, זיי זאָ־לען אויסלייזען זייערע פּאַפּיר געלט מיט גאָלד אָדער זילבער. און די באַנקען האָבען עס ניט געקענט טאָן. פון אָנפאַנג האָבען טייל באַנקען געמאַכט אַ פאַרזוך צו צאָלען, אָבער אין די זו־מער מאָנאַטען איז ניט געוועזען קיין איינציגע באַנק אין גאַנצען לאַנד, וואָס האָט געקענט אויסלייזען אירע פּאַפּירען. 618 באַנקען האָבען איינגאַנצען באַנקראָטירט. דאָס פּאַפּירענע געלט איז שרעקליך געפאַלען. און דאָס האָט געהייסען אַז אַלץ איז שרעק־ליך טייער געוואָרען. מעל האָט זיך פּלוצלונג אַ הויב געטאָן פון פינף אויף עלף דאָלער אַ פעסעל. פאַבריקען האָבען זיך געשלאָסען. געשעפטס־הייזער האָבען זיך פאַרמאַכט. 20 טוי־זענד ארבייטער האָבען פאַרלאָרען זייער באַשעפטיגונג. אין ניו יאָרק זיינען פאָרגעקומען הונגער־ראַיאָטען. די ארבייטער אָרגאַניזאַציעס, די יוניאָנס, האָבען צוזאַמענגעבראָכען. עס האָט

געדויערט פינף־זעקס יאָר איידער דאָס לאַנד איז צו זיך גע־
קומען.

די „וויגס“ אין קאָנגרעס האָבען אויסגענוצט די לאַגע און
האָבען אטאַקירט די דעמאָקראַטישע אַדמיניסטראַציע. די גאַנצע
שולד פאַר׳ן קריזיס האָבען זיי אַרויפגעוואָרפען אויף דזשעק־
סאָנ׳ען דערפאַר וואָס ער האָט צוגעמאַכט די יונייטעד סטייטס
באַנק. וואַן ביורען האָט זיך אָבער ניט געוואָלט צוהערען צו
די אַלע געשרייען. ער איז געגאַנגען אויפ׳ן זעלבען וועג וואָס
דזשעקסאָן האָט אויסגעטראָטען. ער האָט איצט פאָרגעשלאָגען,
אַז די רעגירונג זאָל ווייטער קיין שום פאַרבינדונגען מיט קיין
באַנקען ניט האָבען. ניט נאָר זאָל די רעגירונג ניט גרינדען קיין
אייגענע באַנק, נאָר זי זאָל ניט זיין קיין שותף אין קיין פריוואַטער
באַנק, און זאָל אפילו מער ניט אַריינלייגען איר געלט אין פריי־
וואַטע באַנקען. וואַן־ביורען האָט פאָרגעשלאָגען, אַז די רעגי־
רונג זאָל האָבען אַן אייגענע קאַסע, אַן אייגענע „טרעזשורי“, וואו
זי זאָל האַלטען דאָס געלט. די „וויגס“ האָבען דעם פּלאַן שטאַרק
באַקעמפט. זיי האָבען גע׳טענה׳ט אַז דאָס וואָלט געשעדיגט פילע
פריוואַטע באַנקען, וועלכע האָבען געמאַכט ריווחים פון דעם געלט
וואָס די רעגירונג האָט ביי זיי געהאַלטען. אָבער וואַן־ביורען
האָט, נאָך אַ לאַנגען קאַמף, אויסגעפירט. אין 1840 האָט דער
קאָנגרעס זיין פאָרשלאַג אָנגענומען, און פון דאַן אָן האָט די
רעגירונג איר געלט געהאַלטען אין אייגענע סקלאַדען, אין „סייפס
און וואָלטס“.

דער קריזיס האָט אָבער געקאָסט די דעמאָקראַטען גאַנץ
טייער. אין 1840 האָבען די „וויגס“ נאָמינירט פאַר פרעזידענט
גענעראַל העריסאָן, דעם העלד פון טיפּאַקענו, און פאַר וויס־פרע־
זידענט האָבען זיי אַרויסגעשטעלט דזשאַן טעילאָר, אַ פאַרטרע־
טער פון דער סאַוט. קיין פּלאַטפאָרמע האָט די פאַרטיי ניט אָנ־
גענומען, ווייל זי איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון אַזוינע פאַר־
שיידענע עלעמענטען, אַז עס איז אוממעגליך געווען צו גע־
פינען אַ פּראָגראַם, אויף וועלכען אַלע זאָלען זיך קענען אייניגען.
וויליאַם הענרי העריסאָן האָט באַקומען די נאָמינאַציע אויך דורך

דערזעלבער אורזאַך: ווייל ער איז געווען אַן אַלטער צוריקגעצויגענער מענש, וואָס האָט זיך אין קיין פּאָליטיק ניט געמישט און וואָס האָט קיין מיינונגען איבער וויכטיגע פראגען ניט געהאָט. ער איז געווען ניט מעהר ווי אַ שיינע טראַדיציע, דער העלד פון אַ מלחמה. כדי צו קריגען די שטיצע פון דער סאוט, האָט די קאָנווענשאָן נאָמינירט פאַר וויים־פּרעזידענט דזשאָן טעילאָר פון ווירדזשיניא.

די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט נאָמינירט וואַן־ביורענ׳ען פאַר אַ צווייטען טערמין.

דער וואַל־קאַמף איז געווען אַ שטורמישער, און געשטורמט האָבען די „וויגס“. זיי האָבען געהאַמערט אויף דעם עקאָנאָמישען פּאַניק, און די דעמאָקראַטען האָבען זיך געמוזט פאַרענטפּערען, כסדר זיך פאַרטיידיגען. אין איינער פון די דעמאָקראַטישע צייטונגען איז ערשינען אַן אַרטיקעל, וואָס האָט אָפּגעלאַכט פון העריסאָנ׳ען. זי האָט אים פאָרגעשטעלט אַלס אַ צוריקגעשטאַנענעם פאַרמער און ערקלערט אַז ער וואָלט מער צופרידען געווען צו האָבען אַ פּענסיע, אַ הילצערן הייזל און אַ פעסעל שטאַרקען קוואַס ווי צו זיין פּרעזידענט. אָן דער דאָזיגער באַמערקונג האָבען זיך די „וויגס“ אָנגעכאַפּט. אזוי ווי אין דער וועסט האָבען אַלע פאַרמער געוואוינט אין הייזלאַך געבויט פון קלעצער („לאָג קעבינס“) און געטרונקען שטאַרקען קוואַס, האָבען די „וויגס“ געמאַכט אַ גוואַלד, אַז די אַריסטאָקראַטישע דעמאָקראַטען מאַכען חוזק פון די אָרימע פאַרמער אין דער וועסט. „דער קאַמף איז איצטער צווישען די קלעצער־הייזלאַך און דעם פּאַלאַץ, צווישען קוואַס און שאַמפּאַניער“ — האָט הענרי קלעי אויסגעשריען אין אַ קאַמפּיין רעדע. און דעניעל וועבסטער האָט אויסגעדונערט: „זאָל מיין נאָמען און דער נאָמען פון מיינע קינדער אויסגעמעקט ווערען פון מענשליכען געדעכעניש, אויב איך האָב ווען עס איז זיך געשעמט דערמיט וואָס מיין מוטער און מיינע ברידער און שוועסטער זיינען געבוירען געוואָרען אין אַ קלעצער־הייזקע!“

די קלעצער־הייזקע איז געוואָרען דער סימבאָל פון די „וויגס“. עס האָט געהייסען, אַז די איינוואוינער פון אָרימע פאַרמס קעמפען

אונטער דער פירערשאפט פון די „וויגס" נעגען די איינוואוינער פון די רייכע פלאצען, וועלכע שטייען אונטער דער פירערשאפט פון דעמאקראטען. עס פארשטייט זיך, אז דער גאנצער ויכוח איז געווען „בלאף". אין דער „וויג"-פארטיי זיינען געווען מער געשעפטסלייט ווי אין דער דעמאקראטישער, אבער די געשרייען האבען פארטעמפט די קעפ.

העריסאן און טעילאר זיינען דערוויילט געווארען מיט א ריזיגער מאיאריטעט, מיט 294 שטימען געגען 60.

קאפיטעל 8.

# טעקסעס ווערט אַן אונאָפּהענגיגע רעפּובליק.

טעקסעס האָט זיך שטענדיג גערעכענט פאַר אַ טייל פון מעקסיקאָ, וועלכע האָט געהערט צו שפּאַניען. אָבער אין די פאַראייניגטע שטאַטען האָבען זיך אַלע מאָל געפונען מענשען, וואָס האָבען חשק געהאַט אַוועקצונעמען טעקסעס פון שפּאַניען. ווען דזשעפערסאָן האָט אין 1803 אָפּגעקויפט לואיזיאַנאַ פון פראַנקרייך, זיינען געווען אַמעריקאַנער וואָס האָבען געזאָגט, אַז טעקסעס איז אין אמת'ן אַ טייל פון לואיזיאַנאַ, און אַז אַמעריקע איז דערפאַר בארעכטיגט צוצונעמען די טעקסעס טעריטאָריע. ענליכעס האָט פּאַסירט אין 1819, ווען אַמעריקע האָט אָפּגעקויפט פלאָרידאַ פון שפּאַניען. דאַן איז די פראַגע אַפּילו אויפגעהויבען געוואָרען אין סענאַט. אייניגע סענאַטאָרען האָבען גע־טענה'ט אַז טעקסעס איז אַ טייל פון פלאָרידאַ, און אַז דערפאַר געהער זי צו אַמעריקע. פון די אַלע טענות איז אָבער קיין ממשות'דיגעס ניט אַרויסגעקומען. טעקסעס איז פאַרבליבען ביי שפּאַניען ווי אַ טייל פון מעקסיקאָ.

אין 1820 הויבט זיך אָן אַ נייער קאַפּיטעל אין דער גע־שיכטע פון טעקסעס. אין יענעם יאָר האָט אַ יענקי פון קאָנע־טיקוט מיט'ן נאָמען מאָזעס אוסטין, באַקומען אַן ערלויבעניש פון דער שפּאַנישער רעגירונג צו קאָלאָניזירען אַמעריקאַנער אין דעם זידליכען טייל פון טעקסעס. אָבער נאָכדעם ווי ער האָט די ערלויבעניש באַקומען איז ער געשטאָרבען, און זיין זון, סטיפען אוסטין, האָט זיך גענומען צו פאַרווירקליכען דעם פּלאַן. די ערש־טע פּאַרטיע אַמעריקאַנער האָט ער אַריינגעפירט אין טעקסעס אין דעצעמבער, 1821. יעדע פאַמיליע האָט באַקומען לאַנד לויט

דעם פאָלגענדען פּלאַן: דער פאַטער 640 אַקער, די מוטער 320 אַקער, יעדעס קינד 160 אַקער; פאַר יעדען שקלאַף 80 אַקער. דער קאָלאָניסט האַט געמוזט באַצאָלען אוסטינ'ען 12 און א האַלב סענט פאַר יעדען אַקער. דערפון האָט אוסטין געדעקט די הוצאות, און נאָך געמאַכט ריוח.

לויט'ן אָפּמאַך מיט שפּאַניען האָבען די אַמעריקאַנער קאָלאָניסטען געמוזט זיין קאַטוילִיקען און שווערען טרייהייט צו מעקסיקאַ.

פונקט אין דער צייט וואָס די אַמעריקאַנער קאָלאָניסטען האָבען זיך גענומען באַזעצען אין טעקסעס, האָט מעקסיקא זיך אָפּגעריסען פון שפּאַניען און זיך ערקלערט אונאָפּהענגיג. אין לאַנד האָט זיך אָנגעהויבען א לאַנגע קייט פון אומרועןאון פּאָליטישע איבערקערענישען, וועלכע האָבען אָנגעהאַלטען צענדליגער יאָרען. די ערשטע ערפאָלגרייכע רעוואָלוציע איז אָנגעפירט געוואָרען פון דער קירכע און פון די אַריסטאָקראַטען. זיי האָבען עס פאַרטריבען די שפּאַנישע הערשאַפט און אויף איר אָרט געגרינדעט אַן אייגענע מאָנאַרכיע מיט א קעניג אַלס הערשער. דאָס איז פאָרגעקומען אין 1821 און 1822. די מאָנאַרכיע האָט זיך לאַנג ניט געהאַלטען. אין 1824 איז פאָרגעקומען א צווייטע איבערקעריניש, און מעקסיקאָ איז געוואָרען א רעפּובליק מיט א קאָנסטיטוציע, וואָס איז טיילווייז קאָפּירט געוואָרען פון דער אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע. פון דעמאָלט אָן זיינען אין מעקסיקאָ פאָרגעקומען אָפט אויפשטאַנדען, נייע איבערקערענישען. די מעקסיקאַנער רעגירונגען האָבען זיך וויינִיג־וואָס געקענט אָפּגעבען מיט טעקסעס. אַמעריקאַנער זיינען אהין אָנגעקומען מאַסענווייז. אין 1830 האָט שוין זייער צאָל דערגרייכט 20 טויזענד. מעקסיקאַנער זיינען דאָרטען געווען ניט מער ווי דריי טויזענד.

די אַמעריקאַנער קאָלאָניסטען האָבען זייער אָפּמאַך ניט געהיט. עס האָבען זיך דאָרט באַזעצט ניט־קאַטאָליקען אויך. וועגען שווערען טרייהייט דער מעקסיקאַנער רעגירונג איז שוין אָפּגערעדט. די רעגירונג פון טעקסעס (טעקסעס איז דאַן געווען

א שטאט אין די מעקסיקאנער פאראייניגטע שטאטען און גע־
האט אן אייגענע שטאטס־רעגירונג) האט אין 1825 דורכגעפירט
א געזעץ, אז יעדער וואס וועט אריינפירען הונדערט פאמיליעס
אין טעקסעס און זיי קאלאניזירען, וועט באקומען טויזענד אקער
פארמלאנד און 22 טויזענד אקער פאשע. א סך אמעריקאנער
האבען פארשפראכען צו ברענגען קאלאניסטען און האבען פאר־
אוים באקומען גרויסע שטרעקעס לאנד. מיט די קאנצעסיעס
האבען זיי ספעקולירט אין די גרויסע שטעדט פון די פאראייניגטע
שטאטען. א סך רייכע איינוואוינער אין דער נארט פון די פאר־
אייניגטע שטאטען זיינען אויף אזא אופן געווארען פינאנציעל
פאראינטערעסירט אין טעקסעס. אין אמעריקע האט מען איצט
גענומען שטארק ריידען וועגען אנעקסירען טעקסעס, און דער
אמעריקאנער פרעזידענט האט אנגעבאטען אפצוקויפען דאס שטיק
לאנד פאר א מיליאן דאלער. מיט עטליכע יאר שפעטער האט
די אמעריקאנער רעגירונג דעם פרייז געהעכערט אויף 5 מיליאן
דאלער.

אין מעקסיקא איז מען דערפון שטארק אומרואיג געווארען.
מען האט דארט דערפילט אז די אמעריקאנער שארפען די ציין
אויף טעקסעס. אין 1826 האט מעקסיקא געפרובירט אפשטעלען
די אמעריקאנער אימיגראציע קיין טעקסעס. צוערשט האט זי
געמאכט א געזעץ, אז קיין אמעריקאנער זאלען זיך ניט טארען
באזעצען נאענט צו דער גרעניץ פון טעקסעס. שפעטער האט זי
אינגאנצען פארבאטען אמעריקאנער אריינצופארען אין טעקסעס.
מעקסיקא האט אויך פארבאטען די קאלאניסטען אריינצופירען
שקלאפען קיין טעקסעס (אין מעקסיקא איז דאן שקלאפעריי גע־
ווען פארבאטען). די אלע געזעצען זיינען אנגענומען געווארען
אין 1830. דער ציל איז געווען — ענג צו מאכען די אמערי־
קאנער אין טעקסעס און וואס שנעלער פון זיי פטור צו ווערען.
געווירקט האבען אבער די געזעצען אנדערש. די אמעריקא־
נער האבען איצט גענומען שטארקער ריידען וועגען אפרייסען
טעקסעס פון מעקסיקא. א געוויסער טייל פון די קאלאניסטען
האט פריער אויך געמראכט וועגען דעם, אבער זייער צאל איז

געוועז קליין. איצטער האבען די אמעריקאנער איינגעזעהן, אז זיי וועט שווער זיין צו לעבען אונטער דער מעקסיקאנער הערשאפט. מעקסיקא איז געגאנגען נאך ווייטער: זי האט מבטל געמאכט די אלע קאנצעסיעס וואס זי האט געגעבען די אמעריקאנער לאנד־ספעקולאנטען. בלויז יענע ספעקולאנטען וועלכע האבען שוין געבראכט קאלאניסטען האבען באקומען דאס פארשפראכענע לאנד. יענע אבער וואס האבען נאך ניט באוויזען דאס צו טאן האבען די קאנצעסיעס פארלארען.

אין 1832 האבען די אמעריקאנער קאלאניסטען אין טעקסעס אפגעהאלטען א קאנווענשאן און געשיקט א פעטיציע צום מעקסיקאנער קאנגרעס, אין וועלכער זיי האבען אפעלירט אז די גזרה וועגען פארבאטען דעם אריינפאר פון אמעריקאנער אימיגראנטען אין טעקסעס זאל אפגעשאפט ווערען. די פעטיציע האט אנגעוויזען דארויף, אז דורך דעם געזעץ ווערען א סך פאמיליעס צוריסען. אימיגראנטען האבען ניט געקענט ברענגען צו זיך זייערע נאענטסטע קרובים.

די אמעריקאנער קאלאניסטען האבען געפאדערט נאך צוויי וויכטיגע ענדערונגען: ערשטענס, אז טעקסעס זאל ארגאניזירט ווערען אין א באזונדער שטאט (פריער איז זי געווען פאראייניגט מיט א גרויסער פראווינץ, וואו עס האבען געוואוינט א סך מעקסיקאנער, און דערפאר האבען די אמעריקאנער אין טעקסעס געהאט ווייניג דעה אין דער פארוואלטונג פון שטאט). צווייטענס, אז עס זאלען אפגעשאפט ווערען די טאריף־געזעצען, וועלכע האבען געצוואונגען די איינוואוינער פון טעקסעס צו צאלען הויכע שטייערען פאר סחורות וואס זיינען אריינגעבראכט געווארען פון די פאראייניגטע שטאטען.

די אומרועען און רעוואלוציעס אין מעקסיקא האבען ניט אויפגעהערט. אין 1839 האט די אויבערהאנט דארט באקומען פרעזידענט באסטאמאנטע, א ווערקצייג פון דער קירכע און פון דער רעאקציאנערער אריסטאקראטיע. ער האט אריינגעשיקט אן ארמיי אין טעקסעס צו אונטערדריקען יעדען סימן פון דעמאקראטישער רעגירונג. די ארמיי האט צוטריבען די

שטאַט־וואַלען, האָט פאַרשלאָסען די געריכטען, פאַרבאָטען דזשורי פּראָצעסען. דער נייער פּרעזידענט, וועלכער איז געווען פּאַקטיש אַ דיקטאַטאָר, האָט אַרויסגעגעבען אַ באַפעל, אַז אַלע לאַנד־קאָנצעסיעס און לאַנד־קאָנטראַקטען וואָס מעקסיקאַ האָט אַרויסגעגעבען אין די לעצטע יאָרען, זאָלען בטל ווערען. די גזרה האָט געטראָפען אַ סך אַמעריקאַנער קאָלאָניסטען. באַסטאַמאַנטע האָט דאָס לאַנד צוגענומען ביי די אַמעריקאַנער און עס אַוועק־געגעבען צו זיינע אייגענע מענשען.

דער מיליטערישער הערשער האָט אויך פאַרבאָטען די אַמע־ריקאַנער אין טעקסאַס צו פירען האַנדעל. ער האָט באַפוילען, אַז בלויז מעקסיקאַנער מעגען זיך אָפּגעבען מיט מסחר. ער האָט אויך פאַרבאָטען דעם אַריינפיר פון נעגער־שקלאַפען.

באַסטאַמאַנטע האָט לאַנג ניט געוועלטיגט. געגען אים האָט געמאַכט אַן אויפשטאַנד גענעראַל סאַנטאַ אַננאַ, וועלכער האָט דאַן געשפּילט די ראָלע פון אַ ליבעראַל. סאַנטאַ אַננאַ האָט פאַר־שפּראָכען אַז ער וועט צוריק ברענגען אין קראַפט די קאָנסטיטוציע פון 1824 און וועט געבען די שטאַטען דאָס רעכט פון זעלבסט־פאַרוואַלטונג. די אַמעריקאַנער אין טעקסעס האָבען געהאָפט אויף סאַנטאַ אַננאַ'ס זיג און האָבען זיין אויפשטאַנד געשטיצט. אין 1832 און 1833 האָבען זיי אָפּגעהאַלטען קאָנווענשאָנס און אויס־געאַרבייט פאָדערונגען. סטיפען אוסטין איז אָפּגעפאָרען קיין מעקסיקאָ סיטי, די הויפּט־שטאָט פון מעקסיקאָ, דאָרטען פאָר־צולעגען די פּעטיציע פאַר דער מעקסיקאַנער רעגירונג.

סאַנטאַ אַננאַ האָט געזיגט און איז איינגעשוואוירען געוואָרען אַלס דער נייער פּרעזידענט פון מעקסיקאָ. סטיפען אוסטין איז אין מעקסיקאָ סיטי אָנגעקומען פּונקט דעמאָלט, ווען די ענדערונג איז געשען, און ער האָט מיט זיין פּעטיציע געמוזט אָפּוואַרטען עט־ליכע מאָנאַטען. ענדליך האָט ער זי פאָרגעלייגט. קיין באַ־שטימטען ענטפער האָט ער ניט באַקומען. ווען ער איז אָבער אָפּגעפאָרען צוריק אַהיים, האָבען די נייע הערשער פון מעק־סיקאָ איהם אַרעסטירט. דאָס איז געשען אין אָנפאַנג יאָר 1834.

אין אמת'ן איז סאַנטאַ אַננאַ געווען ניט קיין קלענערער רעאַק־

ציאָנער ווי באסטאמאנטא. איצט, אז ער האָט שוין געהאט די מאכט, האָט ער גענומען בושעווען אזוי ווי זיין פאָרגענגער. ער האָט צוריקגעוויזען דעם פארלאנג פון טעקסעס אויף זעלבסט־פארוואלטונג און ער האָט אריינגעשיקט אַן ארמיי פון 4 טויזענד סאָלדאטען דאָרטען צו „מאכען אָרדנונג”. די לעדזשיסלייטשור פון טעקסעס, וויסענדיג אז סאנטא אננא וועט זי באלד אויפ־לעזען, האָט אָפּגעהאלטען א זיצונג און פארקויפט עטליכע צענד־ליג טויזענד אַקער לאנד צו ספּעקולאנטען. סאנטא אננא האָט דעם מסחר ערקלערט אלס אומיעזעצליך און באפוילען די ארמיי פאנאנדערצוטרייבען די לעדזשיסלייטשור.

אומגעפער אין דער צייט, אין אָנפאנג פון יאָר 1833, איז אין טעקסעס אָנגעקומען א מאַן, וואָס דער שיקזאל האָט אים בא־שטימט צו שפּילען א ריזיגע ראָלע אין דער געשיכטע פון טעקסעס אין די נעקסטע דרייסיג יאָר. דאָס איז געווען סעמיועל יוסטאָן. ער איז געקומען אין א שליחות פון פּרעזידענט דזשעקסאָן. אָפּי־ציעל איז יוסטאָנ׳ס אויפגאבע געווען צו שליסען פרידענס און האנדעלס אָפּמאכען מיט די אינדיאנישע שבטים ביי דער גרעניץ פון טעקסעס. העכסט ווארשיינליך אָבער האָט דזשעקסאָן אויך געוואָלט אז יוסטאָן זאָל העלפען די אמעריקאנער קאָלאָניסטען צו באפרייען טעקסעס פון מעקסיקא. די מעקסיקאנער היסטאָריקער זיינען מיט דער מיינונג, אז דזשעקסאָן האָט געשיקט יוסטאָנ׳ען אויפצוהעצען א רעוואָלוציע אין טעקסעס. אז דזשעקסאָן האָט געוואָלט אָנעקסירען טעקסאס צו די פאראייניגטע שטאטען איז א פאקט, וואָס קיינער לייקענט ניט. ער האָט אָפען אָנגעבאָטען אָפּ־צוקויפען טעקסעס פאר דער סומע פון פינף מיליאָן דאָלער. דזשעקסאָן איז אויך געווען פריינדליך צו די שקלאפען אינטערע־סען פון דער סאוט, און די שקלאפען שטאטען האָבען זייער גע־וואָלט אז טעקסעס זאָל ווערען א טייל פון די פאראייניגטע שטא־טען. טעקסעס וואָלט דאָך דורכדעם ווערען א טייל פון דער סאוט; פון איר טעריטאָריע וואָלט מען געקענט מאכען עטליכע שטאטען, און דאָס וואָלט געשטארקט די מאכט פון די שקלאפען־אייגענטימער אין קאָנגרעס. אין די 30־ער יאָרען האָבען שוין

די שקלאַפּען־אייגענטימער פון דער סאוט איינגעזען. אַז די נאָרט וואַקסט שנעלער אין באַפעלקערונג, און זיי האָבען פאַרשטאַנען אַז מיט דער צייט וועלען די פרייע שטאַטען האָבען ניט נאָר אַ מאַיאָריטעט אין „האוז אָוו רעפּרעזענטאַטיווס", נאָר אויך אין סענאַט. זיי האָבען אַלזאָ געוואָלט אַז טעקסעס זאָל אַנעקסירט ווערען, כדי די געפאַר זאָל אויסגעמידען ווערען, אָדער, צום ווייניגסטענס, אָפּגעלייגט ווערען אויף שפּעטער. דזשעקסאָן האָט זיי אין דעם געוואָלט באַהילפיג זיין.

סעם יוסטאָן איז געווען אַ קינד פון אַ פּיאָנערען־פאַמיליע אין טענעסי, בשעת טענעסי איז געווען אַ גרענעץ־שטאַט. ער איז געבוירען געוואָרען אין 1793, אויף אַ פאַרם אין ווירדזשיניא. ווען ער איז אַלט געווען דרייצען יאָר, איז זיין פאָטער געשטאָרבען, איבערלאָזענדיג אַן אַלמנה מיט ניין קינדער. די פאַמיליע האָט זיך איבערגעקליבען קיין טענעסי, אין דער דאַמאָלסטדיגער ווייטער וועסט, וואו לאַנד איז געווען ביליג, און וואו עס איז גרינגער גע־ווען אַ לעבען צו מאַכען. געלערענט אין שול האָט ער ווייניג. עס איז ניט געווען וואו און ער האָט קיין צייט ניט געהאַט דערצו. פון זיין פריסטער יוגענד האָט ער אַרויסגעוויזען אַ ליבע צו אַ פרייען, האַלב־ווילדען לעבען אין די וועלדער. ווען ער איז אַלט געווען אַ יאָר זעכצען, איז ער אַנטלאָפען פון דער היים און איז אַוועק וואוינען מיט די אינדיאַנער. זיין ביאָגראַף וויליאמס, שרייבט: „יוסטאָן האָט געהאַט אַ סך פון די כאַראַקטער־אייגענשאַפטען פון די אינדיאַנער: זיין הייסע בלוט, זיינע שטאַרקע ליידענשאַפטען און אַפּעטיטען, זיין ליבע צו אַוואַנטורעס און צו די אונבאַגרעניצטע פרייהייטען פון דער ווילדערניס, זיין קינדערשע גאוה און טעאַטראַלישקייט. ער האָט אויך געהאַט די העכערע אייגענשאַפטען פון די אינדיאַנישע טשיפס — אַ פער־זענליכקייט וואָס האָט אַרויסגערופען רעספּעקט, אַ פעסטען כאַ־ראַקטער, מוט און ענטשלאָסענקייט". די אינדיאַנער האָבען אים אויפגענומען ווי אַ ברודער. ער האָט זיך אויסגעלערענט זייער שפּראַך און זיך געקליידט ווי זיי. ער איז געוואָרען פאַק־

טיש אן אינדיאנער. ער איז פארבליבען צווישען זיי א פאר יאר.

ווען די מלחמה פון 1812 האט אויסגעבראכען, איז יוס־טאן אריין אין דער ארמיי און האט געדינט אונטער גענעראל דזשעקסאן. אויפ'ן שלאכטפעלד האט ער ארויסגעוויזען וואונ־דערבארע העלדישקייט, און דזשעקסאן האט אים דערפאר שטארק ליב באקומען. נאך דער מלחמה האט ער געקראגען באשעפטיגונג ביי אן אדוואקאט, און אין זעקס מאנאט צייט איז ער אליין געווארען אן אדוואקאט. דאס הייסט ניט, אז ער איז געווען אזוי פייאיג צום לערנען. אין יענע יארען האט מען ניט גע־דארפט קיין סך צו זיין אן אדוואקאט. מיט זיין נייער פראַ־פעסיע האט ער זיך וויי ניג אפגעגעבען. ער האט זיך גלייך אריינגעווארפען אין פאליטיק און איז שנעל געווארען פאפולער איבער גאנץ טענעסי. אויסער זיינע פייאיגקייטען איינצושאפען זיך פריינט, האט אים אויך א סך געהאלפען זיין פארבינדונג מיט דזשעקסאנ'ען. דזשעקסאן איז דאן געווען דער פאליטישער פירער פון טענעסי, און ער האט געהאלפען יוסטאנ'ען צו וואק־סען פאליטיש. אין 1823 איז יוסטאן אויסגעוויילט געווארען אלס קאנגרעסמאן. ער האט אין דעם אמט געדינט פיר יאר, צוויי טערמינען. אין קאנגרעס האט ער זיך מיט קיין זאך ניט אויסגע־צייכענט אויסער מיט זיין איבערגעבענהייט צו דזשעקסאנ'ס פא־ליטיק. אין 1827 איז יוסטאן צוריקגעקומען אין טענעסי און איז דערוויילט געווארען אלס גאווערנאר פון שטאט.

איצט איז ער געווען איינער פון די וויכטיגסטע פערזענ־ליכקייטען אין גאנצען געגענד. אבער גראד דאן, ווען ער האט דערגרייכט דעם העכסטען פונקט פון זיין פאפולאריטעט, האט פאסירט עטוואס וואס האט אים פלוצלונג צוריק אראפגעשליי־דערט צו דער ערד. די פאסירונג איז ביז היינטיגען טאג איינ־געוויקעלט אין געהיימניסען. דאס איז געווען אין 1829. ער איז דאן געווען גאווערנאר און האט געטאן א שידוך מיט א טאכטער פון א רייכער אריסטאקראטישער פאמיליע. דאס מייד־דעל איז געווען גאר א יונגע און זייער א שיינע. ער האט זי

געבראַכט צו זיך אַהיים מיט גרויס פּאַראַד. אַלע האָבן אים גראַטולירט מיט זיין גליק. אָבער קיין דריי מאָנאַטן זיינען נאָך ניט פּאַראיבער, און דאָס יונגע ווייבל האָט אים פּאַרלאָזן און איז אַוועק צוריק צו אירע עלטערן. יוסטאָן האָט געשריבן צו איר פּאָטער און געבעטן ער זאָל זי צוריקברענגען, אָבער זי האָט זיך אבסאָלוט אנטזאגט. שפּעטער האָט זי פון אים געקראָגן אַ גט און געהייראַט מיט אַן אַנדערן.

וואָס די אורזאַכע איז געווען האָט, ניט זי, און ניט ער, ווען עס איז אויסגעזאָגט. אויף אים אָבער האָט די פּאַסירונג געמאַכט אַ שרעקליכען איינדרוק. ער האָט גלייך רעזיגנירט אַלס גאָווערנאָר, האָט אַלץ אַוועקגעוואָרפן און איז ווידער אַוועק צו די אינדיאַנער. דאָרט האָבן זיינע אַלטע פריינט אים אויפגענומען מיט אויסגעשטרעקטע אָרימס. ער האָט גענומען אַן אינדיאַנישע פרוי (געהייראַט האָט ער מיט איר ניט) און איז געוואָרען אַן „אינדיאַנער”.

אין די נעקסטע עטליכע יאָר איז אים אויסגעקומען צו זיין עטליכע מאָל אין וואַשינגטאָן וועגן אינדיאַנישע אַנגעלעגנהייטען, און ער האָט זיך דאָרט געזען מיט דזשעקסאָנ'ען. דערפון איז עס אין 1833 אַרויסגעקומען זיין שליחות קיין טעקסעס.

ווען יוסטאָן איז אָנגעקומען אין טעקסעס, האָט שוין דאָרט געקאָכט מיט אויפשטאַנד געגען מעקסיקאָ. אין 1833 איז פּאָרגעקומען אַ קאָנווענשאָן פון די אַמעריקאַנער קאָלאָניסטען צו וועלכער יוסטאָן איז געווען אַ דעלעגאַט. די קאָנווענשאָן האָט באַשלאָסען צו אָרגאַניזירען טעקסעס אין אַ באַזונדער שטאַט אין דער מעקסיקאַנער רעגירונג. זי האָט אַפילו פאַרפאַסט אַ שטאַט־קאָנסטיטוציע, און זי האָט געשיקט יוסטאָנ'ען מיט אַ פּעטיציע צו דער מעקסיקאַנער רעגירונג אַז זי זאָל אַנערקענען טעקסעס אַלס אַ באַזונדער שטאַט אין די פאַראייניגטע שטאַטען פון מעקסיקאָ.

יוסטאָן איז פאַר זיין טרחה באַלוינט געוואָרען מיט געפענגעניש. ווען ער איז אָנגעקומען אין מעקסיקאָ־סיטי מיט זיין פּעטיציע, איז ער אויפ'ן באַפעל פון פּרעזידענט סאַנטאַ אַננאַ

ארעסטירט געווארען אלס בונטאוושטשיק. אין א קורצער צייט ארום איז ער באפרייט געווארען.

אין פארלויף פון 1835 זיינען פארגעקומען איינינע צוזא־מענשטויסען צווישען די קאלאניסטען פון טעקסעס און דער



סעם יוסטאן

מעקסיקאנער ארמיי. די קאלאניסטען האבען זיך גענומען צו־צוגרייטען צו אן ארגאניזירטען קאמף. אין אקטאבער איז ווי־דער אפגעהאלטען געווארען א קאנווענשאן. דארטען איז שוין

האָט ארויסגעגעבען א פּראָקלאַמאַציע, אז טעקסעס קעמפט פאר א פרייער מעקסיקאָ און פאר׳ן רעכט צו זיין א שטאַט אין דער אָרגאַנאַזירט געוואָרען א צייטווייליגע רעגירונג. די קאָנווענשאָן מעקסיקאַנער רעפּובליק. זי האָט אויך אָרגאַניזירט אן ארמיי און באַשטימט יוסטאָנ׳ען אלס הויפּט גענעראַל. סאַנטא אַננאַ האָט קורץ נאָך דעם אָפּגעשאַפט אַלע שטאַט־רעגירונגען און פאַרוואַנדעלט די שטאַטען אין פּראָווינצען פון איין צענטראַ־ליזירטע רעגירונג. איצט איז פאר טעקסעס פארבליבען אויס־צוקלייבען איינע פון צוויי ברירות: ענטוועדער זיך אַנטזאָ־גען פון אירע רעכט און פרייהייטען אלס שטאַט, אָדער צו קעמ־פען פאר אונאָבהענגיגקייט. די צייטווייליגע רעגירונג האָט פאַר־רופען א קאָנווענשאָן צו באַטראַכטען די לאַגע. די קאָנווענשאָן איז פאָרגעקומען אין מערץ, 1836. דאָרט איז באַשלאָסען גע־וואָרען אז טעקסעס רייסט זיך אָפּ אינגאַנצען פון מעקסיקאָ און אז זי אָרגאַניזירט זיך אין אן אונאָפּהענגיגער רעפּובליק.

דערווייל זיינען פאָרגעקומען אייניגע שלאַכטען, אין וועלכע די אַמעריקאַנער זיינען געשלאָגען געוואָרען. סאַנטא אַננאַ׳ס טאַקטיק איז געווען זייער א גרויזאַמע. ער האָט די געפאַנ־גענע געשאָסען און זייערע קערפּערס פארברענט. די אַמעריקאַ־נער האָבען געקעמפט מיט וואונדערבארער העלדישקייט. די ערשטע גרויסע שלאַכט וואָס האָט אויפגעשטורעמט ניט בלויז טעקסעס, נאָר אויך די פאַראייניגטע שטאַטען, איז פאָרגעקומען אין דעם הויף פון א קלויסטער ביי סאַן־אַנטאָניא. דער פּלאַץ האָט זיך גערופען „די אַלאַמאָ". די טעקסעס׳ער ארמיי, וואָס האָט זיך דאָרט באַפעסטיגט, איז באַשטאַנען פון א 150 מאַן. סאַנטא אַננאַ האָט זי ארומגערינגעלט, אין ענדע פון מאָנאַט פעברואַר, 1836. די מעקסיקאַנער ארמיי איז באַשטאַנען פון 2,500 מאַן. דאָס קליין הייפעלע אַמעריקאַנער האָט זיך פאַר־טיידיגט צוויי וואָכען צייט. ענדליך איז געלונגען די מעקסיקאַ־נער אריינצודרינגען אין דער פעסטונג. די אַמעריקאַנער האָ־בען זיך ניט אונטערגעגעבען. מיט מעסערס אין די הענט האָבען זיי געקעמפט אזוי לאַנג, ביז זיי זיינען אַלע געפאַלען טויט,

אויסער פינף וואס זיינען גענומען געווארען געפאנגען. זיי האט סאנטא אננא געהייסען הינריכטען.

די נייעס וועגען דער שלאכט ארום אלאמא האט אבער א סך געהאלפען דערצו, אז די קאנווענשאן פון מערץ, 1836, זאל באשליסען פאר אבסאלוטער אונאפהענגיגקייט.

מיט א פאר וואכען שפעטער איז פארגעקומען די „שחיטה אין גיליאד", איינע פון די שוידערליכסטע פאסירונגען אין דער געשיכטע פון טעקסעס. אין דער שטאדט גיליאד איז געשטאנען א טעקסעס'ער ארמיי פון 500 מאן. די מעקסיקאנער האבען זי ארומגערינגעלט, און זי איז געצוואונגען געווען זיך אונטערצו־געבען. זי האט זיך אונטערגעגעבען נאך אן אונטערהאנדלונג מיט די מעקסיקאנער גענעראלען, וועלכע האבען אונטערגעשריבען א פאפיר אז די געפאנגענע סאלדאטען וועלען באהאנדעלט ווערען ווי קריגס־געפאנגענע און אז די פארוואונדעטע וועלען קריגען מעדיצינישע הילף. עטליכע טעג שפעטער האט סאנטא אננא געשיקט א באפעל צו די גענעראלען, אז די געפאנגענע זאלען הינגעריכטעט ווערען, און דער באפעל איז דורכגעפירט גע־ווארען. מען האט די געפאנגענע ארויסגעפירט הינטער'ן שטאט (זיי האבען געמיינט אז מען פירט זיי צו באפרייען). דארטען האבען די מעקסיקאנער סאלדאטען פלוצלונג אויף זיי גענומען שיסען. פון די פינף הונדערט האבען בלויז 27 זיך געראַ־טעוועט.

די נייעס וועגען דער אלאמא שלאכט האט אנגעמאכט א בהלה צווישען די אמעריקאנער קאלאניסטען אין טעקסעס. א סך סאלדאטען האבען דעזערטירט און זיינען אנטלאפען אהיים. גאנצע קאלאניעס האבען איינגעפאקט זייערע זאכען און זיך גע־לאזט צום אמעריקאנער גרענעץ. שפעטער אביסעל, ווען עס איז אנגעקומען די ידיעה וועגען דער שחיטה אין גיליאד, איז די שרעק געווארען נאך גרעסער. יוסטאן האט קוים מיט צרות איינגעהאלטען א צאל פון זיין ארמיי. ער האט באשלאסען צו געבען די מעקסיקאנער אזא קלאפ צוריק, וואס זאל ווידער אויפוועקען דעם מוט און די קאמפלוסטיגקייט צווישען די אמע־

ריקאַנער. ער האָט אויסגעקליבען פאַר זיין שלאַכט־פעלד א גע־וויסען פּונקט אויף דעם סען־זשאסינטאָ טייך. דאָרט האָט ער זיך באַפעסטיגט און געוואַרט אויפ'ן אָנקומען פון דעם שונא.

דעם 21טען אַפּריל איז פאָרגעקומען די סען־זשאסינטאָ שלאַכט. די טעקסעס'ער אַרמיי איז באַשטאַנען פון א 750 מאַן. די מעקסיקאַנער אַרמיי איז געווען צוויי מאָל אזוי די גרויס. די טעקסעס'ער אַרמיי האָט געהאַט א פולשטענדיגען זיג. די מעקסיקאַנער האָבען פאַרלוירען 603 טויטע, און 208 פאַרוואונ־דעטע. די איבעריגע פון זיי האָבען זיך אונטערגעגעבען. פון די אַמעריקאַנער זיינען געפאַלען ניט מער ווי זעקס טויטע און 25 פאַרוואונדעטע. יוסטאָן איז שטאַרק פאַרוואונדעט געוואָרען. פּרעזידענט סאַנטא אַננאַ איז גענומען געוואָרען געפאַנגען.

די אויפרעגונג אין טעקסעס געגען סאַנטאַ אַננאַ איז גע־ווען אזוי גרויס, אז פון אַלע זייטען זיינען געפלויגען פאָדע־רונגען ער זאָל הינגעריכטעט ווערען. אַלע האָבען אים געהאַל־טען פאַראַנטוואָרטליך פאַר די שחיטות אויף די אַמעריקאַנער קריגס־געפאַנגענע. יוסטאָן האָט אָבער פאַרשטאַנען, אז פון א דיפּלאָמאַטישען שטאַנדפּונקט איז בעסער אז סאַנטאַ אַננאַ זאָל לעבען. ער האָט אונטערהאַנדעלט מיט סאַנטא אַננאַ וועגען שלום. און סאַנטאַ אַננאַ איז גרייט געווען אים אַלץ נאָכצו־געבען אבי מען זאָל אים שענקען דאָס לעבען. ער האָט אונטער־געשריבען אַן אָפּמאַך, אז די מלחמה איז געענדיגט און אַז טעק־סעס איז אומאָפּהענגיג פון מעקסיקאַ. פון געפענגנים האָט ער אַרויסגעשיקט א באַפעל צו דער מעקסיקאַנער אַרמיי, אז זי זאָל זיך צוריקציען פון טעקסעס.

אין מאָנאַט סעפּטעמבער זיינען אין טעקסעס אָפּגעהאַלטען געוואָרען וואַלען. יוסטאָן איז דערוויילט געוואָרען פּרעזידענט פון דער רעפּובליק. די בירגער האָבען אויך געשטימט מיט א גרויסער מאַיאָריטעט, אז טעקסעס זאָל ווערען א טייל פון די פאַראייניגטע שטאַטען. א קאָמיסיע איז געשיקט געוואָרען קיין וואַשינגטאָן צו אונטערהאַנדלען וועגען דעם מיט'ן פּרעזידענט.

דער אויפשטאַנד פון טעקסעס געגען מעקסיקאָ האָט אַרויס־

גערופען סימפאטיע צווישען די ברייטע מאסען אין די פאר־אייניגטע שטאטען. איבערהויפט אין דער סאוט. אין ניו־ארלינס, צום ביישפיל, האט זיך ארגאניזירט א קאמיטע צו העלפען, און די קאמיטע האט אין עטליכע טעג געזאמעלט צוויי הונדערט טויזענד דאלער. הונדערטער יונגע לייט זיינען אוועק קיין טעקסעס אלס פרייוויליגע אין דער ארמיי. שיפען מיט אמוניציע זיינען געשיקט געווארען פון ניו יארק, ניו־ארלינס און פון אנדערע האפענס קיין טעקסעס. א סך אמעריקאנער זיינען אוועק העלפען אין דעם אויפשטאנד ניט צוליב אידעאליסטישע צוועקען, נאר ווייל יוסטאן האט פארשפראכען פרייע ערד אין טעקסעס אלס באלוינונג. מעקסיקא האט פראטעסטירט צו דער רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאאטען אבער דער פראטעסט האט ניט געווירקט.

די פראגע וועגען אנערקענען די אומאפהענגיגקייט פון טעקסעס האט ארויסגערופען א שטארקען קאמף אין אמעריקאנער סענאט. די פארשטייער פון דער נארט האבען פארשטאנען, אז דער ציל איז א סך א ווייטערער; אז דער אמת'ער ציל איז, אז טעקסעס זאל שפעטער אנעקסירט ווערען צו די פאראייניגטע שטאטען. און דא האט זיך שוין אריינגעמישט די פראגע פון שקלאפעריי. אויב טעקסעס וועט ווערען א טייל פון די פאר־אייניגטע שטאטען, וועט דער שקלאפען־טייל פון לאנד, די סאוט, פארגרעסערט ווערען, און די שקלאפען־אייגענטימער וועלען שטארקער ווערען אין דער רעגירונג. דערפאר האבען א סך סענאטארען שוין איצט זיך געשטעלט געגען דעם, אז טעקסעס זאל אפילו אנערקענט ווערען אלס אן אונאפהענגיגע רעגירונג. דער קאמף איז אנגעגאנגען עטליכע מאנאטען. ענדליך איז אין מערץ, 1837, מיט 24 שטימען געגען 19, דורכגעגאנגען די רעזאלוציע אין סענאט, אז טעקסעס זאל אנערקענט ווערען אלס אן אונאפהענגיגע רעפובליק.

קאַפּיטעל 9.

## די אַרבייטער באַוועגונג אין די דרייסיגער יאָרען.

אין די דרייסיגער יאָרען פון נייַנצענטען יאָרהונדערט זייַנען פאָרגעקומען גרויסע ענדערונגען אין דער שטאָט פּראָדוקציע, און ממילא אויך גרויסע ענדערונגען אין דער באַציאונג צווישען באַלעבאַטים און אַרבייטער און אין דער אַרבייטער באַוועגונג. די שטאָט נעמט אָן אַ מער מאָדערנע, אַ מער קאַפּיטאַליסטישע פאָרם, און די אַרבייטער־באַוועגונג גייט אין דער זעלבער ריכטונג און נעמט אָן אַ מער מאָדערנעם, אַ מער קלאַסען־באַוואוסטזיניגען כאַראַקטער.

פריער האָט אין אַלע פאַכען (חוץ דער טעקסטיל אינדוסטריע) עקזיסטירט אָט אַזאַ סיסטעם פון אַרבייט: אַ מייסטער־אַרבייטער פלעגט עפענען אַ געשעפט, אַ „שאָפּ", וואָס איז געווען אַ קאָמבינאַציע פון אַ ווארשטאַט און אַ קראָם. ער האָט געהאַלטען עטליכע אַרבייטער און אַ פּאָר לערן־אינגלאַך. אַרבייט פלעגט ער קריגען באַשטעלט דירעקט פון קונדען. דער שניידער־שאָפּ, צום ביישפּיל, פלעגט נייען קליידער דירעקט פאַר די פאַרבּרויכער, וועלכע פלעגען אַליין קומען און באַשטעלען. דאָס זעלבע פלעגט טאָן דער שוסטער־שאָפּ, א. ז. וו. אָפטמאָל פלעגט אַזא שאָפּ אָנגייען פאַרטיקע קליידער אָדער פאַרטיגע שיך און וואַרטען ביז וואַנען אַ קונה פלעגט קומען אָנמעסטען און קויפען, אָבער אין תוך איז עס געווען דאָס זעלבע, וואָרים דער הויפּט־פּונקט דערביי איז, וואָס יעדער מייסטער, דער באַלעבאָס, האָט אַליין פאַרקויפט די סחורה דירעקט צו די פאַרבּרויכער.

אָבער אין די דרייסיגער יאָרען האָט זיך די דאָזיגע סיסטעם גענומען בייטען. אויף דער סצענע האָט זיך באַוויזען „דער סוחר קאַפּיטאַליסט". די שטעט זיינען געוואָרען גרעסער, און

דער פארקער צווישען דער שטאט און דעם דארף איז געווארען לייכטער. דאס האט מיטגעבראכט די ענדערונג. עס איז איצט מעגליך געווען ארויסצושיקען ארבייט פון דער שטאט אין די קליינע דערפער אדער אויף די פארמס, דארט צו מאכען. מען האט זיך איצט אויך גענויטיגט אין מער סחורה. דער מארק איז געווארען א גרעסערער. מיט קאפיטאל האט מען אין דעם מארק געקאנט מאכען ריוח. דער סוחר־קאפיטאליסט איז אליין קיין ארבייטער ניט געווען. ער פלעגט קויפען די רויע מאטע־ריאלען, פלעגט אנשטעלען מענשען אין זיין פאבריק, וועלכע פלע־גען טאן די וויכטיגסטע און שווערסטע טיילען פון דער ארבייט, און דאס איבעריגע פלעגט ער ארויסשיקען צו דעם אמאליגען מייסטער צו פארענדיגען. דער מייסטער איז איצט פארוואנדעלט געווארען אין א קאנטראקטאר, אין א „סוועט־שאפ באס". אפט־מאל, ווי עס איז שוין אויבען געזאגט געווארען, פלעגט דער נייער קאפיטאליסט ארויסשיקען די ארבייט אין די קליינע שטעטלאך, וואו מען פלעגט עס מאכען א סך ביליגער ווי אין דער גרויסער שטאט, און וואו דער קאפיטאליסט האט איינגע־שפארט די הוצאות פון רענט, באלייכטונג, געצייג, א. ז. וו.

קיין מאשינען זיינען נאך דעמאלט ניט געווען. ארבייט פלעגט געמאכט ווערען מיט האנט־געצייג, און יעדערער האט גע־קענט די ארבייט זיך לייכט אויסלערנען און ארבייטען ביי זיך אין דער היים.

און עס האבען זיך גענומען איצט אנטוויקלען נייע באַ־דינגונגען פון וועלכע די ארבייטער האבען שטארק געליטען. די מייסטער האבען קאנקורירט צווישען זיך כדי צו קריגען די אר־בייט ביי דעם קאפיטאליסט. די ארבייטער אין די קליינע שטעט־לאך האבען געשניטען די פרייזען און אונטערגעגראבען דעם סטאנדארד פאר די ארבייטער אין דער גרויסער שטאט. דורך דער נייער סיסטעם איז די ארבייט אויך צוטיילט געווארען. עס איז ניט נויטיג געווען פאר איין ארבייטער צו מאכען, אדער צו קענען מאכען, א גאנצען בגד אדער א גאנצען שוך. עס איז גענוג געווען ווען ער האט געקענט מאכען א טייל פון דער אר־

בייט. אין די פריערדיגע יאָרען פלעגט א לער־אינגעל זיך מוזען לערנען פינף אָדער זעקס יאָר איידער ער האָט געקענט ווערען א גאַנצער בעל־מלאכה. איצט האָט זיך דער אינגעל אויסגעלערענט איין טייל ארבייט אין א קורצער צייט און איז געוואָרען אַן אר־בייטער. פרויען זיינען אויך אַריינגעצויגען געוואָרען אין די פאַ־כען. מען האָט איצט אויך גענומען מאַכען אַרבייט אין די גע־פענגניסען. די קאָנקורענץ פון דעם דאָרף, פון די קינדער־אר־בייטער, פון אַרעסטאַנטען ארבייטער — דאָס אַלץ האָט גענומען שטאַרק דריקען די מענער אַרבייטער אין שטאָט.

און דאָס האָט מיטגעבראַכט, אַז די אַרבייטער זאָלען זיך אָרגאַניזירען אין שטאַרקערע און מער קלאַסען־באַוואוסטע יוניאַנס. עס זיינען געווען יוניאָנס אויך פריער, אָבער יענע זיינען לכתחילה אָרגאַניזירט געוואָרען פאַר געגענזייטיגער הילף אין פאַלען פון נויט. דאָס איז געווען זייער הויפט צוועק. פון צייט צו צייט פלעגען זיי אויך אָנפירען א קאַמף געגען די באַלעבאַטים, אָבער ניט אין דעם איז באַשטאַנען זייער הויפט אויפגאַבע. ערשט איצט, נאָך די נייע ענדערונגען, ווערען די יוניאַנס קאַמף־אָרגאַ־ניזאַציעס. די געגענזייטיגע הילף ווערט א ביי־זאַך. אין מאַנ־כע פאַלען האָבען די אַלטע אָרגאַניזאַציעס זיך אַליין איבערגע־בויט אויף דעם נייעם קאַמפּס־באַזיס. אין אַנדערע פאַלען זיינען דורכדעם פאָרגעקומען שפּאַלטונגען אין די אָרגאַניזאַציעס. די קאַמפּסלוסטיגע מיטגלידער, די אַגרעסיווע, האָבען די אַלטע אָר־גאַניזאַציעס פאַרלאָזען און געבויט נייע. מיט דער צייט זיינען די אַלטע הילפס־פאַרבאַנדען אונטערגעגאַנגען, און די נייע קאַמפּס־יוניאַנס זיינען געוואַקסען.

די עקאָנאָמישע לאַגע אין לאַנד האָט זיך געביטען עטליכע מאָל אין פאַרלויף פון דעם צענדליג יאָר צווישען 1830 און 1841. ביז 1833 איז די צייט געווען נאָרמאַל. דערנאָך איז אָנגעקומען א קריזיס, וועלכער האָט אָנגעהאַלטען א יאָר און א האַלב. דער קריזיס איז פאַראורזאַכט געוואָרען דורך דעם קאַמף וואָס דזשעקסאָן האָט אָנגעהויבען געגען דער יונייטעד סטייטס באַנק. די באַנק האָט דערפאַר גענומען אָפּשניידען דעם

קרעדיט פון געשעפטסלייט און פאבריקאנטען. דער פראצענט אויף געלט איז געשטיגען. די פרייזען פון עסענוואַרג און סחורה זיינען געפאלען.

מיט דער צייט אָבער האָט זיך די לאַגע ווידער געענדערט. די רעגירונגס־געלט איז אריינגעלייגט געווארען אין פארשיידענע שטאָט־באַנק און לאָקאלע באנקען. עס האָבען זיך אויך גע־נומען עפענען צענדליגע נייע באנקען אין אלע ווינקלען פון לאַנד. איצט איז שוין געוואָרען אַ זול אויף געלט. יעדערער האָט געקענט קריגען געבאָרגט אַזוי פיל געלט וויפיל ער האָט נאָר געוואָלט. עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ „בום" אין אַלע צווייגען. מען האָט געבויט פאַבריקען, באַנען, וועגען, קאַנאַ־לען; געקויפט לאַנד, געקויפט סחורה; מען האָט געהאַנדעלט, ספּעקולירט. די יאָרען 1835 און 1836 זיינען געווען פעטע יאָרען. דערנאָך, אין 1837, האָט די אויפגעבלאָזענע שפּע גע־פּלאַצט. עס איז אָנגעקומען אַ נייער שרעקליכער קריזיס, פון וועלכען דאָס לאַנד איז צו זיך ניט געקומען ביז אַרום 1843.

אין יענע יאָרען האָט די ארבייטער־באַוועגונג זיך געדרייט אין דעם זעלבען זיג־זאַג וואָס די אַלגעמיינע אינדוסטריע. ווען די אינדוסטריעלע לאַגע איז געווען שלעכט, זיינען די יוניאָנס געווען שוואַך; ווען די לאַגע איז געווען גוט, זיינען זיי גע־ווען שטאַרק. ווען דער פּאַניק פון 1837 איז אָנגעקומען, זיי־נען די יוניאָנס כמעט אינגאַנצען פאַרניכטעט געוואָרען.

אין 1835 איז די אינדוסטריעלע לאַגע געווען גוט, און די יוניאָנס זיינען געווען גרויס אין צאָל און שטאַרק אין כחות. האָט זיך דאַן אָנגעפאַנגען צווישען די אָרגאַניזירטע ארבייטער אַ באַוועגונג פאַר אַ צען־שטונדיגען ארבייטס־טאָג. ביז דאַן איז די ארבייטס־צייט געווען פון זונען־אויפגאַנג ביז זונען־אונטער־גאַנג, אַרום פערצען שטונדען אַ טאָג. דער הויפּט אַרגומענט פון די אַרבייטער פאַר אַ קורצערען טאָג איז ניט געווען, אַז דאָס פּאָדערט דאָס געזונד; די טענה איז געווען אַז די ארבייטער מוזען האָבען מער ליידיגע צייט כדי צו קענען ווערען בעסערע בירגער. אין יענע יאָרען האָבען די אַרבייטער־מאַסען נאָך־

וואָס געהאַט באַקומען גלייכע שטימרעכט, און דערפאַר איז דער דאָזיגער אַרגומענט געוועזן פון ערשטער וויכטיגקייט. זיי האָבען גע'טענה'ט, אַז כדי צו קענען באַנוצען די שטימרעכט פאַר'ן וואוילזיין פון לאַנד, איז וויכטיג אַז דער אַרבייטער זאָל זיך בילדען, זאָל לערנען פּאָליטישע פראַגען, און דאָס וועט מעגליך זיין נאָר דאַן, ווען ער וועט האָבען מער פרייע צייט. דערויף האָבען די באַלעבאַטים געענטפערט, אַז די אַרבייטער וועלען זייער פרייע צייט סיי־ווי ניט אויסנוצען אויף בילדען זיך, נאָר אויף שכור'ן.

סטרייקס פאַר אַ צען־שטונדיגען אַרבייטס־טאָג זיינען פאָרגעקומען אין עטליכע שטעט נאָך פריער. אין ניו־יאָרק האָבען אַ טייל אַרבייטער אויסגעקעמפט דעם קירצערען טאָג נאָך אין 1829. אין וואַשינגטאָן און אין באַלטימאָר זיינען פאָרגעקומען סטרייקס פאַר אַ קירצערן טאָג אין 1833. אין 1835 האָט זיך דער קאַמף צופלאַקערט אין אַלע וויכטיגע פאַבריק־שטעט. אָנגעפאַנגען האָט זיך עס אין באָסטאָן. פון דאָרטען האָט זיך דער קאַמף פאַרשפּרייט איבער די שטאַטען קאָנעטיקוט, ניו־דזשוירזי, ניו יאָרק, פּענסילווייניא און דעלאַווער. די ערשטע אַרויסצוגיין אין סטרייק זיינען געוועזן דריי יוניאָנס אין באָסטאָן אין דעם בוי־פאַך: סטאָליאַרעס, מוליאַרעס און שטיין־האַקער. דער קאַמף איז געוועזן אַ פאַרצווייפעלטער. די סטרייקענדע יוניאָנס האָבען אַרויסגעשיקט קאָמיטעס צו זאַמלען שטיצע צווישען די אַרבייטער אין אַנדערע שטעט. איבעראַל זיינען די קאָמיטעס אויפגענומען געוואָרען מיט גרויס באַגייסטערונג. די יוניאָנס האָבען זיך פאַרפליכטעט בייצושטייערען געוויסע סומען פאַר די סטרייקער.

דער סטרייק האָט אָנגעהאַלטען זיבען מאָנאַטען און איז צום סוף פאַרלאָרען געגאַנגען. אַ בעסערען מזל האָבען געהאַט די אַרבייטער אין פילאַדעלפיע. דאָרט האָבען די ערשטע אָנגעפאַנגען די קאַסטען־טרעגער ביי די האַפענס. אויף זיי קוקענדיג זיינען אַרויס די בוי־פאַכען. דאַן האָבען זיך אָנגעשלאָסען די שוסטער און די שמידען און די לעדער־אַרבייטער. די בעקער

האבען ארויסגעשטעלט א פאדערונג, אז די בעקערייען זאלען זיין געשלאסען שבת נאכט און זונטאג. די קלערקס פון די קראמען האבען געפאדערט, אז די געשעפטען זאלען זיך שליסען ווען די זון גייט אונטער. די אלע סטרייקס, קומענדיג מיט אמאל, האבען ארויפגעווארפען א שרעק אויף דער שטאדט. די ארבייטער האבען מארשירט איבער די גאסען מיט מוזיק און מיט פאנען. די שטאט־אנגעשטעלטע האבען געווארפען די ארבייט און זיך אנגעשלאסען אן די פאראדען. די מארשירענדע האבען געטראגען גרויסע פלאקאטען מיט דער אויפשריפט: „פון זעקס ביז זעקס".

די ערשטע נאכצוגעבען די סטרייקער זיינען געווען די שטאט־בעאמטע. זיי האבען איינגעשטימט, אז אלע שטאט־ארבייטער זאלען ארבייטען פון זעקס ביז זעקס, קריגען א שעה אויף פרישטיק און א שעה אויף מיטאג. אביסעל שפעטער האבען נאכגעגעבען די סטאליאר־באלעבאטים. דריי טעג שפעטער האבען די שוסטער־סטרייקער געוואונען, און אזוי איז עס שוין געגאנגען ווייטער. „דער זיג אין פילאדעלפיע" — שרייבט פראפעסאר קאממינס — „איז געווען אן אמת'ע רעוואלוציע. דאס גאנצע לאנד האט וועגען דעם געלעזען אין די צייטונגען, און דאס האט געווירקט אז די ארבייטער זאלען איבעראל שטעלען דיזעלבע פאדערונג. צום סוף פון 1835 האט דער צען־שטונדיגער ארבייטס־טאג געהערשט איבעראל אויסער באסטאן".

די נאציאנאלע רעגירונג האט דעם צען־שטונדיגען ארבייטס־טאג פאר אירע אנגעשטעלטע נאכגעגעבען ערשט מיט פינף יאר שפעטער. אין 1835 האבען די ארבייטער אין די נייווי־יארדס אין ניו יארק און אין ברוקלין געשיקט פעטיציעס צום פלאטען־מיניסטער, פארלאנגענדיג א צען־שטונדיגען טאג. די פעטיציעס זיינען צוריקגעוויזען געווארען. דאן האבען די ארבייטער זיך געווענדעט צום קאנגרעס. דארט איז די פאדערונג אויך אפגעווארפען געווארען. אין 1836 זיינען די רעגירונגס־ארבייטער אין די נייווי־יארדס אין פילאדעלפיע ארויס אין סטרייק פאר א קירצערען טאג. זיי האבען זיך געווענדט צום פרעזידענט,

און דער פּרעזידענט האָט זייער פאָדערונג באַוויליגט. איצט האָבען די רעגירונגס־אָנגעשטעלטע פון אַנדערע שטעט געטאָן דאָסזעלבע וואָס זייערע פילאַדעלפיער ברידער. זיי האָבען אָפּ־געהאַלטען אַ קאָנוועגשאָן און זיך געווענדט צום פּרעזידענט וואַן־ביורען. וואַן־ביורען האָט געענטפערט דעם 31טען מערץ, 1840, מיט אַ באַפעל, אַז אויף אַלע רעגירונגס־ארבייטען זאָל דער אַר־בייטס־טאָג זיין ניט מער ווי צען שטונדען.

„דער צען־שטונדיגער ארבייטס־טאָג איז איצט אָנגענומען געוואָרען אין אַלע פאַכען", שרייבט פּראָפעסאָר קאָממינס. — „די קאטאן פאַבריקען זיינען געווען אַן אויסנאַם. אין זיי האָט מען געאַרבייט עלף, צוועלף און דרייצען שטונדען. ערשט מיט צען יאָר שפּעטער, ווען די רעגירונג האָט זיי געסטראַשעט מיט אַ געזעץ צו באַגרעניצען זייער ארבייטס־צייט, האָבען די פאַב־ריקען איינגעוויליגט אַליין דעם ארבייטס־טאָג צו פאַרקירצען און אים איינשטעלען אויף צען שטונדען".

אין 1836 זיינען פאָרגעקומען סטרייקס אין פילע שטעט און שטעטלאַך פאַר העכערע שכירות. צוליב דער גרויסער „פּראָספּעריטי" (שפע) און די אונגעהייערע ספּעקולאַציעס, זיי־נען די פּרייזען אויף לעבענס־מיטעל און רענט שטאַרק געשטי־גען, און די אַרבייטער האָבען ניט געקענט אויסקומען. די אַל־געמיינע פאָדערונג איז געווען פאַר אַ העכערונג פון איין דאָלער ביז צוויי־און־אַ־האַלב דאָלער אַ וואָך. אין ניו־יאָרק האָבען די סטאָליארעס געפאָדערט 25 סענט אַ טאָג מער. זיי פלעגען באַקומען $1.75 אַ טאָג, און זיי האָבען פאַרלאַנגט צוויי דאָ־לער. אין פילאַדעלפיע האָבען די סטאָליארעס געפאָדערט אַ העכערונג פון 25 סענט אַ טאָג אין די זומער־מאָנאַטען, און 12־און־אַ־האַלב סענט אַ טאָג אין די ווינטער־מאָנאַטען. זייערע שכירות זיינען געווען קלענער ווי אין ניו יאָרק: בלויז $1.25 אַ טאָג זומער און אַ דאָלער און 12־און־אַ־האַלב סענט ווינטער. די שוסטער אין פילאַדעלפיע האָבען געאַרבייט פון שטיק. זיי האָבען געסטרייקט פאַר אַ העכערונג, כדי זיי זאָלען קענען פאַר־

דינען 64 סענט א טאג. כמעט אלע סטרייקס פאר העכערע שכירות האבען זיך געענדיגט מיט א זיג.

אין דיזעלבע יארען ווען די יוניאנס זיינען געווארען אזוי אקטיוו און אזוי אגרעסיוו, האבען זיך אנגעהויבען צו ארגאני־זירען פארבאנדען פון באלעבאטים („באסעס אסאסיאיישאנס"). די באלעבאטים האבען פריער אויך געהאט פארבאנדען, אבער זייער צוועק איז דעמאלט געווען צו קאנטראלירען און רעגולי־רען די פאבריקאציע און די פרייזען פון די סחורות. איצט אבער האבען זיי זיך ארגאניזירט מיט דעם אויסדריקליכען צוועק צו באקעמפען ארגאניזירטע ארבייטער. די הויפט כלי־זין פון די באסעס־פארבאנדען איז געווען די „בלעק ליסט" (די שווארצע ליסטע). דער באסעס־פארבאנד פון די שניידער אין ניו יארק, צום ביישפיל, האט זיך פארפליכטעט ניט אנצונעמען קיין אר־בייטער, וועלכער איז א מיטגליד פון דער יוניאן. די לעדער־באסעס אין דערזעלבער שטאדט האבען באשלאסען נישט „צו באשעפטיגען קיין מאן וועלכער איז א מיטגליד פון אן ארגאני־זאציע וואס האט אלס אויפגאבע צו דיקטירען די באדינגונגען אדער דעם לוין פון די ארבייטער".

אבער דאס דאזיגע כלי־זין איז ניט געווען אזוי ווירקזאם ווי א צווייטעס — דאס כלי־זין פון געזעץ. די באלעבאטים האבען געבראכט קלאגען געגען די יוניאנס, אז זיי, די יוניאנס, זיינען פארשווערונגען, „קאנספיראציעס". דער ערשטער פראָ־צעס פון דעם מין, וואס האט אויפגערודערט אלע ארגאניזירטע ארבייטער פון ניו יארק, איז פארגעקומען אין דער שטעדטעל זשענעווא, אין יאר 1835. די שוסטער זיינען דארט געווען אר־גאניזירט אין א שטארקער יוניאן. אן ארבייטער מיט'ן נאמען פענאק איז אין דער יוניאן באשולדיגט געווארען פאר ארבייטען אונטער'ן פרייז, און די יוניאן האט אויף אים ארויפגעלייגט א שטראף פון צען דאלער. ער האט זיך אנטזאגט צו באצאלען. האט די יוניאן אויפגעפאדערט זיין באלעבאס ער זאל אים אפ־זאגען. דער באלעבאס האט דעם באפעל געפאלגט. ער האט פענאק'ן אוועקגעשיקט, אבער גלייך נאכדעם האט ער אנגעקלאגט

די אַרבייטער פון דער יוניאָן, אַז זיי האָבען געמאַכט אַ פאַר־שווערונג ניט צו ערלויבען אַ געוויסען אַרבייטער צו אַרבייטען אונטער אַ געוויסען פרייז, און אַז זיי שטערען די „פרייע און פּריוויליגע אַרבייט אין דעם שוך־פאַך".

דער פּראָצעס איז פאָרגעקומען פריער אין די נידעריגערע געריכטען און דערנאָך אין די העכערע. דער הויפט ריכטער פון סופרים קאורט האָט אַרויסגעטראָגען אַ שאַרפען פּסק געגען דער יוניאָן. ער האָט ערקלערט, אַז אַרבייטער מעגען זיך אַליין אנטזאָגען צו אַרבייטען פאַר אַ קליינעם פרייז; זיי האָבען אָבער קיין רעכט ניט צו צווינגען אַן אַנדערען ער זאָל פאָדערען דעמזעלבען פרייז ווי זיי. ער האָט ווייטער ערקלערט, אַז דער־מיט וואָס די יוניאָן פאָדערט העכערע פּרייזען, שעדיגט זי דעם גאַנצען שוך־פאַך פון שטאָט, ווייל אין אַנדערע שטעט ווערען שיך געמאַכט ביליגער, קענען יענע קאָנקורירען מיט די היגע. לויט דעם ריכטער'ס אנטשיידונג איז אויסגעקומען אַז יעדע יוניאָן איז אַ פאַרברעכערישע אָרגאַניזאַציע.

קורץ נאָך דעם פּראָצעס איז פאָרגעקומען אַ צווייטער, וואָס האָט אַרויסגערופען נאָך אַ גרעסערען שטורם. אין ניו יאָרק האָבען די שניידער־באַלעבאַטים געשניטען דעם לוין פון די אַר־בייטער, און די אַרבייטער האָבען ערקלערט אַ סטרייק. דאָס איז געווען אין יאַנואַר, 1836. דער סטרייק האָט זיך געצויגען דריי מאָנאַטען. די אַרבייטער האָבען געפּיקעט די פאַבריקען און אַטאַ־קירט די סקעבס. די באָסעס האָבען געבראַכט קלאַגען געגען דער יוניאָן, אַז זי איז אַ פאַרשווערונג. דער פּראָצעס איז פאָר־געקומען פאַר אַ דזשורי, און דער ריכטער האָט אינסטרואירט די דזשורי לייט, זיי זאָלען אַרויסטראָגען אַן אורטייל פון שול־דיג, און די דזשורי האָט געפאָלגט. דער פּרעזידענט פון דער יוניאָן איז באַשטראָפט געוואָרען מיט 150 דאָלער; אַן אַרביי־טער, וועלכער איז געווען מער טעטיג ווי די איבעריגע אין פּי־קעטען, איז באַשטראָפט געוואָרען מיט 100 דאָלער; די איבעריגע אַרבייטער מיט 50 דאָלער יעדער. ביים אַרויפלייגען די שטראָף האָט דער ריכטער געהאַלטען אַ רעדע צו די סטרייקערס און צו

זיי געזאגט, אז „אין דעם געבענשטען לאנד פון געזעץ און פרייהייט איז דער וועג צו ערפאלג אפען פאר יעדען; יעדער ארבייטער קען דורך פייאיגקייט און דורך טיכטיגקייט אליין ווערען א באלעבאס". ער האט אויך געזאגט, אז יוניאנס שטא־מען פון דער פרעמד און אז זיי ווערען הויפטזעכליך אויפגע־האלטען פון אימיגראנטען. די ליבעראלע צייטונגען פון ניו יארק האבען די ענטשיידונג אטאקירט. די „איוונינג פאוסט" האט געשריבען: „מענשען מוזען זיין בלינד ווען זיי דענקען, אז בלויז אימיגראנטען זיינען מיטגלידער פון די יוניאנס. ווי איז דאס מעגליך, ווען מיר ווייסען אז צוויי־דריטעל פון אלע ארבייטער אין שטאט, עטליכע טויזענד אין צאל, באלאנגען צו די ארגאניזאציעס?" די „ניו יארק יוניאן" האט אזוי געשריבען: „אויב אן אמעריקאנער ריכטער זאגט צו אן אמעריקאנער דזשורי, אז די פעסטונגען וואס די ארימע האבען אויפגעבויט זיך צו שיצען געגען דער זשעדנעקייט פון די רייכע זיינען אומגעזעצ־ליך, דאן האבען די ארבייטער דאס פולע רעכט צו טאן דאס וואס אונזערע עלטערען האבען געטאן אין דער צייט פון דער רעוואלוציע: זיך צו באוואפענען פאר זעלבסט־שוץ".

די ארבייטער האבען אפגעהאלטען ריזיגע פראטעסט־פאר־זאמלונגען. זיי האבען אנגענומען רעזאלוציעס צו ארגאניזי־רען אן אייגענע פאליטישע פארטיי. ווי עס ווייזט אויס, הא־בען די פראטעסטען געהאט א ווירקונג. אין אייניגע פראצע־סען וואס זיינען פארגעקומען קורץ נאכדעם אין האדסאן און אין פילאדעלפיע, זיינען די יוניאנס ערקלערט געווארען פאר ניט שולדיג.

אין יאר 1840 איז די שטעלונג פון געריכט צו די יוניאנס ענדליך געענדערט געווארען. עס איז דאן פארגעקומען א פרא־צעס אין מאסאטשוזעטס, אין וועלכען איינער פון די גרעסטע ריכטער פון דער צייט, ריכטער שאו, איז ארויסגעטראטען פאר די יוניאנס. אויפ'ן באשולדיגונגס באנק איז געזעסען א יוניאן פון שוסטער. ריכטער שאו האט גע'פסקנ'ט, אז יעדע יוניאן איז א געזעצליכע קערפערשאפט און אז אויב מיטגלידער פון א יוניאן

באַגייען פאַרברעכענס אין פאַרבינדונג מיט יוניאָן טעטיגקייט, קען מען אָנקלאָגען בלויז יענע פּערזאָנען וועלכע האָבען די פאַר־ברעכענס באַגאַנגען, און ניט די גאַנצע יוניאָן. ריכטער שאָו האָט ווייטער ערקלערט, אַז אַ יוניאָן האָט אַ רעכט צו סטרייקען פאַר אַ „קלאָוזד שאָפּ", צו צווינגען אַ באָס, הייסט עס, אַז ער זאָל געוויסע אַרבייטער אָפּזאָגען.

זינט ריכטער שאָו האָט אַרויסגעגעבען די דאָזיגע אַנט־שיידונג, ווערען יוניאָנס אין אַלע געריכטען אַנערקענט אַלס גע־זעצליכע קערפּערשאַפטען. אין דער פראַגע פון „קלאָוזד שאָפּ", צי יוניאָנס מעגען צווינגען אַז ניט־ יוניאָן אַרבייטער זאָלען אָפּ־געזאָגט ווערען — אין דעם זיינען די ריכטער אין אַמעריקע נאָך ביז היינט ניט אינגאַנצען איינִיג. די מערסטע ריכטער אָבער האָבען דעמזעלבען שטאַנדפּונקט וואָס ריכטער שאָו האָט אָנגע־נומען.

די יוניאָן באַוועגונג איז אָנגעגאַנגען כמעט אויסשליסליך צווישען די קוואַליפיצירטע („סקילד") אַרבייטער. צווישען די ניט־קוואַליפיצירטע, ד. ה. שוואַרצע אַרבייטער, זיינען קיין יו־ניאָנס ניט געווען. דער דאָזיגער קלאַס אַרבייטער איז באַשטאַנען מייסטענס פון פרעמדע, אימיגראַנטען. אין די דרייסיגער יאָרען, אַ דאַנק די גוטע צייטען, האָט זיך די אימיגראַציע קיין אַמעריקע שטאַרק פאַרגרעסערט. צווישען 1820 און 1829 זיינען אָנגעקומען אַן ערך פון 128 טויזענד אימי־גראַנטען. צווישען 1830 און 1839 האָט זיך די צאָל אימי־גראַנטען אַ הויב געטאָן ביז איבער 538 טויזענט. די גרעסטע צאָל זיינען געקומען פון אײרלאַנד. נאָך אײרלאַנד אין דער ריי איז געווען דייטשלאַנד.

די דייטשע אימיגראַנטען האָבען זיך באַזעצט מייסטענס אין דער וועסט, און זיינען געוואָרען פאַרמער. די אײרישע זיי־נען אָבער געבליבען אין די גרויסע שטעט, און זיי האָבען גע־ליפערט די שוואַרצע אַרבייטער ביים גראָבען ערד, בויען שאָ־סעען, ביי די האַפענס, א. ז. וו. דער קבלת פנים וואָס די איי־רישע האָבען דאָ געקראָגען איז גאָר ניט געווען קיין פריינדלי־

בער. ערשטענס, האט געהערשט רעליגיעזע פאראורטיילע געגען זיי. די איירישע זיינען קאטאליקען, און די אמעריקאנער האבען גע'ירשנ'ט פון זייערע עלטערען און אור־עלטערען א שנאה צו דער קאטוילישער קירכע. אין אייניגע שטעט זיינען פארגעקומען אנפאלען אויף די איירישע בלויז דערפאר, וואס מען האט זיי ניט ליב געהאט. אין 1835 איז פארגעקומען א גרויסער ראיאט אין ניו יארק. אין 1837 איז אויף דעם איירישען קווארטאל אין באסטאן געמאכט געווארען א פאגראם. הייזער זיינען צוראבירט געווארען און עטליכע מענשען זיינען צוקאליעטשעט געווארען.

א סך ערנסטערע אומרוען זיינען פארגעקומען צווישען די איירישע ארבייטער. זייער לאגע איז געווען א שרעקליכע. זיי האבען, ווי געזאגט, געארבייט ביים בויען שאסען און גראבען קאנאלען. זייער לוין איז געווען פון 10 ביז 12 דאלער א מאנאט מיט עסען. ווינטער פלעגען זיי באקומען בלויז 5 דאלער א מאנאט, און ווען די צייט איז געווען שלעכט, פלעגען זיי ארבייטען פאר'ן עסען אליין. די איירישע ארבייטער, וואס האבען דעם גליק געהאט צו באקומען ארבייט אין שטאט, פלעגען קריגען ניט מער ווי 75 סענט א טאג.

די אומרוען וואס זיינען פארגעקומען צווישען די ארימע אימיגראנטען זיינען ניט געווען סתם ראיאטען, נאר ספאנטאנע סטרייקס. די פרעסע און די פאליציי האבען באהאנדעלט די ארבייטער אזוי ווי זיי וואלטען געווען איינפאכע פארברעכער. ביז היינטיגען טאג שרייבען די מערסטע היסטאריקער וועגען יענע אומרוען צווישען די איירישע אימיגראנטען ווי וועגען אנפאלען פון באנדיטען. אט איז א כאראקטעריסטישער פאל פון אזא „ראיאט": די ארבייטער וואס האבען געגראבען דעם פענסילווייניא קאנאל האבען אין 1829 איבערגעליטען א הונגער ווינטער. אין די קאלטע מאנאטען איז די ארבייט אפגעשטעלט געווארען און די ארבייטער האבען זיך פארשולדיגט איבער'ן קאפ. ווען עס איז געווארען ווארימער און מען האט זיך ווידער גערארפט שטעלען ארבייטען, האבען די ארבייטער געפאדערט

מען זאָל זיי העכערען די שכירות פון 80 סענט אויף א דאָלער א טאָג. זיי האָבען ניט געפאָדערט אז די העכערונג זאָל פארבלייבען אויף שטענדיג, נאָר ביז וואנען זיי וועלען אויסצאָלען די חובות. די באַלעבאַטים האָבען דעם פארלאנג צוריקגעוויזען, און די ארבייטער האָבען זיך אנטזאגט צו גיין צו דער ארבייט. דער ראַיאָט איז באשטאנען אין דעם, וואָס זיי האָבען געסטראַשעט, אז דער וואָס וועט וואגען צו סקעבען, וועט טייער באַצאָלען.

אַן ערנסטער אויפשטאנד איז פאָרגעקומען ביים בויען א באַן ליניע. א קאָנטראַקטאָר וואָס האָט באשעפטיגט די ארבייטער איז אַנטלאָפען מיט זייער געלט. די ארבייטער האָבען געפאָדערט די באַן־קאָמפּאַניע זאָל זיי באַצאָלען וואָס זיי קומט. ווען די קאָמפּאַניע האָט זיך אנטזאגט, האָבען די ארבייטער גענומען אויפרייסען די רעלסען וואָס זיי האָבען געלייגט. אין 1834 האָבען די ארבייטער אויף דער באַסטאָנער און פּראָווידענס'ער באַן־ליניע געפאָדערט א העכערונג. סאָלדאַטען זיינען ארויסגעשיקט געוואָרען צו אונטערדריקען די ארבייטער מיט דעם אויסרייד אז זיי מאכען ראַיאָטען. אָט זיינען א פּאָר באריכטען אין די צייטונגען וועגען יענע ראַיאָטען:

א באַסטאָנער צייטונג שרייבט: „אין אונזער געגענד קומען אזוינע ראַיאָטען ניט פאָר. די מערסטע וואָס פאראורזאכען די ראַיאָטען זיינען פרעמדע".

א צייטונג אין פענסילווייניא שרייבט: „עס איז פאָרגעקומען א ראַיאָט אין ניו יאָרק. די פּאָליציי איז געקומען און ארעסטירט א האַלבען טוץ נארישע און היציגע אימיגראַנטען".

דער קאַמף־גייסט פון דער צייט איז אריינגעדרונגען אפילו אין די טעקסטיל פאבריקען, וואו די ארבייטער זיינען שטענדיג געהאַלטען געוואָרען אונטער א שטרענגער אויפזיכט. אין די דרייסיגער יאָרען זיינען פאָרגעקומען סטרייקס אין די טעקסטיל פירמעס פון פענסילווייניא, ניו דזשוירזי, און די ניו־ענגלאנד שטאַטען. אָבער זייער ווייניג פון די סטרייקס זיינען געוואונען געוואָרען.

דער וויכטיגסטער סטרייק אין די ניו־דזשוירזי טעקסטיל

פאבריקען איז פארגעקומען אין די זומער־מאנאטען פון 1835.
צוויי טויזענד ארבייטער אין צוואנציג פאבריקען פון פעטער־
סאן זיינען ארויס אין קאמף פאר א קירצערען ארבייטס־טאג.
זיי האבען געפאדערט אז די ארבייטס־שטונדען זאלען געשניטען
ווערען פון דרייצען־און־א־האלב אויף עלף. דער סטרייק האט
ארויסגערופען די סימפאטיע פון די ארגאניזירטע ארבייטער אין
די ארומיגע שטעט. איבעראל איז פאר די סטרייקער געזאמעלט
געווארען געלט. אין ניו יארק האבען די ארבייטער באשטימט
אין יעדער טייל פון שטאט א קאמיטע פון דריי, צו זאמלען
געלט פאר פעטערסאן. דער סטרייק האט אנגעהאלטען פון יוני
ביז סעפטעמבער. די באלעבאטים האבען דאן ערקלערט, אז זיי
שניידען ארונטער די ארבייטס־שטונדען ביז צוועלף. די דאזיגע
ערקלערונג האט געבראכען דעם סטרייק. צוויי־דריטעל פון די
ארבייטער האבען זיך אנגעכאפט אן דער הנחה און זיינען גלייך
אוועק צוריק אין די פאבריקען. די באלעבאטים האבען בא־
שטראפט די פירער פון סטרייק דערמיט, וואס זיי האבען זייערע
קליינע קינדער ניט געגעבען קיין פלאץ אין די פאבריקען. אן
ארבייטער־פאמיליע אין א טעקסטיל שטאט האט דאן ניט גע־
קענט עקזיסטירען אן דער ארבייט פון די קינדער. די סטרייק־
פירער זיינען געצוואונגען געווען צו פארלאזען פעטערסאן.

די סטרייקס אין די ניו־ענגלאנד טעקסטיל פאבריקען זיינען
כמעט אין אלע פאלען געווען צוליב שכירות. כמעט אלע ארביי־
טער דארטען זיינען געווען מיידלאך און יונגע קינדער, און זיי־
ערע שכירות זיינען געווען קלעגליכע. אט איז א ליסטע פון די
דורכשניטליכע וועכענטליכע שכירות אין יענע שטאטען: מאסא־
טשוזעטס 2.25$ א וואך, ניו־העמפשייער 2.60$, ווערמאנט
1.84$, מעין, 2.33$, קאנעטיקוט און ראוד־איילענד 2.20$. די
באלעבאטים האבען דארטען געהאט אייגענע הייזער, וואו די
מיידלאך האבען געוואוינט. פאר א וואך שלאפען און עסען האָ־
בען זיי געצאלט 1.25$, האט זיך זיי אפגעשטעלט פון אומגעפער
60 סענט ביז 1.10 אויף אלע זייערע אנדערע הוצאות.

דער גרעסטער סטרייק אין דעם געגענד איז פארגעקומען

אין פעברואַר, 1834, אין לאָוועל, מאַסאַטשוזעטס. די באַלעבאַ־טים האָבען באַקאַנט געמאַכט, אַז זיי מוזען שניידען די שכירות אויף 15 פּראָצענט. די מיידלאַך, אַרום טויזענד אין צאָל, זיינען אַרויס אין סטרייק. דער סטרייק איז שנעל פאַרלוירען גע־גאַנגען. די פירער זיינען, אַלס שטראָף אַרויסגעוואָרפען גע־וואָרען פון זייערע שטעלען.

די אַרבייטער־באַוועגונג אין די אַלע פאַכען, וועלכע האָט גרויס פאָרטשריט געמאַכט און אָפּגעהאַלטען אַ סך נצחונות אין די ערשטע דרייסיגער יאָרען, האָט אינגאַנצען צוזאַמענגעבראָכען אַזוי שנעל ווי דער קריזיס פון 1837 איז אָנגעקומען. אין די פריערדיגע יאָרען האָבען די יוניאַנס געהאַט אויפגעבויט צענ־טראַלע פאַרבאַנדען אין די שטעט, און נאַציאָנאַלע פאַרבאַנדען אין פאַרשיידענע שטעט און שטאַטען. זיי האָבען אויך אַרויס־געגעבען אייגענע צייטונגען. דאָס אַלץ איז איצט פאַרשוואונדען. די באַלעבאַטים האָבען גענומען שניידען די שכירות אָן רחמנות. די יוניאַנס זיינען געוועזן הילפלאָז. טויזענדע אַרבייטער האָבען אינגאַנצען פאַרלוירען זייער באַשעפטיגונג. „פון דער אַרבייטער־באַוועגונג" — שרייבט פּראָפעסאָר קאָממאָנס — „איז כמעט קיין סימן ניט געבליבען".

קאַפּיטעל. 10

# די „אבאָלישאָניסטישע״ באַוועגונג.

די שטימונג אין לאַנד בנוגע דער נעגער־שקלאַפעריי איז ניט געווען שטענדיג דיזעלבע. אין די ערשטע יאָרען נאָך דער רעוואָלוציע האָט אַפילו אין דער סאוט געהערשט אַ שטאַרקער געפיל, אַז שקלאַפעריי איז אַן אומרעכט, און אַז עס וואָלט גע־ווען געזינטער פאַר'ן לאַנד ווען מען וואָלט געקענט דערפון פּטור ווערען. די חשוב'סטע מענשען פון יענער צייט האָבען גע־שריבען וועגען דעם און פאָרגעשלאָגען פאַרשיידענע פּלענער ווי אַזוי די פראַגע צו לעזען. עס זיינען דעמאָלט אויך געגרינדעט געוואָרען אָרגאַניזאַציעס צו ארבייטען פאַר דער אָפּשאַפונג פון שקלאַפעריי. בענדזשאַמין פרענקלין איז געווען דער פאָרזיצער פון דעם ערשטען אַנטי־שקלאַפען פאַראיין, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען אין פּענסילווייניא אין יאָר 1774. די קאָנווענשאָן וואָס האָט פאַרפאַסט די קאָנסטיטוציע האָט שיער ניט אינגאַנצען פאַר־באָטען דעם ווייטערדיגען אריינפיר פון נעגער־שקלאַפען. בלויז די פאָרשטייער פון די צוויי שטאַטען — סאוט קאַראָלאַינאַ און דזשאָרדזשיא — האָבען זיך געשטעלט געגען; און צוליב זיי איז געמאַכט געוואָרען די פּשרה, און עס איז איינגעשריבען געוואָרען אַ פּונקט אין דער קאָנסטיטוציע, וואָס האָט ערלויבט דעם אריינ־פיר פון שקלאַפען אויף נאָך צוואַנציג יאָר — ביז 1808. די אַל־געמיינע מיינונג אַפילו אין דער סאוט איז דאַן געווען, אַז ווען דער אימפּאָרט פון נעגערס וועט אָפּגעשטעלט ווערען, וועט די שקלאַפעריי פון זיך אַליין אָנפאַנגען אָפּצושטאַרבען. און אַ גרוי־סע צאָל פון די דאָרטיגע איינוואוינער האָבען געהאָפט, אַז דאָס וועט וואָס שנעלער געשען.

די שטימונג האָט זיך גענומען ענדערען אין 19טען יאָר־הונדערט. די ערפינדונג פון דעם „קאטאן־דזשין" האָט אין פאַר־לויף פון א פּאָר צענדליג יאָר ארויפגעהויבען די קאטאן־אינדוס־טריע צו דער מדרגה פון דער וויכטיגסטער אינדוסטריע אין לאַנד. קאטאן־פּלאַנטאַציעס האָבען זיך פאַרנאַנדערגעוואקסען איבער'ן גאַנצען שטח פון דער סאוט און דער סאוט־וועסט. און די פּלאַנטאַציעס האָבען זיך גענויטיגט אין נעגער־ארבייטער. דער נעגער איז געווארען א נויטווענדיגקייט פאר דעם רייכען פּלאַנ־טאַטאָר. דער שקלאַף איז געשטיגען אין ווערט. די עקאָנאָמישע ענדערונג האָט געשאַפען אַן ענדערונג אין דער פּסיכאָלאָגיע פון די ווייסע אין דער סאוט. זיי האָבען אַלץ מער און מער גענומען קוקען אויפ'ן נעגער ווי אויף א מאשין וואָס טראָגט זיי אריין פּראָפיטען, ווי אויף א שטיק אייגענטום, און האָבען אין די נעג־נער פון שקלאַפעריי געזען אַלץ קלאָרער און דייטליכער א רויבער, א פאַרברעכער, וועלכער זוכט פון זיי אַוועקצונעמען זייער איי־גענטום.

עס איז שוין מער קיין רייד ניט געווען וועגען אפּשאַפען שקלאַפעריי מיט'ן אייגענעם רצון, אָדער וועגען געפינען מיטלען ווי אַזוי מיטצוברענגען אַז שקלאַפעריי זאָל פון זיך אַליין אָפּ־שטאַרבען. די סאוט האָט איצט, פאַרקערט, גענומען זוכען מיט־לען ווי אַזוי די שקלאַפעריי צו באַפעסטיגען, ווי אַזוי זיך צו פאַרזיכערען געגען דער מאַכט פון די געגנער פון שקלאַפעריי אין דער נאָרט. און עס האָט זיך אנטוויקעלט א קאַמף צווישען די צוויי טיילען פון לאַנד איבער דער פּאָליטישער הערשאַפט אין וואשינגטאָן. די שקלאַפען־אייגענטימער פון דער סאוט האָבען באשלאָסען, אַז זיי מוזען האַלטען די רעגירונג אין זייערע הענט; אַז זיי טאָרען ניט דערלאָזען די פרייע נאָרט זאָל קריגען א מאַ־יאָריטעט אין סענאַט. די שקלאַפען פראַגע האָט געפירט צו א פּאָליטישען קאַמף צווישען די פרייע שטאַטען און די שקלאַפען שטאַטען. די ערשטע גרויסע פּאָליטישע שלאַכט איז פאָרגעקו־מען אין 1820, ווען מיזורי האָט געדאַרפט אריינטרעטען אַלס א שטאַט. יענע שלאַכט האָט זיך געענדיגט מיט א פּשרה.

אבער דאס איז געווען דער אנפאנג, דער אנזאגער פון ווייטערע שלאכטען, שארפערע און פארביטערטערע.

די סאוט איז געווארען נערוועז, ציטעריג איבער דער שקלא־פען סיסטעם. פריער האט איר ניט געארט ווען פריוואטע מענשען האבען וועגען דער פראגע גערעט, ווען זיי האבען דיסקוטירט פאר און געגען. אבער נאך דער מיזורי פאסירונג האט די סאוט שוין מער ניט געקענט דולדען קיין קריטיק. זי האט געפילט, אז מען באגייט אן עולה געגען איר ווען מען דריקט אויס א מיינונג געגען נעגער־שקלאפעריי, און די שטימונג האט זיך פארשפרייט פון דער סאוט אין דער נארט. יענע קלאסען אין דער נארט, וועלכע האבען סימפאטיזירט מיט די שקלאפען־האלטער אין דער סאוט, האבען אויך גענומען פילען אז די פראגע טאר ניט אנגערירט ווערען, אז עס איז א געפאר וועגען איר עפענטליך צו ריידען. שרייבט דער היסטאריקער דזשיימס טראסלאו עדעמס: „דאס איז געווען איינע פון די מערקווירדיגע ערשיינונגען אין דער געשיכטע פון אמעריקא — די שרעק צו ריידען וועגען דער פראגע, כאטש אלע האבען וועגען איר געטראכט. בעפאר 1830 האט מען די פראגע געקענט פריי דיסקוטירען. נאך 1850 איז די פראגע געווארען די וויכטיגסטע אין דער פאליטיק, און עס פארשטייט זיך, אז דאן האט מען וועגען איר ווידער פריי געקענט ריידען. אבער צווישען 1830 און 1850 האט מען זיך געשראקען זיך צוצורירען צו איר".

אין אט די צוואנציג יאר איז די אלגעמיינע שטימונג אין דער נארט געווען גינסטיג צו נעגער־שקלאפעריי. די רייכע געשעפטסלייט, די אינטעליגענץ, די קירכע, די הויכע געזעלשאפט, די פאליטישע פירער — אלע האבען זיי געשטיצט די שקלאפען־אייגענטימער אין דער סאוט. די אורזאכע איז געווען הויפטזעכליך אן עקאנאמישע, אבער טיילווייז אויך א סאציאלע. די טעקסטיל־פאבריקען אין ניו־ענגלאנד האבען זיך גענויטיגט אין די קאטאן פון דער סאוט, און די אייגענטימער פון די פאבריקען האבען מורא געהאט אז אן שקלאפען וועט די קאטאן־אינדוסטריע רואינירט ווערען. די אנדערע פאבריקאנטען און סוחרים פון דער

נאָרט זיינען אויך געווען ענג פאַרבונדען עקאָנאָמיש מיט די ווייסע פון דער סאוט. די נאָרט האָט פאַבריצירט אַלערליי סחורות פאַר דער סאוט, און די נאָרט האָט ניט געוואָלט פאַרלירען אַזאַ גוטען קונה ווי די סאוט איז געווען. זי האָט ניט געוואָלט, אַז מען זאָל ביי דעם רייכען קונה אין דער סאוט צונעמען זיין קוואַל פון רייכטום, זיינע נעגער־שקלאַפען.

די פּאָליטישע פאַרבינדונגען צווישען דער נאָרט און דער סאוט זיינען אויך געווען פעסטע. די ביידע פּאָליטישע פּאַרטייען האָבען געהאַט שטאַרקע פליגלען אין דער סאוט. די פאָרשטייער פון די פּאַרטייען אין דער נאָרט זיינען טאַקע געווען פאַראינ־טערעסירט איינצוהאַלטען די גאַנצקייט פון די אָרגאַניזאַציעס. יעדע פון די צוויי פּאַרטייען האָט מורא געהאַט, אַז אויב איר פליגעל אין דער סאוט וועט זיך אָפּרייסען, וועט די צווייטע פּאַרטיי ממילא שטאַרקער ווערען. זיי האָבען זיך דעריבער געסטאַרעט צופרידענצושטעלען די סאוט, לעבען גוט מיט איר.

אין די הויכע פענסטער פון דער געזעלשאַפט אין דער נאָרט האָט מען זייער ליב געהאַט די אַריסטאָקראַטען פון דער סאוט. די יונגע בחורים און מיידלאַך פון די רייכע שקלאַפען־אייגענטימער זיינען דערצויגען געוואָרען אין לוקסוס, לויט דעם מוסטער פון דער לאַנד־אַריסטאָקראַטיע אין ענגלאַנד. זיי פלעגען קומען צופאָרען אין דער נאָרט און דאָרט פאַרשווענדען גרויסע סומען געלט. זייערע מאַנערען זיינען געווען ווי פון אַדעל־לייט. זיי פלעגען זיך באַרימען מיט זייערע נעגערס, פלעגען דערציילען מעשות ווי אַזוי זיי האָבען געשמיסען שקלאַפען. די רייכע אין דער נאָרט האָבען זיך אָן זיי מתקנא געווען. „דאָס זיינען אמת'ע אַריסטאָקראַטען". מען פלעגט זיי אין די רייכסטע הייזער אויפ־נעמען מיט גרויס פּאַראַד. זיי פלעגען שטודירען אין רייכע קאָ־לעדזשעס אין דער נאָרט און גיין אין די אַריסטאָקראַטישע קיר־כעס. אָפט פלעגען זיי זיך מתחתן זיין מיט די רייכע פאַמיליעס פון דער נאָרט. אויף אַזאַ אופן איז די גאַנצע הויכע געזעלשאַפט פון דער נאָרט אָנגעשטעקט געוואָרען מיט דעם גייסט פון דער שקלאַפען־אַריסטאָקראַטיע אין דער סאוט.

און אפילו די גרויסע מאסע, די אָרימע קלאסען פון דער נאָרט, האָבען אויך מורא געהאַט די פראַגע אָנצורירען. זיי האָט מען פארגיפטעט די מוחות מיט אַלערליי פּאַראורטיילען געגען די נעגערס, מיט אַלערליי בבא־מעשות. מען האָט זיי, צום ביי־שפּיל, דערציילט, אַז אויב די נעגערס וועלען באפרייט ווערען, וועלען זיי אַלע קומען אין דער נאָרט און צונעמען די ארבייט פון די ווייסע ארבייטער. מען האָט זיי אויך פארזיכערט, אַז אַזוי שנעל ווי די נעגער וועלען באַפרייט ווערען, יועלען זיי הייראַטען מיט ווייסע מיידלאך. „ווילט איר, אַז אייערע טעכטער זאָלען הייראַטען מיט נעגער? אויב ניט, לאָזט די נעגערס בלייבען ווייטער שקלאַפען". אַזוי האָט מען גערעט צווישען זיך.

דער נעגער איז שרעקליך פאַרהאַסט געווען אין דער נאָרט. אפילו אין די שטאַטען, וואו עס איז געווען פאַרבאָטען אים צו האלטען פאַר אַ שקלאַף, איז ער באהאנדעלט געוואָרען ווי אַ חיה. אין אָהייאָ, צום ביישפּיל, אַ פרייער שטאַט, האָט אַ נעגער ניט געטאָרט וואוינען, סיידען ער האָט איינגעלייגט אַ באָנד אַלס אַ גאַראַנטיע אַז ער וועט זיך גוט אויפפירען. קיין שטימרעכט האָט מען, פארשטייט זיך, זיי ניט געגעבען. אין די שולען האָט מען זייערע קינדער ניט אריינגעלאָזען. אין די ניו־ענגלאַנד שטאַטען האָט מען זיי ניט ערלויבט צו פאָרען אויף די באַנען אין דיזעלבע וואַגאָנען מיט די ווייסע. אין טייל שטעט האָט מען זיי ניט אריינגעלאָזען אין די קירכעס פון די ווייסע. אין אַ גע־וויסער קירכע אין האַרטפאָרד, קאָנעטיקוט, האָט מען פאַר די נעגער אָפּגעגעבען עטליכע בענק אין הינטערשטען טייל, און די בענק ארומגעשלאָגען מיט ברעטער אַזוי, אַז די ווייסע זאָלען דאָרט ניט קענען זען די נעגער. אין געוויסע פלעצער אין ניו־ענגלאַנד האָט מען די נעגער אפילו ניט ערלויבט צו בויען איי־גענע שולען פאַר זייערע קינדער.

אין 1817 האָט זיך אָרגאַניזירט די „אמעריקאַן קאָלאָני־זיישאָן סאָסייעטי", וועלכע האָט זיך געשטעלט אַלס אויפגאַבע צו קויפען ערגעץ ווייט אַ שטיק טעריטאָריע און ארויסשיקען אַהין די פרייע נעגער וואָס געפינען זיך אין אמעריקא; אַזוינע נע־

נערס, פאַרשטייט זיך, וואָס האָבען איינגעווילינט צו פּאָרען. אין דער באַוועגונג זיינען אריינגעטראָטען פאַרשיידענע מענשען אויס פאַרשיידענע מאָטיוועז. עס זיינען אריין אַזוינע, וועלכע האָבען געהאַלטען אַז די פרייע נעגער זיינען אַן אונגליק פאַר'ן לאַנד און מען דאַרף פון זיי פטור ווערען. עס זיינען ווידער אריין אַזוינע, וועלכע האָבען מיטלייד געהאַט אויף דעם נעגער און געגלויבט אַז פאַר זיי וועט זיין אַ גליק ווען מען וועט פאַר זיי קריגען ערגעץ אַ היים. עס זיינען אפילו געווען אַזוינע, וועלכע האָבען זיך איינגערעדט אַז דורך דער באַוועגונג וועט זיי געלינגען אויסצולייזען די נעגער־שקלאַפען און זיי ארויסשיקען פון דאַנען. די געזעלשאַפט האָט געזאַמעלט אַ סך געלט. טייל פון די פּראָמינענטסטע מענער אין לאַנד זיינען געוואָרען מיטגלידער. זי האָט געקויפט אַ שטיק לאַנד אין אפריקא און איר אַ נאָמען גע־געבען ליבעריא און זי האָט אָנגעפירט אַ פּראָפּאַגאַנדאַ צווישען די פרייע נעגער זיי זאָלען ארויספאָרען אַהין, און די געזעלשאַפט האָט געדעקט אַלע הוצאות.

די באַוועגונג האָט אין עטליכע יאָר צייט זיך ארויסגעוויזען פאַר אַ דורכפאַל. ערשטענס האָבען די נעגער ניט געוואָלט פאַר־לאָזען אַמעריקאַ. צווייטענס האָט זיך דאָס לאַנד ליבעריא ארויס־געשטעלט פאַר אַ זייער ניט פּאַסיג פּלאַץ. עס האָבען דאָרט גע־בושעוועט פאַרשיידענע קראַנקהייטען. די נעגער וואָס זיינען אַוועקגעפאָרען אַהין זיינען אויסגעשטאָרבען מאַסענווייז. אין פערציג יאָר צייט איז ניט געלונגען צו קאָלאָניזירען מער ווי ניין טויזענד נעגער.

אָבער אין דעם גרויסען מאָראַלען מדבר האָבען זיך אויפ־געהויבען איינצעלנע, געציילטע שטימען פון אמת'ע אידעאַליס־טען, וועלכע האָבען פאַרדאַמט נעגער־שקלאַפעריי מיט די שאַרפ־סטע, ביטערסטע ווערטער אַלס אַ זינד, אַלס אַ פאַרברעכען, אַלס אַ קללה אויפ'ן לאַנד, אַלס אַ שאַנד־פלעק אויפ'ן אַמעריקאַנער פאָלק. די אידעאַליסטען האָבען אָרגאַניזירט אַ באַוועגונג וואָס האָט געפּריידיגט די באַלדיגע באַפרייאונג פון אַלע נעגער שקלאַ־פען. זיי האָבען אָרגאַניזירט פאַראיינען אין פאַרשיידענע טיי־

לען פון לאנד; זיי האבען ארויסגעגעבען צייטונגען, אגיטירט ביי מאסענפארזאמלונגען. אבער פאר זייער נאבעלער, אידעאליסטישער ארבייט זיינען זיי פארפאלגט געווארען. מען האט זיי געטריבען, פארווארפען מיט שטיינער, געשליידערט אין די טורמעס, געלייגט אין חרם. אייניגע האבען אפילו באצאלט מיט זייערע לעבענס. זיי האבען זיך אבער פאר קיינע געפארען און פאר קיינע פארפאלגונגען ניט אפגעשראקען. די מערסטע פון דער נאבעלער גרופע זיינען געווען קינדער פון ארימען פאלק, וועלכע האבען ניט געקענט פארטראגען דעם צער און דעם פיין פון די נעגער־שקלאפען. עס זיינען אבער צווישען זיי אויך געווען קינדער פון דער אריסטאקראטיע, זין און טעכטער פון רייכע עלטערען. אייניגע פון זיי האבען אפילו געשטאמט פון דער סאוט פון עלטערען וואס זיינען געווען שקלאפען־אייגענטימער. די באוועגונג איז פון אנפאנג אן באצייכענט געווארען מיט'ן נאמען „אבאלישאניסט מואוומענט” (אפשאפונג־באוועגונג). מיט דעם נאמען האבען איר געקרוינט די געגנער אלס אן אפשפאטונג, אבער דער נאמען איז איר פארבליבען, פארבליבען אלס א שטאלץ פאר יעדען וואס האט די זכיה געהאט צו זיין פארבונדען מיט איר.

דזשאן פ. יוהז, וועלכער איז אליין געווען אן „אבאלישאניסט”, שרייבט אין זיין ווערק „די אבאלישאניסט” אזוי: „די ערשטע גרינדער פון דער באוועגונג זיינען פארדאמט געווארען אלס פאנאטיקער. מען האט זיי באהאנדעלט ווי האלבע משוגעים. איך געדענק א פראצעס וואס איז פארגעקומען אין מיין שטעטעל איבער א קו וואס איז ווערט געווען צוואנציג דאלער. אן עדות איז פארגערופען געווארען, האט אים דער אדוואקאט פון געגנערישען צד געפרעגט צי ער איז ניט אן „אבאלישאניסט”. זיין אדוואקאט האט איינגעווענדט געגען דער פראגע, אז דאס האט מיט דעם פראצעס ניט צו טאן. דארויף האט דער ריכטער באמערקט, אז די פראגע האט יע א שייכות, ווייל דורך איר וועט מען אויסגעפינען צי דער עדות איז ביים זינען און צי מען קען גלויבען וואס ער זאגט”.

דער ערשטער אמת'ער אבאָלישאָניסט, דער פּיאָנער אין דער גרויסער אידעאַליסטישער באַוועגונג, איז געווען בענדזשאמין לאָנדי. ער איז געבוירען געוואָרען אין ניו־דזשוירזי אין 1789. זיינע עלטערען זיינען געווען „קוועיקערס". צו ניינצען יאָר איז ער אוועק קיין ווהילינג, ווירדזשיניא, וואו ער האָט זיך געלערענט פאר א זאטעל־מאכער. ווהילינג איז דאן געווען א סטאנציע פאר שקלאפען־הענדלער. דורך דער שטאָט פלעגט מען דורכפירען די לעבעדיגע סחורה אויפ'ן וועג צו די פלאנטאציעס אין דער סאוט. מען פלעגט זיי פירען צוגעבונדען צו א לאנגען שטריק, אזוי ווי אָקסען. די בילדער האָבען אויף דעם יונגען לאָנדי גע־מאכט א טיפען איינדרוק. „איך האָב געהערט דאן דעם יאָמער פון די געפאנגענע; איך האָב געפילט דעם ווייטאָג פון זייערע ליידען, און איך האָב באשלאָסען צו קעמפען". אזוי האָט ער שפּעטער געשריבען אין זיין טאָג־בוך.

נאָכדעם ווי ער האָט געהייראט, האָט ער זיך באזעצט אין א שטעטל אין דעם פרייען שטאָט אָהייאָ. ער האָט אָבער ניט געקענט פארגעסען דאָס וואָס ער האָט געזען אין ווהילינג, און ער האָט אין 1815 אָרגאניזירט אין זיין שטעטל א פאראיין צו קעמפען געגען שקלאפעריי. צום ערשטען מיטינג זיינען גע־קומען זעקס מענשען. מיט דער צייט אָבער איז דער פאראיין געוואקסען, ביז ער האָט געציילט עטליכע הונדערט מיטגלידער. לאָנדי האָט אָנגעהויבען ארויסצוגעבען א זשורנאל מיט'ן נאָמען „די פילאנטראָפּיסט", אין וועלכען ער האָט אגיטירט פאר יושר און גערעכטיגקייט צום נעגער. קיין געלט האָט ער ניט געהאט. דער עולם איז געווען גלייכגילטיג צום זשורנאל. אין א קורצער צייט האָט ער אין דער צייטונג אריינגעלייגט אלץ וואָס ער האָט פארמאָגט, און ער האָט אלץ פארלאָרען. ער איז געבליבען אָן א צייטונג און אָן מיטעל צום לעבען.

פון דעמאָלט אָן האָט ער זיך אריינגעוואָרפען אינגאנצען אין דער ארבייט צו העלפען די נעגער. קיין באזונדערע פייאיג־קייטען האָט ער ניט געהאט, ניט אלס שרייבער און ניט אלס רעדנער. זיין אויסזען איז אויך ניט געווען אזא וואָס זאָל אים

העלפען: א דאַרער, א נידעריגער, א צוריקגעצויגענער. דאָך האָט ער זיין ארבייט פאַרטגעזעצט מיט אן עקשנות וואס מען האָט געמוזט באַוואונדערען. אין 1821 האָט ער אָנגעהויבען אַרויסצוגעבען א מאָנאַטליכע שריפט מיט דעם נאָמען „די דזשי־ניאָס אָוו יוניווערסאל עמענסיפּיישאָן" (דער גוטער גייסט פון אַלגעמיינער באַפרייאונג). ער האָט זיך אויסגעלערענט שריפט־זעצעריי. ער האָט די צייטונג אַליין געשריבען, אַליין געדרוקט און אַליין פאַרקויפט. ווען ער האָט די צייטונג געגרינדעט האָט ער געהאַט זעקס אבאָנענטען. די דרוקעריי האָט זיך געפונען צוואַנציג מייל פון זיין שטעטל, און ער פלעגט אהין גיין צו־פוס און שלעפּען אויף די פּלייצעס דעם פּאַק צייטונגען. „איך האָב די ארבייט אָנגעפאַנגען אָן א דאָלער אין מיין קעשענע" — האָט ער אין שפּעטערדיגע יאָרען דערקלערט — „איך האָב בלויז געהאַט צוטרויען צו דער הייליגקייט פון דער זאַך".

מיט דער צייטונג האָט ער איצט אָנגעהויבען וואַנדערען איבערען לאַנד. ער פלעגט זיך אָפּשטעלען אין א שטעטעל, דאָרטען האַלטען א פאָרטראַג געגען שקלאַפעריי און דערנאָך פאַרקויפען זיין צייטונג. ער פלעגט גיין צופוס, שלעפּענדיג אויף זיך די פּעק צייטונגען. „אין צען יאָר צייט" — שרייבט יוהז — „האָט ער אויף אַזא אופן דורכגעוואַנדערט א שטרעקע פון 25 טויזענד מייל; פינף טויזענד דערפון איז ער געגאַנגען צופוס". אין 1825 איז ער אַוועק קיין האיטי מיט אן עקספּעדיציע וואָס איז געווען פאַרבונדען מיט אן אונטערנעמונג אַריבערצופירען אויף יענעם אינזעל אַמעריקאַנער שקלאַפען. ווען ער איז צו־ריקגעקומען, האָט ער געפונען אַז זיין פרוי איז געשטאָרבען און אַז זייערע קינדער זיינען צעשפּרייט צווישען פריינט. ער האָט ווייטער אַוועקגעוואַנדערט קיין ניו־יאָרק, קיין באָסטאָן, קיין מעין. אין 1829 איז ער אָנגעקומען קיין באַלטימאָר, און דאָר־טען האָט ער שיער ניט פאַרלוירען זיין לעבען. ער האָט אין זיין צייטונג אַטאַקירט א געוויסען שקלאַפען־הענדלער, און יע־נער האָט אים מערדערליך צושלאָגען. אין געריכט האָט דער ריכטער דעם שלעגער „ערנהאַפט באַפרייט". לאַנדי האָט דאַן

אוועקגעוואנדערט קיין מעקסיקא מיט א פּלאַן דאָרט צו גרינדען א קאָלאָניע פון נעגער. געגאַנגען איז ער צופוס און אויפ'ן וועג האָט ער זיך דערנערט פון מאַכען זאָטלען און פארריכטען שפּאַנען. שלאָפען פלעגט ער אונטער'ן פרייען הימעל. שפּעטער איז ער צוריקגעקומען קיין באַלטימאָר, און נאָכהער האָט ער זיך איי־בערגעקליבען מיט זיין ציימונג קיין וואַשינגטאָן. פון דאָרט איז ער אוועק קיין פילאַדעלפיע, וואו זיין גאַנצער שטיקעל פאר־מעגען איז פארניכטעט געווארען פון א רעגען שטורם. ער האָט אָבער זיין ארבייט פאָרטגעזעצט ביז'ן סוף. אין 1839 איז ער געשטאָרבען אין א שטעטעל אין אילינאָי, וואו ער האָט ביז זיינע לעצטע טעג ארויסגעגעבען זיין ציימונג.

לאָנדי'ס גרעסטער פארדינסט איז פיליכט דאָס, וואָס ער האָט צו דער „אבאָלישאָניסט"־באַוועגונג געבראַכט איר וויכטיג־סטען מענשען, איר מעכטיגסטען גייסט — וויליאם לאָיד גערימאָן. וועגען גערימאָנ'ען וועלען מיר שרייבען שפּעטער אויספירליך. דאָ מוז אָבער באַמערקט ווערען, אז לאָנדי האָט אים געבראַכט צו דער באַוועגונג, אוועקנעמענדיג אים פון דער „קאָלאָניזיישאָן סאָ־סייעטי", מיט וועלכער ער איז פריער געווען פארבונדען. מיט גערימאָנ'ס אָנקומען האָט די אבאָלישאָניסט באַוועגונג געקראָ־גען א פירער פון ערשטען ראַנג.

צווישען די ערשטע בויער פון דער אבאָלישאָניסט־באַוועגונג זיינען אויך געווען קינדער פון דער שקלאַפען אריסטאָקראַטיע פון דער סאוט. יענע האָבען פיליכט דעם גרעסטען קרבן גע־בראַכט. זיי זיינען ארויסגעשטויסען געוואָרען פון זייער גע־זעלשאַפט, זיי האָבען פארלוירען זייער מאַטעריעלען מצב. זייערע פאַמיליעס האָבען זיך פון זיי אָפּגעזאָגט. זיי האָבען אַלץ מקריב געווען פאַר דעם אידעאַל.

דער וויכטיגסטער פון דער גרופּע איז געווען דזשיימס געלעסבי בוירני. ער האָט געהערט צו א רייכער אריסטאָקראַ־טישער פאַמיליע אין אַלאַבאַמאַ. זיין פאָטער האָט אים געשיקט שטודירען אין די בעסטע אוניווערזיטעטען, און ער איז געווארען אן אדוואָקאַט. א דאַנק זיין בילדונג, זיינע פייאיגקייטען און

זיין אריסטאָקראַטישען יחוס איז ער שנעל געוואָרען פראָמינענט אין דעם גאַנצען שטאַט. זיין פּראַקטיק איז געווען אַ רייכע. ער האָט אויך געהאַט אַ סך לאַנד און אַ היבשע צאָל שקלאַפען. עט־ליכע מאָל איז ער דערוויילט געוואָרען צו הויכע עמטער. אין זיין פּאַרטיי האָט מען גערעדט וועגען נאָמינירען אים פאַר גאָווערנאָר.

אָבער גראָד דעמאָלט ווען ער האָט דערגרייכט דעם העכ־סטען פּונקט פון ערפאָלג, פּאָפּולאַריטעט און אָנזען, האָט ער גע־נומען טראַכטען וועגען דער מאָראַלישער זייט פון שקלאַפעריי. ער איז פריער געוואָרען אַן אָנהענגער פון דער „קאָלאָניזיישאָן סאָסייעטי". דערנאָך איז ער אַריבער צו די „אַבאָלישאָניסטס". ער האָט באַשלאָסען די ערשטע זאַך צו באַפרייען זיינע אייגענע שקלאַפען. אָבער דאָס איז אין אַלאַבאַמאַ געווען פאַרבאָטען. האָט ער זיך מיט די שקלאַפען אַריבערגעקליבען אין קענטאָקי. דאָרט האָט ער זיי ניט נאָר באַפרייט, נאָר זיי אויך באַזאָרגט מיט געלט מיטלען, זיי זאָלען זיך קענען דערנערען. דאַן האָט ער זיך אַריינגעוואָרפען אין דער אַרבייט פון דער אַנטי־שקלאַפעריי פּראָ־פּאַגאַנדע, אַן אַרבייט פאַר וועלכער ער האָט טייער באַצאָלט. ער האָט געפּרובירט אַרויסגעבען אַ פּראָפּאַגאַנדע־צייטונג אין קענ־טאָקי, האָבען די שקלאַפען־אייגנטימער אים אַרויסגעטריבען פון שטאַט. איז ער אַוועק קיין אָהייאָ. ער האָט זיך באַזעצט אין סינסינעטי און ווידער גענומען די צייטונג דרוקען. אָבער לאַנג האָט ער דאָרט אויך ניט געקענט זיין. אַן אויפגעהעצטער המון איז באַפאַלען זיין דרוקעריי און זי פאַרניכטעט. ער אַליין האָט זיך קוים מיט'ן לעבען געראַטעוועט. מיט אַ פּאָר יאָר שפּע־טער האָט ער גענומען גיין אויף אַן אַנדער וועג ווי די אַבאָלי־שאָניסטס. ער האָט זיך גענומען צום פּאָליטישען קאַמף און געגרינדעט אַ פּאַרטיי וואָס האָט געהאַט אַלס איר פּלאַטפאָרמע די אָפּשאַפונג פון שקלאַפעריי. די פּאַרטיי האָט זיך גערופען „די ליבערטי פּאַרטיי".

די אַבאָלישאָניסט באַוועגונג האָט געהאַט אירע מאַרטירער, אַזוינע וואָס האָבען מיט זייערע לעבענס באַצאָלט. צווישען די הייליגע איז געווען אַ יונגער גלח מיט'ן נאָמען אליהו לאַוודזשאָי.

ער איז געבוירען געוואָרען אין מעין. אין 1839 איז ער אוועק קיין סט. לואיס, מיזורי, און דאָרטען אַרויסגעגעבען אַ צייטונג וועלכע האָט אַגיטירט געגען שקלאַפעריי. מיזורי איז געווען אַ שקלאַפען שטאַט, האָט ער אין קורצען פון דאָרט געמוזט אוועק. ער האָט זיך באַזעצט אין דעם דערבייאיגען שטאַט אילינאָי, אין שטעטעל אַלטאָן, און דאָרט פאָרטגעזעצט זיין אַרבייט. כאָטש אילינאָי איז געווען אַ פרייער שטאַט, איז לאָוודזשאָי דאָרט ניט ווייניגער פאַרפאָלגט געוואָרען ווי אין מיזורי. אָבער אוועקגיין פון דאָרט האָט ער זיך אַבסאָלוט אַנטזאָגט. איז אַ המון באַפאַלען זיין דרוקעריי, אַרויסגעטראָגען די דרוק־מאַשין און זי אַריינגעוואָרפען אין טייך. לאָוודזשאָי האָט אין דער שטעטעל געהאַט אַ גרופּע אָנהענגער. האָבען זיי פאַר אים געקויפט אַ צווייטע מאַשין. דער המון האָט אָבער די מאַשין אויך פאַרניכטעט. דאָס־זעלבע האָט פּאַסירט מיט אַ דריטער מאַשין. לאָוודזשאָי האָט ער־קלערט אַז „אַזוי לאַנג ווי אַמעריקאַנער בלוט וועט פליסען אין מיינע אָדערען וועל איך שרייבען און דרוקען וואָס מיר געפעלט". ער האָט געשיקט ברענגען אַ פערטע מאַשין.

די מאַשין איז אָנגעקומען אין שטעטעל אַריין שפּעט ביי־נאַכט. מען האָט זי געדאַרפט צופירען צו אַ הויז, וואו לאָוו־דזשאָי און זיינע פריינט האָבען אויף איר געוואַרט. מיט אַ פּאָר שטונדען שפּעטער איז אַ המון באַפאַלען דאָס הויז. זיי האָבען געפאָדערט מען זאָל זיי אַרויסגעבען די מאַשין. זיי האָ־בען באַוואָרפען דאָס הויז מיט שטיינער און געשאָסען מיט רע־וואָלווערען. דאַן האָבען זיי געבראַכט לייטערס, זיינען אַרויפגע־קראָכען אויפ'ן דאַך און אונטערגעצונדען די הויז. לאָוודזשאָי איז אַרויסגעגאַנגען, וועלענדיג ריידען צו דער צואווילדעטער מאַסע. אָבער ער איז באַגעגענט געוואָרען מיט אַ האָגעל פון קוילען. דריי קוילען האָבען דורכגעלעכערט זיין ברוסט, און ער איז געפאַלען טויט.

לאָוודזשאָי'ס טויט האָט דעם המון נאָך ניט באַפרידיגט. ווען מען האָט אים געפירט צו דער קבורה, זיינען די חברה נאָכגעגאַנגען און געשפּאָט איבער דעם מאַרטירער.

א צווייטע מארטירערין, א יונגע פרוי מיט'ן נאמען פרודענס קרענדעל, האט געליטען ברוטאלע פארפאלגונגען עטליכע יאר נאכ־אנאנד, דערפאר וואס זי האט געוואלט לערנען נעגער־קינדער לעזען און שרייבען. די געשיכטע פון איר מארטירערשאפט איז ספעציעל אינטערעסאנט, ווייל זי האט פאסירט אין א שטעטעל אין ניו ענגלאנד, ווייט פון דער שקלאפישער סאוט.

אין 1832 האט מיסס קרענדעל געעפענט א פריוואטע שולע פאר מיידלאך אין דער שטעטעל קענטענבורי, קאנעטיקוט. דארט האט זיך געפונען א נעגער־פארמער, וואס האט געהאט א זייער פייאיגע טאכטער וועלכע האט געוואלט שטודירען פאר לערערין, כדי צו קענען דערנאך פארשפרייטען בילדונג צווישען די נעגער. מיס קרענדעל האט אריינגענומען דאס מיידעל אלס שילערין צו זיך אין דער שול. די איבעריגע שילערינס זיינען געווען ווייסע מיידלאך.

די עלטערען פון די ווייסע מיידלאך זיינען געווארען אויפ־געבראכט. זיי האבען געפאדערט פון מיס קרענדעל זי זאל אוועקשיקען דאס שווארצע מיידעל. מיס קרענדעל האט זיך אנט־זאגט. האבען די ווייסע אויפגעהערט צו גיין אין דער שול. מיס קרענדעל האט דאן געמאכט פון איר שול א נעגער שול.

אין שטעטעל איז געווארען א מהומה. עס איז פאררופען געווארען אן אסיפה, וועלכע האט פארדאמט די האנדלונגען פון דער לערערין. זי איז אבער געבליבען ביי אירס. דאן האבען זיך אנגעהויבען די רדיפות. די קרעמער פון שטעטעל האבען זיך אנטזאגט איר צו פארקויפען עסענווארג. אין איר ברונען האט מען געווארפען שמוץ. ווען אימיצער אין איר פאמיליע איז קראנק געווארען, האט קיין דאקטאר ניט געוואלט קומען. מען האט איר אפילו ניט אריינגעלאזען אין קירכע, וואו זי פלעגט שטענדיג גיין.

ווען די אלע טעראריסטישע מיטלען האבען ניט געהאלפען, האבען די איינוואוינער גע'פועל'ט אז די לעדזשיסלייטשור זאל דורכפירען א געזעץ צו פארבאטען שולען פאר נעגער־קינדער אן דער ערלויבניס פון די איינוואוינער פון שטעטעל. מיס קרענדעל

איז דאַן אַרעסטירט געוואָרען פאַר איבערטרעטען דאָס געזעץ. די ערשטע דזשורי האָט זיך ניט געקענט איינינגען. די צווייטע האָט זי אָבער געפונען שולדיג. זי האָט אַפּעלירט ביז'ן העכ־סטען געריכט, און דאָרט איז זי ענדליך באַפרייט געוואָרען דורך אַ טעכנישען דריידעל. פון שטעטעל האָט זי אָבער סוף־כל־סוף געמוזט אַוועק. אַ ווילדער המון איז באַפאַלען איר הויז און דאָר־טען אַלץ צובראָכען. קיין געלט אויף פאַררירכטען דעם שאָדען האָט זי ניט געהאַט. איר איז קיין אַנדער ברירה ניט געבליבען ווי פאַרמאַכען די שול.

די גרעסטע פּערזענליכקייט אין דער „אַבאָלישאָן”־באַווע־גונג איז געווען וויליאַם לאָיד געריסאָן. ער האָט אין דער באַ־וועגונג אַריינגעטראָגען אַ נייעם גייסט און איר געגעבען אַ נייע ווענדונג. ער איז געווען אַ מענש מיט אַ פייערדיגען טעמפּעראַ־מענט, מיט אַן אומערשעפּליכער ענערגיע, מיט אויסערגעוויינליכע פייאיגקייטען אַלס רעדנער, שרייבער און אָרגאַניזאַטאָר. ער איז געווען אַ געבוירענער פירער. מענשען האָבען געגלויבט אין זיין אויפריכטיגקייט, אין זיין אידעאַליזם. און אָט די אַלע מתנות, מיט וועלכע די נאַטור האָט אים געבענשט, האָט ער גע־ווידמעט דעם קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון די נעגער אין אַמעריקע. די וואַפען, מיט וועלכע ער האָט געקעמפט, זיינען געווען ריין אידעאַליסטישע. ער איז געווען דער נביא פון דער „אַבאָלישאָניסט”־באַוועגונג. די שקלאַפען־האַלטער און הענד־לער האָט ער פאַרדאַמט מיט דיזעלבע פייערדיגע קללות ווי די אידישע נביאים האָבען פאַרדאַמט די זינדיגע פון זייער צייט. ער האָט ניט מקפיד געווען מיט זיין שפּראַך. אין דער איי־נענער צייט אָבער איז ער געווען געגען באַנוצען געוואַלד מיט־לען אין זיין קאַמף. אין דעם פּרט איז ער געווען אַן אמת'ער קריסט, — אַן אַבסאָלוטער געגנער פון גוואַלט. ער האָט גע־גלויבט אין דער מאַכט פון וואָרט, און ער האָט זיך געשטעלט אַלס זיין אויפגאַבע אין לעבען צו דערוועקען אין די גרויסע מאַסען אַ צאָרן־געפיל געגען דער אומגערעכטיגקייט פון שקלאַ־פעריי און אַ פאַרלאַנג פאַר גערעכטיגקייט בכלל. ער איז גע־

ווען איבערציינט, אז דאס וועט ברענגען די ישועה פאר'ן נעגער.

וויליאם לאיד געריסאן איז געבוירען געווארען אין דער האפען־שטאט ניובעריפארט, מאסאטשוזעטס, דעם 10טען דע־צעמבער, 1805. זיין פאטער איז געבען א שיפס־קאפיטאן. ווען לאיד איז אלט געווען קנאפע דריי יאר, איז דער פאטער פארשוואונדען פון דער היים, איבערלאזענדיג א פרוי מיט דריי קליינע קינדער. דער עלטסטער אין דער פאמיליע איז געווען א אינגעל פון זיבען יאר. לאיד איז געווען דער צווייטער. דאס דריטע קינד איז געווען א מיידעלע, נאך אין וויג. ווי עס שיינט, איז דער פאטער געווען א קרבן פון שכרות. די מוטער האט ניט געוואלט ליידען וואס ער ברענגט אהיים „גוטע ברידער" און שכור'ט מיט זיי. זי האט אים עטליכע מאל שטארק אויס־גערעדט. איז ער געווארען ברוגז און איז אוועק.

די מוטער איז געווען אן ענערגישע און אן איבערגעבענע. מיט איר אייגענער פראצע האט זי געהאדעוועט די קינדער. דער קליינער לאיד איז עטליכע יאר געגאנגען אין א שול, אבער ווען ער איז אונטערגעוואקסען, האט זי געפרובירט אים לערנען א מלאכה. ווען ער איז אלט געווען ניין יאר, האט זי אים אפגעגעבען צו א שוסטער אין לין. שפעטער האט זי אים אפ־געגעבען צו א סטאליער. צו דער ארבייט האט ער ניט גע־טויגט, פשוט דערפאר ווייל ער איז נאך געווען צו יונג. ער האט זיך ביי די באלעבאטים לאנג ניט געהאלטען. ערשט ווען ער האט דערגרייכט דעם עלטער פון דרייצען יאר, איז ער געווארען א פאלנער מענש. ער האט זיך דאן פארדונגען אויף זיבען יאר צו אן ארויסגעבער פון א צייטונג אין זיין שטעטעל. דארטען האט ער זיך אויסגעלערענט די מלאכה פון שריפטזעצעריי. אין די זיבען יאר האט ער אין דער צייטונג געטאן אלערליי אנדערע ארבייטען. ער האט שטילערהייט אפילו געפרובט שרייבען און איז געווארען א מיטארבייטער אין דער רעדאקציע אונטער א פארשטעלטען נאמען.

צו צוואנציג יאר האט ער געענדיגט זיין טערמין אלס לער־יונג, און האט זיך גענומען אליין ארויסצוגעבען א צייטונג. אבער

מער ווי זעקס מאָנאטען האט ער ניט געקענט אויסהאלטען. האט ער די צייטונג פארקויפט און איז אוועק אין דער גרויסער שטאט זוכען זיין גליק, אין באסטאן. דאָרטען האט ער זיך גאנץ גוט אנגעפלאָגט, געביטען עטליכע שטעלעס, ארומגעגאנגען ליידיג, ביז ער האט זיך ענדליך ווידער דערשלאָגען צו אן איי־גענער בלאט. צוזאמען מיט א שותף האט ער ארויסגעגעבען א צייטונג מיט'ן נאָמען „דער נאציאָנאלער פילאנטראָפּ". די צייטונג האט זיך געשטעלט די אויפגאבע צו אגיטירען פאר „פּראָ־היבישאָן".

אין באסטאָן האט זיך געריסאָן באקענט מיט בענדזשאמין לאָנדי, וועלכער איז אהין אָנגעקומען אין יאָר 1828 צו פּראפּא־גאנדירען געגען נעגער־שקלאפעריי. געריסאָן איז געגאנגען הע־רען לאָנדי'ן ריידען און האט געלעזען לאָנדי'ס צייטונג „דער גוטער גייסט פון דער אלגעמיינער באפרייאונג". לאָנדי האט אין אים גלייך דערקענט א וויכטיגע הילפס־קראפט. זיי זיינען געוואָרען הייסע פריינט.

אין אָקטאָבער פון זעלבען יאָר האט געריסאָן באקומען אן איינלאדונג צו רעדאגירען א פּאָליטישע בלאט אין בענינגטאָן, ווערמאָנט. די צייטונג איז ארויסגעגעבען געוואָרען אין די פּאָליטישע אינטערעסען פון דזשאָן קווינסי עדעמס, וועלכער איז דאן געלאָפען פאר פּרעזידענט געגען דזשעקסאָנ'ען. געריסאָן האט אָבער די צייטונג ניט באגרעניצט אויף איר פּאָליטישען פּראָגראם. ער האט אין איר אָנגעפירט א שטארקע אגיטאציע פאר דריי רעפאָרמען: פאר פארבאָטען שטארקע געטראנקען, פאר אָפּשאפען שקלאפעריי און פאר אָפּשאפען מלחמות. זיין שטעלונג אין דער שקלאפען־פראגע איז נאָך דעמאָלט געווען פאר־העלטניסמעסיג מילד. ער האט געגלויבט אין דער קאָלאָניזא־ציאָנס־באוועגונג פאר די נעגער. אין זיין צייטונג האט ער אגיטירט פאר דער נעגער־קאָלאָניזאציע, ווייל דורך איר, האט ער געהאָפט, וועט במילא באלד קומען א סוף צו שקלאפעריי.

די שטעלע אלס רעדאקטאָר אין בענינגטאָן איז אים לכתחילה געגעבען געוואָרען אויף זעקס מאָנאט צייט. ווען דער טערמין

האָט זיך געענדיגט, אין אַפּריל 1829, איז ער צוריקגעקומען קיין באָסטאָן. פון דאָרטען איז ער אַוועק אין באַלטימאָר, וואו ער איז אַריינגעטראָטען אַלס אַ מיט־רעדאַקטאָר אין לאָנדי׳ס ציימונג. גאַריסאָן איז איצט אַלץ מער און מער אַריינגעצויגען געוואָרען אין דער אַרבייט געגען שקלאַפּעריי. ער האָט זיך באַקענט נעענטער מיט די אומשטענדען פון די נעגער, מיט דעם שקלאַפען־האַנדעל אין דער סאוט, און ער איז אָנגעפילט געוואָרען מיט צאָרן געגען דעם שווידערליכען פאַרברעכען פון די ווייסע געגען די שוואַרצע. ער איז געוואָרען אַ סך אַ בעסערער „אַבאָלישאָניסט” ווי זיין רבי אַליין. לאָנדי האָט אַגיטירט, אַז די שקלאַפעריי זאָל אָפּגעשאַפט ווערען ביסלעכווייז, אַז עס זאָל געפונען ווערען אַן אויסוועג ווי אַזוי די שקלאַפען אַרויסצופירען פון לאַנד. גאַריסאָן האָט ניט געהאַט קיין געדולד צו די אַלע תרופות. ער האָט גענומען פאַרדאַמען שקלאַפעריי מיט די שאַרפסטע ווערטער און גענומען פאָדערען די באַלדיגע אָפּשאַפונג פון דעם שקלאַפען־סיסטעם. אַזוי ווי לאָנדי האָט געהאַלטען אַז גאַריסאָנ׳ס אַגיטאַציע איז אַ צו שאַרפע, איז ביי זיי געבליבען, אַז יעדער פון זיי זאָל אונטערשרייבען זיין נאָמען אויף זיינע אַרטיקלען.

די שותפות׳דיגע רעדאַקציע האָט זיך לאַנג ניט געהאַלטען. אין 1830 האָט גאַריסאָן אָפּגעדרוקט אַן אַטאַקע אויף אַ שיף וואָס האָט געפירט שקלאַפען אין דער סאוט. דער קאַפּיטאַן האָט גאַריסאָנ׳ען אָנגעקלאָגט אין געריכט, און גאַריסאָן איז פאַר־משפּט געוואָרען צו באַצאָלען אַ געלט־שטראָף. אַזוי ווי ער האָט קיין געלט ניט געהאַט (די סומע האָט באַטראָפען אַרום 100 דאָלער), איז ער אָפּגעזעסען אַרום צוויי מאָנאַטען. פון געפענג־ניס איז ער אַרויס נאָך אַ גרעסערער „אַבאָלישאָניסט” ווי ער איז אַהין אַריין. ער האָט זיך איצט אַריינגעוואָרפען אין דער באַוועגונג מיט׳ן גאַנצען האַרצען און מיט דער גאַנצער נשמה. ער האָט באַשלאָסען אַרויסצוגעבען אַן אייגענע ציימונג, וואָס זאָל זיין אינגאַנצען געווידמעט דעם באַפרייאונגס־קאַמף. די ציימונג האָט ער אַ נאָמען געגעבען „די ליבערייטאָר” (דער באַפרייער).

זי האט אנגעהויבען צו דערשיינען דעם ערשטען יאנואר, 1831.

אין דעם ערשטען נומער האט געריסאן אפגעדרוקט זיין מאַניפעסט וועגען שקלאפעריי — א דאקומענט וועלכער איז ביז היינטיגען טאג בארימט אין דער געשיכטע פון פרייהייטס־קאמף. אין דעם מאניפעסט ווערט אויסגעדריקט די אייזערנע אנטשלאסענקייט צו פירען דעם קאמף ביז'ן ביטערען סוף. אט זיינען איניגע אויסצוגען:

„איך וויים, אז א סך האבען טענות געגיזן דער בייזקייט פון מיין שפראך. אבער, איז דען ניטא גענוג אורזאך בייז צו זיין? איך וועל זיין אזוי הארט ווי דער אמת, אזוי אומבויגיג ווי די גערעכטיגקייט. וועגען דער טעמע פון שקלאפעריי וויל איך ניט טראכטען און ניט ריידען און ניט שרייבען מיט געלאסענקייט. ניין! זאגט א מענשען וואס ברענט, ער זאל שרייען נאך הילף מיט א ווייכער, געלאסענער שטימע. זאגט א מענשען ער זאל זיין געלאסען ווען ער גייט ראטעווען זיין פרוי. זאגט דער מוטער זי זאל פאמעלאך, לאנגזאם ארויס־שלעפען איר קינד פון די פלאמען. אבער מיר זאלט איר ניט וואגען הייסען זיין געלאסען אין דער זאך וואס איך האב איצט אונטערנומען. איך בין ערנסט, איך וועל זיך ניט וואקלען, איך וועל ניט מוחל זיין, איך וועל ניט אפטרעטען איין איינציגע האר, און מען וועט זיך מוזען צוהערען צו מיר".

די צייטונג איז געווען אן ארימע. פאר די ערשטע עטליכע נומערען האט געריסאן געמוזט בארגען זאץ. דריי מענשען האבען געטאן די גאנצע ארבייט: געשריבען, געזעצט, געדרוקט, פארנאנדערגעשיקט, פארקויפט. די רעדאקציאס ארבייט איז אינגאנצען געפאלען אויף געריסאן'ס פלייצעס. ער האט געהאט א שותף וואס האט אים ארויסגעהאלפען אין דער געשעפטליכער זייט. א יונגער נעגער האט זיי ביידען ארויסגעהאלפען. די דריי מענשען האבען די ערשטע אנדערהאלבען יאר געוואוינט, געגעסען און געשלאפען אין דעם איין צימער, וואו די צייטונג איז געדרוקט געווארען. זיי פלעגען ארבייטען פערצען שעה א

מעת־לעת. וועגען א לעבען מאכען פון דער צייטונג האבען זיי אפילו ניט געטראכט.

דער „ליבערייטאר" איז אין א קורצער צייט בארימט געווארען פון איין עק לאנד ביז'ן אנדערען. קיין סך לעזער האט די צייטונג נישט געהאט. זי האט זיך שטענדיג געמוטשעט, אבער איר ערפאלג האט זיך ארויסגעוויזען אין דעם האס און גרימצארן וואס זי האט ארויסגערופען אין די הערצער פון די שקלאפען־האלטער אין דער סאוט און זייערע פריינט אין דער נארט. געריסאנ'ס שפראך איז געווען אזא בייסענדיגע, אזא שניידענדע, אז טייל פון זיינע אייגענע אנהענגער האבען צייטענווייז אויסגעדריקט אומצופרידענקייט. אין דער סאוט האט דער „ליבערייטאר" אנגעווארפען א טויט־שרעק, כאטש ער האט דארטען קיין אבאנענטען ניט געהאט. אין דזשארדזשיא האט די לעדזשיסלייטשור דורכגעפירט א געזעץ צו געבען א באלוינונג פון פינף טויזענד דאלער דעם יעניגען וואס וועט גורם זיין דעם ארעסט פון דעם רעדאקטאר פון „ליבערייטאר". און דער גאווערנאר פון סטייט האט דעם אנבאט פובליקירט. די באדייטונג פון דעם אנבאט איז געווען פאלגענדער: עס האט געהייסען, אז יענער וואס וועט כאפען געריסאנ'ען אין באסטאן און אים מיט געוואלד ברענגען קיין דזשארדזשיא, וועט קריגען פון דער רעגירונג פינף טויזענד דאלער. די רעגירונג פון דזשארדזשיא האט, הייסט עס, אפיציעל אנגעבאטען געלט פאר גנב'ענען, „קידנעפען", א מענשען. געוויסע פראמינענטע פערזענליכקייטען פון דער סאוט, צווישען זיי דער בארימטער סענאטאר העין פון סאוט קאראליינא, האבען זיך געווענדט מיט א פעטיציע צום מעיאר פון באסטאן, ער זאל דעם „ליבערייטאר" אפשטעלען. אבער כאטש דער באסטאנער מעיאר איז געווען א פריינד פון דער שקלאפערישער סאוט און האט פארדאמט געריסאנ'ען און זיין צייטונג, האט ער דאך ניט געוואגט דאס צו טאן.

דער „ליבערייטאר" איז דערשינען 34 יאר. ער האט איבערגעלעבט אלערליי קריזיסען. עס זיינען געווען צייטען, ווען

די ציימונג האט זיך אויף א וויילע געמוזט אפשטעלען, אבער געריסאן האט שטענדיג געקראגען מיטלען זי ווייטער אויפצו־לעבען. ער האט איר אנגעפאנגען ארויסצוגעבען מיט דעם ציל צו באפרייען די נעגער־שקלאפען, און ער האט זי ניט אפגע־שטעלט ביז דער ציל איז דערגרייכט געווארען, דאס הייסט, ביז נאכ'ן בירגער־קריג, וועלכער האט געבראכט פולע פרייהייט פאר אלע נעגער אין לאנד.

אין אנפאנג 1832 האט געריסאן, צוזאמען מיט נאך עלף אידעאליסטען ארגאניזירט די ערשטע „אנטי־סלייווערי סא־סייעטי" אין באסטאן. די צוועלף מענשען האבען זיך פארזא־מעלט אין דעם קעלער פון א נעגערשער קירכע אין דעם נעגערשען קווארטאל פון שטאט. די נאכט איז געווען זייער א קאלטע. א שטורם האט געוויטערט אין דרויסען, און אין אזא נאכט, אין א קאלטען קעלער, איז געלייגט געווארען דער פונדאמענט פאר דער אנטי־שקלאפען באוועגונג, וואס האט זיך אין די נעקסטע עטליכע יאר פארשפרייט איבער דער גאנצער נארט. אין דער פרינציפען־דערקלערונג וואס די „סאסייעטי" האט יענע נאכט אויסגעארבייט ווערט געזאגט: „מיר ווילען אנווענדען בלויז פרידליכע און געזעצליכע מיטלען. מיר ווילען ניט דולדען קיין גוואלד און קיין אויפשטאנדען". געריסאן אליין איז שטענדיג טריי געבליבען דעם קריסטליכען פרינציפ פון ווידערשטאנדלאזיג־קייט. ער האט אבער ניט באגריפען, אז זיין מעטאדע פון פריד־ליכען קאמף, זיין פייערדיגע אגיטאציע, וועט מוזען ברענגען צו גוואלד. עס איז די מיינונג פון א סך היסטאריקער, אז געריסאן און זיינע אנהענגער, די „אבאלישאניסטס", האבען מער ווי אנ־דערע אורזאכען, געפירט דערצו, אז דאס לאנד זאל אריין אין א בירגער־קריג צו לייזען די שקלאפען־פראגע.

די צען יאר פון 1830 ביז 1840 זיינען געווען די שטורמ־דיגסטע אין דער קאריערע פון געריסאנ'ען און זיין „אבאלישא־ניסט"־באוועגונג. אין 1833 האט געריסאן, מיט דער הילף פון זיינע חסידים, ארגאניזירט א נאציאנאלען פארבאנד פון אלע אנ־טי־שקלאפעריי פאראיינען. עס איז פאררופען געווארען א צוזא־

מענפאַר אין פילאַדעלפיע, צו וועלכען עס זיינען געקומען זעכ־
ציג דעלעגאַטען. געריסאָן איז געווען דער לייטענדער גייסט.
ער האָט געשריבען די פּרינציפּען־ערקלערונג, און די נאַציאָנאַלע
אָרגאַניזאַציע האָט זיך געשטעלט אויף דעם באַזיס פון געריסאָנ׳ס
צוויי הויפּט־פּרינציפּען: ערשטענס, אַבסאָלוטע און באַלדיגע באַ־
פרייאונג פון אַלע שקלאַפען, אָן שום קאָמפּראָמיסען און אָן שום
באַלוינונג פאַר די באַלעבאַטים; און צווייטענס, אַז דער קאַמף
פאַר דער באַפרייאונג זאָל געפירט ווערען דורכאויס דורך פּראָ־
פּאַגאַנדע, און אונטער קיין אומשטענדען ניט באַנוצען, און ניט
דערמוטיגען, קיין גוואַלד־מיטלען אָדער מעטאָדען.

די שנאה צו דער „אַבאָלישאַניסט“־באַוועגונג בכלל און צו
געריסאָנ׳ען בפרט האָט זיך אַלץ מער און מער פאַרנאַנדערגע־
פלאַקערט אי אין דער סאַוט אי אין דער נאָרט. מען האָט גע־
מאַכט אַלערליי סטראַשונקעס געגען געריסאָנ׳ען. ער האָט גע־
וואוסט אַז מען העצט געגען אים און אַז מען זוכט אים אומצו־
ברענגען. דאָס האָט אים אָבער ניט אָפּגעשראָקען. ער איז
געווען אַ מענש מיט אַ וואונדערבאַרען מוט. ער האָט זיך קיינ־
מאָל ניט פאַרלאָרען און איז קיינמאָל ניט צוטומעלט געוואָרען,
אפילו דעמאָלט ווען ער האָט געזען דעם טויט פאַר די אויגען.

אין 1835 איז געריסאָן שיער ניט געלינטשט געוואָרען פון
אַ צורייצטען המון. ער איז ניצול געוואָרען דורך אַ נס. די
פּאַסירונג איז פאָרגעקומען אין באָסטאָן, אין דער „וויגעלע פון
פרייהייט“.

דאָס איז געווען אין מאָנאַט אָקטאָבער. אַן אָרגאַניזאַציע פון
פרויען־אַבאָלישאַניסטס האָט פאַררופען אַ פאַרזאַמלונג פון
פרויען, ביי וועלכע אַ באַרימטער אַבאָלישאַניסט פון ענגלאַנד, אַ
געוויסער טאָמסאָן, האָט געדאַרפט ריידען. דער טאָמסאָן איז
שוין פריער אַטאַקירט געוואָרען אין די צייטונגען פאַר זיין אַגי־
טאַציע געגען שקלאַפעריי. אַ סך פון זיינע פריערדיגע מיטינ־
גען אין פאַרשיידענע שטעט און שטעטלאַך זיינען אָפּגע־
בראָכען געוואָרען פון צורייצטע „מאָבס“. ווען עס איז באַקאַנט
געוואָרען, אַז ער וועט ריידען אין באָסטאָן, האָט זיך אָנגעהויי־

בען א קאך אין שטאט. איין צייטונג האט דערקלערט, אז ביי דער פארזאמלונג וועלען זיין שטערונגען, און אז די שטערונגען וועלען געמאכט ווערען ניט פון „דעם פראסטען המון, נאר פון די רייכע און אנגעזעענע הערען". שפעטער אביסעל איז אפגעדרוקט געווארען א ווארנונג פון דרייסיג פורמאנעס, אז אויב געריסאן וועט ניט אויפהערען צו דרוקען דעם „ליבערייטאר", וועט מען אים אויסשמירען מיט סמאלע און ארויסטרייבען פון שטאט.

די אבאלישאניסטען האבען באשלאסען, אז עס וועט בעסער זיין אז טאמפסאן זאל ביי דער פארזאמלונג ניט ריידען, און זיי האבען אים שטילערהייט ארויסגעשיקט פון באסטאן. די פארזאמלונג פון די פרויען האט געדארפט פארקומען אין דערזעלבער געביידע וואו די אבאלישאניסטען ארגאניזאציע האט געהאט איר ביורא. געריסאן איז צו דער פארזאמלונג געקומען. ארום דעם זאל האבען זיך צונויפגעקליבען פון דריי ביז פינף טויזענד מענשען. אין זאל זיינען געווען ניט מער ווי ארום צוואנציג פרויען.

דער המון אין גאס האט פריער געפאדערט, מען זאל ארויסגעבען טאמפסאנ'ען. אזוי ווי טאמפסאן איז אבער ניט געווען, האט דער המון גענומען פאדערען געריסאנ'ען. געריסאנ'ס פריינט האבען אים באהאלטען אין א הינטער־צימער. דער המון האט אים אבער געפונען. ער האט געפרובט זיך ארויסצוגנב'ענען דורך א הינטער־טיר, אבער דער המון האט אים פארשטעלט דעם וועג. אזוי שנעל ווי ער איז ארויס אין גאס, האט אים די מאסע באפאלען, מען האט פארווארפען א שטריק ארום אים און אים געשלעפט צום פלאץ, וואו עס זיינען שוין געשטאנען אנגעגרייט טעפ מיט סמאלע.

די מהומה האט געבראכט צום פלאץ דעם מעיאר און די פאליציי. דער מעיאר איז געווען איינער פון יענע רייכע און פראמינענטע לייט וואס האבען געהאסט געריסאנ'ען און זיין באוועגונג, ער האט אבער אפעלירט צו דער מאסע זיי זאלען געריסאנ'ען אפלאזען. דער מעיאר האט ניט געוואלט באנוצען קיין מאכט געגען דער מאסע, ווייל ער האט געהאלטען אז זי איז גע־

רעכט. ער האָט אָבער אויך ניט געוואָלט דערלאָזן גריסאָן זאָל דערמאָרדעט ווערן. האָט ער אַזוי מאַנעווורירט, אַז דער המון האָט גריסאָנ'ען אַריינגעפירט אין סיטי האָל, און דאָרט האָט דער מעיאָר געמאַכט אַ כלומר'שטדיגע קלאַגע געגען גריסאָנ'ען און באַפוילען מען זאָל אים גלייך אַרעסטירען. די פּאָליציי האָט אים, דורך אַ הינטער־טיר, אַפּגעפירט אין געפענג־ניס. דאָרט האָט מען אים געהאַלטען איבער נאַכט. אויף מאָר־גען איז ער באַפרייט געוואָרען. אויף דער עצה פון זיינע פריינט איז ער אַוועק פון באָסטאָן. ער איז אָבער אין צוויי וואָכען אַרום צוריקגעקומען און האָט אָנגעפאַנגען אַ רייע אַטאַקעס אויף די פּראָמינענטע הערען פון באָסטאָן און אויף דעם סיטי מעיאָר, פאַר דעם גאַנצען סקאַנדאַל. די אַטאַקעס האָט ער געמאַכט, פאַרשטייט זיך, אין זיין צייטונג „די ליבערייטאָר".

„גריסאָנ'ס הויפּט־אַרבייט איז אָפּגעטאָן געוואָרען צווישען 1830 און 1840", — שרייבט דער היסטאָריקער דזשאָן דזש. טשעפּמאַן. — „אין אָנהויב פון די צען יאָר איז „אַבאָלישאָן" געווען אַ קול אין מדבר, אָבער צום סוף פון די צען יאָר איז „אַבאָלישאָן" שוין געלעגען יעדען אַמעריקאַנער אין קאָפּ. גרי־סאָנ'ס הויפּט אַרבייט אין דער צייט איז געווען אויפצופּאַסען אויף דער טרייב־מאַשין, אויפ'ן „ליבערייטאָר", און צו העלפען גרינדען אַנטי־שקלאַפעריי אָרגאַניזאַציעס. יעדער אָטעם־צוג פון דער באַוועגונג איז פאַרצייכענט געוואָרען אין דעם „ליבערייטאָר". יעדער נייער רעקרוט האָט זיך געווענדט צו גריסאָנ'ען נאָך הילף. גריסאָן איז געווען דאָס האַרץ פון דער אַנטי־שקלאַפעריי באַ־וועגונג".

ביים סוף פון דעם צענדליג יאָר, אין 1838 און 1839, האָט זיך אָנגעהויבען אַנטוויקלען אַן אָפּאָזיציע צו גריסאָנ'ען אין דער „אַבאָלישאָניסט"־באַוועגונג. אַן אומצופרידענקייט מיט גע־ריסאָנ'ס מעטאָדען, מיט זיין שאַרפער, ניט־איינגעהאַלטענער פעדער און צונג, האָט שטענדיג עקזיסטירט אפילו צווישען אַ טייל פון זיינע פאַרערער. איצט אָבער האָט זיך אַנטוויקעלט אַ

גענגערשאפט צו איינינע פון זיינע הויפט פרינציפען, און דאס האט געפירט צו ערנסטע שפאלטונגען אין די רייען.

דער ערשטער אינערליכער קאמף איז פארגעקומען איבער דער פרויען־פראגע. די פראגע איז שוין געווען אויפגעהויבען ביי די סאמע ערשטע קאנווענשאנס פון דער ארגאניזאציע. פרויען זיינען געווען צווישען די באגייסטערטסטע און פעהיגסטע קעמ־פער אין דער אבאלישאניסט־באוועגונג. געריסאן האט זיי דער־מוטיגט און זיי געגעבען גלייכע רעכטע און א גלייכע שטימע אין די בעראטונגען. ער האט זיי געשיקט ריידען צו עפענטליכע פערזאמלונגען און צו טאן אלע באוועגונגס־ארבייט, גלייך ווי די מענער. אבער די גלחים און די פרומע האבען שטארק פארדאמט אזא טאקטיק. זיי האבען דערקלערט, אז פרויען טארען זיך ניט באטייליגען אין עפענטליכער ארבייט, ווייל דאס וועט די פרוי דעמאראליזירען. ביי איינער פון די קאנווענשאנס פון דער אנטי־שקלאפען ארגאניזאציע האבען אכט גלחים־דעלעגאטען רעזיגנירט דערפאר וואס די פרויען זיינען צו־געלאזען געווארען.*)

א צווייטע פראגע וואס האט געפירט צו אומצופרידענקייט און אינערליכע רייבונגען און ענדליכע שפאלטונגען צווישען די אבאלישאניסטען, איז געווען די פראגע פון שטים־קאסטען. גע־ריסאן איז תחילת געווען מיט דער מיינונג, אז די אבאלישאן־באוועגונג טאר זיך ניט מישען אין פאליטיק, אז זי טאר ניט

*) דער היסטאריקער דזשיימס טרעסלאו עדעמס, ריידענדיג וועגען דעם ענין, שרייבט: „אין די דרייסיגער יארען איז די קירכע געווען אזוי רעאקציאנער, אז די גלחים וואס האבען רעזיגנירט האבען אין זייער צושריפט צו דער קאנווענשאן דערקלערט, אז ניט בלויז פרויען טארען ניט ריידען ביי עפענטליכע פערזאמלונגען, נאר אפילו מענער דארפען ניט ריידען עפענטליך, סיידען זיי קריגען ערלויבניש פון זייער גלח. זיי האבען דערקלערט, אז ווען עס האנדעלט זיך וועגען רעפארמען, מוז דער גלח געבען זיין צושטימונג. אויב איינער רעדט אן דער צו־שטימונג פון דעם גלח, ווייזט ער דערמיט אז ער האט ניט גענוג דרך ארץ פאר זיין גלח".

שטיצען קיין פּאָליטישע פּאַרטייען און טאָר ניט אָרגאַניזירען קיין אייגענע פּאָליטישע פּאַרטייען. ער האָט אַטאַקירט די צוויי פּאָליטישע פּאַרטייען פון זיין צייט און איז אַליין קיינמאָל ניט געגאַנגען שטימען. אויך מיט דער מיינונג האָבען אַ סך ניט איינגעשטימט. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז די אָרגאַני־צאַזיע האָט זיך איבער דעם דאָזיגען פּונקט פּאַקטיש געשפּאַלטען. גערריסאָנ'ס געגנער האָבען אין 1840 אָרגאַניזירט אַן אייגענע פּאָליטישע פּאַרטיי און אַרויסגעשטעלט קאַנדידאַטען פאַר פּרע־זידענט און וויס־פּרעזידענט. די פּאַרטיי האָט זיך גערופען „די ליבערטי פּאַרטיי" (די פרייהייט־פּאַרטיי) און איר קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט איז געווען דער אַבאָלישאָניסט בוירני.

גערריסאָן איז אין זיין קאַמף געוואָרען אַלץ מער פאַרביטערט, אַלץ ראַדיקאַלער און עקסטרעמער. ער איז געקומען צו דער איי־בערצייגונג, אַז עס איז דאָ אַ סכנה, אַז דער איינפלוס פון די שקלאַפען־שטאַטען וועט זיך פאַרשפּרייטען איבער די פרייע שטאַ־טען פון דער נאָרט, און ער איז אַרויסגעטראָטען מיט אַ נייער פאָדערונג — אַז די נאָרט זאָל זיך גלייך אָפּשיידען פון דער סאַוט; אַז די פאַראייניגטע שטאַטען זאָל זיך צוטיילען אין צוויי באַזונדערע לענדער. ער האָט זיך געשטעלט אויפ'ן זעלבען שטאַנדפּונקט, וואָס עס האָבען שפּעטער געהאַט די פירער פון דער סאַוט. ער האָט געוואָלט צושפּאַלטען דאָס לאַנד כדי צו ראַ־טעווען די נאָרט פון שקלאַפעריי; די פירער פון דער סאַוט האָבען געוואָלט צושפּאַלטען דאָס לאַנד, כדי צו ראַטעווען דאָס לאַנד פאַר שקלאַפעריי.

ווען די „אַנטי־סליייווערי סאָסייעטי" האָט, אין יאַנואַר 1843, אָפּגעהאַלטען אַ צוזאַמענפאָר אין מאַסאַטשוזעטס, האָט גערריסאָן דורכגעפירט אַ רעזאָלוציע, אַז „דער בונד וואָס עקזיסטירט צווי־שען דער נאָרט און דער סאַוט איז אַ בונד מיט'ן טויט, אַ שותפות מיט'ן גיהנום, און ער מוז גלייך צוריסען ווערען".

אין זיין קאַמף געגען שקלאַפעריי האָט גערריסאָן קיין זאַך ניט געשאַנעוועט. ער האָט אפילו אַטאַקירט די קאָנסטיטוציע, דערפאַר וואָס זי האָט ערלויבט אַז שקלאַפעריי זאָל עקזיסטי־

רען, און ווייל אין איר איז איינגעשריבען געוואָרען אַ פּונקט, אַז אַנטלאָפענע שקלאַפען זאָלען צוריקגעקערט ווערען צו די אייגענ־טימער. פאר גערריסאָנ'ען איז געווען רעכט, אַז די גאַנצקייט פון לאַנד זאָל צוריסען ווערען, אַז די קאָנסטיטוציע זאָל באַדאַי אָפּ־געשאַפט ווערען, אַבי צו מאַכען אַ סוף צו דער מאַכט און דעם איינפלוס פון די שקלאַפען־אייגענטימער און די שקלאַפען־הענדלער.

זיין שטעלונג צו דער קאָנסטיטוציע און צו דער גאַנצקייט פון לאַנד האָט גערריסאָנ'ען געשאַפען ביטערע געגנער ניט נאָר צווישען די אַלגעמיינע מאַסען, נאָר אויך אין זיין אייגענער באַוועגונג. גערריסאָן האָט פאַרלאָרען אַ טייל פון זיינע וויכטיגסטע מיטהעלפער. אָבער דאָס האָט אים אויף אַ האָר ניט אָפּגע־שטעלט. פאַרקערט, ער איז געוואָרען נאָך ראַדיקאַלער און עקס־טרעמער ניט נאָר אין די דאָזיגע צוויי פראַגען, נאָר אויך אין אַנדערע פראַגען. ער איז אַרויסגעטראָטען געגען דער אָרגאַ־ניזירטער קירכע, געגען רעליגיעזע צערעמאָניעס, געגען די גלחים. די גלחים האָבען ניט געשוויגען און האָבען אים אַטאַקירט אַלס אַן אפּיקורס. אין יענע יאָרען איז די באַשולדיגונג אין אפּיקורסות געווען אַ שטאַרקער קלאַפּ פאַר אַן עפענטליכער פּערזאָן.

אין דעם קליינעם הייפעלע טוער וואָס זיינען טריי געבלי־בען גערריסאָנ'ען און זיך געהאַלטען פעסט אָן זיינע לערען, איז דער וויכטיגסטער געווען װענדעל פיליפּס. אין געוויסע פּונק־טען איז װענדעל פיליפּס געגאַנגען נאָך ווייטער, געווען נאָך גע־וואַגטער ווי גערריסאָן.

װענדעל פיליפּס איז געווען אַ זון פון דער העכסטער אַריס־טאָקראַטיע אין ניו־ענגלאַנד. די פאַמיליע פיליפּס איז געווען איינע פון די ערשטע וואָס האָבען זיך באַזעצט אין באָסטאָן אין אָנהויב פון 17טען יאָרהונדערט. די פיליפּס'עס זיינען געווען רייכע סוחרים, אָנגעזעענע אַדוואָקאַטען, גלחים, ריכטער, פּאָלי־טישע פירער און הויכע רעגירונגס־בעאַמטע. װענדעל'ס פאָטער אַליין איז געווען אַן אַדוואָקאַט, אַ סענאַטאָר און דער סיטי־מעיאָר פון באָסטאָן. די ערציאונג וואָס װענדעל האָט באַ־

קומען איז געווען א שטרענג קאנסערוואטיווע, לויט דעם מוס־טער פון דעם באסטאנער אדעל פון יענער צייט. ער האט גע־לערענט אין א פריוואטער שול, וואו בלויז געקליבענע רייכע קינדער האבען געקענט אריינקומען. ווען ער איז עלטער גע־ווארען, איז ער אריינגעטראטען אין דעם אריסטאקראטישען הארווארד קאלעדזש, וואו ער האט זיך גע'חבר'ט מיט יונגע לייט פון זיין גלייכען.

ווענדעל פיליפס איז געבוירען געווארען נאוועמבער דעם 29טען, 1811. ווען ער איז אלט געווען צוואנציג יאר, האט ער שוין געהאט געענדיגט זיין קורס אין אוניווערזיטעט. דאס איז געווען אין זעלבען יאר ווען גאריסאן האט אנגעהויבען ארויס־צוגעבען דעם „ליבערייטאר”. פיליפס איז נאך דעמאלט געווען ווייט פון ראדיקאליזם און פון אבאלישאניזם. ער האט געענ־דיגט אדוואקאט און אלע האבען זיך גערעכט, און ער אליין אויך, אז ער וועט גיין אין זיין פאטער'ס טריט. אים איז פארגע־שטאנען א גאלדענע צוקונפט. די נאטור האט אים געשענקט אלע מעלות: ער איז געווען א שיינער, א געזונטער, מיט א מאגנעטישער פערזענליכקייט, מיט א וואונדערבארער רעדנער־קראפט, מיט אויסערגעוויינליכע גייסטיגע פייאיגקייטען. ער איז געווען זייער באליבט. זיין פאמיליע האט מיט אים שטאל־צירט. ער איז געווען רייך, פון העכסטען יחוס. די גאנצע וועלט איז פאר אים אפען געווען. אלע האבען פאראויסגע־זאגט אז ער וועט מיט דער צייט ווערען איינער פון די וויכ־טיגסטע מענשען אין דער אמעריקאנער פאליטיק; אז ער וועט אפילו זיין פרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאטען.

ער איז אבער ניט אוועק אויפ'ן „גאלדענעם וועג”. ווען, ווי אזוי און פארוואס דאס איז געשען, ווייס מען ניט גענוי. עס זיינען וועגען דעם פאראן פארשיידענע מיינונגען צווישען זיינע ביאגראפען: איינע, פיליכט די אינטערעסאנטסטע, איז, אז „שולדיג אין דעם” איז געווען א יונג מיידעל, א באגייסטערטע אבאלישאניסטקע, אין וועלכער ווענדעל פיליפס האט זיך פאר־

ליבט און מיט וועלכער ער האָט געהייראַט. דאָס מיידעל האָט געהערט צו דערזעלבער געזעלשאַפט ווי װענדעל פיליפּס, אויך א רייכע אַריסטאָקראַטקע. זי איז אָבער געווען אַן אָנהענ־גערין פון גריסאָנ׳ען און זיין באַוועגונג. עס ווערט דערציילט, אַז ווען פיליפּס האָט זיך צו איר גע׳שדכנ׳ט און פלעגט קומען צו איר אויף באַזוך, פלעגט זי מיט אים ריידען נאָר וועגן דער נעגער־פראַגע. עס ווערט אויך דערציילט, אַז ווען ער האָט זי געפרעגט צי זי וועט מיט אים הייראַטען, האָט זי געזאָגט, אַז איידער זי קען אים ענטפערען, מוז זי וויסען צי ער וועט קענען זיין אַ פריינט פון די שקלאַפען. זיין ענטפער איז געווען: „מיין לעבען וועט עדות זאָגען ווי אויפריכטיג איך בין איבערגעגעבען צו דער באַפרייאונג פון די שקלאַפען". אין די שפּעטערע יאָרען האָט פיליפּס געזאָגט: „מיין פרוי האָט פון מיר געמאַכט אַ פאָלשטענדיגען אַבאָלישאָניסט". זיי האָבען געהייראַט אין אָק־טאָבער, 1837.

און מיט צוויי מאָנאַט שפּעטער, אין דעצעמבער פון זעלבען יאָר, האָט פיליפּס געמאַכט זיין ערשטען דראַמאַטישען אַרויסטריט אין דעם קאַמף געגען שקלאַפעריי. פּאַסירט האָט עס אַזוי: ווען עס איז אין באָסטאָן אָנגעקומען די נייעס, אַז דער אַבאָלישאָניסט לאָוודזשאָי איז דערמאָרדעט געוואָרען אין אילינאָי, האָבען די ליבעראַלען פון דער שטאָדט פאַררופען אַ פאַרזאַמלונג אין פע־ניעל האָל, צו פּראָטעסטירען געגען דער בלוטיגער געשעהעניש. די וואָס האָבען די פאַרזאַמלונג פאַררופען זיינען ניט געווען קיין אַבאָלישאָניסטען, זיי האָבען אָבער אין דעם אָנפאַל אויף לאָוו־דזשאָי׳ן געזען אַ פאַרשוועכונג פון דעם הייליגען פּרינציפּ פון פרייער פּרעסע, און געגען דער פאַרשוועכונג האָבען זיי גע־וואָלט פּראָטעסטירען. אָבער די גרויסע מאַסע האָט אויסגע־טייטשט די פאַרזאַמלונג אַלס אַן אַבאָלישאָניסטישע, און דער זאַל איז אָנגעפּאַקט געוואָרען מיט אַ געמישטען עולם פון פינף טויזענד מאַן, פריינט און פיינט, פון דער אַבאָלישאָניסטישער באַוועגונג.

די רעדנער אויף דער פלאטפארמע האבען זיך געהיט ניט אריינצושלעפען די פראגע פון שקלאפעריי. זיי האבען גערעדט בלויז וועגען דעם פרינציפ פון פרייער פרעסע, וועגען דער וויכ־טיגקייט פון געזעץ און ארדנונג. זיי האבען פארדאמט דעם המון וואס האט ערמארדעט לאוודזשאי׳ן, ווייל דער המון האט גענומען דאס געזעץ אין זיינע אייגענע הענט. ווען די רעדעס זיינען שוין געווען געענדיגט און מען האט געדארפט שטימען וועגען א פארגעשלאגענער רעזאלוציע, האט א שטימע אין דער גאלעריע געבעטען דאס ווארט. אלע האבען זיך צוגעהערט. דער מאן איז געווען מר. אסטין, דער הויפט פראקוראר פון מאסא־טשועטס. עס פארשטייט זיך, אז מען האט אים געלאזט ריידען. און ער איז ארויסגעטראטען שארף און היציג געגען דער פאר־זאמלונג און געגען דער רעזאלוציע. ער האט פארטיידיגט דעם המון וואס האט ערמארדעט לאוודזשאי׳ן, אויפ׳ן גרונט וואס לאוודזשאי איז געווען א געפאר פאר׳ן לאנד, ווייל ער האט מיט זיין צייטונג געהעצט די נעגער־שקלאפען צו אן אויפשטאנד. דעם המון וואס האט גע׳הרג׳עט לאוודזשאי׳ן האט ער פארגליכען צו די מאסען וואס פלעגען מאכען אנפאלען אויף ענגלישע בע־אמטע אין דער צייט פון דער רעוואלוציע.

די רעדע איז אויפגענומען געווארען מיט א שטורם פון אפ־לאדיסמענטען פון דער גרויסער צאל אנטי־אבאלישאניסטען וואס זיינען געווען אין זאל. עס האט אויסגעזען, אז די רעזאלוציע וועט נידערגעשטימט ווערען. דאן האט וואנדעל פיליפס זיך גע־נומען שטופען צו דער פלאטפארמע. זיינע פריינט האבען איהם געהאלפען דורכשניידען א וועג. אויף דער פלאטפארמע האט ער זיך פארגעשטעלט וועד ער איז און האט גלייך גענומען ריידען.

„מיינע הערען!״ — האט ער אויסגעשריען, — „ווען איך האב געהערט ווי דער פריערדיגער רעדנער האט פארגליכען די מערדער אין אלטאן, אילינאי, צו די העלדען פון דער רעוואלוציע,

האָב איך געמיינט אַז אַט די געמאָלענע*) ליפּען וועלען אָנ־הויבען ריידען און זיי וועלען פאַרדאַמען די פאַרלוימדונג אויף די געשטאָרבענע. פאַר דער מיינונג וואָס ער האָט אויסגעדריקט אויף אַט דעם פּלאַץ, וואָס איז געהייליגט געוואָרען דורכ'ן בלוט פון די רעוואָלוציאָנערען, איז ער ווערט געווען אַז די ערד זאָל זיך עפענען און אים איינשלינגען“.

דער זאָל איז ווידער פאַרהילכט געוואָרען פון דונערענדיגע אַפּלאָדיסמענטען. פיליפּס האָט פאַרענדיגט זיין רעדע און צו־שלאָגען יעדען ארגומענט פון דעם פריערדיגען רעדנער. די רעזאָ־לוציע איז אָנגענומען געוואָרען איינשטימיג. פיליפּס איז אַרויס פון זאָל אַ נייער מענש, אַ באַרימטע פּערזענליכקייט און אַן עפענטליכער אָנהענגער פון דער אַנטי־שקלאַפעריי באַוועגונג.

און פון דעמאָלט אָן ווערט ער שנעל אַריינגעצויגען אין דער ארבייט פון די אַבאָלישאָניסטען. ער האָט אויפגעגעבען זיין פּראַקטיק אַלס אַדוואָקאַט מיט דער ערקלערונג אַז ער קען ניט מער דינען דעם געזעץ, ווייל די קאָנסטיטוציע, וועלכע איז דאָס העכסטע געזעץ אין לאַנד, אַנערקענט און באַרעכטיגט שקלאַ־פעריי. ער האָט זיך איינגאַנצען אָפּגעגעבען מיט אַגיטירען און אָרגאַניזירען. ער איז אומגעפאָרען אין די קליינע שטעטלאַך און דערפער, וואו מען האָט נאָך פריער פון קיין אַבאָלישאָניסטען־באַוועגונג ניט געהערט און וואו די פּאַראָורטיילען געגען די אַבאָ־לישאָניסטען זיינען געווען שטאַרק, און ער האָט דאָרטען פאַר־זייט די ערשטע קערנדלאַך פון דער באַוועגונג. די ארבייט האָט ער געטאָן אָן שום באַלוינונג. ער האָט געלעבט פון דעם געלט וואָס ער האָט גע'ירשנ'ט פון זיין פאָטער.

זיין שטעלונג אין די אַלע פראַגען וואָס האָבען געהאַט אַ שייכות מיט דער באַוועגונג איז געווען אַזוי עקסטרעם ווי גע־ריסאָנ'ס. ער האָט געקעמפט פאַר'ן פּרינציפּ, אַז די פרויען זאָ־

*) אויפ'ן וואַנט אין זאָל זיינען געהאָנגען די בילדער פון די באַ־רימטע העלדען פון דער רעוואָלוציע. מיט דעם אויסדרוק „באַמאָלענע ליפּע“ האָט ער געמיינט די בילדער.

לען אין דער באוועגונג קריגען דיזעלבע אנערקענונג און רעכט ווי די מענער. ער איז געווען געגען דעם, אז די באוועגונג זאל זיך מישען אין פאליטיק. ער האט זיך איינגאנצען אפגעזאגט פון שטימען. ער האט אגיטירט דערפאר, אז די נארט זאל זיך אפרייסען פון דער סאוט. ער האט ביטער און שארף פארדאמט די קאנסטיטוציע דערפאר וואס זי אנטהאלט פונקטען וועלכע אנערקענען שקלאפעריי.

אין א רעדע וואס פיליפס האט געהאלטען אין 1842, אויף א מיטינג אין באסטאן*), האט ער געשאלטען די קאנסטיטוציע. די רעדע איז געווען איינע פון די געוואגטסטע אין דער געשיכטע פון אמעריקע. דער עולם אין זאל איז געווען פיינדליך געשטימט געגען אים, און האט איבערגעריסען יעדעס ווארט זיינס. דאך האט ער זיך ניט אפגעשראקען. ער האט געזאגט:

„איך ווייס, אז איך רייד דא צו די „ווייסע שקלאפען" פון דער נארט. איר טרייסעלט די קייטען אייערע, ווייל צורייסען זיי האט איר קיין מוט ניט... פילע פון אייך וואלטען זיכער ניט געוואלט, אז מען זאל דעם שקלאף צוריקשיקען, אבער איר קענט זיך ניט העלפען. דער בלוטיגער באפעל, אז מען זאל אים יע צוריקשיקען, שטייט איינגעשריבען אין דער קאנסטיטוציע. דער אומגליק איז, וואס מיר דערלאזען אז אזא קאנסטיטוציע זאל לעבען איין איינציגע שטונדע. ווען איך באטראכט אט די מאסע פון טויזענדער און איך זע ווי זיי טראמפלען אויף זייער אייגענעם געוויסען און אויף די רעכט פון זייערע מיטמענשען, ווייל א שטיקעל פארמעט הייסט זיי אזוי טאן, זאג איך: פארשאלטען זאל זיין די קאנסטיטוציע פון די פאראייניגטע שטאטען!"

די דאזיגע רעדע האט דערוועקט געגען אים דעם צארן פון

---

*) דער מיטינג איז פאררופען געווארען צו פראטעסטירען געגען צוריקשיקען אין די סאוט אן אנטלאפענעם שקלאף, וועלכער איז ארעסטירט געווארען אין באסטאן.

אלע „רעספעקטאבלע" מענשען אין לאנד. ער איז פארדאמט געווארען ניט בלויז פון זיין אייגענעם קלאס, פון דער אריסטאָקראַטיע, נאָר אויך פון די מאסען, ביי וועמען די קאָנסטיטוציע איז געוועזן הייליג. די אריסטאָקראַטישע פאמיליעס, וועלכע האָבען זיך פריער מיט אים געגרויסט, האָבען אים איצט ארייגעלייגט אין חרם.

זיין פאמיליען-לעבען איז געוועזן א שטילע טראגעדיע. זיין פרוי איז באלד נאָך דער חתונה קראנק געווארען און איז געבליבען אַן אינוואליד איר גאנץ לעבען. זי האָט כמעט קיינמאָל פון שטוב ניט געקענט ארויסגיין, און דאָס רוב איז זי געלעגען אין בעט. פיליפס איז איר געבליבען אלע יארען (איבער פערציג יאָר) געטריי ווי א גוטע מוטער צו א קראנקען קינד. ער האָט זי געליבט און טייער געהאלטען פונקט ווי אין דער ערשטער צייט ווען ער האָט זיך מיט איר באקענט. נישט קוקענדיג אויף איר קראנקהייט איז זי שטענדיג געוועזן פרייליך און לוסטיג. זי איז געוועזן טיף פאראינטערעסירט אין דער אבאָלישאָן-באוועגונג, און איבערהויפט אין דער ארבייט וואָס איר מאַן האָט געטאָן. זי איז געוועזן קראנק קערפערליך, אָבער גייסטיג איז זי געוועזן פול מיט לעבען און ענערגי, און אירע אלע גייסטיגע כחות האָט זי, אזוי ווי איר מאַן, געווידמעט דעם אידעאל פון דער באפרייאונג פון די שקלאפען.

## קאפּיטעל 11.

# דער אינדוסטריעלער וואוקס פון לאַנד ביז 1840.

אין יאָר 1830 האָט מען אין אַמעריקע אָנגעהויבען בויען אייזענבאַנען. דאָס איז געווען די וויכטיגסטע געשעעניש אין דעם עקאָנאָמישען לעבען פון לאַנד אין יענער צייט. די אייזענבאַן איז דערפונדען געוואָרען אין ענגלאַנד. די ערפינדונג איז אייגענטליך געמאכט געווארען אין צוויי טייל: פריער האָט מען אויסגעפונען דעם סוד פון פאָרען אויף רעלסען, און שפּעטער האָט מען צוגעטראַכט דעם לאָקאָמאָטיוו. אז רעדער קענען גיין איבער רעלסען האָט מען אין ענגלאַנד אַנטדעקט אָנהויב 19טען יאָרהונדערט, און מען האָט זיך באַנוצט דערמיט דער עיקר אין די קוילען-גרובען, צו פירען די שווערע קוילען-משאות. צווישען די יאָרען 1814 און 1829 האָט דער ענגלישער דערפינדער דזשאָרדזש סטיפענסאָן פארפאָלקאָמט זיין דערפינדונג פון דעם לאָקאָמאָטיוו, וועלכער איז געלאָפען דרייסיג מייל אַ שטונדע.

אַמעריקע האָט נאָכגעטאָן ענגלאַנד. אין די צוואַנציגער יאָרען האָט מען דאָ גענומען בויען אייזענבאַנען, דאָס הייסט, לייגען רעלסען. די ליניעס זיינען געווען קורצע. זיי האָבען זיך געווײנליך געצויגען פון אַ שטאָט ביז אַ טייך, אָדער פון איין שטאָט ביז אַ צווייטער, אַ נאָענטער. די באַן-צוגען זיינען באַשטאַנען פון געוויינליכע וועגענער, געשלעפּט פון פערד, אַזוי ווי די אַלטמאָדישע טראַמווייען אין די שטעט. אין 1830 האָט פּיטער קופּער דאָ אויפגעבויט אַ לאָקאָמאָטיוו, לויט דעם מוסטער פון סטיפענסאָנ׳ס לאָקאָמאָטיוו אין ענגלאַנד, און פון דעמאָלט אָן האָט מען דאָ גענומען באַנוצען באַנען מיט דאַמף.

די ערשטע באַנען זיינען, נאַטירליך, געווען פול מיט חסרונות.

אין א רעגענדיגען טאָג האָבען זיך די לאָקאָמיטוועז אויסגע־לאָשען און מען האָט די באַנען געמוזט אָפּשטעלען. ווען דער צוג פלעגט לויפען, פלעגען פון די קוימענס פליען פונקען, און אזוי ווי די וואגאָנעס זיינען געווען אָפענע, פלעגען די פּאסאַ־זשירען מורא האָבען אז די קליידער זאָלען זיך אויף זיי ניט אָנצינדען. די פארמער פלעגען זיך באַקלאָגען, אז די פונקען ברענגען פייערען אין זייערע הייזער, און אז פון דעם טומעל פון די באַנען שרעקען זיך די בהמות און הערען אויף צו געבען מילך. ביסלעכווייז זיינען אָבער געמאַכט געוואָרען אויסבעסערונגען, און די פארמער, אזוי גוט ווי די בהמות, האָבען זיך צוגעוואוינט צו דעם „אייזערנעם פערד".

מיט גרויס באַגייסטערונג האָט מען אין אַלע טיילען פון לאַנד זיך א נעם געטאָן צו בויען אייזענבאַנען. פריער האָבען די שטאַטען און די פּריוואַטע קאָמפּאַניעס אָנגעווענדעט זייער ענערגיע און געלט אויף גראָבען קאַנאַלען, ווייל דער וואסער־פּארקער איז באַטראַכט געווארען אַלס דער בעסטער און גרינג־סטער. איצט זיינען די קאַפּיטאַלען אָפּגעווענדט געוואָרען אויף צו בויען אייזענבאַנען. די עפּאָכע פון קאַנאַלען האָט זיך גע־ענדיגט און די עפּאָכע פון אייזענבאַנען האָט זיך אָנגעפאנגען. אין 1830 איז אין גאַנץ אמעריקע געווען 23 מייל אייזענבאַן; אין 1837 איז שוין געווען 1500 מייל; אין 1840 — 23 הונ־דערט מייל, און אין 1848 — זעקס טויזענד מייל. די דאָזיגע ציפערען גיבען אַ שטיקעל באַגריף וועגען דער שנעלקייט מיט וועלכער די באַנען זיינען דאָ געבויט געווארען.

ווער האָט געבויט די אייזענבאַנען?

עס זיינען געווען פאַלען וואו די שטאַט־רעגירונגען האָבען אַליין געבויט ליניעס אויף געוויסע שטרעקעס, און דאָרט האָבען די אייזענבאַנען באַלאַנגט צו דער רעגירונג. אזוינע פאַלען זיינען אָבער געווען זייער ווייניג. די מערסטע ליניעס זיינען געבויט געוואָרען פון פּריוואַטע געזעלשאַפטען. די שטאַט־רעגירונגען האָ־בען אָבער די אונטערנעמער אַרויסגעהאָלפען מיט הלואות, מיט מתנות, אָדער מיט קויפען אַקציעס. די הלואות זיינען פון די

קאמפאניעס זעלטען אפגעצאלט געווארען. דאס געלט וואס די רעגירונגען האבען אין די באנען אריינגעלייגט איז כמעט אין אלע פאלען געבליבען ביי די פריוואטע אונטערנעמער. די שטאט־רעגירונגען האבען, אויסער געלט, געשענקט די געזעלשאפטען גרויסע שטרעקעס לאנד, וואס זיינען שפעטער ווערט געווען אוצרות מיט גאלד.

דער שטאט מאסאטשוסעטס האט אנטליען די אייזענבאן־קאמפאניעס איבער זעקס מיליאן דאלער. ניו יארק האט אין 1836 אנטליען דער „אירי ריילראוד קאמפאני" דריי מיליאן דאלער (דאס געלד האט די רעגירונג קיינמאל צוריק ניט געקראגען). פון 1836 ביז 1842 האט ניו יארק אויסגעהאלפען די אנדערע אייזענבאן־קאמפאנים פון שטאט מיט נאך אנדערהאלבען מיליאן דאלער. די פריוואטע געזעלשאפטען האבען באקומען געלט ניט בלויז פון די שטאט־רעגירונגען, נאר אויך פון די שטעט, שטעטלאך און דערפער, וואו די ליניע איז דורכגעלאפען. פראפעסאר הארט שרייבט: „אין די ערשטע צען יאר איז אין די באנען אריינגעלייגט געווארען א קאפיטאל פון זיבעציג ביז אכציג מי־ליאן דאלער. דריי פערטעל פון דעם געלט איז בייגעשטייערט געווארען פון רעגירונגס־קאסעס". די קאמפאניעס האבען פאקטיש געבויט די באנען מיט קהל'שען געלט, און די באנען זיינען גע־בליבען זייער פריוואט אייגענטום.

דער געדאנק איז תחילת געווען, אז יעדערער זאל זיך קע־נען באנוצען מיט די אייזענבאן־ליניעס, דאס הייסט, יעדער איי־נער זאל קענען בויען א לאקאמאטיוו און וואגאנען, און פאר א געוויסען פרייז זיך באנוצען מיט די רעלסען. די באן־ליניע איז באטראכט געווארען אזוי ווי א קאנאל אדער א שאסיי, וועלכע זיינען אפען פאר אלעמען. עס האט זיך אבער באלד ארויסגעוויזען, אז דאס איז אבסאלוט אוממעגליך, און די איי־גענטימער פון די ליניעס האבען געמוזט אליין נעמען בויען לא־קאמאטיווען און וואגאנען. אויף אזא אופן זיינען זיי געווארען די אבסאלוטע באלעבאטים איבער די ליניעס. דאס איז געווען א נייער באגריף, א נייע דערשיינונג. עס האט געדויערט א

לאַנגע צייט איידער דער עולם האָט פאַרשטאַנען די באַדײַ־טונג דערפון און איידער ער האָט איינגעזען אַז די פּריוואַט גע־זעלשאַפטען האָבען די אַבסאָלוטע מאַכט איבער די באַנען. דאַן ערשט האָט דער עולם גענומען פאָדערען ביי דער רעגירונג אַז זי זאָל די מאַכט קאָנטראָלירען אָדער באַגרענצען.

די ערשטע צייט האָבען זיך אַלע טיילען פון לאַנד אַ כאַפּ געטאָן צו בויען באַנען, אַלע מיט'ן זעלבען אימפּעט. אָבער באַלד האָט זיך גענומען פילען אַן אונטערשייד צווישען דער בויאונגס־אַרבייט אין דער נאָרט און דער סאַוט. די נאָרט איז מיט דער אַרבייט אָנגעגאַנגען וואָס ווייטער, אַלץ מער און ברייטער, אָבער די סאַוט האָט די אַרבייט באַלד אָפּגעשטעלט. די אורזאַכע איז געווען, וואָס די סאַוט האָט געהאַט אַ קלענערע באַפעלקערונג ווי די נאָרט און ווייניג פאַבריקאַציע. איר איינציגער וויכ־טיגער עקספּאָרט־אַרטיקעל איז געווען קאַטאָן; זיינען די גרויסע קאַטאָן־פּלאַנטאַציעס געלעגען ניט ווייט פון טייכען, און עס איז לייכט געווען צו פירען די סחורה מיט שיפען. אין 1840 האָט די סאַוט געהאַט ווייניגער ווי אַ פערטעל פון די אייזענבאַנען פון לאַנד. די נאָרט האָט געבויט אַלץ מער און מער, כדי צו זיין ענגער פאַרבונדען מיט דער וועסט. זי האָט געוואוסט, אַז די וועסט וועט זיין אַ גוטער מאַרק פאַר איר פאַבריק סחורות.

אָט דער לעצטער פּונקט איז זייער אַ וויכטיגער. די באַנען האָבען צונויפגעבונדען די איסט מיט דער וועסט. דאָס האָט גע־האָלפען דער אַנטוויקלונג פון די ביידע טיילען פון לאַנד אויפ'ן עקאָנאָמישען געביט, און דאָס האָט אויך מיט דער צייט מיטגע־בראַכט אַז די וועסט זאָל פּאָליטיש זיין מער צוגעבונדען צו דער נאָרט ווי צו דער סאַוט. די פּאָליטישע רעזולטאַטען דערפון לאָזען זיך שטאַרק פילען אין דער שפּעטערדיגער געשיכטע פון לאַנד.

די גרויסע אויסבעסערונגען פון פאַרקער: די ערפינדונג פון דעם דאַמפּ־שיף, די קאַנאַלען, די אייזענבאַנען, — דאָס אַלץ האָט לייכטער געמאַכט פאַר דער באַפעלקערונג אריינצודרינגען טיפער אין לאַנד אריין און זיך אויסשפּרייטען ווייטער אין דער וועסט. אין דעם וועסטליכען טייל פון ניו יאָרק האָבען, אַ דאַנק דעם

אירי קאנאל, זיך אין דער צייט באזעצט א גרויסע צאל קאלא־ניסטען. אין 1840 זיינען די דערפער אין יענעם געגענד, ווי יו־טיקא, סיראקיוז, ראטשעסטער און באפאלא, שוין געווען בליענדע שטעט. אין אהייא זיינען אין דער צייט אויסגעוואקסען די שטעט קליוולאנד און טאלידא. טויזענדער קאלאניסטען האבען זיך באזעצט אין דער מישיגען־טעריטאריע. אין 1810 האט די טעריטאריע געהאט א באפעלקערונג איינגאנצען פון פינף טויזענד; אין 1837 האט זי שוין געציילט א באפעלקערונג פון איבער הונ־דערט טויזענד, און זי האט זיך שוין געווענדט צום קאנגרעס מיט א בקשה אריינגענומען צו ווערען אלס א שטאט. איר פארלאנג איז באלד באוויליגט געווארען.

די פארבעסערונג אין דעם פארקער האט געפירט דערצו, אז די סאוט זאל זיך נעמען אפגעבען איינגאנצען מיט פלאנצען קאטאן. עסענוואָרג האט זי איצט געקענט גאנץ לייכט ברענגען פון דער וועסט און פאבריצירטע סחורה פון דער נארט. די קא־טאן האט זי פארקויפט צו די פאבריקאנטען אין ניו־ענגלאנד און אין איירָאפא. די ריוחים זיינען געווען גרויסע, און די פלאנ־טאטארס האבען געזוכט צו פארבעסערען זייערע פלאנטאציעס, געזוכט מער ערד, מער פלאץ צו זייען קאטאן. די אמביציע פון דעם פלאנטאטאר איז געווען „נאך לאנד, נאך נעגער, נאך קאטאן".

דער הונגער אויף לאנד איז אין דער סאוט געווארען א ברענענדיגע פראגע. די ערשטע זאך האבען די פלאנטאטארס זיך א ווארף געטאן אויף די לאנד, וואס איז נאך געווען פריי אין זייער אייגענער היים, אין די אייגענע שטאטען. אבער דא האבען זיי זיך אנגעשלאגען אן דעם ערשטען שווערען פראבלעם — די אינדיאנער. אין 1820 זיינען אין די זידליכע שטאטען דזשארדזשיא, אלאבאמא, מיסיסיפי און טענעסי, געווען זעכציג טויזענד אינדיאנער, וועלכע האבען געהאט אלס זייער געזעצליך אייגענטום נײַנצען מיליאן אקער לאנד. די פראגע איז געווען ווי אזוי נעמט מען ביי זיי די ערד אוועק.

דעם קאמף האט אנגעהויבען דזשארדזשיא. אירע אינדיא־נער האבען פארמאגט נאענט צו צען מיליאן אקער לאנד. לויט

אַן אַפּמאַך האָבען די אינדיאַנער געפירט אַן אייגענע רעגירונג. זיי האָבען געהאַט זייער אויטאָנאָמיע אונטער'ן שוץ פון דער נאַציאָנאַלער רעגירונג אין וואַשינגטאָן. די רעגירונג פון דזשאָרדזשיא האָבען זיי ניט אָנערקענט, כאָטש זייער טעריטאָריע האָט זיך געפונען אין די גרעניצען פון דעם שטאַט.

דער קאַמף האָט זיך אָנגעהויבען אין 1828. די לעדזשיסלייטשור פון דזשאָרדזשיא האָט אין יענעם יאָר דורכגעפירט אַ געזעץ, אַז די אינדיאַנער מוזען אָנערקענען די שטאַט־רעגירונג און זיך אונטערוואַרפען די געזעצען פון דזשאָרדזשיא. די אינדיאַנער האָבען געקראָגען צייט ביז 1830, ענטוועדער אָנצונעמען די באַדינגונג אָדער פאַרלאָזען דעם שטאַט. די אינדיאַנער האָבען געוואוסט, אַז קוים וועלען זיי אָנערקענען די רעגירונג פון דזשאָרדזשיא אַלס זייער רעגירונג, וועט דזשאָרדזשיא שנעל געפינען „געזעצליכע" מיטלען ווי אַזוי ביי זיי אַוועקצונעמען דאָס לאַנד. האָבען זיי זיך אָנטזאָגט צו אָנערקענען דזשאָרדזשיא.

כל־זמן אין וואַשינגטאָן איז אויפ'ן פּרעזידענטען שטול געזעסען דזשאָן קווינסי עדעמס, האָבען די אינדיאַנער זיך געקענט ווערען. עדעמס האָט דערקלערט, אַז די אינדיאַנער זיינען גערעכט, אַז די נאַציאָנאַלע רעגירונג האָט זיי דאָס לאַנד געגעבען, און אַז דערפאַר טאָר מען פון זיי דאָס לאַנד ניט צונעמען. אָבער אין 1829 איז אויפ'ן פּרעזידענטען־שטול אַרויף ענדרו דזשעקסאָן, דער באַקעמפער פון די אינדיאַנער, און ער האָט געגעבען זיין פולע שטיצע צו דעם שטאַט דזשאָרדזשיא געגען די אינדיאַנער.

דזשעקסאָן האָט אָנגעבאָטען די אינדיאַנער פון יענע שטאַטען לאַנד אויף דער וועסטליכער זייט פון דעם טייך מיסיסיפּי. אויף זיין פאַרלאַנג האָט דער קאָנגרעס באַוויליגט די סומע פון אַ האַלבען מיליאָן דאָלער אויף אַריבערצופירען די אינדיאַנער אין זייער נייער היים.

די אינדיאַנער האָבען זיך אָנטזאָגט אָנצונעמען דזשעקסאָן'ס אָנבאָט. זיי האָבען אַפּעלירט צום סופּרים קאורט, און דאָס העכסטע געריכט פון לאַנד האָט גע'פּסקנ'ט אַז די אינדיאַנער זיינען

גערעכט, אז לויט'ן געזעץ טאר מען זיי ניט טשעפען, און די רעגירונג פון דזשארדזשיא האט איבער זיי ניט קיין יוריסדיקציע. ווען דזשעקסאן האט זיך דערוואוסט פון דער אנטשיידונג, האט ער אויסגעשריען: „זאל דער סופרים קאורט פרובען דורכפירען דעם אורטייל!” דזשעקסאן האט זיך אנטזאגט צו פאלגען דעם פסק פון דעם העכסטען געריכט.

די אינדיאנער האבען קיין אנדער ברירה ניט געהאט ווי זיך אונטערצוגעבען. זיי האבען איינגעוויליגט זיך אריבערצוקלייבען אויף דער אנדערער זייט מיסיסיפי, און ביז 1840 זיינען שוין אלע שטאטען פון דער סאוט אפגערייניגט געווארען פון אינדיאנער. בלויז דער איין אינדיאנישער שבט, די „סעמינאלען”, וועלכע האבען געוואוינט אין פלארידא, האבען אנגעפירט א קאמף פאר זייער לאנד. זיי האבען געקעמפט פון 1834 ביז 1842, אבער צום סוף האבען זיי זיך אויך אונטערגעגעבען. ארום און ארום איז אין די צען יאר אוועקגענומען געווארען פון די אינדיאנער אן ערך פון דרייסיג מיליאן אקער לאנד, און אויפ'ן לאנד האבען באלד גענומען בליען רייזיגע קאטאן-פלאנטאציעס.

---

צווישען די יארען 1830 און 1840 האט די פאבריקאציע אין די פאראייניגטע שטאטען געמאכט גרויס פארטשריט. „דאס אמעריקאנער פאלק” — שרייבט פראפעסאר באגארט — „האט איצט אנגעהויבען גיך צו ווערען עקאנאמיש אומאפהענגיג פון איראפא. ער האט זיך שוין אליין געקענט דערנערען”. אין 1834 איז אין די פאראייניגטע שטאטען פאבריצירט געווארען סחורה אויף דער סומע פון 325 מיליאן דאלער, בשעת פון איי־ראפא איז אין דעם יאר אריינגעפירט געווארען פאבריצירטע סחורה אויף וויינינגער ווי 50 מיליאן דאלער. די פאבריקען הא־בען אין דער צייט אויך ארויסגעשטופט די „הויז־פאבריקאציע”. אנשטאט דעם וואס פריער פלעגט א סך סחורה געמאכט ווערען אין די היימען, אין דארף און אין שטאט, איז איצט כמעט די גאנצע סחורה געמאכט געווארען אין פאבריקען. די צאל פון ארבייטער אין די פאבריקען האט זיך געהאלטען אין איין פאר־

גרעסערען. אין 1820 האָט אַן ערך פון 13½ פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג זיך אָפּגעגעבען מיט פאַבריקאַציע און מעכאַניק; אין 1840 איז שוין איבער 17 פּראָצענט פון דער באַפעלקע־רונג געווען באַשעפטיגט אין פאַבריקען. אין 1820 האָט מען געשאַצט דעם ווערט פון פאַבריק פּראָדוקטען אין אַמעריקא אין 52 מיליאָן דאָלער; אין 1830 — אין 112 מיליאָן; אין 1840, שוין אין 843 מיליאָן דאָלער.

די עלטסטע און וויכטיגסטע פאַבריקאַציע איז געווען טעקס־טילס. די ערשטע צייט פלעג די קאַטאַן געשפּונען ווערען מיט מאַשינען, נאָר וועבען פלעגט מען עס מיט'ן האַנט, און די אַר־בייט פון וועבעריי פלעג געטאָן ווערען אין די היימען פון די אַר־בייטער. אין די 20־ער יאָרען אָבער איז שוין אויך די וועבעריי געמאַכט געוואָרען מיט מאַשינען, און די גאַנצע ארבייט איז אַריבערגעטראָגען געוואָרען אין די פאַבריקען. אין 1830 האָט אַמעריקע פאַרצערט מער קאַטאַן ווי אַלע אַנדערע לענדער, אויי־סער ענגלאַנד. זי האָט געהאַט מער טעקסטיל פאַבריקען ווי אַלע אַנדערע לענדער, אויסער צוויי: ענגלאַנד און פראַנקרייך. דער צענטער פון דער אינדוסטריע איז געווען ניו־ענגלאַנד, אי־בערהויפּט מאַסאַטשוזעטס.

צוזאַמען מיט דער קאַטאַן־אינדוסטריע האָט זיך אַנטוויקעלט די וואָל אינדוסטריע, וועלכע איז אויך געווען קאָנצענטרירט אין ניו־ענגלאַנד.

די אייזען־אינדוסטריע האָט דאָ געמאַכט גרויס פּאָרטשריט אין די 30־ער יאָרען צוליב צוויי הויפּט אורזאַכען: ערשטענס, האָט מען אין יענע יארען גענומען באַנוצען הארטע קוילען צו שמעלצען אייזען. צווייטענס, האָט מען זיך דאַן גענויטיגט אין אַ סך אייזען פאַר די אייזענבאַנען. אין יאָר 1835 איז אויס־געלייגט געוואָרען 465 מייל אייזענבאַן. דאָס בויען פון די באַנען האָט געהאַט אַ דאָפּעלטע ווירקונג אויף דער אייזען־אינדוסטריע: ערשטענס, האָט דאָס געשאַפען אַ נאָכפראַגע אויף אייזען; צוויי־טענס, האָבען די באַנען מעגליך געמאַכט דעם טראַנספּאָרט פון האַרטע קוילען, וואָס איז אַזוי נויטיג געווען פאַר דער פּראָדוק־

ציע פון אייזען. אין 1840 זיינען שוין אין אמעריקא געווען 804 שמעלץ־אויוועוס. מער ווי א העלפט פון די אויוועוס האָבען זיך געפונען אין פענסילווייניא און אין ניו־יאָרק. ביי דער אייזען־אינדוסטריע זיינען אין 1840 באשעפטיגט געווען ארום 30 טויזענד מאן, און עס איז שוין דאן געלעגען אין איר א קאַפּיטאל פון 20½ מיליאָן דאָלער.

דער שנעלער וואוקס אין פאבריקאציע שפּיגעלט זיך אָפּ אין די מאשין־ערפינדונגען און פאטענטען, וועלכע זיינען אין יענע יאָרען געמאכט געוואָרען. צווישען די יאָרען 1790 און 1811 זיינען ארויסגענומען געוואָרען דורכשניטליך 77 פאטענטען א יאָר; צווישען 1812 און 1817 איז די צאָל געשטיגען אויף 192 א יאָר; אין 1830 זיינען שוין ארויסגעגעבען געוואָרען 544 פאטענטען, און וואָס ווייטער איז די צאָל געוואקסען.

אין די פּאָר צענדליג יאָר, צווישען 1820 און 1840, איז באשטימט געוואָרען דער כאראקטער פון די אינדוסטריעלע באַציאונגען צווישען די דריי טיילען פון לאנד, — די איסט, די וועסט און די סאוט. אין די פריערדיגע יאָרען זיינען די אינדוסטריעלע פארבינדונגען צווישען זיי געווען שוואכע, אומבאַשטימטע. איבערהויפּט די וועסט איז געווען כמעט ווי אינגאנצען אָפּגעריסען פון די אנדערע טיילען פון לאנד. די באפעלקערונג וואָס האט זיך באזעצט אין דער וועסט האט געזוכט זיך אליין צו דערנערען, אליין צו שאפען אלע נויטיגע לעבענס־מיטעל. דאָס איז געווען דערפאר ווייל עס זיינען נאָך דעמאָלט ניט געווען קיין פארקער־מיטלען. די וועגען זיינען געווען שלעכטע; די שיפלאך אויף די טייכען זיינען געווען לאנגזאמע, און ניט פון אלע ערטער האט מען געקענט צו זיי צוקומען. די קאָלאָניסטען אליין זיינען געווען אָרים, און האָבען ניט פארמאָגט צו באצאָלען די הויכע פרייזען, וואָס עס האט דעמאָלט געקאָסט צו פירען פראכט. די וועסט האט דעריבער געהאט אייגענע מילען, קוזניעס, גארבערייען, טעקסטיל און פּאפּיר־פאבריקען. עס פארשטייט זיך אז אלץ איז דאָ געווען אויף א קליינעם, אָרימען מאסשטאב.

האָבען די פאַרמער דאָ טאַקע געלעבט אָרים און זיך געמוזט באַ־גיין אָן אַ סך נויטיגע לעבענס־מיטעל.

אַ גרויסע ענדערונג איז געקומען נאָכדעם ווי דער דאַמף־שיף איז ערפונדען געוואָרען. אין 1815 זיינען אויף דעם טייך מיסיסיפּי, דעם הויפּט טייך פון דער וועסט, געשוואומען פערצען דאַמף־שיפען; אין 1829 האָט זיך די צאָל פאַרגרעסערט אויף 200; אין 1842 האָט שוין די צאָל דערגרייכט ביז 450. די וועסט האָט איצט געהאַט אַ שנעלען, ביליגען פאַרקער־מיטעל, און דאָס האָט זיך אָפּגערופען אויף'ן האַנדעל. די וועסט האָט איצט אָנגעפאַנגען אַרויסצושיקען אירע פּראָדוקטען אין דער סאַוט און אַריינפירען סחורות פון דער איסט. אין 1816 האָט די וועסט אַרויסגעשיקט פּראָדוקטען אויף דער סומע פון אַכט מיליאָן דאָ־לער; אין 1829 — 22 מיליאָן; אין 1840 — 50 מיליאָן. זי האָט געשיקט אין דער סאַוט אַלערליי תבואות, מעל, חזיר־פלייש, און אַזוינע סחורות ווי ליכט, גלאָז און שטריק. דער האַנדעל אויף דעם מיסיסיפּי האָט אין 1840 אָנגעטראָפען אַן ערך פון 100 מיליאָן דאָלער.

די סאַוט האָט זיך גענויטיגט אין די פּראָדוקטען, ווייל זי האָט זיך איצט אינגאַנצען אָפּגעגעבען מיט קאַטאָן. איבער־הויפּט איז דאָס געווען דער פאַל מיט די שטאַטען פון דעם וועסט־ליכען טייל פון דער סאַוט, ווי אַלאַבאַמאַ, לואיזיאַנאַ, טענעסי און מיסיסיפּי. אין 1810 האָט די סאַוט־וועסט פּראָדוצירט 85 מיליאָן פונט קאַטאָן; אין 1830 — 350 מיליאָן פונט. די ריווחים אויף קאַטאָן זיינען געווען זייער גרויס, און די פּלאַנטאַ־טאָרס האָבען געהאַט נאָר איין אַמביציע — צו קריגען געלט, כדי צו קויפען נאָך לאַנד און צו זייען נאָך קאַטאָן. צוויי־דריטעל פון די קאַטאָן האָט די סאַוט פאַרקויפט צו ענגלאַנד; איין דריי־טעל אין אַמעריקאַ גופא.

די סאַוט האָט באַצוויגען איר עסענוואַרג פון דער וועסט. פאַבריצירטע סחורות האָט זי געליפערט פון דער איסט. די וועסט האָט אויך געקויפט פאַבריצירטע סחורה פון דער איסט. די איסט האָט פאַרקויפט צו דער וועסט; געקויפט האָט זי אָבער דאָרט

כמעט גארניט. די וועסט האט פארקויפט צו דער סאוט, אבער געקויפט האט זי ביי איר גארניט. אויף אזא אופן איז דער האנדעל צווישען די פארשיידענע טיילען פון לאנד געווען אן איינזייטיגער.

די צאל מענשען וואס האבען זיך אפגעגעבען מיט פירען דעם האנדעל און דעם האנדעל־פארקער צווישען די פארשיידענע טיילען פון לאנד האט אין 1840 אנגעטראפען אן ערך פון 190 טויזענד, און זיי האבען קאנטראלירט א קאפיטאל פון נאענט צו א האלבען ביליאן דאלער.

די באפעלקערונג פון די פאראייניגטע שטאטען איז שנעל געוואקסען. אין 1800 איז זי געווען פינף־און־א־דריטעל מי־ליאן; אין 1840 איז זי שוין געווען איבער 17 מיליאן. צווי־שען די 17 מיליאן זיינען נאענט פון דריי מיליאן געווען נעגער. דער וואוקס פון דער באפעלקערונג איז געווען א נאטירליכער: עס זיינען געבוירען געווארען מער ווי עס זיינען געשטארבען. אבער די אימיגראציע פון אייראפא איז אויך געווען א באדיי־טענדע. ביז 1820 האט די רעגירונג ניט געפירט קיין חשבון פון די אימיגראנטען. עס ווערט אבער געשאצט, אז אין די צוואנציג יאר, פון 1800 ביז 1820, זיינען אהער אנגעקומען אן ערך פון 160 טויזענד אימיגראנטען. אין די נעקסטע צוואנציג יאר, פון 1820 ביז 1840, — זיינען שוין אנגעקו־מען 750 טויזענד אימיגראנטען. אין יאר 1840 אליין זיינען אריינגעפארען קיין אמעריקע איבער 84 טויזענד אימיגראנטען. די מערסטע אימיגראנטען אין יענע יארען זיינען געקומען פון ענגלאנד און איירלאנד. געקומען זיינען זיי אהער זייער ארים. אין ענגלאנד איז דעמאלט געווען פארשפרייט די מאדע, אז שטעט פלעגען אויסליפערען זייערע ארימעלייט און זייערע בעט־לער קיין אמעריקע. די שטעט פלעגען דעקען די הוצאות פאר די בעטלער צו פארען קיין אמעריקע.

מיט דעם וואוקס פון דער באפעלקערונג אין אמעריקע זיינען געוואקסען די שטעט און שטעטלאך. אין 1800 האבען ווייניגער ווי פיר פראצענט פון דער באפעלקערונג געוואוינט

אין שטעט פון איבער אכט טויזענט מענשען. אין 1840 האָ־
בען שוין אין אזוינע שטעט געוואוינט אכט־און־א־האלב פּראָ־
צענט פון דער באַפעלקערונג. די שטאָט ניו יאָרק האָט אין 1830
געהאַט ווייניגער ווי 200 טויזענד מענשען; אין 1840 האָט זי
שוין געהאַט מער ווי 300 טויזענד.

## קאפיטעל 12.

# טעקסאס ווערט א טייל פון די פאראייניגטע שטאטען.

וויליאם הענרי העריסאן איז איינגעשוואוירען געווארען אלס פרעזידענט דעם 4טען מערץ, 1841, און פונקט מיט איין מאָנאט שפעטער, דעם 4טען אפריל, איז ער געשטארבען. זיין פלאץ האט פארנומען דער וויס־פרעזידענט דזשאן טאילער. אין די עטליכע וואכען וואס העריסאן איז געווען פרעזידענט האט ער אויסגעקליבען זיינע קאבינעט־מיניסטארען און האט איינגערופען א ספעציעלע זיצונג פון קאנגרעס. פאר אויסלאנד־מיניסטער, סעקרעטערי אוו סטייט, האט ער איינגעלאדען הענרי קלעי. דערמיט האט ער קלעי'ען אנערקענט אלס דעם פירער פון דער „וויג פארטי". קלעי האט זיך אנטזאגט דעם אמט אנצונעמען. ער האט עס געהאלטען פאר וויכטיגער צו זיצען אין סענאט און דארט דורכפירען די פאליטיק פון זיין פארטיי. די „וויג"־פארטיי האט געהאט א מאיאריטעט אין ביידע הייזער פון קאנגרעס. העריסאן האט דאן באשטימט אלס „סעקרעטערי אוו סטייט" דעם צווייטען פירער פון דער פארטיי, סענאטאר דעניעל וועבסטער.

דזשאן טאילער האט געשטאמט פון א רייכער פאמיליע אין ווירדזשיניא. אין זיין פאליטיק איז ער שטענדיג טריי געווען די פרינציפען פון די רייכע פלאנטאטארס אין דער סאוט. ער איז געווען געגען א טאריף, געגען דער נאציאנאלער באנק, געגען דעם אז די נאציאנאלע רעגירונג זאל געבען געלט אויף אינערליכע אויסבעסערונגען. ער איז אלזא געווען געגען די הויפט פרינציפען פון דער „וויג פארטי", געגען די פרינציפען

פון הענרי קלעי און דעניעל וועבסטער. ער האט זיך פאראייניגט מיט די „וויגס" בלויז דערפאר, וואס ער האט גלייך מיט זיי פיינט געהאט דזשעקסאנ'ען און וואן־ביורענ'ען. זיין שנאה געגען זיי איז געווען הויפטזעכליך א פערזענליכע. ער האט זיי געהאלטען פאר דעספאטען. דזשעקסאנ'ען האט ער ניט געקענט מוחל זיין פאר זיין שטעלונג צו סאוט קאראליינא אין דער „נאליפיקיישאן" אנגעלעגענהייט. די קאנווענשאן פון די „וויגס" אין 1840 האט אים נאמינירט פאר וויים־פרעזידענט, כדי צו קריגען דורך אים שטימען אין דער סאוט, שטימען פון פריערדיגע אנהענגער פון דזשעקסאנ'ען.

ווען העריסאן וואלט פארבליבען פרעזידענט, וואלט די אדמיניסטראציע געפירט געווארען פון הענרי קלעי, און זי וואלט דורכגעפירט די פרינציפען פון קלעי'ס אלטער פארטיי. איצט אבער, אז טאילער האט פארנומען דעם אמט, האט זיך ארויסגעוויזען אז די שותפות פון די פארשיידענע עלעמענטען אין דער פארטיי איז אן אוממעגליכע. די קייט וואס האט זיי פארבונדען האט באלד געפלאצט.

קלעי האט אריינגענומען די לאגע אין זיינע הענט. אין יוני 1841 האט ער אריינגעטראגען א רייע רעזאלוציעס, וועלכע האבען אנטהאלטען זיין גאנצע פראגראם. די רעזאלוציעס זיינען געווען וועגען גרינדען א נאציאנאל באנק, וועגען א הויכען טאריף, וועגען פארטיילען צו די שטאטען דאס געלט וואס די רעגירונג האט געקראגען פון פארקויפען קהל'שע לאנד. מיט דעם דאזיגען שריט האט קלעי געזוכט צו לאזען וויסען דעם פרעזידענט, אז ער דערוואַרט פון אים, ער זאל דעם פראגראם שטיצען.

דער קאנגרעס איז ווירקליך געשטאנען אונטער קלעי'ס איינפלוס. אבער באלד האט זיך ארויסגעוויזען, אז דער פרעזידענט האט זיך געהאלטען ביי זיינע אייגענע אלטע פרינציפען. אויף קלעי'ס באפעל האט דער קאנגרעס אנגענומען א ביל, אז די רעגירונג זאל גרינדען א נאציאנאלע באנק. טאילער האט דעם ביל גלייך צוריקגעוויזען. קלעי האט געפרובירט א צווייטען

מאָל. ער האָט אויסגעארבייט א ביל וועגען א נאציאָנאלער באנק, וואָס האָט אנטהאלטען אייניגע פון דעם פרעזידענט'ס באדינגונגען. אָבער אויך דעם ביל האָט דער פרעזידענט צוריקגעוויזען.

די פירער פון דער פארטיי האָבען אטאקירט דעם פרעזידענט אלס א פארעטער. און אלע מיניסטאָרען, אויסער וועבסטער, האָבען גלייך רעזיגנירט (וועבסטער איז געבליבען אין אמט, ווייל ער האָט געהאלטען אין מיטען פון א זייער וויכטיגער דיפּלאָמאטישער פארהאנדלונג מיט ענגלאנד. ווען ער האָט די פארהאנדלונג געענדיגט, האָט ער אויך רעזיגנירט). טאילער איז ניט נתפעל געוואָרען. ער האָט באשטימט אן אנדער קאבינעט, ניט פון קיין „וויגס", נאָר פון געוועזענע דעמאָקראטען. ער איז איצט פארבליבען א פרעזידענט אָן א פארטיי. קלעי האָט איינגעזען, אז ער וועט אין דער אדמיניסטראציע גאָרניט קענען אויפטאָן, האָט ער רעזיגנירט פון סענאט און האָט זיך אָפּגעגעבען אינגאנצען מיט דער ארבייט פון אָרגאניזירען די פארטיי און צוגרייטען זי פאר די נעקסטע וואלען אין 1844.

דעניעל וועבסטער'ס דיפּלאָמאטישע ארבייט, וועלכע האָט אים צוריקגעהאלטען פון רעזיגנירען, האָט געהאט צו טאָן מיט א גרענעץ-פראגע. די פראגע האָט זיך געצויגען נאָך פון דעם ערשטען אָפּמאך צווישען ענגלאנד און די פאראייניגטע שטאטען נאָך דער רעוואָלוציע. עס האָט זיך געהאנדעלט וועגען באשטימען וואו עס ליגט די גרענעץ צווישען קענעדע און דעם מזרח-טייל פון די פאראייניגטע שטאטען. אין פארלויף פון די געניוע פופציג יאָר זיינען געמאכט געוואָרען עטליכע פּראָבעס צו שליכטען דעם גרענעץ-סכסוך, אָבער זיי האָבען זיך אלע געענדיגט מיט גאָרנישט.

וועבסטער האָט אונטערגענומען די פראגע צודערליידיגען. ענגלאנד איז געווען פארטראָטען פון לאָרד אשבוירטאָן. די צוויי דיפּלאָמאטען זיינען, נאָך א פּאָר מאָנאטען ארבייט, געקומען צו אן אויסגלייך. די גרענעץ איז באשטימט געוואָרען צו דער צו־

פרידענקייט פוןביידע צדדים. די ארבייט האט זיך געענדיגט אין אוגוסט, 1842.

אין משך פון די פיר יאר וואס טאילער איז געווען פרעזי־דענט האט די פראגע וועגען טעקסאס אנגענומען אזא ערנסטען כאראקטער, אז זי איז געווארען די וויכטיגסטע „אישו" אין דעם פרעזידענטישען וואל־קאמף פון 1844. די פראגע איז באַ־שטאנען אין דעם, צי טעקסאס זאל אנעקסירט ווערען אלס א טייל פון די פאראייניגטע שטאטען.

די רעפובליק טעקסאס האט פון שטענדיג אן געוואלט אנעק־סירט ווערען צו די פאראייניגטע שטאטען. דעמזעלבען יאר וואס זי האט געוואונען איר אונאבהענגיגקייט פון מעקסיקא, אין 1836, איז די פראגע איבערגעגעבען געווארען צו אן אלגעמיינער אפ־שטימונג, און א ריזיגע מאיאריטעט פון דער באפעלקערונג האט געשטימט פאר פאראייניגונג מיט די פאראייניגטע שטאטען. די פאליטיק אין די פאראייניגטע שטאטען האט אבער ניט דערלויבט אז דער וואונש פון טעקסאס זאל דורכגעפירט ווערען. גראד דעמאלט האט זיך די שקלאפען־פראגע רעכט פאנאנדערגעפלאַ־קערט. די נארט און די סאוט האבען זיך גענומען מעסטען מיט זייערע פאליטישע כחות אין וואשינגטאן, און די נארט האט ניט געוואלט דערלאזען אז טעקסאס, וואו שקלאפעריי האט עקזיס־טירט, זאל אריינקומען אלס א שטאט. ווארים זי וואלט מיט איר אריינקומען געשטארקט די כחות פון דער שקלאפישער סאוט.

אויסער דער שקלאפען־פראגע זיינען געווען נאך צוויי פראַ־גען וועלכע האבען דערביי געשפילט א ראלע. ערשטענס, האט מען זיך געמוזט רעכענען מיט מעקסיקא. די מעקסיקאנער רעגירונג האט קיינמאל ניט אנערקענט די אומאפהענגיגקייט פון טעקסאס. זי האט נאך אלץ באטראכט טעקסאס אלס א טייל פון איר טעריטאריע, און זי האט געגעבען צו פילען די פאר־אייניגטע שטאטען, אז אויב זי וועט אנעקסירען טעקסאס, וועט מעקסיקא עס באטראכטען אלס אן אנגריף אויף אירע טעריטאַ־ריעלע רעכט און במילא אלס א קריגס־ערקלערונג. די לאגע האט געווירקט צו שטארקען די שטעלונג פון דער נארט, אז מען

דארף טעקסאס לאזען צורו. דערפאר איז אבער געווען א צווייטע סיטואציע, וואס האט, פארקערט, געווירקט צו שטארקען די שטע־לונג פון דער סאוט. עס האבען זיך געטראגען קלאנגען, אז ענגלאנד שארפט די ציין אויף טעקסאס, אז זי זוכט צו ברענגען טעקסאס אונטער איר איינפלוס און אפילו זי צו פארוואנדלען אין אן ענגלישער קאלאניע. עס איז דא א סברא, אז די שטאטס־לייט פון טעקסאס האבען בכיון פארשפרייט די קלאנגען און אפילו געפירט פארהאנדלונגען מיט ענגלאנד, כדי אפצושרעקען די פאראייניגטע שטאטען. פאר די פאראייניגטע שטאטען וואלט עס זיכער געווען זייער אומבאקוועם צו האבען ענגלאנד פאר א שכנ'טע אין דער סאוט. די קלאנגען וועגען ענגלאנד האבען אנגעווארפען א שרעק אויף די שקלאפען־שטאטען, ווארים ענג־לאנד האט מיט איניגע יאר פריער באפרייט די שקלאפען אין אירע קאלאניעס. ווען זי וואלט אריינגעצויגען טעקסאס אונטער איר איינפלוס, וואלט זי שוין געזען אז אויך דארטען זאלען די נעגער באפרייט ווערען. דאס וואלט זיך שלעכט אפגערופען אויף דער נעגער־שקלאפעריי אין דער סאוט.

פרעזידענט טאילער האט אין דער טעקסאס־פראגע גע־האט דעמזעלבען שטאנדפונקט ווי די סאוט. ער איז אליין גע־ווען פון דער סאוט און האט שטענדיג געהאלטען מיט דער סאוט אין אלץ וואס האט געהאט א שייכות מיט שקלאפעריי. עס איז מעגליך, אז ווען די „וויג"־פארטיי וואלט אים ניט דער־קלערט קריג, וואלט ער זיך צוריקגעהאלטען פון ארויסטרעטען אזוי אפען און אזוי ענטשידען פאר אנעקסירען טעקסאס. ער וואלט זיך גערעכענט מיט די געפילען און מיט דעם ווילען פון יענע שטארקע גרופען אין דער פארטיי, וועלכע זיינען געקו־מען פון דער נארט און נארט־וועסט. אזוי אבער ווי די „וויג"־פארטיי האט אים פון זיך פארשטויסען, איז ער אריבער אינ־גאנצען צו דער סאוט און האט גענומען האנדלען ווי די סאוט האט פארלאנגט. אלס סעקרעטערי אוו סטייט, נאכדעם ווי וועב־סטער האט רעזיגנירט, האט ער באשטימט דעם וויכטיגסטען ווארט־פירער פון דער שקלאפישער סאוט, דזשאן קאלהון. און

דער נייער סעקרעטערי אוו סטייט האט זיך גענומען צו דער ארבייט פון אנעקסירען טעקסאס.

אין אפריל, 1844, האט קאלהון אויסגעארבייט אן אפמאך מיט טעקסאס וועגען פאראייניגונג. דער אפמאך איז פארגע־לייגט געווארען פאר דעם סענאט אין וואשינגטאן. דער סענאט האט אים נידערגעשטימט. אט די פאסירונג, דער קאמף צווישען דעם פרעזידענט און דעם סענאט, האט עס מיטגעבראכט, אז די פראגע פון טעקסאס זאל ווערען די הויפט „אישו" אין דעם קאמ־פיין פון 1844. גלייך נאכדעם ווי דער סענאט האט פארווארפען דעם אפמאך, האט די דעמאקראטישע פארטיי אפגעהאלטען איר קאנווענשאן צו נאמינירען א פרעזידענט. דער שטארקסטער קאנדידאט פאר דער נאמינאציע איז געווען וואן־ביורען. ער האט געהאט די שטיצע פון זיין פריינד דזשעקסאן, וועלכער איז גע־ווען זייער איינפלוסרייך אין דער פארטיי. די דעלעגאטען פון דער סאוט האבען אים אבער נידערגעשטימט, טאקע דערפאר וואס ער האט זיך אנטזאגט אפען און קלאר ארויסצוטרעטען פאר דער אנעקסירונג פון טעקסאס. די קאנווענשאן האט נא־מינירט אן אומבאוואוסטע פערזענליכקייט, א „טונקעלען פערד", דזשיימס דזש. פאלק, פון טענעסי. ער האט געטאן וואס מען האט אים געהייסען: ער איז ארויס פעסט פאר אנעקסירען טעק־סאס.

די „וויג"־פארטיי האט אלס איר קאנדידאט איינשטימיג נאמינירט הענרי קלעי. און ווידער אמאל האט די פארטיי זיך באנוצט מיט איר אלטער טאקטיק: זי האט ניט אנגענומען קיין באשטימטע פלאטפארמע. אין דער טעקסאס־פראגע האט קלעי זיך געדרייט אויף אלע זייטען. ער האט ניט געזאגט אז ער איז געגען אנעקסירען און ניט אז ער איז פאר. דאס האט גע־גען אים אויפגערעגט ביידע צדדים. איבערהויפט האט ער מיט זיין פארעווער שטעלונג דערצארענט די אבאליציאניסטען פון דער נארט, וועלכע האבען ווידער אפגעהאלטען א קאנ־ווענשאן אונטער'ן נאמען „ליבערטי פארטי" און ארויסגעשטעלט

אן אייגענעם פרעזידענט קאנדידאט, דעם זעלבען בוירני, וועל־כען זיי האבען ארויסגעשטעלט אין 1840.

דער וואל־קאמף איז אויסגעפאכטען געווארען אינגאנצען איבער טעקסאס, און פאלק האט געוואונען. זיין זיג האט ער געהאט צו פארדאנקען דער „ליבערטי פארטי“, וועלכע האט אפ־געצויגען שטימען פון קלעי'ען אין ניו יארק און אין פענסיל־ווייניא. ווען קלעי וואלט ארויס אפען געגען אנעקסירען טעקסאס, און די „ליבערטי פארטי“ וואלט ניט ארויסגעשטעלט קיין איי־גענעם קאנדידאט, וואלט ער געוואונען אין ניו יארק און אין פענ־סילווייניא און דערמיט געוואונען די וואלען.

פאלק'ס זיג איז אויסגעטייטשט געווארען אלס א מאנדאט פון פאלק צו דער רעגירונג זי זאל אנעקסירען טעקסאס. פרע־זידענט טאילער האט ניט געווארט ביז פאלק וועט איבערנעמען דעם אמט. אין דעצעמבער, 1844, האט ער אריינגעשיקט א „מעסעדזש“ צום קאנגרעס מיט דער רעקאמענדאציע אז טעק־סאס זאל אנעקסירט ווערען. דער קאנגרעס האט אים איצט גע־פאלגט. ביידע צווייגען פון קאנגרעס האבען דורכגעפירט רע־זאלוציעס צו גונסטען דער אנעקסיע.

איין טאג איידער ער איז ארויס פון אמט, דעם 3טען מערץ, 1845, האט טאילער די רעזאלוציע אונטערגעשריבען. עס האט געדויערט נאך אייניגע מאנאטען ביז געוויסע פארמאליטעטען זיינען דורכגעפירט געווארען, טייל אין טעקסאס און טייל אין די פאראייניגטע שטאטען. אין דעצעמבער, 1845, איז טעקסאס ענדליך אריינגענומען געווארען אלס א שטאט. עס פארשטייט זיך, אז זי איז אריינגעקומען אלס א שקלאפען־שטאט.

אין דעם פרעזידענטישען וואל־קאמף פון 1844 האט נאך א פראגע פארנומען א באדייטענדען פלאץ. די פראגע האט אויך געהאט צו טאן מיט טעריטאריע, מיט אויסשפרייטען די גרענעצען פון לאנד. די דאזיגע טעריטאריע איז געלעגען ביי דעם סאמע צפון ברעג פון די פאראייניגטע שטאטען, א שטיק לאנד וואס האט געהייסען ארעגאן, ביים פאסיפישען ים, צווישען קענעדע און די פאראייניגטע שטאטען.

איבער דעם דאָזיגען שטיק לאנד איז אָנגעגאַנגען א סכסוך פון זינט נאָך דער רעוואָלוציע. עס האָבען זיך געקריגט ניט צוויי, נאָר פיר לענדער. דער נאָרדליכער טייל, אלאסקא, האָט געהערט צו רוסלאנד; דער זידליכער טייל, קאליפאָרניא, האָט געהערט צו שפאניען; אָרעגאָן, וועלכע איז געלעגען צווישען, איז פון קיין לאנד ניט פארנומען געוואָרען, אָבער יעדע איינע האָט געהאלטען אז די טעריטאָריע געהערט צו איר; אי רוס־לאנד, אין שפאניען, אי ענגלאנד, אי די פאראייניגטע שטאַ־טען. די פראגע איז די אלע יאָרען געהאנגען אין דער לופטען.

אין 1818 האָבען ענגלאנד און די פאראייניגטע שטאַטען געשלאָסען אן אָפּמאַך, אז די אָרעגאָן טעריטאָריע זאָל געהערען צוביידע לענדער בשותפות. מיט דער רוסישער רעגירונג האָט זיך ענגלאנד נאָך פריער ספּראַוועט, און מיט דער שפאנישער רעגירונג האָט זיך ספּראַוועט די פאראייניגטע שטאַטען. די אָרעגאָן־טעריטאָריע האָט זיך געצויגען פון נאָרט צו סאוט, א־בער א שטרעקע פון טויזענד מייל, און פון איסט צו וועסט, אי־בער א שטרעקע פון אונגעפער זעקס הונדערט מייל. אויף דער געאָגראַפישער שפּראַך האָט זיך די טעריטאָריע געצויגען ביז „לעטיטיוד 54".

די שותפות איבער אָרעגאָן איז מעגליך געווען אזוי לאנג ווי די טעריטאָריע איז געווען פאקטיש פוסט. די ערשטע עט־ליכע צענדליג יאָר פון 19טען יאָרהונדערט זיינען אין אָרעגאָן געווען בלויז האנדעלס־פּאָסטענס. ענגלישע און אמעריקאנישע פעלץ־הענדלער האָבען געגרינדעט די פּאָסטענס צו פירען האנדעל מיט די אינדיאנער. קיין באשטענדיגע קאָלאָניסטען האָבען זיך דאָרט ניט געפונען. די האנדעלס־פּאָסטענס פון די צוויי לענדער זיינען געווען אין באזונדערע געגענדען, ווייט איינע פון די אנדערע, און עס איז צווישען זיי קיין קאָנפליקטען ניט פאר־געקומען. די שותפות האָט דערפאר אָנגעהאלטען עטליכע צענ־דליג יאָר.

אין די 30־ער יאָרען האָבען זיך אין ארעגאָן א לאָז געטאָן א גרויסע צאָל מיסיאָנערען, און מיט זייער אָנקומען דאָרט

האט זיך די לאגע גענומען ענדערען. די מיסיאנערען זיינען גע־פארען ראטעווען די נשמות פון די אינדיאנער. דערין האבען זיי קיין ערפאלג ניט געהאט. זיי האבען אבער געשיקט בריף צו זייערע פריינט און קרובים אין דער אלטער היים וועגען דער מעגליכקייט פון באזעצען זיך אין ארעגאן, און די בריף האבען געבראכט רעזולטאטען. אין אנפאנג פון די 40־ער יארען האט מען גענומען פארען זיך באזעצען אין ארעגאן, און מיט יעדען יאר איז דער שטראם פון אימיגראציע געווארען גרעסער. פאר די קאלאניסטען איז אויפגעשפרונגען די פראגע וועגען א רעגירונג. זיי האבען געוואלט וויסען צו וועמען זיי געהערען. אזוי ווי זיי זיינען געווען בירגער פון די פאראייניגטע שטאטען, האבען זיי זיך געווענדעט אין וואשינגטאן. אין קאנגרעס זיינען אריינגעטראגען געווארען בילס, אז די רעגירונג זאל פארנעמען גאנץ ארעגאן און זי ערקלערען אלס א טייל פון די פאראייניג־טע שטאטען. דערווייל האבען די אמעריקאנער אין ארעגאן ארגאניזירט אן אייגענע רעגירונג. זיי האבען פארפאסט א קאנ־סטיטוציע און אויסגעקליבען בעאמטע.

די פראגע איז אויפגעהויבען געווארען ביי די נאציאנאלע קאנווענשאנס פון די פאליטישע פארטייען אין 1844. און די צוויי פארטייען האבען מיט ארעגאן געהאנדעלט אזוי ווי זיי האבען געהאנדעלט מיט טעקסאס: די דעמאקראטישע פארטיי האט זיך ערקלערט, אז זי שטייט פאר דעם, אז גאנץ ארעגאן זאל ווערען א טייל פון די פאראייניגטע שטאטען, און די „וויג"־פארטיי האט קיין באשטימטע שטעלונג ניט גענומען. איינס פון די שלאג־ווערטער פון דעם דעמאקראטישען קאנדידאט, פאלק, איז געווען: „פיפטי־פאר פארטי אר פאיט!" דאס הייסט, ענטוועדער ענגלאנד זאל אונז אפגעבען די טעריטאריע ביז'ן געאגראפישען פונקט 54 גראד און פערציג מינוטען „לעטיטיוד", אדער מיר וועלען גיין אין מלחמה געגען ענגלאנד. דאס שלאג־ווארט האט, אן ספק, געהאלפען צו קריגען שטימען פאר פאלק'ן.

פאלק איז טאקע אויסגעקליבען געווארען, אבער זיין שלאג־ווארט בנוגע ארעגאן האט ער ניט פארווירקליכט. אנשטאט צו

פאַדערען אז ענגלאנד זאָל זיך פון אָרעגאן איינגאַנצען צוריק־ציען, האָט ער געשיקט פאָרשטייער צו אונטערהאַנדלען מיט איר. די אונטערהאנדלונג האָט זיך געענדיגט מיט א פשרה. אנשטאָט די גאַנצע טעריטאָריע, האָט די פאראייניגטע שטאטען באַקומען אומגעפער א העלפט, בלויז ביז דעם געאָגראפישען פונקט „49 גראד לעטיטיוד". פאָלק האָט זיך שוין דאן געריכט אויף א מלחמה מיט מעקסיקאָ, און ער האָט מורא געהאַט זיך איינצורייסען מיט ענגלאנד. ווען ער וואָלט באשטאנען אויף זיין פאָדערונג אויף גאַנץ ארעגאָן, וואָלט העכסטווארשיינליך ענג־לאנד זיך געשטעלט אנטקעגען מיט וואפען אין די הענט. פרע־זידענט פאָלק האָט צו אזא מעגליכקייט ניט געוואָלט דערלאָזען.

די פשרה איז גוטגעהייסען געוואָרען אין דעם אמעריקאַנעם קאָנגרעס אין יולי, 1846, און אומגעפער אין דערזעלבער צייט האָט זי דער ענגלישער פארלאמענט אויך גוטגעהייסען.

## קאפיטעל 13.

# די באַציאונג צווישען די פאַראייניגטע שטאַטען און מעקסיקאָ.

די באַציאונגען צווישען די פאראייניגטע שטאטען און מעק־סיקאָ זיינען קיינמאָל ניט געווען קיין פריינדליכע. פון דער גאָר ערשטער צייט, ווען מעקסיקאָ האָט זיך באפרייט פון שפּאַ־נישען יאָך און איז געוואָרען זעלבסטשטענדיג, האָט זי געקוקט מיט פארדאכט און אונצוטרוי אויף איר שכנ'טע, אויף איר שוועס־טער־רעפּובליק, די פאראייניגטע שטאטען. און מען מוז צוגעבען, אז דער פארדאכט איז געווען א באגרינדעטער. מעקסיקאָ האָט געפילט, אז אמעריקע שארפט די ציין אויף איר טעריטאָריע; אז זי האָט חשק פון מעקסיקאָ אָפּצורייסען שטיקער. און אזוי איז דאָס טאַקע געווען. דער בעסטער באווייז איז, וואָס אזוי האָט עס באמת געטראָפען. די פאראייניגטע שטאטען האָבען פון מעקסיקאָ צוגענומען אַן ערך א העלפט פון איר לאנד, נאָענט צו א מיליאָן סקווער מייל.

שוין אין 1822 (א יאָר נאָכדעם ווי מעקסיקאָ איז פריי גע־וואָרען) האָט א מעקסיקאַנער פאָרשטייער אין די פאראייניגטע שטאטען אויסגעדריקט די מיינונג, אז „מיט דער צייט וועט דאָס אמעריקאנער פאָלק ווערען אונזער פארביסענסטער שונא, און דערפאר מוזען מיר שוין איצט באטראכטען די אמעריקאנער אלס אונזערע שונאים". דער ערשטער אמבאסאדאָר פון מעקסיקאָ אין וואשינגטאָן האָט צוויי וואָכען נאָך זיין אָנקומען אהין געזאָגט: „די אמעריקאנער זיינען ביי זיך אזוי פאררריסען, אז זיי וועלען קיינמאָל אויף אונז ניט קוקען ווי אויף גלייכע, נאָר ווי אויף ני־דעריגערע. זייער גאוה, דאכט זיך מיר, דערגייט אזוי ווייט,

אז זיי גלויבען אַז זייער הויפּטשאָדט דאַרף ווערען די הויפּט־שטאָדט פון דעם גאַנצען אַמעריקאַנער קאָנטינענט.״

פּראָפעסאָר ריפּי, אין זיין בוך: „די פאַראייניגטע שטאַטען און מעקסיקאָ״, ברענגט אַ גאַנצע רייע ענליכע מיינונגען פון דיפּ־לאָמאַטישע פאַרטרעטער, וואָס מעקסיקאָ האָט נאָך אין די צוואַנ־ציגער יאָרען פון לעצטען יאָרהונדערט געשיקט קיין מעקסיקאָ. אין יענער צייט האָבען די אַמעריקאַנער אָנגעהויבען זיך צו באַ־זעצען אין טעקסאַס. די מעקסיקאַנער רעגירונג האָט זיי אַליין איינגעלאַדען און באַטיילט מיט לאַנד, גלויבענדיג, אַז די קאָלאָ־ניסטען וועלען ווערען געטרייע מעקסיקאַנער. די מעקסיקאַנער פאָרשטייער דאָ האָבען אָבער שוין דאַן געוואָרענט זייער רעגירונג, אַז אַמעריקע וועט מיט דער צייט צונעמען טעקסאַס פאַר זיך.

די ערשטע צוויי אַמבאַסאַדאָרען, וואָס די פאַראייניגטע שטאַ־טען האָבען געשיקט קיין מעקסיקאָ, האָבען נאָך שאַרפער געמאַכט דעם אומצוטרוי. דער ערשטער אַמבאַסאַדאָר איז אָנגעקומען אין דער מעקסיקאַנער הויפּטשטאָט אין 1825. זיין נאָמען איז גע־ווען דזשאָזעף פּלאַנסע. ער האָט זיך ניט באַנוגענט צו זיין בלויז דער פאַרטרעטער פון זיין לאַנד. ער האָט געוואָלט באַ־לעבאַטעווען אין מעקסיקאָ גופא. ער האָט זיך געמישט אין דער פּאָליטיק פון מעקסיקאָ. ער האָט זיך געפּרואווט דאָרט צו אָרגאַניזירען פּאָליטישע פּאַרטייען און אומצואוואַרפען מיניס־טעריומס. די מעקסיקאַנער האָבען פּלאַנסע׳ן געלאָזט פילען, אַז זיי האָבען צו אים ניט קיין צוטרוי, און האָבען אים באהאַנ־דעלט ווי אַ פרעמדען. דאָס האָט, נאַטירליך, אַרויסגערופען אומ־צופרידענהייט אין וואַשינגטאָן.

אַ סך ערגער איז געווען דער צווייטער פאָרשטייער, אַנטאָני באָטלער, וועלכער איז אָנגעקומען קיין מעקסיקאָ באַלד נאָכדעם ווי דזשעקסאָן איז געוואָרען פּרעזידענט. וועגען אים שרייבט פּראָ־פעסאָר סמיט: „זעקס יאָר צייט, פון 1829 ביז 1835, האָט אַמעריקע געהאַט אַלס איר פאָרשטייער אין מעקסיקאָ אַ פריינט פון פּרעזידענט דזשעקסאָן מיט׳ן נאָמען אַנטאָני באָטלער. זיין איינציגע פּרעטענזיע אויף דעם אַמט איז געווען זיין באַקאַנט־

שאפט מיט טעקסאס און זיין שטארקער וואונש, אז טעקסאס זאל ווערען א טייל פון די פאראייניגטע שטאטען. באטלער איז געווען א שאנדע פאר אונזער פאלק. ער איז געווען פינאנציעל פאר־אינטערעסירט, אז טעקסאס זאל אוועקגענומען ווערען פון מעקסיקא. א מענש אן פרינציפען, א סקאנדאליסט. ער האט זיך אלס זיין ספעציעלע אויפגאבע געשטעלט צו ווירקען, אז טעקסאס זאל אריבער צו אמעריקא. ער האט דארויף אנגעווענדט כל־ערליי מיטלען. ער האט געפלאנעוועט אונטערצוקויפען הויכע בעאמטע. ער האט איבערצייגט מעקסיקא, אז מיר האבען אלס אונזער פארשטייער אן אונפייאיגען שווינדלער. צום סוף האט מעקסיקא געפאדערט, אז אונזער רעגירונג זאל אים צוריקרופען".

אין דער זעלבער צייט, וואס די פאראייניגטע שטאטען האבען זיך פארהאסט געמאכט ביים מעקסיקאנער פאלק, האט ענגלאנד געוואונען מעקסיקא'ס צוטרוי און אכטונג. ווי נאר מעקסיקא איז געווארען אונאפהענגיג, אזוי האט ענגלאנד געפונען פאר זיך א מעגליכקייט אריינצודרינגען פינאנציעל און אינדוסטריעל אין דעם אמעריקאנער קאנטינענט. אירע דיפלאמאטען האבען געמאכט אייניגע זייער געלונגענע צוגען: זיי האבען אנגעבאטען מעקסיקא א הלואה; זיי האבען געלאזט וויסען, אז ענגלאנד וועט ניט דערלאזען, אז שפאניען זאל צוריק ארויפצווינגען איר יאך אויף מעקסיקא. ענגלאנד האט אפילו געזוכט צו ווירקען אויף שפאניען, זי זאל אנערקענען מעקסיקא'ס אונאפהענגיגקייט. אמעריקא האט אין דעם דיפלאמאטישען שפיל פון ענגלאנד געזען א געפאר פאר זיך. זי האט מורא געהאט, אז עס וועט געשאפען ווערען א בונד צווישען ענגלאנד און מעקסיקא און אז ענגלאנד וועט מיט מעקסיקאנער הילף זוכען צו באהערשען דעם אמעריקאנער קאנטינענט.

די רעוואלוציע פון טעקסאס האט נאך מער פארשארפט די אזוי אויך אנגעשטרענגטע באציאונג צווישען די צוויי לענדער. מעקסיקא איז געווען זיכער, אז הינטער דעם אויפשטאנד איז געשטאנען די אמעריקאנער רעגירונג. די, וואס האבען דעם געלונגענעם אויפשטאנד געמאכט, זיינען דאך געווען אמעריקאנער.

פון די פאַראייניגטע שטאַטען איז אויך אָנגעקומען אַ סך הילף צו די רעוואָלוציאָנערען. מעקסיקאָ איז געווען איבערצייגט, אַז דער אויפשטאַנד איז געווען אַ פאַרשווערונג פון די פאַראייניגטע שטאַטען אַוועקצונעמען פון איר טעריטאָריע. דאָס, וואָס אַמע־ריקא האָט דערנאָך ניין יאָר נאָכאַנאַנד זיך אָפּגעזאָגט צו אַנעק־סירען טעקסאַס, האָט די דאָזיגע איבערצייגונג ניט צושטערט. די מעקסיקאַנער האָבען געוואוסט, אַז עס איז נאָר אַ פראַגע פון צייט, אַז טעקסאַס זאָל ווערען אַ טייל פון די פאַראייניגטע שטאַטען. און אַזוי איז עס טאַקע געווען.

אין די ניין יאָר זיינען אויפגעשוואומען נייע פראַגען, וואָס האָבען די לאַגע פאַרערגערט. אַמעריקא האָט געמאָנט ביי מעק־סיקא עטליכע מיליאָן דאָלער צו פאַרגיטיגען די פאַרלוסטען פון די אַמעריקאַנער בירגער אין מעקסיקאַ, בעת די אָפטע רעוואָ־לוציעס, וואָס זיינען דאָרטען פאָרגעקומען. מעקסיקאָ האָט נאָכ־געגעבען, אַז אַ קאָמיסיע זאָל די זאַך אונטערזוכען, און די קאָ־מיסיע האָט גע׳פסק׳ענט, אַז מעקסיקאָ זאָל באַצאָלען צוויי מי־ליאָן דאָלער. דערפון האָט זי באַצאָלט אַ קליינעם טייל. ווייטער, האָט מעקסיקאַ גע׳טענה׳ט, קען זי ניט צאָלען.

אַ צווייטע פראַגע איז געווען פאַרבונדען מיט די צפונ׳דיגע און מערב׳דיגע טיילען פון מעקסיקאָ, די טעריטאָריע פון ניו־מעק־סיקאָ און קאַליפאָרניא. מעקסיקא האָט מורא געהאַט, אַז מיט יענער שטיק טעריטאָריע וועט פּאַסירען דאָס אייגענע, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט טעקסאַס, און זי האָט ניט געוואָלט אַריינ־לאָזען אהין קיין אַמעריקאַנער. אין 1840 איז אין קאַליפאָרניא אַרעסטירט געוואָרען אַ געוויסע צאָל אַמעריקאַנער, וועלכע האָבען זיך דאָרט געהאַט באַזעצט. זייער אייגענטום איז קאָנפיסקירט געווארען, און זיי אליין זיינען דעפּאָרטירט געווארען קיין אַמע־ריקא. אין 1843 האָט די מעקסיקאַנער רעגירונג פאַרבאָטען די אַמעריקאַנער צו פירען האַנדעל מיט ניו־מעקסיקא. אין זעלבען יאָר איז אַרויסגעגעבען געוואָרען אַ גזירה, אַז אַלע אַמעריקאַנער זאָלען גלייך פאַרלאָזען מעקסיקא.

עס פאַרשטייט זיך, אַז די מעקסיקאַנער רעגירונג האָט גע־

מאכט די אלע פיינדליכע שריט געגען אמעריקא, ווייל זי, די רע־גירונג, האט זיך אויף אן אמת'ען געשראקען פאר דער אמע־ריקאנער אינוואזיע (ארייננדרינגונג). אין די פאראייניגטע שטא־טען אבער האט אזא שטעלונג מצד מעקסיקא ארויסגערופען גרויס צארן און פארביטערונג. דער פולווער פון שנאה האט זיך אנגע־זאמעלט אין ביידע לענדער.

די פראגע פון טעקסאס גופא איז קיינמאל ניט געלייזט גע־ווארען. די מעקסיקאנער רעגירונג האט זיך אין די אלע יארען אפגעזאגט צו אנערקענען די אונאפהענגיגקייט פון טעקסאס. דעם 23־טען אוגוסט, 1843, האט די מעקסיקאנער רעגירונג ער־קלערט, אז אויב אמעריקע וועט אנעקסירען טעקסאס, וועט מעק־סיקא דאס באטראכטען אלס א קריגס־ערקלערונג. אין מאנאט נאוועמבער פון זעלבען יאר האט דער מעקסיקאנער אמבאסאדאר אין וואשינגטאן די ערקלערונג אביסעל מילדער געמאכט. ער האט געזאגט, אז אויב אמעריקא וועט אנעקסירען טעקסאס, וועט מעקסיקא ערקלערען קריג.

ווען דער קאנגרעס האט אין מערץ, 1845, אנגענומען די רעזאלוציע וועגען אנעקסירען טעקסאס, האט דער מעקסיקאנער אמבאסאדאר געפאדערט זיין פאספארט. מיט א פאר וואכען שפעטער האט דער אמעריקאנער אמבאסאדאר אין מעקסיקא בא־קומען אן אפיציעלע ידיעה פון דער מעקסיקאנער רעגירונג, אז די דיפלאמאטישע פארבינדונגען צווישען די צוויי לענדער זיינען איבערגעבראכען. דער מעקסיקאנער קאנגרעס האט מיט א פאר מאנאט שפעטער דורכגעפירט א געזעץ, אז די ארמיי זאל פאר־גרעסערט ווערען, כדי זי זאל קענען זיך אנטקעגענשטעלען דעם פארזוך פון אמעריקא צו אנעקסירען טעקסאס. די רעגירונג האט געווארט מיט איר אפיציעלער קריגס־ערקלערונג ביז וואנען די אמעריקאנער וועלען ארייננדרינגען אין טעקסאס און זי פאקטיש אנעקסירען.

אין מיטען יאר 1845 האט שוין עקזיסטירט א קריגס־צו־שטאנד צווישען די צוויי לענדער. דאך האט גענומען נאך א קארג יאר ביז וואנען די מלחמה האט אויף אן אמת'ען אויסגע־

בראָכען. אין דעם יאָר האָבען פּאַסירט אַ סך זאַכען, ספּעציעל אויף דעם דיפּלאָמאַטישען געביט. די היסטאָריקער גייען זיך שטאַרק פונאַנדער אין זייער בליק אויף אָט־די פּאַסירונגען. אייניגע היסטאָריקער זיינען מיט דער מיינונג, אַז פּרעזידענט פּאָלק האָט געטאָן אַלץ אין זיין מאַכט אריינצוואַרפען דאָס לאַנד אין דער מלחמה. ער האָט זיך פאַר קיין זאַך ניט אָפּגעשטעלט, זיך באַנוצט אפילו מיט ליגענס און פאַלשקייטען, כדי אויפצוהעצען די צוויי לענדער איינס קעגען אַנדערען. אַנדערע היסטאָריקער, ווידער, זיינען מיט דער דעה, אַז פּאָלק האָט אויפריכטיג געזוכט אויסצומיידען אַ מלחמה; אז ער האָט אַלע מיטלען אָנגעווענדעט צו קומען מיט מעקסיקאָ צו אַ פרידליכען אויסגלייך, נאָר די מעקסיקאַנער זיינען באַשטאַנען דוקא צו האַלטען מלחמה, ביז ער האָט באַין־ברירה געמוזט מאַכען די קריגס־ערקלערונג.

וואָס זיינען די טרוקענע פאַקטען, די פּאַקטישע פּאַסירונגען פון אָט־דעם יאָר?

דעם 15־טען יוני, 1845, האָט פּרעזידענט פּאָלק באַפוילען דעם אַמעריקאַנער גענעראַל טעילאָר, ער זאָל מיט זיין אַרמיי אריינמאַרשירען אין טעקסאַס און פאַרנעמען אַ פּאָזיציע ביי ריאָ־גראַנדע, אַ טייך וואָס ליגט ביי דער מערב־זייט גרענעץ פון טעקסאַס. דער פּרעזידענט האָט שפּעטער אָנגעזאָגט טעילאָר'ן, ער זאָל אויסמיידען אַ צוזאַמענשטויס מיט מעקסיקאַנער סאָלדאַטען; ער זאָל ניט זוכען אַרויסצוטרייבען די מעקסיקאַנער פון זייערע פּאָסטענס. גענעראַל טעילאָר איז אַריין אין טעקסאַס אין מאָנאַט יולי, און אין מאָנאַט אוגוסט איז ער אַריבער אויף דעם צווייטען, אויף דעם מערב־ברעג פון טייך נאָיצעס. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ פּונקט, 150 מייל ווייט פון ריאָ־גראַנדע. אָנהויב אָקטאָבער האָט טעילאָר פאַרלאַנגט פון דער רעגירונג, אַז זי זאָל אים לאָזען זיך צורוקען מיט זיין אַרמיי צו דעם ריאָ־גראַנדע־טייך. אין מיטען יאַנואַר, 1846, האָט ער באַקומען פון פּרעזידענט דעם באַפעל, וועלכען ער האָט אַליין רעקאָמענדירט, ער זאָל מאַרשירען צו ריאָ־גראַנדע.

בעת די אַמעריקאַנער אַרמיי האָט מאַרשירט איבער טעקסאַס,

האט פרעזידענט פאלק דערוויייל אנגעווענדעט דיפלאמאטישע מיטלען צו פארהאנדלען מיט מעקסיקא. אין מיטען אקטאבער, 1845, האט פאלק באקומען אן ענטפער אויף זיין אנפראגע, צי די מעקסיקאנער רעגירונג איז גרייט אויפצונעמען א פארשטייער פון דער אמעריקאנער רעגירונג און מיט אים פארהאנדלען וועגען די פארשיידענע סכסוכים צווישען די צוויי לענדער. דער ענטפער איז געווען: יע. פאלק האט אויסגעקליבען פאר זיין שליח דזשאן סלידעל, וועלכער איז אנגעקומען אין מעקסיקא דעם 30־טען נאוועמבער.

סלידעל איז באאויפטראגט געווארען צו פארהאנדלען דריי פראגען:

1) די חובות, וואס מעקסיקא איז שולדיג געווען די אמעריקאנער; 2) די גרענעץ־פראגע פון טעקסאס. מעקסיקא האט פון שטענדיג אן גע'טענה'ט, אז דער מערב־גרענעץ פון טעקסאס איז דער טייך נאיצעס און די פאראייניגטע שטאטען האבען גע־גען גע'טענה'ט, אז דער גרענעץ איז דער ריא־גראנדע־טייך; 3) די פראגע וועגען אפקויפען ניו־מעקסיקא און קאליפארניא. פרעזידענט פאלק האט פארגעשלאגען, אז ער וועט פאר ניו־מעקסיקא באצאלען פינף מיליאן דאלער און אויך איבערנעמען די מעקסיקאנער שולדען צו די אמעריקאנער בירגער. פאר קאליפארניא איז ער גרייט געווען צו באצאלען 25 מיליאן דאלער.

סלידעל האט אין מעקסיקא פארבראכט ביז מערץ, 1846. די מעקסיקאנער רעגירונג האט אים פריער געגעבען אלערליי תירוצים, זיך ניט געאיילט אים אויפצונעמען. ענדליך האט זי אין מערץ ערקלערט, אז זי זאגט זיך אפ צו פארהאנדלען מיט סלידלען.

דערוויייל האט גענעראל טעילאר צוגעפירט זיין ארמיי ביז דעם ריא־גראנדע־טייך. פריער האט מעקסיקא אלץ גע'טענה'ט, אז גאנץ טעקסאס געהערט צו איר, און אויב די אמעריקאנער ארמיי וועט נאר אריין אין טעקסאס, וועט זי ערקלערען קריג. איצטער אבער האט זי וועגען טעקסאס גאר ניט גערעדט. זי האט געמאכט די ערקלערונג, אז טעקסאס גרייכט בלויז ביז

דעם טייך נאַיצעס; אַז דאָס שטיק לאַנד צווישען נאַיצעס און ריאָ־גראַנדע איז אויסער די גרענעצען פון טעקסאַס. אין אַפּריל האָט דער מעקסיקאַנער הויפּט־גענעראַל געשיקט אַ וואָרנונג צו גענעראַל טעילאָר, ער זאָל אין 24 שטונדען צוריקציען זיינע סאָלדאַטען אויף דער אַנדערער זייט נאַיצעס. טעילאָר האָט די וואָרנונג איגנאָרירט. דעם 24־טען אַפּריל איז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענשטויס צווישען אַמעריקאַנער און מעקסיקאַנער סאָלדאַטען. אַן אָפּטיילונג פון אַמעריקאַנער סאָלדאַטען איז ארומגע־רינגעלט געוואָרען. איינעגע פון זיי זיינען געפאַלען; די אי־בעריגע האָבען זיך אונטערגעגעבען. דער צוזאַמענשטויס איז פאָרגעקומען אויף דער טעריטאָריע צווישען די צוויי טייכען, אי־בער וועלכע דער סכסוך איז אָנגעגאַנגען.

דעם 9־טען מאַי איז די נייעס וועגען דעם צוזאַמענשטויס אָנגעקומען אין וואַשינגטאָן. דער פּרעזידענט האָט שוין פריער געהאַט באַשלאָסען אויפצופאָדערען דעם קאָנגרעס, ער זאָל ער־קלערען קריג געגען מעקסיקאָ. איצטער האָט ער אין זיין קריגס־רוף אריינגעשריבען נאָך אַ גרונד, וועלכער האָט זיך געלייענט אַזוי: „די מעקסיקאַנער זיינען אַריבער דעם גרענעץ פון די פאראייניגטע שטאַטען און האָבען פאַרגאָסען אַמעריקאַנער בלוט אויף דעם אַמעריקאַנער באָדען". דעם פּרעזידענט'ס מעסעדזש איז פאָרגעלעזען געוואָרען אין קאָנגרעס דעם 11־טען מאַי. עס איז גלייך אַריינגעטראָגען געוואָרען אַ פאָרשלאַג, אַזוי ווי די צוויי לענדער פירען שוין צווישען זיך מלחמה, זאָל דעריבער באַ־וויליגט ווערען אַ סומע פון צען מיליאָן דאָלער און עס זאָל גע־זאַמעלט ווערען אַן ארמיי פון 50 טויזענד מאַן אויף אָנצופירען די מלחמה. דער פאָרשלאַג איז אין קאָנגרעס אָנגענומען גע־וואָרען מיט 174 שטימען געגען 14. אויף מאָרגען איז דער זעלבער פאָרשלאַג אָנגענומען געוואָרען אין סענאַט מיט פערציג שטימען געגען צוויי.

דער אָפיציעלער אויסרייד פון דער מלחמה איז, אַלזאָ, געווען דער סכסוך איבער דעם טעקסאַס גרענעץ. פּרעזידענט פּאָלק האָט גע'טענה'ט, אַז דער גרענעץ איז ביי דעם ריאָ־גראַנדע־טייך,

און מעקסיקא האט גע'טענה'ט, אז דער גרענעץ איזביים נאַי־צעס־טייך. די היסטאָריקער, וואָס זאָגען זיך אָרויס געגען פּאָלק'ן, באהויפּטען, אז ערשטענס, איז מעקסיקא געווען גערעכט (און דאָס גיבען צו די מערסטע היסטאָריקער, אפילו יענע, וואָס פאַרטיי־דיגען פּאָלק'ן אין דער אַלגעמיינער פראגע), צווייטענס, זאָגען זיי, האט דער סכסוך געקענט געשליכטעט ווערען אויף א פרידליכען אופן. פּאָלק, זאָגען זיי, האט געזוכט אריינצוּוואַרפען דאָס לאנד אין דער מלחמה און ניט געוואָלט קיין פרידליכען אויסגלייך. און דערפאר האט ער גלייך געשיקט אַן ארמיי אויף יענער טערי־טאָריע, צוליב וועלכער דער סכסוך איז פאָרגעקומען. ער האט געוואָלט ברענגען צו א בלוט־פארגיסונג און דאַן וועט שוין די מלחמה ממילא אויסברעכען.

פאַרוואָס האט פּרעזידענט פּאָלק געוואָלט א מלחמה מיט מעקסיקא ?

אויף דעם ענטפערען געגנערישע היסטאָריקער אַזוי :

פּרעזידענט פּאָלק איז געווען דער פאָרשטייער פון דער שקלאפען־טרייבערישער סאוט. די סאוט האט זיך ניט באַנו־גענט מיט טעקסאס ; זי האט געוואָלט נאָך טעריטאָריע ; זי האט געוואָלט ניו־מעקסיקא און א טייל פון קאליפאָרניא. די טערי־טאָריע האט מעקסיקא ניט געוואָלט אָפּגעבען מיט גוטען. זי האט צוריקגעוואָרפען דעם אָנבאָט פון דער אמעריקאנער רעגירונג אָפּ־צוקויפען פון איר די טעריטאָריע. דורך א מלחמה אָבער וואָלט לייכט געווען די טעריטאָריע צו געווינען. מאַנכע אין דער סאוט האָבען געהאט נאָך ווייטערע אמביציעס. זיי האָבען געהאָפט, אז דורך א מלחמה וועט געלינגען די פאראייניגטע שטאטען צו פאַר־שלינגען גאַנץ מעקסיקא.

די פאַרטיידיגער פון פּרעזידענט פּאָלק זאָגען, אז ער האט אויפריכטיג געזוכט אויסצוגלייכען די סכסוכים אויף א פרידליכען אופן, נאָר מעקסיקא האט זיך דערפון אָפּגעזאָגט. זיי זאָגען ווײ־טער, אז ער האט געזוכט צו קריגען ניו־מעקסיקא און קאליפאָרניא ניט אין די אינטערעסען פון די לייב־אייגנטימער, נאָר ווייל ער האט מורא געהאט, אז די טעריטאָריע וועט מיט דער צייט אריינ־

פאַלען צו ענגלאַנד. די מעקסיקאַנער רעגירונג וואָלט יענע גע־געגנדען סיי־ווי ניט געקענט איינהאַלטען. זיי זיינען געלעגען צו ווייט און האָבען כמעט ניט געהאַט קיין באַפעלקערונג. ענג־לאַנד האָט זיך געגויטיגט אין זיי, כדי צו האָבען אַ צוטריט צום דרום׳דיגען טייל פון קאָנטינענט. די באַציאונגען צווישען מעקסיקאַ און ענגלאַנד זיינען שטענדיג געווען זייער פריינדליכע. פרעזידענט פּאָלק האָט מורא געהאַט, אַז עס וועט ענגלאַנד זיך איינגעבען ענטוועדער צוצונעמען אָדער אָפּצוקויפען די שטיקער לאַנד פון מעקסיקאָ. און דעריבער איז ער עס אַזוי באַשטאַנען דערויף, אַז אַמעריקאַ זאָל זיך צואיילען און ווי עס איז אריינ־קריגען די טעריטאָריע אין אירע הענט.

און וואָס איז מכח מעקסיקאַ? ווי אַזוי האָט זי געוואַגט זיך צו שטעלען געגען די פאַראייניגטע שטאַטען? וואָס מען זאָל ניט טראַכטען וועגען פּאָלק׳ן און די פריערדיגע פרעזידענטען, מוז מען דאָך צוגעבען, אַז מעקסיקאַ האָט ניט געמאַכט דעם מינ־דעסטען פאַרזוך צו פאַרמיידען מלחמה. פאַרקערט, זי האָט שטענ־דיג געפּאָכעט מיט׳ן שווערד און געדרייצט צו קריג. האָט זי באמת געגלויבט, אַז זי קען זיך פאַרמעסטען געגען די פאַראייניג־טע שטאַטען?

מעקסיקאָ האָט פיל געבויט אויף דער פּאַרטיי־צוריסענקייט אין די פאַראייניגטע שטאַטען, אויף דעם אינערליכען קאַמף צווי־שען דער נאָרט און דער סאוט. אין 1844 האָט דער מעקסי־קאַנער אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן געשריבען: „אין פאַל פון אַ מלחמה וועט די נאָרט ניט העלפען דער סאוט”. די מעק־סיקאַנער צייטונגען האָבען ערב דער מלחמה געשריבען, אַז די גרויסע מאַסען אין די פאַראייניגטע שטאַטען וועלען איינזען די אומגערעכטיגקייט פון אַזאַ מלחמה און וועלען ניט דערלאָזען, אַז קריג זאָל ערקלערט ווערען.

פון אַ מיליטערישען שטאַנדפּונקט האָט מעקסיקאָ אויך גע־גלויבט אַז איר לאַגע איז אַ בעסערע ווי די לאַגע פון די פאַר־איינינגטע שטאַטען. איר אַרמיי איז געווען אַ מער ערפאַרענע,

ווייל אין מעקסיקאָ זיינען שטענדיג פאָרגעקומען אינערליכע מלחמות, און די צאָל מעקסיקאנער, וואָס האָבען געשמעקט פול־ווער אויף די שלאַכטפעלדער, איז געוועזן זייער גרויס. מעקסיקאָ האָט אויך געמאַכט דעם חשבון, אז אין פאַל פון א מלחמה, וועט

איר אויפגאַבע זיין א לייכטערע, ווי דעם שונא'ס. זי וועט זיך דאַרפען פאַרטיידיגען. די פאַראייניגטע שטאַטען וועלען האָבען די שווערע און געפערליכע אויפגאַבע אַריינצודרינגען אין מעק־סיקא, צו שיקען אַרמייען איבער ווייטע שטרעקען, דורך וויסטען

לאַנד, וואו עס זיינען ניטאָ קיין גוטע וועגען און וואו דער קלי־
מאַט איז ניט קיין געזונטער.

מעקסיקאָ האָט אויך ערוואַרטעט די הילף פון אייראָפּעאישע
לענדער, איבערהויפּט פון ענגלאַנד. די ציימונגען פון ענגלאַנד
און פראַנקרייך האָבען אין 1845 אָפען אַגיטירט צו העלפען מעק־
סיקא געגען די פאַראייניגטע שטאַטען. זיי האָבען געשריבען,
אַז די פאַראייניגטע שטאַטען שטרעבען צו פאַרשלינגען גאַנץ מעק־
סיקאָ, און אויב דאָס וועט געשעהן, וועט דער פּאָליטישער גלייכ־
געוויכט פון דער וועלט צעשטערט ווערען. דער לאָנדאָנער
„סטענדארד" האָט ערקלערט, אַז עס איז אבסאָלוט נויטיג, אַז
ענגלאַנד און פראַנקרייך זאָלען איינצאַמען אַמעריקא און איר
ניט דערלאָזען זיך אַרויפצוואַרפען אויף מעקסיקא. די אַגי־
טאַציע אין דער אייראָפּעאישער פּרעסע האָט געשטאַרקט מעק־
סיקא אין איר האָפענונג צו קריגען הילף פון אייראָפּא.

אָבער די וויכטיגסטע סיבה פון מעקסיקא'ס שטעלונג איז גע־
ווען די אינערליכע לאַגע אין לאַנד. די לעצטע יאָרען איז דאָרט
אָנגעגאַנגען אַ קאַמף צווישען די רעאַקציאָנערען־מאָנאַרכיסטען
און קלעריקאַלען אויף איין זייט און די ליבעראַלען אויף דער
צווייטער זייט. די רעאַקציאָנערען האָבען געזוכט אריינצוכאַפּען
די מאַכט אין זייערע הענט, און זיי האָבען געגלויבט, אַז אַ
מלחמה מיט די פאַראייניגטע שטאַטען וועט זיי געבען די נויטיגע
געלעגענהייט דערצו. ווען סלידעל איז אָנגעקומען קיין מעק־
סיקא, איז דער צוזאַמענשטויס פאָרגעקומען. די קאָאַליציע פון
דער קירכע מיט די מאָנאַרכיסטען האָט רעוואָלטירט מיט דעם
געשריי, אַז די ליבעראַלע רעגירונג וויל פאַרראַטען מעקסיקאָ און
פירען פאַרהאַנדלונגען מיט די פאַראייניגטע שטאַטען. דער גע־
שריי, אַז מען מוז ראַטעווען דאָס לאַנד פון דער אַמעריקאַנער
געפאַר, איז אויסגענוצט געוואָרען פון די רעאַקציאָנערען און זיי
געהאָלפען צו פאַרכאַפּען די רעגירונג. נאָכדעם ווי זיי האָבען
די רעגירונג געהאַט אין זייערע הענט, האָבען זיי שוין געמוזט
אָנהאַלטען זייער „שטאַרקע" שטעלונג געגען די פאַראייניגטע
שטאַטען. אָט־די נייע רעאַקציאָנערע רעגירונג האָט דאָס צוריק־

געוויזען סלידעל'ס שליחות, צושטערט די לעצטע האפענונג אויף
א פרידליכען אויסגלייך מיט די פאראייניגטע שטאטען און גע־
בראכט דעם בלוטיגען צוזאמענשטויס, וועלכער האט געפירט צו
דער קריגס־ערקלערונג.

קאפיטעל 14.

# די מלחמה מיט מעקסיקא.

די מלחמה האט געדויערט אן ערך אנדערהאלבען יאר. אין דער קורצער צייט האט די ארמיי פון די פאראייניגטע שטאטען אריינגעדרונגען טיף אין מעקסיקא, פארנומען אירע וויכטיגסטע האפענס, איר הויפט־שטאט און די גאנצע שטיק טעריטאריע פון ניו־מעקסיקא ביז'ן קאליפארניער ברעג, דאס שטיק לאנד, וואס פרעזידענט פאלק האט די גאנצע צייט געזוכט עס אפצוקויפען פון מעקסיקא. די מלחמה איז געווען א גרויזאם־בלוטיגע. זי האט געקאסט די פאראייניגטע שטאטען צוועלף טויזענד לעבענס און א 150 מיליאן דאלער אין קאפיטאל. דער פרייז, וואס מעקסיקא האט באצאלט אין מענשליכע לעבענס, איז ניט באשטימט. ער איז אבער זיכער געווען א סך א גרעסערער ווי דער אמעריקאנער, אפשר צוויי מאל אזוי פיל.

די שלאכטען האבען זיך אנגעהויבען נאך איידער די מלחמה איז אפיציעל ערקלערט געווארען. אנהויב מאי זיינען פארגעקומען צוויי שלאכטען ארום דער מעקסיקאנער שטאט מארטא־מאראס, וועלכע ליגט ביים גרענעץ פון טעקסאס. די מעקסיקאנער ארמיי איז געווען גרעסער און בעסער דיסציפלינירט. דאך האבען די אמעריקאנער זי צוריקגעשטויסען. די שטאט מארטא־מאראס איז איינגענומען געווארען. דעם 13־טען מאי, ווען דער קאנגרעס האט געמאכט די אפיציעלע קריגס־ערקלערונג, איז שוין אין מעקסיקאנער ארמיי פון עטליכע טויזענד מאן געווען א צושמעטערטע. אין וואשינגטאן האט מען אבער דאן נאך וועגען די צוויי שלאכטען ניט געוואוסט.

די ערשטע פראגע נאך דער קריגס־ערקלערונג איז, פאר־

שטייט זיך, געווען ווענען ארגאניזירען אן ארמיי. אין 1846 איז די רעגולערע ארמיי פון די פאראייניגטע שטאטען באשטאנען ארום און ארום פון א פינף טויזענד מאן. דער פלאן איצט איז געווען צונויפצושטעלען אן ארמיי פון פופציג טויזענד מאן. דער פרעזידענט האט ארויסגעלאזען אן אויפרוף פאר פרייוויליגע. דער אפרוף פון פאלק האט באוויזען, אז די מלחמה איז געווען פאפולער אין דער וועסט און אין דער סאוט אבער ניט אין דער נארט. די ערשטע צוויי טיילען האבען ערוואַרטעט פון דער מלחמה צו געווינען נייע טעריטאריע. די נארט האט אבער קיינע געווינסען ניט ערוואַרטעט. ארום און ארום זיינען אין דער ארמיי אריינגעטראטען אלס פרייוויליגע אן ערך 70 טויזענד מאן: 40 טויזענד פון זיי זיינען געקומען פון דער וועסט; פון דער נארט זיינען געקומען ווייניגער ווי צען טויזענד, כאטש די באפעלקע־רונג אין דער נארט איז געווען צוויי מאל גרעסער אין צאל ווי אין דער וועסט. אין דער נארט איז די מלחמה פארדאמט געווארען ביי עפענטליכע פארזאמלונגען, וואו עס האבען גערעדט פראמינ־ענטע פאליטיקער. אין די וואלען פון 1846 האט די „וויג" פארטיי געוואונען א מאיאריטעט אין דעם קאנגרעס, און דאס איז אויסגעטייטשט געווארען אלס אן אויסדרוק פון דעם פאלקס־פראטעסט געגען דער מלחמה. דער קאנגרעס האט טאקע אויף דעם סמך אנגענומען א רעזאלוציע, וועלכע האט געלויטעט, אז דער פרעזידענט האט די מלחמה אנגעפאנגען „געגען דער קאנ־סטיטוציע און געגען דער גערעכטיגקייט". אין א רעדע, וואס א קאנגרעסמאן פון אהייא האט געהאלטען, האט ער ערקלערט: „ווען איך וואלט געווען א מעקסיקאנער, וואלט איך צו אייך געזאגט: האט איר ניט גענוג פלאץ אין אייער אייגענעם לאנד וואו צו באגראבען אייערע טויטע? אויב איר וועט אריינקומען צו אונז אין לאנד, וועלען מיר אייך באגעגענען מיט בלוטיגע הענט און אייך איינלאדען אין גאסטפריינדליכע קברים".

די ערשטע אכט מאנאט איז די מלחמה געפירט געווארען פון גענעראל טעילאר, וועלכער איז דער ערשטער אריבער דעם גרע־נעץ און אריינגעדרונגען אין מעקסיקא ביים ריא־גראנדע־טייך.

טעילאָר איז ניט געווען דער הויפּט־גענעראל. איבער אים איז געשטאַנען גענעראל ווינפיעלד סקאָט, וועלכער איז געווען ניט נאָר דער הויפּט פון דער אַרמיי, נאָר אויך אנערקענט אַלס אַ סך פייאיגער, אַ סך געלערענטער אין מיליטערישע אַנגעלעגענהייטען ווי טעילאָר. סקאָט'ן האָט מען אָבער אין וואַשינגטאָן די ערשטע צייט ניט צוגעלאָזען צום שלאַכטפעלד צוליב פּאָליטישע סיבות. סקאָט איז געווען אַ „וויג" און האָט געהאַט אַמביציעס צו „לויפען" פאַר פּרעזידענט. האָט פּרעזידענט פּאָלק מורא געהאַט, אַז אויב סקאָט וועט זיך אויסצייכענען אויף דעם שלאַכטפעלד, וועט ער ווערען פּאָפּולער און באַליבט ביים עולם און וועט אין די קומענדע פּרעזידענט־וואַלען זיין זיינער אַן ערנסטער קאָנקורענט.

וועגען גענעראל טעילאָר'ס פייאיגקייטען זיינען דאָ מיינונגס־פאַרשיידענהייטען. אַז ער איז ניט געווען קיין גרויסער גענעראל — דאָס גיבען אַלע צו. עס זיינען אָבער פאַראַן אַזוינע, וואָס גלויבען, אַז ער איז גאָר קיין גענעראל ניט געווען; אַז ער האָט ניט געהאַט דאָס מינדעסטע רעכט צו פאַרנעמען דעם אַמט פון קאָמאַנדיר איבער אַן אַרמיי. פאַר די אַלע זיגען, וואָס טעילאָר האָט געהאַט, גיבען אָט־די קריגס־עקספּערטען דעם גאַנצען קרעדיט צו זיינע אָפיצירען. די אָפיצירען האָבען זיך מיט טעי־לאָר'ס מיינונגען ווייניג וואָס גערעכענט. זיי האָבען געפירט די אַרמיי ווי זיי האָבען פאַרשטאַנען און האָבען די שלאַכטען גע־וואונען. די עקספּערטען זאָגען אויך, אַז ווען טעילאָר וואָלט געהאַט אמת'ע פייאיגקייטען, וואָלטען זיינע זיגען געווען גרע־סערע און וויכטיגערע, און ער וואָלט אין די ערשטע עטליכע מאָ־נאַטען געצוואונגען מעקסיקאָ זיך אינגאַנצען אונטערצוגעבען.

נאָכדעם ווי טעילאָר האָט איינגענומען מאַרטאַ־מאַראָס, האָט ער זיין אַרמיי פיל פאַרשטאַרקט. ער האָט איצט שוין געהאַט 15 טויזענד מאַן. אין סעפּטעמבער האָט ער גענומען מאַרשירען טיפער אין מעקסיקאָ, צו דער וויכטיגער שטאָדט מאָנטערעי. אויפ'ן וועג האָט ער פאַרנומען איייניגע פונקטען און דאָרטען אי־בערגעלאָזען אַ טייל פון זיינע סאָלדאַטען. מיט די איבעריגע האָט ער אַטאַקירט מאָנטערעי. די שלאַכט איז געווען אַ בלוטיגע און

האט אנגעהאלטען פינף טעג. די מעקסיקאנער האבען פארלארען ארום טויזענד מאן און זיינען געשלאגען געווארען אויף יעדען פונקט. צולעצט האט דער מעקסיקאנער גענעראל אנגעבאטען צו פארלאזען די שטאט, אויב די אמעריקאנער וועלען מיט אים שליסען א וואפענשטילשטאנד. טעילאר האט דעם אנבאט אנגע־נומען. די מעקסיקאנער ארמיי האט די שטאדט פארלאזען. זי האט ארויסגעמארשירט, יעדער סאלדאט מיט זיין וואפען, און די אמעריקאנער האבען דערנאך אהין ארייגעמארשירט.

טעילאר איז שארף קריטיקירט געווארען דערפאר, וואס ער האט אליין ארויסגעלאזען די מעקסיקאנער ארמיי פון זיינע הענט. אין וואשינגטאן האט מען פון אים געפאדערט אן ערקלע־רונג. ער האט אנגעגעבען עטליכע תירוצים. ערשטענס, האט ער ניט געוואלט מקריב זיין מער לעבענס. ווען ער וואלט ניט אנגענומען דעם אנבאט פון דעם מעקסיקאנער גענעראל, וואלט די שלאכט פארטגעזעצט געווארען און ער וואלט געהאט נאך פארלוסטען. צווייטענס, האט ער געמיינט, אז דערמיט וואס ער וועט שליסען א וואפענשטילשטאנד מיט דעם מעקסיקאנער גענעראל, וועט ער עפענען א וועג צו שלום־פארהאנדלונגען. דריטענס, האט ער געצווייפעלט, צי ער וואלט געקענט איינהאלטען די שטאט, ווען די מעקסיקאנער ארמיי וואלט פון איר ארויסגע־טריבען געווארען. ער וואלט דאן געווען מיליטעריש צו שוואך. דער וואפענשטילשטאנד, וואס ער האט אונטערגעשריבען, איז גע־ווען אויף אכט וואכען צייט.

אין אוגוסט האט פאסירט א זייער וויכטיגע געשעעניש. סאנטא־אננא, דער געוועזענער פרעזידענט פון מעקסיקא, וועלכער איז מיט אנדערהאלבען יאר פריער ארויסגעשיקט געווארען „אויף אייביג” פון לאנד, איז צוריקגעקומען און האט ווידער איבערגע־נומען די מאכט אי אלס פרעזידענט, אי אלס הויפט־קאמאנדיר פון דער ארמיי. די געשיכטע פון זיין צוריקקומען איז אביסעל פארוואלקענט. די גאנצע צייט, וואס ער איז געווען אין גלות (ער האט דאן געוואוינט אין האוואנא, קיובא) איז ער געשטאנען אין פארבינדונג מיט דער וואשינגטאנער רעגירונג. נאך פאר דעם

אויסברוך פון דער מלחמה האָט פּרעזידענט פּאָלק מיט אים אונ־טערהאַנדעלט ער זאָל צוריק פאַרנעמען די מאַכט אין מעקסיקא. פּאָלק האָט אים אָנגעבאָטען געלט אויף דורכצופירען דעם פּלאַן, מיט דעם באַדינג אָבער, אַז ווען דאָס זאָל זיך אים איינגעבען, זאָל סאַנטאַ־אננא פאַרקויפען צו די פאַראייניגטע שטאַטען די צפון׳דיגע פּראָווינצען פון מעקסיקא. דער פּלאַן איז ניט דורכ־געגאַנגען, און דאַן האָט אויסגעבראָכען די מלחמה.

די פּאָליטישע לאַגע אין מעקסיקא איז דורך דער מלחמה געוואָרען אַ זייער אומרואיגע. פּרעזידענט פּארעדעס האָט גע־בראַכט אויף זיך דעם צאָרן פון דער קירכע, ווייל ער האָט פאָר־געשלאָגען, אַז אויף די גרויסע מאַיאָנטקעס פון דער קירכע זאָל ארויפגעלייגט ווערען אַ שטייער צו דעקען די ריזיגע מלחמה־הוצאות. די קירכע האָט גלייך געגומען בונטעווען נעגען פּאַ־רעדעס׳ן. אין דער זעלבער צייט האָט פּרעזידענט פּאָלק באַנייט זיינע אונטערהאַנדלונגען מיט סאַנטאַ־אננאַ. אין אָנהויב יולי איז פּאָלק׳ס אַ פאַרשטייער, מר. מעקענזי, געקומען צו סאַנטאַ־אננאַ אין האַוואַנאַ און אים איבערגעגעבען, אין פּרעזידענט פּאָלק׳ס נאָמען, אַז די אַמעריקאַנער פלאָטע, וואָס באַוואַכט די מעקסיקאַנער האַפענס, וועט אים, סאַנטאַ־אננאַ׳ן, ניט שטערען אריינצופאָרען אין מעקסיקאַ. מעקענזי און סאַנטאַ־אננאַ האָבען ארומגערעדט די גאַנצע לאַגע, און מעקענזי האָט געשיקט אַ פולען באַריכט צו פּרעזידענט פּאָלק. אין דעם באַריכט ווערט איבער־געגעבען אַלץ, וואָס סאַנטאַ־אננאַ האָט פאָרגעשלאָגען. ערשטענס, האָט סאַנטאַ־אננאַ צוגעזאָגט, אַז ווי נאָר ער וועט אריין אין מאַכט, אַזוי וועט ער אָפּשטעלען די מלחמה און וועט נעמען פאָר־האַנדלען וועגען שלום; צווייטענס, איז ער געווען גרייט צו מאַכען קאָנצעסיעס צו די פאַראייניגטע שטאַטען; דריטענס, האָט ער פאָרגעשלאָגען אַ גאַנצע רייע מיליטערישע צוגען פאַר דער אַמעריקאַנער ארמיי. ער האָט געראָטען טעילאָר׳ן צו פאַר־נעמען געוויסע שטעט און אַז די פלאָטע זאָל פאַרנעמען גע־וויסע האַפענס. ער האָט אָנגעוויזען וועלכע פּונקטען עס קענען לייכט פאַרנומען ווערען. ער האָט אויך געוואָלט, אַז די מילי־

טערישע צוגען זאלען דורכגעפירט ווערען איידער ער וועט אנקו־מען קיין מעקסיקא, ווייל דאס וועט אים לייכטער מאכען אומ־צואווארפען די מעקסיקאנער רעגירונג און אויך וועלען אים די אמעריקאנער זיגען געבען א גוטען אויסרייד פאר אפשטעלען די מלחמה און פאר נאכגעבען די אמעריקאנער פאדערונגען.*)

דעם 16־טען אוגוסט איז סאנטא־אננא אנגעקומען קיין מעק־סיקא. ער איז אריין אין ווערא־קרוז אויף אן ענגלישער שיף, וועלכע ער האט געדונגען אין האוואנא. דער אמעריקאנער קא־מאנדיר פון דער פלאטע, וואס האט דעם האפען באוואכט, האט געוואוסט אז די שיף פירט סאנטא־אננא'ן, ער האט זי אבער דורכ־געלאזען. פון וואשינגטאן האט מען אים באפוילען ניט צו שטערען סאנטא־אננא'ן אריינצופארען קיין מעקסיקא.

וועגען סאנטא־אננא'ס ראלע נאך זיין אנקומען קיין מעק־סיקא, זיינען דא מיינונגס־פארשיידענהייטען. די אמעריקאנער היסטאריקער גלויבען, אז ער האט ענטוועדער פאראטען פרעז־זידענט פאלק, אדער אז ער האט מורא געהאט צו האלטען ווארט. זיי גלויבען, אז צוליב איינע פון די צוויי אורזאכען, האט ער זיך איצטער מיט'ן גאנצען הארצען אריינגעווארפען אין דער מלחמה און געזוכט צו באזיגען די אמעריקאנער ארמיי. צווישען די ראדיקאלע היסטאריקער פון מעקסיקא זיינען אבער דא אזוינע, וואס גלויבען, אז סאנטא־אננא האט זיין פאררעטערישען אפמאך מיט פרעזידענט פאלק יע געהאלטען. ער האט ניט געוואגט גלייך זיך אונטערצוגעבען, ווייל די שטימונג אין מעקסיקא איז געווען א פארביטערטע געגען אמעריקא. ער האט אבער געפירט זיין ארמיי אזוי, אז די אמעריקאנער האבען אים געמוזט באזיגען אין יעדער שלאכט. די מעקסיקאנער היסטאריקער זאגען, אז סאנטא־אננא האט פשוט מיט זיינע אייגענע הענט פארניכטעט די לעבענס פון זיינע סאלדאטען.

די ערשטע גרויסע שלאכט, וואס איז געפירט געווארען פון

---

*) אין די שפעטערע יארען האט סאנטא אננא געלייקענט, אז ער האט די אלע זאכען געזאגט. ער האט אבער ניט געלייקענט אז ער האט פארהאנדעלט מיט פאלק'ס פארשטייער.

סאנטא־אננאַ איז פאָרגעקומען אין אַ פּלאַץ וואָס הייסט בוינא־וויסטאַ, אַרום פערציג מייל פון מאָנטעריע. דאָרטען האָט זיך געפונען די אַרמיי פון גענעראל טעילאָר, און סאנטא־אננאַ האָט זיך אונטערגענומען זי צו פארטרייבען. אָט וואָס דער מעקסיקאנער היסטאָריקער דעלאָרא שרייבט וועגען דער שלאכט:

„אין סאנטא־אננא'ס אַרמיי האָבען זיך אָנגעשלאָסען טויזענדער מעקסיקאנער פאטריאָטען, וועלכע האָבען פארלאָזען זייערע היימען, זייערע פרויען און קינדער, כדי מקריב צו זיין זייערע לעבענס פאַר דער פארטיידיגונג פון זייער פאָטערלאנד. סאנטא־אננא האָט אין דער מוטיגער און ענטוזיאסטישער אַרמיי געזען אַ געפאַר פאַר זיינע פאררעטערישע פּלענער. ער האָט באַשלאָסען פון איר פּטור צו ווערען. ער האָט די סאָלדאַטען, 18 טויזענט מאַן, אָרגאַניזירט און געפירט אָן געווער און אָן געווער און אָן געווער, איבער אַ שטרעקע פון דריי הונדערט מייל, כלומר'שט צו אטאַקירען דעם שונא. זיין אמת'ע כונה איז געווען, זיי זאָלען אונטערוועגס אויסשטאַרבען פון מידקייט, פון הונגער און דורשט. 26 טעג האָט די אַרמיי מאַרשירט. בייטאָג האָבען זיי זיך געבראָטען אונטער אַ הימעל, וואָס איז געווען ווי גליענדער מעש. ביינאַכט זיינען זיי געלעגען האַלב־פאַראַליזירטע פון פראָסטיגער קעלט, אָן ביידלאַך, אָן צודעקענס, אָן שפּייז, אָן וואסער. סאנטא־אננא מיט זיינע אָפיצירען זיינען געפאָרען פאָראויס, מיט גרויס פּאראַד, האָבען זיך פארגונען יעדען לוקסוס, געגעסען פון דאָס שענסטע און בעסטע, זיך ממש געבאָדען אין וויין. דעם 21־טען פעברואַר, 1847, האָבען די סאָלדאַטען, הויט און ביינער, סוף־כל־סוף זיך דערשלעפּט צום שונא. סאנטא־אננא האָט געמיינט, אַז די סאָלדאַטען זיינע, וואָס וועלען אַרויס לעבעדיגע פון דעם מאַרשרוט, וועלען ניט האָבען קיין כח זיך צו שטעלען געגען פיינט. ער האָט אָבער בלויז טיילווייז געטראָפען. ווען די אויסגעהונגערטע מעקסיקאנער, פרייוויליגע סאָלדאַטען, האָבען דערזען דעם פאַרהאַסטען שונא, און דערצו נאָך די זאַפּאַסען פּראָוויאַנט, האָבען זיי זיך אריינגעוואָרפען אין קאמף מיט אַזאַ פארצווייפלונג, אַז זיי וואָלטען זיכער געזיגט,

ווען סאנטא־אננא וואלט זיי אין דעם לעצטען מאמענט ניט גע־
געבען א באפעל זיך צוריקצוציען. די שלאכט האט אנגעהאלטען
צוויי טעג. דריי טויזענד מעקסיקאנער זיינען געבליבען ליגען
טויט און פארוואונדעט. אין די 26 טעג פון דעם מארשרוט זיינען
געפאלען אונטערוועגס 4 טויזענד מאן. איצטער האבען זיך די
איבעריגע גענומען שלעפען אויף צוריק, נאך מער אויסגעמוטשעט
ווי פריער, אן שפייז, אן וואסער, אן שוך. פון די 18 טויזענד
מענער, וואס האבען מיט צוויי מאנאט פריער, געזונטע און לע־
בענסלוסטיגע, זיך געלאזט אין וועג אריין, זיינען צוריקגעקומען
ווייניגער ווי 5 טויזענד. סאנטא־אננא האט זיינס אויסגעפירט:
די פרייוויליגע ארמיי איז פארניכטעט געווארען".

די אמעריקאנער היסטאריקער גיבען א גאנץ אנדער שילדע־
רונג פון דער שלאכט. זיי ווייזען אן, אז די מעקסיקאנער הא־
בען געקענט געווינען די שלאכט, און אז פארלוירען האבען זיי זי
צוליב צוויי זאכען: ערשטענס, זיינען די אמעריקאנער אפיצי־
רען געווען אויסערגעוויינליך מוטיג און פייאיג; און צווייטענס,
האבען סאנטא־אננא'ס אפיצירען פארפעלט אויסצופאלגען זיינע
באפעלן.

סאנטא־אננא האט געהאט יעדען גרונד צו ערווארטען א זיג.
זיין ארמיי איז געווען פיר מאל אזוי די גרויס ווי טעילאר'ס
ארמיי. ער האט ארויסגעמארשירט מיט 20 טויזענד מאן, און
טעילאר האט געהאט קנאפע 5 טויזענד. ווען די שלאכט האט
זיך אנגעפאנגען, האט סאנטא־אננא געהאט ארום 17 טויזענד
מאן, און דערפאר האט עס טאקע לכתחילה אויסגעוויזען, אז
סאנטא־אננא וועט זיגען. אין די ערשטע צוזאמענשטויסען זיי־
נען די אמעריקאנער געשלאגען געווארען.

די שלאכט פון בוינא־וויסטא איז געווען די גרעסטע און די
בלוטיגסטע אין דער גאנצער מלחמה. אויפ'ן שלאכטפעלד זיי־
נען געפאלען ארום 35 הונדערט מעקסיקאנער און קנאפע אכט
הונדערט אמעריקאנער. די שלאכט האט גענעראל טעילאר'ן בא־
רימט געמאכט. ער איז דורך איר געווארען א באליבטער העלד,
כאטש אלע קריגס־עקספערטען גיבען צו, אז אים קומט ווייניג

קרעדיט פאַר דעם זיג. דער זיג איז געווען צו פאַרדאַנקען איי־ניגע אָפיצירען זיינע. איינער פון זיי, וועלכער האָט זיך שטאַרק אויסגעצייכענט, איז געווען דזשעפערסאָן דייוויס, טעילאָר׳ס אַן איידעם.

מיט אַ קורצער צייט נאָך דער שלאַכט ביי בוינא־וויסטא זיינען אין וואַשינגטאָן אויסגעאַרבייט געוואָרען נייע מלחמה־פּלענער. די סיבה דערפון איז שווער פעסטצושטעלען. אין וואַשינגטאָן זיינען די גאַנצע צייט פון דער מלחמה אָנגעגאַנגען פּאָליטישע אינטריגעס. איבערהויפּט האָט מען זיך דאָרט געשראָ־קען, טאָמער וועט אַ גענעראַל ווערען צו שטאַרק פּאָפּולער אין דער מלחמה און ער וועט „לויפען" פאַר פּרעזידענט אין די וואַלען פון 1848. פריער האָט דער פּרעזידענט צוליב דעם פּלאַן ניט דערלאָזען, אַז גענעראַל סקאָט זאָל איבערנעמען די הויפּט־קאָמאַנדע. איצט אָבער, אַז גענעראַל טעילאָר האָט פאַר־צייכענט פאַר זיך עטליכע זיגען און אָנגעהויבען צו ווערען פּאָ־פּולער, האָט דער פּרעזידענט גענומען זוכען מיטלען ווי אַזוי אים צו באַזייטיגען. דאָס איז איין מיינונג פאַר די געביטענע פּלע־נער. אַ צווייטע מיינונג איז, אַז דער פּרעזידענט האָט זיך ארומ־געזען, אַז דורך טעילאָר׳ס סטראַטעגיקע וועט די מלחמה ניט געוואונען ווערען. טעילאָר האָט מיט זיין ארמיי אָפּערירט אין דעם צפון־טייל פון מעקסיקאָ. ער האָט ניט אָנגערירט דאָס האַרץ פון דער מעקסיקאַנער רעגירונג. עס איז דערפאַר באַ־שלאָסען געוואָרען אָנצופירען אַ צוג, וואָס זאָל טרעפען יענעם טייל פון מעקסיקאָ, וואו עס געפינט זיך די רעגירונג און די וויכטיגסטע האַפען־שטעט.

די נייע סטראַטעגיקע איז אָנפאַרטרויט געוואָרען אין די הענט פון וויניפיעלד סקאָט, וועלכער איז, אָן צווייפעל, געווען אַ סך פייאיגער, אַ סך מער מיליטעריש געלערענט און אַ פיל וויכטיגערע פּערזענליכקייט ווי גענעראַל טעילאָר. דער פּלאַן איז געווען צו אַטאַקירען די האַפען־שטאָט וועראַ־קרוז, זי איינ־נעמען און דערנאָך גיין אויף מעקסיקאַ־סיטי, דער הויפּט־שטאָט פון דער מעקסיקאַנער רעגירונג.

אין מערץ, 1847, האט סקאט געלאנדעט זיין ארמיי פון א 12 טויזענד מאן צו דרום פון ווערא־קרוז. ער האט געשיקט א פאדערונג צו דעם קאמאנדיר פון דער שטאט, ער זאל זיך אונטערגעבען, און דער קאמאנדיר האט זיך אפגעזאגט. האט סקאט אנגעהויבען די שטאט צו באמבאדירען. פיר טעג האבען די אמעריקאנער הארמאטען געשאסען אויף דער שטאט, ביז זי האט זיך ענדליך אונטערגעגעבען. אט ווי א מעקסיקאנער היס־טאריקער שילדערט די אטאקעס: „די אמעריקאנער באמבעס זיי־נען געפאלען אויף שפיטאלען, וואו פרויען און קינדער זיינען גע־הרג'עט געווארען. אין די גאסען זיינען ארומגעלאפען פרויען, קינדער און אלטע לייט, צושראקענע, פארצווייפעלטע, און גע־זוכט אן ארט וואו זיך צו באהאלטען פון דעם האגעל קוילען, וואס די אמעריקאנער האבען ארייגעשאסען אין דער שטאט". דאס באמבאדירען א שטאט, וועלכע איז געווען פול מיט ציו־ווילע איינוואוינער, איז פארדאמט געווארען פון א סך אמעריקא־נער. די שטאט איז געווען באוואכט פון א קליינער מעקסי־קאנער ארמיי, איינגאנצען 4 טויזענד מאן. די אמעריקאנער הא־בען געהאט דריי מאל אזוי פיל מענשען. עס איז ניט נויטיג געווען צו מאכען א שחיטה אויף דער שטאט, כדי זי איינ־צונעמען. די אמעריקאנער היסטאריקער פארטיידיגען סקאט'ן מיט דער טענה, אז ער האט געמוזט וואס שנעלער איינגעמען די שטאט, כדי ער זאל קענען גלייך אוועקגיין פון ברעג. אין מאנאט אפריל הויבען זיך דארט אן די רעגענס, און עס פאר־שפרייט זיך דער געלער פיבער. ווען סקאט וואלט די שטאט ניט איינגענומען שנעל, וואלט זיין ארמיי געשטעלט געווארען אין געפאר צו ווערען פארניכטעט פון דער מגפה. וויפיל מענ־שען עס זיינען אין דער שטאט אומגעקומען, ווייס מען ניט אויף זיכער. די מעקסיקאנער היסטאריקער זאגען, אז עס זיינען גע־פאלען 25 הונדערט מענער און אן אונבאשטימטע צאל פרויען און קינדער. די אמעריקאנער האבען אין דער שלאכט פאר־לוירען ניט מער ווי צוואנציג מענשען.

סקאט האט איצט אוועקגעמארשירט מיט זיין ארמיי נאך

מעקסיקאָ־סיטי. אויף׳ן וועג האָט סאַנטאַ־אַננאַ געמאַכט איי־ניגע פאַרזוכען די אַמעריקאַנער אַרמיי אָפּצושטעלען. עס זיי־נען פאָרגעקומען עטליכע שלאַכטען אויף פאַרשיידענע פונקטען, און אין יעדער שלאַכט איז סקאָט אַרויס דער זיגער. אין או־גוסט איז די אַמעריקאַנער אַרמיי אָנגעקומען צו די טויערען פון דער מעקסיקאַנער הויפּט־שטאָט. דאָרטען האָט זיך סאַנטאַ־אַננאַ איצט באַפעסטיגט מיט אַן אַרמיי פון 20 טויזענד מאַן. די שלאַכטען אַרום דער שטאָדט האָבען אָנגעהאַלטען עטליכע וואָכען. דעם 13־טען סעפּטעמבער איז די שטאָט געפאַלען. סאַנטאַ־אַננאַ איז אַרויסגעשטויסען געוואָרען און סקאָט האָט די שטאָט פאַרנומען. די מעקסיקאַנער האָבען אין דער שלאַכט פאַרלוירען אַן ערך 10 טויזענד מאַן, און די אַמעריקאַנער — אַרום 950. סאַנטאַ־אַננאַ האָט זיך צוריקגעצויגען אין דעם שטעדטעל קוואַדאַלופּ־הילדאַלגאָ, דריי מייל פון דער הויפּט־שטאָדט.

מיט דער שלאַכט איז די מלחמה געווען פּאַקטיש געענדיגט. די אַמעריקאַנער אַרמיי האָט געהאַלטען אַ גרויסען טייל פון מעק־סיקאָ, אירע וויכטיגע שטעט און האַפענס. אויסער דעם, האָ־בען די אַמעריקאַנער פאַרנומען די פּראָווינצען פון דעם צפון־טייל, — קאַליפאָרניאַ און ניו־מעקסיקאָ, —ביידע פּראָווינצען, וואָס פּרעזידענט פּאָלק האָט די גאַנצע צייט זיי געזוכט אָפּצוקויפען. גלייך ווי די מלחמה האָט אויסגעבראָכען, האָבען אַהין אַריינגע־מאַרשירט קליינע אָפּטיילונגען אַמעריקאַנער סאָלדאַטען. קיין ווי־דערשטאַנד האָבען זיי דאָרטען ניט באַגעגענט. דאָס לאַנד איז געווען ווייט פון מעקסיקאָ גופא, די באַפעלקערונג איז דאָרט געווען זייער קליין, און עס האָט ווייניג אויסגעמאַכט, וואָסער לאַנד עס וועט דאָרט הערשען.

סאַנטאַ־אַננאַ האָט גלייך רעזיגנירט פון זיין פּרעזידענט־אַמט. עטליכע וואָכען שפּעטער האָט די מעקסיקאַנער רעגי־רונג אים אויפגעפאָדערט צו ערשיינען פאַר אַן אונטערזוכונגס־קאָמיסיע. ער איז אַנטלאָפען אויף דעם אינזעל דזשאַמייקאַ. די אַמעריקאַנער פלאָטע, וועלכע האָט באַוואַכט דעם ברעג, האָט

אים ערלויבט ארויסצופארען. דער פאקט זעט אויס צו באַ־שטעטיגען דעם שטאנדפונקט פון דעם מעקסיקאנער היסטאריקער, אז סאנטא־אננא האט געפירט זיין ארמיי ווי א פאררעטער פון זיין לאנד.

די נייע מעקסיקאנער רעגירונג האט תחילת געזוכט צו אָר־גאניזירען א פרישע ארמיי און פארטזעצען די מלחמה. עס איז איר אָבער אונמעגליך געווען צו קריגען די נויטיגע סומע געלט. זי האט געוואָלט ארויפלייגען שטייערען אויף דער קירכע, האט גענעראל סקאט ערקלערט, אז ער וועט קאנפיסקירען יעדען מאיאנטעק פון דער קירכע, וועלכע די מעקסיקאנער רעגירונג וועט באלאדען מיט שטייערען. דערצו האט סקאט אליין גע־סטראשעט דער מעקסיקאנער רעגירונג, אז ער וועט פאדערען פון דער באפעלקערונג צוויי־און־א־האלב מיליאן דאלער אויף אויסצוהאלטען זיין ארמיי אין מעקסיקא. די רעגירונג האט איינגעזען, אז איר וועט זיין אונמעגליך צו קריגען ווייטערע געלט־מיטלען און זי האט דאן איינגעוויליגט אנצונעמען די שלום־באדינגונגען פון דער אמעריקאנער רעגירונג. די באדינ־גונגען האבען געלויטעט, אז טעקסאס, ניו־מעקסיקא און קאלי־פארניא זאלען אנעקסירט ווערען פון די פאראייניגטע שטאטען; מעקסיקא זאל באקומען 15 מיליאן דאלער און אויך באפרייט ווערען פון די עטליכע מיליאן, וואס די אמעריקאנער בירגער האבען געמאנט אלס שאדענערזאץ פאר די פארלוסטען, וואס זיי האבען געהאט אין מעקסיקא נאך פאר דער מלחמה.

ווען דער שלום־אפמאך איז פארגעלייגט געוואָרען פאר דעם אמעריקאנער סענאט, זיינען איבער אים פארגעקומען הייסע דע־באטען. דאס לאנד אין אלגעמיין איז געווען צוטיילט אין דער פראגע. די נארט האט געוואָלט, אז מען זאל ביי מעקסיקא קיין טעריטאריע ניט צונעמען; אז מען זאל איר צוריקגעבען ניו־מעקסיקא און קאליפארניא. דעם שטאנדפונקט האט אין סענאט פארטיידיגט דעניעל וועבסטער, דער וויכטיגסטער פארשטייער פון ניו־ענגלאנד. די סאוט און די וועסט האבען געוואָלט אז אמע־ריקא זאל צונעמען גאנץ מעקסיקא. נאך פילע דעבאטען איז

אָבער דער אָפּמאַך גוטגעהייסען געוואָרען אין סענאַט מיט 38 שטימען געגען 14.

אָט איז אַ קורצער סך־הכל פון דער מלחמה, ווי ער ווערט געמאַכט אין ווילקאָקס׳ „געשיכטע פון מעקסיקאַנער קריג״: „די אַמעריקאַנער אַרמיי, וואָס האָט אַריינגעדרונגען אין מעקסיקאַ, איז באַשטאַנען פון אַן ערך 100 טויזענד מאַן: 26 טויזענד רעגולערע סאָלדאַטען, 57 טויזענד פרייווילליגע, און די איבעריגע — מאַטראָזען. אַרום 1500 זיינען גע׳הרג׳ט געוואָרען אָדער געשטאָרבען פון וואונדען; 11 הונדערט זיינען אומגעקומען פון פאַרשיידענע קראַנקהייטען און מגפות. פאַרקריפּעלטע און קראַנקע זיינען פון דער מלחמה פאַרבליבען נאָך אַ 12 טויזענד. אַרום און אַרום זיינען אין דער מלחמה רואינירט געוואָרען די לעבענס און דער געזונט פון 25 טויזענד אַמעריקאַנער יונגע לייט. אין געלט האָט די מלחמה געקאָסט צווישען 130 און 160 מיליאָן דאָלער. אין דעם גייען ניט אַריין די מיליאָנען, וואָס די רעגירונג האָט אויסגעצאָלט אין פּענסיעס צו די סאָלדאַטען און זייערע פאַמיליעס. מעקסיקאַנער זיינען אין דער מלחמה געפאַלען צוויי מאָל אַזוי פיל ווי אַמעריקאַנער.

„געוואונען האָט אַמעריקאַ דורך דער מלחמה איבער אַ מיליאָן קוואַדראַטען מייל (אַריינרעכענענדיג טעקסאַס). פון דער טעריטאָריע זיינען שפּעטער אָרגאַניזירט געוואָרען די פאָלגענדע שטאַטען: קאַליפאָרניאַ, ניו־מעקסיקאַ, אַריזאָנאַ, יוטאַ, נעוואַדאַ, דער גרעסטער טייל קאָלאָראַדאָ און טיילען פון ווייאָמינג און קענזעס. מעקסיקאָ האָט דורך דעם אויפשטאַנד אין טעקסאַס און דורך דער מלחמה מיט אַמעריקאַ פאַרלוירען אַ העלפט פון איר טעריטאָריע״.

## קאַפּיטעל 15.

# צוואַנציג יאָר פון וואוקס און ענטוויקלונג.

די צוואַנציג יאָר, פון 1840 ביז 1860, זיינען געווען מערק־ווירדיגע יאָרען אין דער געשיכטע פון לאַנד. אויף יעדען גע־ביט איז דאָרט געמאַכט געוואָרען שטוינענדער פּאָרטשריט. דאָס לאַנד האָט געבריזט און געגרוישט מיט טעטיגקייט, מיט אויפטו. די גאַנצע פּעריאָדע ווערט פון מאַנכע שרייבער באַצייכענט מיט'ן נאָמען „די גאָלדענע צייט". דאָס לאַנד האָט פאַרצווייפאַכט איר טעריטאָריע; נייע כוואַליעס אימיגראַנטען האָבען פאַרפלייצט דעם אַמעריקאַנער ברעג, און די כוואַליעס האָבען זיך טיילווייז פאַר־שפּרייט איבער דער ווייטער וועסט און טיילווייז געשטויסען די אַלטע באַפעלקערונג ווייטער און טיפער אין לאַנד אריין. עס איז געווען אַ צייט פון גרויסען וואוקס אין אַלע אינדוסטריען. די פאַרמעריי אין דער וועסט און די פאַבריקאַציע אין דער איסט האָבען געמאַכט ריזיגען פּאָרטשריט. און די פאַרנאַנדערבליאונג פון די אינדוסטריען האָט געבראַכט נייע פּראָבלעמען, פּראָבלע־מען וואָס זיינען געווען פאַרבונדען מיט קאַפּיטאַל און ארבייט. עס האָבען געפעלט ארבייטער און עס האָט געפעלט געלט. די לאַגע פון די ארבייטער אין די שטעט איז געוואָרען ערגער. די פאַבריק האָט געפאָדערט פון די ארבייטער מער שוויים און מער פּראַצע. די פאַרשקלאַפונג פון די ארבייטער־מאַסען האָט געפירט צו אַ צווייפאַכען רעוואָלט, — איין רעוואָלט, גע־פירט פון אידעאַליסטען, אוטאָפּיסטען, וועלכע האָבען געזוכט אָפּצושאַפען דעם אינדוסטריעלען גיהנום פון דער געזעלשאַפט, אַנטלויפען פון דער נייער ציוויליזאַציע און אויפבויען אַן איי־גענע, אַן אידעאַליסטישע געזעלשאַפט. זיי האָבען עס אָרגאַ־

ניזירט אין די פערציגער יאָרען די קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניעס. זיי האָבען עס אָנגעפירט די אגיטאַציע פאַר די פוריערסטישע קאָלאָניעס און פאַר אנדערע אומפּראַקטישע פּלענער. דער אנ־דער רעוואָלט איז געקומען פון די אַרבייטער גופא, וועלכע האָ־בען אָרגאַניזירט יוניאָנס און אָנגעפירט קאַמפען מיט די באַלע־באַטים פאַר מער פרייהייט און מער ברויט. זיי האָבען גע־קעמפט אי אויף דעם פּאָליטישען, אי אויף דעם אינדוסטריעלען פעלד. דאָס איז געווען אַ צייט, ווען עס האָט געברויזט אין לאַנד ניט בלויז מיט מאַטעריעלער ענערגיע, נאָר אויך מיט גייסטיגער ענערגיע. אין יענע יאָרען זיינען געבוירען געוואָרען די שענסטע חלומות, געשאַפען געוואָרען די שענסטע ליטעראַטור, געזונגען געוואָרען די ערהאַבענסטע לידער וועגען פרייהייט און גערעכ־טיגקייט. אין דער צייט זיינען געמאַכט געוואָרען וואונדערבאַרע ערפינדונגען, וועלכע האָבען געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דער מאָדערנער ציוויליזאַציע און וועלכע האָבען מעגליך געמאַכט דעם וואוקס פון דעם מאָדערנעם אינדוסטריאַליזם און דער מאָ־דערנער ציוויליזאַציע.

דער לעצטער פונקט איז אפשר דער וויכטיגסטער. די ער־פינדונגען זיינען געמאַכט געוואָרען אי אין אַגריקולטור, אין אין פאַבריקאַציע. די שטאָט און דער דאָרף האָבען אין דער זעל־בער צייט באַקומען די מיטלען זיך צו אַנטוויקלען. עס זיינען ערפונדען געוואָרען מאַשינען פאַר דעם פאַרמער, ער זאָל קענען פון זיינע פעלדער אַרונטערנעמען אַ סך מער תבואה ווי פריער. דאָס האָט מעגליך געמאַכט פאַר דער שטאָט, פאַר דער וואַקסענ־דער באַפעלקערונג אין די פאַבריקען צו קריגען עסענוואַרג. און עס זיינען ערפונדען געוואָרען מאַשינען פאַר דער פאַבריק, וועל־כע האָבען מעגליך געמאַכט פאַר דער שטאָט צו פאַבריצירען גענוג סחורות פאַר דער וואַקסענדער באַפעלקערונג אין דעם דאָרף, אין די פאַרמס פון דער וועסט.

די ערשטע גרויסע ערפינדונג פאַר אַגריקולטור איז גע־ווען דער אייזערנער אַקער. דער ערפינדער, דזשעטראָ וואוד, פון דעם שטעדטעל סיפּיאָ, ניו יאָרק, האָט זיין גאַנץ לעבען

אוועקגעגעבען דערויף. פון אנפאנג האבען די פארמערס מורא געהאט צו אקערען מיט אייזענס. זיי האבען זיך געשראקען, אז דאס אייזען וועט פארגיפטען די ערד. אין די פערציגער יארען איז דעם ערפינדער געלונגען דעם נארישען פאראורטייל צו באזייטיגען. ביז דאן אבער האבען שוין אנדערע זיין ערפינדונג אריינגענומען אין זייערע הענט. ער האט זיך מיט זיי גע־משפט און האט פארלוירען. זיין שיקזאל איז געווען דער זעל־בער ווי דער שיקזאל פון פילע אנדערע ערפינדער. אנדערע מענשען זיינען פון זיין ערפינדונג רייך געווארען, און ער איז געשטארבען אן ארימאן.

מיט דעם אויסגעבעסערטען אקער האט דער פארמער איצט געקאנט פארזייען מער לאנד, גרעסערע פעלדער ווי פריער. איז אבער פאר אים אויפגעשוואומען די פראגע פון שניידען. וואס איז די פעולה פון פארזייען א סך, אז עס איז שפעטער ניט געווען קיין צייט די תבואה ארונטערצונעמען? דעמאלט האט מען נאך געשניטען מיט'ן האנט, מיט א קאסע אדער מיט א סערפ. די ארבייט איז געווען אונגעהייער שווער און זייער לאנג־זאם. פארמערס, וועלכע פלעגען פארזייען מער ווי זיי האבען געקאנט אין שניט־צייט ארונטערנעמען פון די פעלדער, האבען גע־מוזט איבערלאזען די איבעריגע תבואה אויף די פעלדער פאר די חזירים אדער זי לאזען דארט אינגאנצען פוילען. דערפאר איז קיין וואונדער ניט, וואס איבער'ן גאנצען לאנד האבען טויזענדער מענשען געמאכט פראבעס צו ערפינדען א מאשין אויף ארונטער־נעמען די תבואה פון די פעלדער.

און ענדליך איז די ערפינדונג געמאכט געווארען. דער ערפינדער איז געווען סיירוס מעקארמיק, א שמיד פון ווירדזשיניא. די מאשין, וואס ער האט ערפונדען אין די דרייסיגער יארען, האט געשניטען אין איין טאג אזוי פיל תבואה ווי א פארמער מיט א קאסע וואלט געשניטען אין זעקס טעג. עס האט אבער געדויערט איי ניגע יאר איידער די פארמערס האבען גענומען די מאשין קויפען. אין 1847 האט מעקארמיק אויפגע־בויט א פאבריק אין שיקאגא, און אין פארלויף פון איין יאר האט

ער באַקומען באַשטעלונגען אויף 500 מאַשינען. ביז 1860 זיינען אין אַמעריקאַ פאַרקויפט געוואָרען ניט ווייניגער ווי 20 טויזענד שנייד־מאַשינען.

אין דער זעלבער צייט איז ערפונדען געוואָרען אַ דרעש־מאַשין. עס זיינען אויך ערפונדען געוואָרען מאַשינען אויף זייען, אויף בראָניען, אויף אַלע שווערע און לאַנגזאַמע ארבייטען אויפ׳ן פעלד. אין איירָאָפּאַ זיינען אין די זעלבע יאָרען אויך גע־מאַכט געוואָרען ערפינדונגען פון דעם סאָרט, אָבער די אַמעריקאַ־נער האָבען זיך ארויסגעוויזען פאַר די בעסטע. אַ היסטאָרי־קער שרייבט: „די ערשיינונג פון די אַלע מאַשינען איז געווען די גרעסטע פאַסירונג אין דער געשיכטע פון אַגריקולטור. אַמע־ריקאַ איז איצט געוואָרען דער גן־עדן פאַר די פאַרמערס”.

אויסרעכענען אַלע ערפינדונגען פון דער צייט איז אונ־מעגליך. אין פאַרלויף פון די פערציגער יאָרען זיינען ארויס־געגעבען געוואָרען גענויע זעקס טויזענד פּעטענטס, און די צאָל איז געשטיגען פון יאָר צו יאָר.

צווישען די וויכטיגסטע ערפינדונגען פאַר שטאָט־אינדוס־טריען איז געווען די נייי־מאַשין. אין די פאָריגע יאָרען האָט די טעקסטיל־אינדוסטריע געמאַכט גרויס פאָרטשריט. די פאַבריקען האָבען ארויסגעגעבען אַ מאַסע געוואַנט. אָבער פאַרוואַנדלען די סחורה אין קליידער איז געווען שווער, ווייל מען האָט אַלץ געמוזט נייען מיט׳ן האַנט. ביז אַרום 1835 זיינען קליידער גע־מאַכט געוואָרען ענטוועדער אין דער היים, — די פרויען האָבען אַליין אויפגענייט די זאַכען פאַר דעם הויזגעזינט, — אָדער די קליידער זיינען באַשטעלט געוואָרען ביי פּראָפעסיאָנעלע שניידער. אין 1835 האָט מען אין ניו יאָרק גענומען פאַבריצירען מענער־קליידער פאַר׳ן מאַרק. די פאַבריקאַנטען האָבען געשניטען סחורה נאָך באַשטימטע מאָסען און זיי אָוועקגעגעבען צו שניידער אָדער צו פרויען אין דער היים, זיי זאָלען עס אויפנייען. דער וואוקס פון אינדוסטריע איז זייער געשטערט געוואָרען דערפון, וואָס נייען מיט׳ן האַנט איז געווען זייער שווער און האָט געפאָ־דערט אַ סך צייט.

די שטערונג און די שוועריגקייט איז באזייטיגט געווארען דורך דער ערפינדונג פון דער ניי־מאשין. דער ערפינדער איז געוועזן עליאס האו, א באסטאנער מעכאניקער. אין 1846 האט האו ארויסגענומען א פאטענט אויף זיין ערפינדונג. מיט זיין ערשטער מאשין האט מען געקענט נייען זיבען מאל אזוי שנעל ווי מיט׳ן האנט. האו איז אבער געוועזן אן ארימאן, און ער האט ניט געקענט קריגען אין אמעריקא דעם נויטיגען קאפיטאל די מאשין צו מאכען. איז ער אוועק קיין ענגלאנד זוכען געלט. דארטען האט ער זיך פארפלאנטערט מיט מענשען, וואס האבען ביי אים דעם פאטענט אפגעקויפט. עס זיינען געוועזן טעג, ווען ער האט פשוט ניט געהאט וואס צו עסען. אין 1849 איז ער צוריקגעקומען קיין אמעריקא. זיין גאנצער קאפיטאל איז דאן באשטאנען פון עטליכע דאלער. איצטער אבער האט זיך די לאגע גענומען ענדערען. אין זיין אפוועזענהייט האבען קאמ־פאנים דא פאבריצירט ניי־מאשינען און זיי פארקויפט. האו האט די קאמפאנים אנגעקלאגט און ער האט געוואונען. די קאמפאנים האבען אים געמוזט באצאלען פאר זיינע רעכט. אויסער דעם, האט ער איצט אליין גענומען מאכען מאשינען. אין איין יאר האט ער פארדינט 200 טויזענד דאלער. די ניי־מאשין איז געווארען פאפולער. געקויפט די מאשינען האבען די ערשטע די שניידער, וועלכע האבען ביי זיך אין דער היים גע־נייט קליידער פאר׳ן מארק. יעדער ארבייטער האט געזוכט צו האבען א מאשין. אזוי ווי די ארבייטער האבען ניט פאר־מאגט גענוג צו באצאלען גלייך פאר א מאשין, האט איינע פון די קאמפאנים, די זינגער־קאמפאני, גענומען פארקויפען די מא־שינען אויף אויסצוצאלען.

א גאר גרויסע ערפינדונג, וואס איז געמאכט געווארען אין דער צייט, איז געוועזן דער טעלעגראף. די ערפינדונג האט גע־מאכט סעמיועל מארס, א פראפעסאר פון קונסט און ליטערא־טור אין דעם ניו יארק יוניווערסיטי. מארס האט יארען־לאנג געארבייט אויף דער ערפינדונג, און ווען ער האט זי שוין פאר־פאלקאמט, האט ער געמוזט פארשווענדען א סך נייע צייט

און ענערגיע צו קריגען דעם נויטיגען קאַפּיטאל אויף צו בויען די ערשטע טעלעגראַף־ליניעס. אַליין איז ער געווען אָרים. אין 1843 איז אים געלונגען צו קריגען די סומע פון 30 טויזענד דאָלער פון דעם קאָנגרעס אין וואשינגטאָן, אויף צו בויען אַ טעלעגראַף פון באַלטימאָר ביז וואשינגטאָן. אין 1844 איז די ליניע שוין פאַרטיג געווען. דעם 24־טען מאַי האָט מאָרס אַריבערגעשיקט די ערשטע טעלעגראַמע פון וואשינגטאָן צו זיין שותף אַלפרעד וואַיל אין באַלטימאָר. די טעלעגראַמע איז באַשטאַנען אין אַ ביבלישער פראַזע: „מה פעל אל?‟ (וואָס האָט גאָט געמאַכט?). די פּראָבע איז געווען אַן ערפאָלג. עטליכע טעג שפּעטער זיינען שוין איבער דעם טעלעגראַף געשיקט געוואָרען באַריכטען פון די זיצונגען פון דער קאָנווענשאָן פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, וועלכע איז דאַן אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין באַלטימאָר. ווען די קאָנווענשאָן האָט נאָמינירט פּאָלק׳ן פאַר פּרעזידענט, האָט זי דעפּעשירט די נייעס קיין וואַשינגטאָן, און אין צוואַנציג מינוט צייט איז אָנגעקומען אַן ענטפער פון די דעמאָקראַטישע קאָנגרעסלייט, וועלכע האָבען גראַטולירט די קאָנווענשאָן מיט דער נאָמיניישאָן.

אַלפרעד וואַיל האָט געאַרבייט צוזאַמען מיט מאָרס׳ן, ווען מאָרס איז געווען אָרים און זיך גענויטיגט אין געלט. וואַיל האָט אים געהאָלפען צו קריגען געלט און אים אויך שפּעטער געהאָלפען זיין ערפינדונג אויסצובעסערען. אין דער געשיכטע פון דעם טעלעגראַף זיינען די צוויי נעמען ענג פאַרבונדען.

אַזוי שנעל ווי די ערשטע פּראָבען האָבען זיך ארויסגעוויזען פאַר אַן ערפאָלג, האָט מען אומעטום גענומען בויען טעלעגראַפען. איצט האָט שוין קיין געלט ניט געפעלט. אין פאַרלויף פון די נעקסטע פופצען יאָר זיינען אויפגעבויט געוואָרען טעלעגראַף־ליניעס איבער שטרעקעס פון פופציג טויזענד מייל. אין יאָר 1850 איז געמאַכט געוואָרען די ערשטע פּראָבע צו לייגען אַ קייבעל אונטער דעם אַטלאַנטישען ים, צו פאַרבינדען טעלעגראַפיש אַמעריקאַ מיט אייראָפּאַ. די פּראָבע האָט זיך ניט איינגעגעבען, אָבער סיירוס פילד, וועלכע האָט זיך די אויפגאַבע גע־

שטעלט, האָט פאָרטגעזעצט זיין ארבייט. דער עולם האָט פון אים געלאַכט, אָבער דאָס האָט אים ניט געשטערט. אין 1866 איז אים ענדליך געלונגען צו לייגען א קייבעל, וועלכער האָט גע־ארבייט ערפאָלגרייך.

א צווייטער גרויסער פאַקטאָר אין דעם וואוקס פון לאַנד אין די צוואַנציג יאָר איז געווען די פארגרעסערטע אימיגראציע. פאר 1840, שרייבט א היסטאָריקער, פלעגט מען דעם יערליכען צופלוס פון אימיגראַנטען ציילען אין די צענדליגער טויזענדער; נאָך 1840 האָט מען זיי גענומען ציילען אין די הונדערטער טויזענדער. אין די פופציג יאָר, פאר 1845, זיינען אהער אָנ־געקומען וויינינגער אימיגראַנטען ווי עס זיינען אָנגעקומען אין די פינף יאָר, פון 845 ביז 1850. אין דעם יאָר 1850 זיינען אהער אָנגעפאָרען 310 טויזענד אימיגראַנטען.

דריי־פערטעל פון דעם נייעם גרויסען שטראָם אימיגראַנטען זיינען געקומען פון אירלאַנד און פון דייטשלאַנד. די איירישע זיינען אהער געטריבען געוואָרען פון הונגער. אין 1845 און אין 1846 איז אויף אירלאַנד אָנגעפאַלען א הייששעריק, וואָס האָט פארניכטעט די קארטאָפעל אויף די פעלדער. און אזוי ווי קארטאָפעל איז דאַן געווען די הויפט־שפייז פון דעם אינזעל, איז דאָרט געוואָרען א שרעקליכער הונגער. הונדערטער טויזענדער מענשען זיינען אויסגעשטאָרבען, און הונדערטער טויזענדער זיינען אנטלאָפען. א גרויסער טייל אנטלאָפענע זיינען אָנגעקומען אין אמעריקא. פון דייטשלאַנד זיינען אהער די אימיגראַנטען גע־טריבען געווארען דורך פאָליטישע פארפאָלגונגען. אין 1848 האָט זיך א כוואַליע פון רעוואָלוציע פארשפרייט איבער אייראָפּא. אלס רעזולטאַט פון די אויפשטאַנדען האָבען טויזענדער געמוזט אנטלויפען. די אנטלאָפענע זיינען געווען הויפּטזעכליך ליבע־ראַלע און ראַדיקאַלע דייטשען. אין לויף פון יאָר 1849 זיינען אהער אָנגעקומען ארום 60 טויזענד אימיגראַנטען פון איירלאַנד. די איירישע זיינען מייסטענס פארבליבען אין די שטעט אין דער איסט און זיינען אוועק ארבייטען אין די פאַבריקען. די דייטשען

זיינען אָבער מאַסענגווייז אַוועק נאָך דער וועסט, וואו זיי האָבען זיך גענומען צו ערד־אַרבייט.

נאָך 1840 האָט זיך גענומען מערקען אַ שטאַרקער שוואונג פון דעם דאָרף נאָך דער שטאָט. אין 1840 זיינען אין לאַנד געווען בלויז 44 שטעט, מיט אַ באַפעלקערונג פון איבער אַכט טויזענט. אין 1860 איז די צאָל פון אַזוינע שטעט געשטיגען ביז 141. אין די צוואַנציג יאָר איז די שטאָט ניו יאָרק אויסגע־וואַקסען פון אַ באַפעלקערונג פון 313 טויזענד מענשען אויף 806 טויזענד. די שטעט האָבען זיך פאַרגרעסערט אין צאָל און געוואַקסען אין גרויס, הויפּטזעכליך דערפאַר וואָס די פאַבריקאַ־ציע און דער האַנדעל זיינען געוואַקסען. אַמעריקא האָט אָנגעהוי־בען צו ווערען אַ גרויס אינדוסטריעלעס לאַנד.

דער וואוקס פון דער באַפעלקערונג האָט זיך געמערקט מער־סטענס אין דער נאָרט, דער איסט און דער וועסט. אין דער סאַוט איז דער צוּוואוקס פון מענשען געווען פאַרהעלטניסמעסיג קליין. די הויפּט־סיבה דערפון איז געווען, וואָס די גרויסע אי־מיגראַציע פון אייראָפּאַ אַהער אין פאַרלויף פון די צוואַנציג יאָר האָט זיך אָפּגעשטעלט טיילווייז אין דער איסט און איז טיילווייז אַוועק אין דער וועסט. אין דער סאַוט זיינען קיין אימיגראַנטען כמעט ווי גאָר ניט געפאָרען. אין 1860 זיינען אין אַמעריקא גע־ווען פיר מיליאָן און הונדערט און אַכט און דרייסיג טויזענד אי־מיגראַנטען, וועלכע זיינען אַהער אָנגעקומען זייט 1840. פון איירלאַנד זיינען אַהער אין די צוואַנציג יאָר געקומען נאָענט צו אַ מיליאָן און ניין הונדערט טויזענד, און פון דייטשלאַנד, — אַ מיליאָן מיט דריי הונדערט און זעקס־און־אַכציג טויזענד.

די פילע ערפינדונגען און דער וואוקס אין דער באַפעלקערונג האָבען מעגליך געמאַכט אַ גרויסע אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג. אין די קליידער־און שיך־אינדוסטריען איז אַלס רעזולטאַט פון די ערפינדונגען פאָרגעקומען אַ פאָלשטענדיגע רעוואָלוציע. ענליכעס איז געשען אין דער אייזען־אינדוסטריע און אין אייניגע אַנדערע

קלענערע אינדוסטריען. די ארבייט איז קאנצענטרירט געווארען אין פאבריקען, און די צאל פון ארבייטער איז געוואקסען.

די באלעבאטים פון די פאבריקען האבען געמאכט גרויסע פראפיטען. מענשען האבען ארייגעלייגט זייער קאפיטאל אין פאבריקאציע. אין 1840 איז אין דער פאבריקאציע פון לאנד געלעגען א קאפיטאל פון 250 מיליאן; אין 1860 איז שוין געלעגען א קאפיטאל פון טויזענד מיליאן. אין 1840 זיינען אין די וועב־פאבריקען געווען באשעפטיגט 72 טויזענד ארבייטער; אין 1860 האט זייער צאל געגרייכט ביז 122 טויזענד. די אייזען־פאבריקאציע האט אין 1842 באטראפען ווייניגער ווי 230 טויזענד טאן. אין 1847 איז עס געשטיגען ביז 800 טויזענד טאן. אין 1842 זיינען אויפגעבויט געווארען 1021 שיפען; אין 1848 זיינען אויפגעבויט געווארען 1851 שיפען. אזוי כסדר אין אלע אינדוסטריען.

די גרעסטע פראפיטען זיינען געמאכט געווארען אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע. מאנכע פון די פאבריקען האבען געצאלט אזוי הויך ווי 40 פראצענט פראפיט א יאר. דורכשניטליך זיינען די פראפיטען פון די טעקסטיל־קאמפאנים געווען פון 10 ביז 20 פראצענט. די אייזען־פאבריקען האבען זייערע גרעסטע פארדינסטען געמאכט אין די פופציגער יארען. מאנכע פון די אייזען־פאבריקען האבען אין לויף פון איין יאר פארדינט אזוי פיל ווי עס האט באטראפען דער גאנצער קאפיטאל, וואס איז אין זיי ארייגעלייגט געווארען. אייניגע האבען געמאכט פון 40 ביז 60 פראצענט.

ניט אומזיסט זיינען די צוואנציג יאר באצייכענט געווארען אלס „די גאלדענע צייט אין דער אמעריקאנער געשיכטע".

עס איז אבער געווען איין גרויסע אויסנאמע אין דער „גאלדענער צייט" — דאס זיינען געווען די ארבייטער פון די פאבריקען און אין די שטעט. זייער לאגע איז דורך דער גרויסער פראספעריטי ניט פארבעסערט געווארען. פראפעסאר ווער, אין זיין ווערק „די ארבייטער פון 1840 ביז 1860", שרייבט: „עס איז א פאקט, אז אין דער צייט פון דער פראספעריטי איז די לאגע

פון די ארבייטער ערגער געוואָרען. אין די ערשטע צען יאָר איז זייער לאַגע געוועזן אבסאָלוט ערגער; אין די צווייטע צען יאָר איז זייער לאַגע געוועזן פארהעלטניסמעסיג ערגער". און ער ציטירט פון א לייט־ארטיקעל וואָס דער בארימטער רעדאקטאָר האָריים גרילי האָט געשריבען אין זיין ציימונג „די ניו יאָרק טריביון", דעם 9־טען יולי, 1845. אָט איז די ציטאַטע: „אונזער שטאָט ניו יאָרק איז איצט באַגליקט מיט אַן אויסערגעוויינליכער מאָס פּראָספּעריטי. זי וואַקסט און שפּרייט זיך אוים אויף אַלע זייטען. די באַפעלקערונג פאַרמערט זיך. דאָס רייכטום און דער האַנדעל ווערען גרעסער. די ארבייטער האָבען גענוג צו טאָן. . . און דאָך, ווייזען מיר פון אויספאָרשונגען, אז דער דורכשניטליכער פארדינסט פון די, וואָס לעבען פון ארבייט אין אונזער שטאָט, אַן ערך פון צוויי־דריטעל פון דער באַפעלקערונג, איז קוים מער ווי א דאָלער א וואָך פאר א מענשען. פון דער קלעגליכער סומע (און אין טויזענדער פאַלען נאָך א סך א קלענערע) מוזען 300 טויזענד מענשען צאָלען דירה־געלט, קויפען קליידער, צאָלען פאר מעדיצינישע הילף, פאר בילדונג, א. ז. וו."

די „טריביון" דערציילט ווייטער, אז דער לוין פון די שוס־טער פאַלט אַלץ נידריגער און נידריגער. די מערסטע פון זיי פארדינען דורכשניטליך וויינינגער ווי פינף דאָלער א וואָך. דער שריפטזעצער פארדינט דורכשניטליך ווייניגער ווי זעקס דאָלער א וואָך. דער טאָג־ארבייטער באַקומט א דאָלער א טאָג, און אַזוי ווי ער ארבייט דורכשניטליך ניט מער ווי פיר טעג א וואָך, פאַר־דינט ער 200 דאָלער א יאָר. אין ניו יאָרק זיינען יענעם יאָר גע־ווען 50 טויזענד פרויען, באַשעפטיגט אַלס לערערינס, דינסטען און פאַבריק־ארבייטער. זיי האָבען פארדינט פון אנדערהאלבען ביז צוויי דאָלער א וואָך.

ווענען די הוימען, אין וועלכע די ארבייטער פון די גרויסע שטעדט האָבען געוואוינט, גיט פראָפעסאָר ווער איבער א רייע פאַקטען, געזאַמעלט פון אָפיציעלע רעגירונגס־דאָקומענטען און פון ציימונגען. אָט זיינען אייניגע פון די פאַקטען:

דער אײרישער אימיגראַנט אין באָסטאָן האָט געלעבט דורכ־

שניטליך ניט מער ווי פערצען יאר. וועגען איין ארבייטער־דיס־טריקט האט א קאמיסיע פון געזונט־אפטיילונג באריכטעט: עס פעלען דארטען באקוועמליכקייטען און די נויטיגסטע זאכען; אין א סך פלעצער שלאפען אין איין בעט דערוואקסענע פרויען און מענער, ברידער און שוועסטער אלע אין איינעם.

אין דער פאבריק־שטאדט לאועל, מאסאטשוזעטס, זיינען גע־ווען היימען, וואו פון זעקס ביז צען פערזאן האבען געוואוינט אין איין צימער און זיינען געשלאפען אין איין בעט. אין איין קע־לער פון צוויי צימערען האבען געוואוינט פיר פאמיליעס פון צוויי־און־צוואנציג פערזאן.

אין ניו יארק האט דער שעף פון דער פאליציי געמאכט אן אונטערזוכונג אין 1850 וועגען די פאמיליען, וואס האבען גע־וואוינט אין קעלערס. די אונטערזוכונג האט באוויזען, אז א צוואנציגסטער טייל פון דער ניו יארקער באפעלקערונג האט דאן געוואוינט אין קעלערס. עס זיינען געווען פאלען, וואו עס האבען געוואוינט אין איין צימער צוויי, דריי און פיר פאמיליעס, און מאנכע פון זיי האבען נאך ארייננענומען קווארטיראנטען. מאנכע פון די קעלער־וואוינונגען זיינען געווען באָרדינג־הייזער. עס הא־בען אין זיי געוואוינט דריי קלאסען קווארטיראנטען: די ערשטע־קלאסניקעס האבען געצאלט 37־און־א־האלב סענט א וואך פאר עסען און שלאפען. זיי פלעגען שלאפען אויף שטרוי, אויסגע־שפרייט אויף דער פאדלאגע און עסען ביים „ערשטען טיש”. די צווייטע־קלאסניקעס פלעגען צאלען 18־און־דריי־פערטעל סענט א וואך. זיי פלעגען שלאפען אויף דער הוילער פאדלאגע און עסען ביים „צווייטען טיש.” די דריטע־קלאסניקעס האבען גע־צאלט ניין סענט א וואך. זיי פלעגען שלאפען, ווען עס איז געווען וואו. ווען עס איז קיין פלאץ ניט געווען, פלעגט מען זיי ארויסטרייבען. געגעסען האבען זיי ביים „דריטען טיש”. אין די קעלערס איז קיין מעבעל ניט געווען, אויסער צוויי בענק אויף ביידע זייטען פון א לאנגען טיש. קינדער פלעגען ארומ־געהן אין גאס און צונויפבעטלען עסענווארג. אין מאנכע פאלען האט דער באלעבאס באשעפטיגט פרויען־בעטלערקעס פאר דעם

צוועק. די פרויען פלעגען ארבייטען פאר געצאָלט. א געוויסע שטונדע אין טאָג פלעגען די קאָשיקעס מיט די צונויפגעבעטעל־טע עסענווארג ארויפגעלייגט ווערען אויפ'ן טיש. די ערשט־קלאַ־סיגע קווארטיראנטען האָבען געקראָגען די ערשטע געלעגענהייט צו עסען. דאָס, וואָס איז פון זיי פארבליבען, האָבען געגעסען די צווייט־קלאַסניקעס, און אויב עס איז עפּעס געבליבען פון דער צווייטער קלאַס, האָבען עס די דריטע־קלאַסניקעס אויפגעגעסען.

אין דער לאַגע האָבען זיך געפונען די אָרימסטע צווישען די ארבייטער. די מערסטע פון זיי זיינען געווען אימיגראַנטען. די בעסערע ארבייטער און די איינגעבאָרענע האָבען געלעבט בע־סער, אָבער אויך זייער לאַגע איז געווען א טרויעריגע.

די לאַגע פון די ארבייטער אין אלגעמיין איז אין די צוואַנ־ציג יאָר געוואָרען ניט בעסער, נאָר ערגער. אין מאַנכע פאַכען האָט זיך דער לוין פארגרעסערט; אין אנדערע האָט ער זיך פארקלענערט. אָבער אפילו די, וואָס האָבען פארדינט מער, האָ־בען דערפון ניט געוואונען, ווייל די לעבענס־קאָסטען זיינען פיל געשטיגען. פּראָפעסאָר ווער שרייבט: „די לעבענס־קאָסטען, איבערהויפּט אין די שטעט, האָבען אָנגעהויבען צו שטייגען אין 1843. גרילי שאַצט, אז אין די זיבען יאָר, פון 1843 ביז 1850, האָבען די פּרייזען אויף עסענווארג אין ניו יאָרק זיך פארגרע־סערט אויף נאָענט צו פופציג פּראָצענט. רענט איז שרעקליך גע־שטיגען.

„אין דער בעסטער לאַגע האָבען זיך געפונען די בוי־ארביי־טער. דאָרטען וואו שוסטער, שריפטזעצער, קירזשנער און מעבעל־מאַכער האָבען פארדינט פיר, פינף און זעקס דאָלער א וואָך, האָבען די סטאָליער און מוליער פארדינט צען דאָלער א וואָך. אָבער מיט צען דאָלער א וואָך האָט א פאַמיליע דאַן אויך ניט געקענט מאַכען קיין אנשטענדיג לעבען. אין 1851 האָבען די סטאָליער אין פילאַדעלפיא געסטרייקט פאר א העכערונג פון 50 סענט א טאָג — פאר צען־און־א־האַלב דאָלער א וואָך. האָט האָריים גרילי געמאכט א חשבון אין זיין צייטונג, אז א פאַמיליע פון פינף פּערשוין מוז אויף די אבסאָלוטע נויטווענ־

דיגע לעבענס־מיטעל האבען צום וויינינגסטענס $10.37 א וואך. און גרילי האט געשריבען: „וואו זאל דער ארבייטער איצט נעמען צו באצאלען פאר אמוזירונגען, פאר א דאקטאר, פאר מעדיצין, פאר א „שטאט" אין דער קירכע, פאר א בוך צום לעזען, פאר מוזיק?' "

אבער דאס איז נאך ניט אלעס. פילע באלעבאטים האבען געצאלט די ארבייטער ניט מיט מזומן געלט, נאר מיט אנוויי־זונגען אויף א שפייז־קראם. אין די 40־ער יארען האבען די שוסטער אין לין זיך באקלאגט, אז דורך דער סיסטעם זיינען זייערע שכירות רעדוצירט געווארען אויף פון 25 ביז 50 פראָ־צענט. פאר מזומן האט מען געקענט קויפען א סך ביליגער ווי דורך אנווייזונגען. דורך דער אנווייזונג־סיסטעם איז עס לייכט געווען פאר די באלעבאטים צו שניידען שכירות. אנשטאט צו צאלען די ארבייטער וויינינגער, פלעגען זיי העכערען די פרייזען אויף די סחורה אין די קראמען. אין אן אייזען־פאבריק אין סינסינעטי, וואו מען האט געמאכט צוועקעס, האבען די אר־בייטער באקומען זייער געהאלט אין פעקלאך צוועקעס. ווען זיי האבען די צוועקעס פארקויפט, פלעגען זיי פארלירען 25 פראָ־צענט פון זייער לוין. עס ווערט דערציילט, אז מען האט גע־זאגט איינעם אזא באלעבאס, אז אין ענגלאנד איז דא א געזעץ, וואס צווינגט די באלעבאטים צו צאלען די ארבייטער מיט מזומן, האט ער געענטפערט: „דא איז א פריי לאנד; דא טוען מיר, וואס מיר ווילען".

אין דער ערגסטער לאגע האבען זיך געפונען די נאדעל־ארבייטער. אין 1840 האט מען אנגעהויבען צו פאבריצירען קליידער פאר'ן מארק. טויזענדער פרויען זיינען אריינגעטריבען געווארען אין דער ארבייט. פריער פלעגט די ארבייט געמאכט ווערען אין די היימען. ביסלעכווייז איז עס אריינגעצויגען גע־ווארען אין די פאבריקען. אין די 50־ער יארען האט מען אנגע־הויבען צו באנוצען ניי־מאשינען. די ארבייטער האבען געמוזט די מאשינען אליין קויפען. א שניידער, וואס האט געארבייט פון וואך, פלעגט קריגען פון $1.25 ביז $2.50, ארבייטענדיג פון

פערצען ביז זעכצען שטונדען א טאָג. לערן־מיידלאך פלעגען אר־בייטען זעקס מאָנאַט אומזיסט און נאָך צוצאָלען דעם באַלע־באָס פון צען ביז פופצען דאָלער. אויב זיי האָבען ניט געקענט באַצאָלען, פלעגען זיי אָפּאַרבייטען א יאָר אָן געצאָלט.

א גרויסע צאָל שניידער־פרויען פלעגען ארויסנעמען די אר־בייט אהיים. אין 1854 זיינען אין ניו יארק געווען 10 טוי־זענד אזוינע פרויען. „די פאַרדינסטען זייערע זיינען געווען אונבאַגרייפליך קליין", — שרייבט פּראָפעסאָר ווער. „אלמנות אין סינסינעטי האָבען אויסגעהאַלטען זייערע קינדער דורך נייען הויזען פאר זעכצען אָדער זיבעצען סענט א פּאָר. זיי פלעגען פאַרדינען א דאָלער א וואָך. אין ניו יארק פלעגען מאַנכע פון די פרויען שניידערינס קריגען פון 10 ביז 18 סענט א טאָג פאר 14 שטונדען ארבייט. די בעסער באַצאָלטע פלעגען מאַכען 25 סענט א טאָג. דורכשניטליך האָבען די פרויען פאַרדינט פון $1.50 ביז $2.00 א וואָך.

„אָבער די קליינע שכירות און די לאַנגע שטונדען זיינען נאָך ניט געווען די גאַנצע צרה", — שרייבט פּראָפעסאָר ווער. — „עס פלעג אָפט פּאַסירען, אז א שניידערין האָט אָפּגעבראַכט א שווערען פּאַק פון א גאַנצער וואָך ארבייט, און דער באַלעבאָס האָט ערקלערט, אז די ארבייט איז ניט גוט געמאַכט. פילע פון די באַלעבאַטים פלעגען פאָדערען, אז די פרויען זאָלען איינ־לייגען ביי זיי א דעפּאָזיט פאר דער וואַרע, איידער זיי האָבען געקענט די וואַרע נעמען אהיים. אָפט פלעג דער באַלעבאָס די דעפּאָנירטע געלט פאַרהאַלטען ביי זיך. מאַנכע פלעגען צוריק־געבען בלויז א טייל פון דעם געלט. אַנדערע פלעגען אראָפּ־נעמען פּראָצענטען. עס זיינען געווען פאַלען, ווען מיידלאך זיי־נען ארויסגעוואָרפען געוואָרען פון זייערע פאַבריקען פאר וואָגען צו בעטען צוריק די איינגעלייגטע געלט".

טרויעריג איז געווען די לאַגע פון די ארבייטער אין די קאָ־טאָן־פאַבריקען אין ניו־ענגלאַנד, ניו יאָרק און פּענסילוויינִיא. די קאַטאָן־פאַבריקאַציע האָט זיך אָנגעהויבען מיט עטליכע צענדליג יאָר פריער. אָבער ביז די 40־ער יאָרען איז דער ארבייטער גע־

ווען א האלבער דארף־מענש. געוואוינט האט ער אויף א קליינעם פארם, אדער ביי זיינע אדער אירע עלטערען אין דארף. ווען עס פלעגט ווערען ווייניג ארבייט אין פאבריק, פלעג דער ארבייטער אוועקגיין צוריק אויפ'ן פארם און דארטען זיך ווי עס איז דערנערען. ער האט ניט געפילט, אז זיין גאנץ לעבען איז אפּהענגיג אן דער שטעלע אין פאבריק.

פון די 40־ער יארען אן ווערט די פאבריק־באפעלקערונג א פערמאנענטע. די ארבייטער רייסען אינגאנצען איבער מיט'ן דארף און ווערען פולשטענדיגע פאבריק־„הענט". און ערשט איצט דערפילען זיי דעם ריכטיגען טעם פון פאבריק־ארבייט.

צוויי סארטען פאבריק־שעפער זיינען אויפגעבויט געווארען. איין סארט איז באצייכנט געווארען מיט'ן נאמען „וואלטהעם סיסטעם", און דער צווייטער מיט דעם נאמען „די ענגלישע סיסטעם". דער אונטערשייד צווישען די צוויי סיסטעמען איז באשטאנען אין דעם: ביי דער וואלטהעם־סיסטעם זיינען די ארבייטער געשטאנען אונטער דער אויפזיכט און אונטער דעם קאנטראל פון די פאבריק־באלעבאטים, ניט בלויז בשעת זיי האבען זיך געפונען אין פאבריק, נאר די גאנצע 24 שעה פון טאג. ביי דער ענגלישער סיסטעם זיינען די ארבייטער געווען „פרייע מענשען", זייערע אייגענע באלעבאטים, אזוי שנעל ווי זיי זיינען פון פאבריק ארויס. פון אויבען־אויף קען אויסווייזען, אז די ערשטע סיסטעם איז געווען די ערגערע. אין א געוויסער הינזיכט איז דאס טאקע געווען ערגער, אבער אין אנדערע הינזיכטען איז די צווייטע, די ענגלישע סיסטעם, געווען אן ערגערע.

די פאבריק־שטעדטל לאועל, מאסאטשוזעטס, איז געווען דער מוסטער פון דער וואלטהעם־סיסטעם. די ארבייטער דארט האבען געוואוינט אין די בארדינג־הייזער, וועלכע האבען באלאנגט צו דער קאמפּאני. די קאמפּאני האט באשטימט די פרייזען, וואס די ארבייטער האבען געמוזט צאלען פאר עסען און שלאפען. די אויפזעער איבער די בארדינג־הייזער האבען אכטונג געגעבען אויף די מאראל פון די ארבייטער. די מיידלאך האבען געמוזט קומען שלאפען ניט שפּעטער ווי 10 אזייגער. זיי האבען

געמוזט גיין אין קירכע. אויב א מיידעל האָט זיך ניט אויפגע־פירט „אנשטענדיג", פלעגט מען איר אָפזאָגען פון איר שטעלע.

אונטער דער „ענגלישער סיסטעם" זיינען די ארבייטער גע־ווען פריי צו וואוינען, וואו זיי האָבען געוואָלט, און טאָן, וואָס זיי האָבען געוואָלט.

די מעלה פון דער „וואָלטהעם־סיסטעם" איז אָבער געווען, וואָס דאָרט האָבען די באַלעבאַטים געפילט א געוויסע פאַר־אנטוואָרטליכקייט פאַר די ארבייטער. אין לאָועל זיינען די אר־בייטער געווען ערוואַקסענע מיידלאך און פרויען. אין די שטעטלאך, וואו עס האָט געהערשט די „ענגלישע סיסטעם", האָבען די באַלעבאַטים ניט געפילט קיין שום מאָראַלע פליכט צו די ארבייטער. און דאָרט זיינען באַשעפטיגט געווארען קליינע קינדער. קיין באָרדינג־הייזער, וואָס זאָלען געהערען צו דער קאָמפּאַני, זיינען אין יענע שטעטלאך ניט געווען. דערפאַר אָבער האָבען די קאָמפּאַניס דאָרט געהאַט אייגענע קראָמען, און אָפט פלעגען די ארבייטער, אנשטאָט געלט, באַקומען אָנוויי־זונגען אויף די קראָמען.

די „וואָלטהעם־סיסטעם" האָט געהערשט אין די מאַסאַטשו־זעטס'ער שטעטלאך; די „ענגלישע סיסטעם" האָט געהערשט אין די שטעטלאך פון ראָוד איילאַנד און פון די מיטעלע שטאַטען.

אָט איז דער שטאַנדפּונקט פון דעם באַלעבאָס אין דער פאַבריק פון דעם ענגלישען סאָרט. דאָס זיינען ווערטער, וואָס א באַלעבאָס אין פאָל ריווער האָט געזאָגט צו אַן אויספאָרשער אין יאָר 1855: „איך קוק אויף מיינע ארבייטער ווי אויף מיינע מאַשינען. אזוי לאַנג ווי זיי קענען טאָן די ארבייט פאַר דעם לוין, וואָס איך וויל זיי צאָלען, האַלט איך זיי און איך קריג פון זיי ארויס אזוי פיל ארבייט ווי מעגליך. וואָס זיי טוען און ווי זיי לעבען, ווען זיי זיינען ניט אין פאַבריק, ווייס איך ניט, און איך האַלט, אז דאָס איז ניט מיין זאך צו וויסען. זיי דאַרפען אויף זיך אַליין אַכטונג געבען, אזוי ווי איך גיב

אויף זיך אכטונג. ווען מיינע מאשינען ווערען אלט און נוצ־לאז, ווארף איך זיי ארויס און נעם אריין נייע, און די ארבייטער זיינען א טייל פון מיינע מאשינען".

„א מענעדזשער אין האליאק האט באמערקט, אז אין דער פרי, גלייך נאך פרישטיק־עסען, זיינען די ארבייטער מיד און אר־בייטען ניט אזוי געשמאק. האט ער זיי געהייסען קומען אר־בייטען אן פרישטיק. און זיי האבען טאקע פאבריצירט מיט דריי טויזענד יארד סחורה מער א וואך".

די פאבריקאנטען זיינען געווען פאראייניגט צווישען זיך, און זיי פלעגען אלע צאלען די זעלבע שכירות. ווען מען פלעגט דאר־פען רעדוצירען די שכירות, פלעגען זיי עס טאן אלע צוזאמען. ווען אן ארבייטער האט זיך פארזינדיגט און איז אפגעזאגט גע־ווארען, איז זיין נאמען געשטעלט געווארען אויף א „שווארצער ליסטע" און ער האט אין קיין אנדער פאבריק ניט געקאנט מער באקומען קיין ארבייט. אט איז א שילדערונג פון דעם לעבען פון די מיידלאך אין די פאבריקען אונטער דער „וואלטהעם־סיסטעם", ארויסגענומען פון פראפעסאר ווער'ס בוך:

„די ארבייטער זיינען פארזאגט געווארען, ווען, וואו, ווי און פאר וויפיל זיי מוזען ארבייטען; ווען און וואו זיי מוזען עסען און שלאפען. מען האט זיי באפוילען צו גיין אין דער קירכע, און זיי האבען דארטען געמוזט צאלען פאר זייערע פלעצער. מען האט זיי אפגעזאגט פאר אונמאראלישע אויפפירונג, פאר גע־ברויכען ניט קיין אנשטענדיגע ווערטער, פאר ניט זיין העפליך גענוג, פאר באזוכען א טאנץ־זאל און פאר יעדער אנדערער קליי־ניגקייט, וואס דער אויפזעער האט געהאלטען פאר גענוג וויכטיג. ווען אן ארבייטער האט די שטעלע פארלארען, האט ער ניט גע־קענט באקומען קיין ארבייט ניט אין דער שטעטעל און ניט אין די דערבייאיגע שטעטלאך. א מיידעל האט ניט געקענט פאר־לאזען איר שטעלע, סיידען זי האט דארט אפגעארבייט א גאנץ יאר און האט געגעבען דעם באלעבאס נאטיס צוויי וואכען צייט. דער באלעבאס האט געמעגט אפזאגען דעם ארבייטער, ווען ער האט געוואלט, אן שום נאטיס. ווען א באלעבאס האט געדונגען

א מיידעל פאַר צוויי דאָלער א וואָך און האָט מיט עטליכע וואָכען שפּעטער געשניטען אירע שכירות אויף א דאָלער, האָט זי ניט געטאָרט אוועקגיין. זי האָט געמוזט ענדיגען דעם יאָר אויף די געשניטענע שכירות. אויב זי איז יע אוועק, איז זי געשטעלט געוואָרען אויף דער שוואַרצער ליסטע און האָט אין ערגעץ ניט געקאָנט קריגען קיין אַנדער אַרבייט".

די אַרבייט אין די פאַבריקען איז געוואָרען אַלץ שווערער און שווערער. דער לוין איז שטענדיג געשניטען געוואָרען, און אום צו קענען פאַרדינען גענוג, האָט מען געמוזט זיך אָנשטרענגען און אַרבייטען שווערער. אין די דרייסיגער יאָרען האָט א וועבער געדאַרפט אַרבייטען אויף דריי שטולען. אין 1845 האָט ער שוין געמוזט אַרבייטען אויף פיר שטולען. די שכירות זיינען פאַרבליבען די זעלבע.

אַם ערגסטען האָבען די אַרבייטער אין די פאַבריקען געלי־טען פון די לאַנגע אַרבייטס־שטונדען. אין די 20־ער און 30־ער יאָרען האָבען די אַרבייטער פון אַנדערע פאַכען (די, וואָס האָבען ניט געאַרבייט אין פאַבריקען) אויסגעקעמפט דעם 10־שטונדיגען אַרבייטס־טאָג. אין די טעקסטיל־פאַבריקען האָט מען אָבער אין 1840 נאָך אַלץ געאַרבייט פון 12 ביז 14 שטונדען א טאָג.

די אַרבייטער האָבען אָנגעווענדט אַלע מיטלען צו פאַרקלע־נערען זייער אַרבייטס־טאָג. זיי האָבען געשיקט פּעטיציעס צו דער לעדזשיסלייטשור אין מאַסאַטשוזעטס, אויף וועלכע עס זיי־נען געווען אונטערגעשריבען צענדליגער טויזענדער נעמען פון אַר־בייטער. אָבער דאָס האָט ניט געהאָלפען. אין מאַנכע געגענ־דען האָבען די אַרבייטער געסטרייקט פאַר קירצערע שטונדען, און די סטרייקס זיינען אַלע פאַרלאָרען געגאַנגען.

די באַלעבאַטים האָבען גע'טענה'ט, אַז אויב די אַרבייטס־צייט וועט פאַרקלענערט ווערען און די אַרבייטער וועלען האָבען ליידיגע צייט, וועט זייער מאָראַל ווערען פאַרדאָרבען.

אין ניו־העמשייר און פּענסילווייניא זיינען דורכגעפירט גע־וואָרען געזעצען וועגען א 10־שטונדיגען אַרבייטס־טאָג. אין די

געזעצען איז אבער אריינגעשריבען געווארען א פונקט, אז אויב די ארבייטער שרייבען זיך אונטער, אז זיי ווילען ארבייטען לענ־גער, מעגען זיי עס טאן. דער פונקט האט פאקטיש מבטל גע־מאכט דעם גאנצען געזעץ. די באלעבאטים האבען געצוואונגען די ארבייטער זיך אונטערצושרייבען, אז זיי פארפליכטען זיך צו ארבייטען מער ווי צען שטונדען. די ארבייטער, וואס האבען זיך אפגעזאגט אזא קאנטראקט אונטערצושרייבען, האבען פארלוירען זייערע שטעלען.

אין אנהויב די 50־ער יארען האבען זיך ארגאניזירט פאר־איינען פון גוטהערציגע מענשען אנצופירען א באוועגונג פאר א 10שטונדיגען ארבייטס־טאג. זיי האבען זייער אגיטאציע אנגע־פירט איינגאנצען אויף דעם פאליטישען פעלד. דאס האט אבער ניט געבראכט קיין רעזולטאטען. ערשט אין 1852 און 1853, ווען אן אגרעסיווע טרייד־יוניאן־באוועגונג איז ארגאניזירט געווארען, איז ענדליך געלונגען צו צווינגען די באלעבאטים, זיי זאלען ביסלאכווייז איינפירען א 10־שטונדיגען ארבייטס־טאג.

דער קאנטראסט צווישען דער לאגע פון די באלעבאטים און געשעפטסלייט, אויף איין זייט, און די ארבייטער, אויף דער צווייטער זייט, האט געשאפען צווייערליי באוועגונגען: איין סארט באוועגונג איז אנגעפירט געווארען פון גוטהערציגע מענ־שען, אידעאליסטען, רעפארמער; די צווייטע סארט באוועגונג איז ארגאניזירט געווארען פון די ארבייטער גופא. אין די ערשטע צענדליג יאר, פון 1840 ביז 1850, האבען זיך די צוויי סארטען באוועגונגען צונויפגעמישט, און די פילאנטראפישע און אידעאליסטישע גרופען האבען געהאט די אויבערהאנט. ערשט נאך 1850 האט די ארבייטער־באוועגונג זיך אפגעטיילט פון די אלע איבעריגע. און דאן האט זיך אנגעפאנגען צו שאפען אמת׳ע טרייד־יוניאנס און א קאמף פאר בעסערע באדינגונגען, ייינלבע האבען געבראכט די ארבייטער פון די פארשיידענע פאכען באדייטענדע פארבעסערונגען.

די וויכטיגסטע גרופען צווישען די רעפארמערס זיינען גע־וועז אוטאפיסטישע סאציאליסטען (פוריעריסטען), אגראר־רעפאר־

מער און קאָאָפּעראַטיווויסטען. די אַלע גרופּען זיינען באַשטאַנען מייסטענס פון מיטעל־קלאַס מענשען און אינטעליגענטען. זיי האָבען אָבער געזוכט צוציען די אַרבייטער־מאַסען. און ווען די אַרבייטער פלעגען פאַררופען קאָנפערענצען וועגען פאַרבעסערען זייער לאַגע, פלעגען אַהין קומען פאָרשטייער פון די רעפאָרם־גרופען, און אָפט פלעגט זיי געלינגען צו פאַרוואַנדלען די אַר־בייטער־קאָנפערענצען אין ווערקצייג פאַר זייערע צילען. דאָס האָט געפירט צו שפּאַלטונגען אין די אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס און געשטערט די אָרגאַניזירונג פון די אַרבייטער אין יוניאָנס.

די פוריעריסטישע באַוועגונג איז געגרינדעט געוואָרען אין אָנפאַנג פון די פערציגער יאָרען. איר גרינדער איז געווען אַל־בערט בריסבעין, אַן אַמעריקאַנער אינטעליגענט, וועלכער האָט שטודירט אין פראַנקרייך און אין דייטשלאַנד. דאָרט איז ער געוואָרען אַן אָנהענגער פון דעם אוטאָפּיסטישען סאָציאַליסט פוריע. ווען ער איז אַהער צוריקגעקומען, אין 1834, האָט ער גענומען פּרעדיגען דעם פוריעריזם. די ערשט זעקס יאָר האָט זיין פּראָפּאַגאַנדע קיין פרוכט ניט געבראַכט. אין 1842 האָט האָראַיס גרילי, דער רעדאַקטאָר פון דער „ניו יאָרק טריביון“, איינגעלאַדען בריסבעינ׳ען צו שרייבען יעדען טאָג אין זיין צייט־טונג וועגען זיינע פוריעריסטישע אידעען. פון דאַן אָן האָט די באַוועגונג גענומען שנעל וואַקסען. עס האָבען זיך געגרינדעט פוריעריסטישע געזעלשאַפטען און פוריעריסטישע קאָלאָניעס. מאַנכע פון די וויכטיגסטע פּערזענליכקייטען פון לאַנד, גרויסע לי־טעראַטען און אידעאַליסטען, האָבען זיך אָן איר אָנגעשלאָסען. די פוריעריסטישע קאָלאָניעס זיינען געווען ביז אַ געוויסען גראַד קאָמונעס. אַזוינע קאָלאָניעס האָבען זיך אָרגאַניזירט אַרום 40. די וויכטיגסטע צווישען זיי איז געווען „ברוק פאַרם“.*) זיי

---

*) „ברוק פאַרם“ איז געווען איינע פון די שענסטע אונטערנעמונ־גען אין יענער צייט. די מענשען וואָס האָבען זי אָרגאַניזירט, זיינען געווען אמת׳ע אידעאַליסטען. אָנגעפאַנגען האָט זיך די גאַנצע זאַך אין אַ קלוב פון אינטעליגענטען אין באָסטאָן, וועלכער האָט זיך גע־

זיינען אָבער אַלע דורכגעפאַלען. ביים סוף פון די 40־ער יאָרען איז די גאַנצע באַוועגונג שוין געוועזן אַזוי גוט ווי טויט. אייניגע פון די קאָלאָניעס האָבען געלעבט נאָך עטליכע יאָר.

די אַגראַר־רעפאָרמער האָבען געפּרעדיגט די אידעע פון גלייכער צוטיילונג פון לאַנד. די רעפאָרמערס האָבען געגלויבט, אַז דאָס גליק פון דער מענשהייט ליגט אין ערד־ארבייט. יעדער

---

גרינדעט אין 1836. צווישען די מיטגלידער פון דעם קלוב זיינען געווען ליבעראַלע גלחים און שרייבער. זיי פלעגען אָפּהאַלטען מיטינגען אין די היימען פון די מיטגלידער, וואו זיי פלעגען דיסקוטירען פראַגען פון טאָג. זיי איז געווען דערווידער דער נייער גייסט, וואס דער וואוקס פון אינדוסטריע האָט אַריינגעבראכט אין לאַנד, דער גייסט פון געלט, פון מאַטעריעלען ערפאָלג. זיי האָבען זייערע געדאַנקען געזוכט צו פּראָפּאַגאַנדירען דורך אַ זשורנאַל, אין וועלכען עס האָבען מיטגעארבייט די וויכטיגסטע שרייבער פון דער צייט, ווי עמערסאָן, פולער, אלקאָט און אַנדערע. אין דער גרופּע האָט זיך געפונען אַ גלח מיט'ן נאָמען ריפּלי. ער האָט גענומען טראַכטען, אַז מיט ריידען אליין קען מען גאָרניט אויפטאָן. ער האָט געזאָגט, אַז מענשען דאַרפען אַליין לעבען, לויט זייערע פּרינציפּען. ער האָט דאַן פאָרגעשלאָגען, אַז מען זאָל גרינדען אַ קאָלאָניע, וואו אַלע זאָלען ארבייטען און וואו אלע זאָלען זיין גלייך, און וואו די אַלע אומגערעכטיגקייטען פון דער היינטיגער געזעלשאַפט זאָלען אויסגעראָטען ווערען. די קאָלאָניע האָט געדאַרפט דינען אלס אַ מוסטער פון א ריינעם, ערליכען, אידעאַליסטישען לעבען. אין 1841 האָט ריפּלי זיין געדאַנק פארווירקליכט. צוזאמען מיט אייניגע פריינט האָט ער געקויפט אַ שטיק לאַנד אין ראקסבורי, לעבען באָסטאָן, און האָט דאָרטען גענומען איינפירען אַ לעבען, לויט זיין אידעאַליסטישען מוסטער. אָט די קאָלאָניע האָט בריסבעין אין 1845 פאַרוואנדעלט אין אַ פוריעריסטישע געזעלשאַפט. ער האָט איבערצייגט ריפּלי'ן, אַז דער פוריעריזם איז דער גליק פון דער מענשהייט, און ריפּלי האָט איבערגעבויט די קאָלאָניע לויט די כללים פון דער פוריעריסטישער אָרדענונג.

אין 1847 האָט די „ברוק פאַרם" קאָלאָניע באַנקראָטירט. ריפּלי האָט אויף זיך גענומען דעם יאָך פון די חובות און האָט יאָרען־לאַנג געאַרבייט אלס שרייבער און פּובליציסט דאָס געלד אויסצוצאָלען.

וועגען דער באַוועגונג פון „ברוק פאַרם", איר געשיכטע און די אורזאכען פון איר אונטערגאַנג, איז אָנגעשריבען געוואָרען אַ גאַנצע ליטעראַטור.

מענש זאָל האָבען זיין שטיקעל לאַנד און עס בעאַרבייטען. זיי האָבען געפּרעדיגט דעם געדאַנק, אַז דאָס לאַנד זאָל צוטיילט ווער־רען צווישען די מענשען, וואָס בעאַרבייטען אַליין די ערד; אַז מען זאָל אונטער קיינע אומשטענדען ניט קענען צונעמען דאָס לאַנד ביי איינעם, וואָס וואוינט אויף איר און אַקערט און זייט; אַז יעדער וואָס וועגדעט זיך נאָך לאַנד אויף צו בעאַרבייטען זאָל דאָס לאַנד באַקומען, סיי ער האָט צו באַצאָלען פאַר דעם, סיי ניט.

די פּראַקטישסטע צווישען די אַלע רעפאָרם־באַוועגונגען איז געוועזן די דריטע, די קאָאָפּעראַטיווע. עס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען קאָאָפּעראַטיוועז פון אַרבייטער צו פּראָדוצירען סחורה. עס זיינען אויך אָרגאַניזירט געוואָרען קאָאָפּעראַטיוועז פון אַר־בייטער צו קויפען סחורה און פּראָדוקטען פאַר דעם אייגענעם געברויך. צוערשט זיינען די קאָאָפּעראַטיוועז געוועזן ערפאָלג־רייך. אין אָנהויב פון די 50־ער יאָרען האָבען זיי גענומען אונ־טערגיין, און פון זיי איז מיט דער צייט גאָרנישט ניט גע־וואָרען.

פּראָפעסאָר ווער שרייבט: „פילע ערקלערונגען ווערען גע־געבען פאַר דעם דורכפאַל פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג אין אַמעריקאַ. מאַנכע שרייבען עס צו צו דעם אינדיווידואַליס־טישען כאַראַקטער פון דעם אַמעריקאַנער פאָלק; אַנדערע — צו די שלעכטע מעטאָדען, וואָס זיינען באַנוצט געוואָרען אין פירען די געשעפטען. מעגליך, אַז טיילווייז האָבען די אַלע אורזאַכען מיטגעווירקט, אָבער די הויפּט־אורזאַכע איז געווען, וואָס די אינדוסטריעלע באַפעלקערונג אין אַמעריקע איז ניט שטאַנדהאַפט, וואָס זי איז זייער באַוועגליך. די מענשען זיי־נען ניט געזעסען אויף איין פּלאַץ; זיי האָבען געהאַלטען אין וואַנדערען. און אַ מאַסע, וואָס זיצט ניט אויף איין אָרט, קען ניט ענטוויקלען און אויפהאַלטען אַזוינע אָרגאַניזאַציעס ווי קאָ־אָפּעראַטיוועז און טרייד־יוניאָנס".

די טרייד־יוניאָן־באַוועגונג האָט זיך אין די 40־ער יאָרען צונויפגעפּלאָנטערט מיט די רעפאָרם־באַוועגונגען. אין די 50־

ער יארען איז איר געלונגען זיך צו באפרייען, און אין די ערש־טע יארען פון די 50־ער איז אויפגעבויט געווארען א גאנץ שטארקע יוניאן־באוועגונג, אן אגרעסיווע, קעמפענדע ארבייטער־ארמיי, וואס האט פארצייכענט גלענצענדע זיגען. אין די 50־ער יארען איז די ארבייטער־באוועגונג געווארען קלאסענבאוואוסט. צום ערשטען מאל האט זי זיך געשטעלט אויף דעם שטאנדפונקט, אז צווישען ארבייטער און באלעבאטים זיינען ניטא קיין געמיינ־שאפטליכע אינטערעסען. ביז דאן האבען די ארבייטער ניט גע־וואלט אנערקענען דעם פאקט, אז זיי זיינען ניט קיין גלייכע יחסנים מיט דעם באלעבאס. איצטער האבען זיי עס אנער־קענט. זיי האבען איינגעזען, אז כדי צו ווערען גלייכע יחסנים מיט'ן באלעבאס, איז נייטיג אנצופירען א שווערען קאמף.

קאפיטעל 16.

# דער קאַמף פאַר פרייע ערד.

וואָס זאָל מען טאָן מיט די ריזיגע שטרעקעס לאַנד, ליידיג לאַנד, וואָס ליגט אין דער וועסט? די פראַגע איז אויפגעשוואוי־מען גלייך נאָך דער רעוואָלוציע, און וואָס ווייטער איז זי גע־וואָרען מער קאָמפּליצירט. דאָס לאַנד אין דער וועסט האָט געהערט דער נאַציאָנאַלער רעגירונג. זי האָט עס באַקומען דורך פאַרשיידענע מיטלען. מאַנכע שטיקער טעריטאָריע האָט זי צו־גענומען פון די אינדיאַנער; מאַנכע האָט זי אָפּגעקויפט פון אנדערע פעלקער; מאַנכע האָט זי איינגענומען אין מלחמה. מיט דעם וואוקס פון לאַנד, מיט דער פאַרגרעסערונג פון דער באַפעל־קערונג, איז געשטיגען די נאָכפראַגע אויף ליידיג לאַנד. מענשען האָבען זיך דאָרט געוואָלט באַזעצען. פאַר דער רעגירונג האָט זיך געשטעלט די פראַגע: ווי אַזוי און אונטער וועלכע באַדינ־גונגען זאָל די ערד איבערגעגעבען ווערען צו די פּריוואַטע איי־גענטימער?

די ערשטע צייט האָט די נאַציאָנאַלע רעגירונג באַטראַכט דאָס לאַנד אין דער וועסט אַלס אַ סחורה פאַר געשעפט. די רעגירונג האָט זיך דאַן געגויטיגט אין געלט, און זי האָט דאָס לאַנד אָנגעבאָטען צום פאַרקויף יעדען איינעם, וואָס האָט נאָר געוואָלט קויפען. קיין באַשטימטען פּרייז האָט זי דאַן פאַר דעם לאַנד ניט געהאַט. די רעגירונג האָט אונטערהאַנדעלט מיט יע־דען קונד באַזונדער און געזוכט פון יעדען צו קריגען אַזאַ הויכען פּרייז ווי מעגליך. דאָס איז געווען, פאַרשטייט זיך, בלויז אין טעאָריע. אין דער ווירקליכקייט האָט די רעגירונג אין יענע יאָרען גרויסע שטיקער ערד כמעט ווי אומזיסט אוועקגעגעבען צו גע־

זעלשאפטען פון ספעקולאנטען, אין וועלכע די פאליטישענס און פריינט פון פאליטישענס זיינען געווען פאראינטערעסירט. בלויז רייכע האבען דאן געקענט קויפען לאנד. זיי האבען גע־האט די נויטיגע סומע און דעם נויטיגען איינפלוס. די פא־ליסי פון דער רעגירונג דאן איז געווען צו פארקויפען גרויסע שטרעקעס מיט א מאל. די קאלאניסטען־פאמיליעס, וואס הא־בען זיך געוואלט באזעצען אויף קליינע פארמס, זיינען גע־צוואונגען געווען צו קויפען ביי די רייכע קאמפאניעס און ביי די ספעקולאנטען.

דאס פאלק האט געגען דעם פראטעסטירט. איבערהויפט האבען געשריען די מאסען, וואס האבען געוואלט ארויסוואנ־דערען נאך דער וועסט. אין 1800 איז דער קאנגרעס געצוואונ־גען געווען צו די פראטעסטען זיך צוצוהערען, און עס איז אנ־גענומען געווארען דער ערשטער ליבעראלער לאנד־געזעץ. דער געזעץ האט מעגליך געמאכט פאר אן איינצעלנעם צו קויפען א שטיק לאנד פון 320 אקער, פאר 2 דאלער אן אקער, אויף אויס־צוצאלען אין פיר יאר צייט. אין 1820 האט די נאציאנאלע רעגירונג גענומען נאך א שריט אין דער ליבעראלער ריכטונג. זי האט באשלאסען צו פארקויפען „לאטס" פון 80 אקער פאר בלויז $1.25 אן אקער.

די ליבעראלע געזעצען האבען אויפ'ן פאפיר אויסגעוויזען א סך בעסער ווי זיי זיינען געווען אין דער ווירקליכקייט. פאר דעם ארימען קאלאניסט איז נאך אלץ אונגעהייער שווער געווען צו דערשלאגען זיך צו אן אייגענער שטיקעל פארם אין דער ריזיגער ליידיגער וועסט. אורזאכען פאר דעם זיינען געווען עטליכע. ערשטענס, איז דער קליינער פרייז פון $1.25 אויך געווען א שווערע משא. דער ארימער קאלאניסט פלעגט מוזען אויסגעבען א סומע געלט אויף איבערקלייבען זיין פאמיליע פון דער אלטער היים אין דער איסט אדער דער סאוט. ווען ער האט די אלטע היים פארלאזען, איז ער שוין געווען א קבצן, ווייל אויב ער וואלט דארט געקענט מאכען א לעבען, וואלט ער דאך דארט פארבליבען. אין דער נייער היים האט ער גע־

מוזט זיך נעמען בויען איבער־א־נייעס. און דאָס האָט איהם אויך געקאָסט געלט: אויפשטעלען אַ הויז, קויפען פערד, פאַרם־געציייג, א. ז. וו. וואו אַלזאָ האָט ער געקענט נעמען די הונ־דערט דאָלער צו באַצאָלען דער רעגירונג פאַר דער ערד? אים איז קיין אַנדער וועג ניט איבערגעבליבען ווי דאָס געלט צו באָר־גען און די פאַרם צו פאַר'משכנ'ען. צווייטענס, האָט ער זעל־טען געקענט קריגען אַ גוטע שטיקעל ערד פאַר דעם פרייז פון $1.25 אַן אַקער. דער פרייז איז געווען דער מינימום. דער פאַרקויף פון דער ערד פלעגט געמאַכט ווערען אויף אַזאַ אופן: די רעגירונג פלעגט פריער זיך אויסגלייכען מיט די אינדיאַנער, צו וועמען דאָס לאַנד האָט געהערט. נאָכדעם ווי די אינדיאַ־נער האָבען זיך מיט גוטען צי מיט בייזען פון זייער רעכט אויף די ערד אָפּגעזאָגט, פלעגט די רעגירונג אהין אריינשיקען ערד־מעסטער, וועלכע פלעגען אויסמעסטען און איינטיילען דאָס שטיק לאַנד אין לאָטס, אין חלקים. דאַן פלעגט דער רעגירונגס־אַגענט אַנאָנסירען, אַז אין דעם און אין דעם טאָג וועט אָפּגעהאַלטען ווערען אַן „אָקשען־סעיל" אויף די לאָטס. צום „סעיל" פלעגען קומען אַלע, וואָס האָבען געוואָלט קויפען, און זיי פלעגען אָנ־באָטען זייערע פרייזען. יעדער לאָט איז פאַרקויפט געוואָרען באַ־זונדער. איבער יעדען לאָט פלעגען זיך די פאַרזאַמעלטע דינגען, און דער, וואָס האָט געבאָטען דעם גרעסטען פרייז, פלעגט דעם לאָט באַקומען. דער דאָלער־און־א־קוואָדער אַן אַקער איז געווען דער קלענסטער, וואָס די רעגירונג האָט געפאָדערט, אָבער אויב אימיצער האָט געבאָטען מער ווי $1.25, האָט מען עס אים מיט פאַרגעניגען פאַרקויפט.

נו, פלעגט פאַסירען אָט וואָס: די רייכע לאַנד־ספּעקולאַנטען פלעגען ארויסשיקען זייערע אַגענטען, מבינים אויף ערד, און יענע פלעגען פריער באַטראַכטען יעדען לאָט און באַשטימען, וועלכע זיינען גוטע, וועלכע עס וועלען שפּעטער ווערט זיין אַ גרויסען פרייז. פאַר די גוטע לאָטס פלעגען די אַגענטען און ספּעקו־לאַנטען אָנבאָטען ביים סעיל מער ווי דעם מינימום פון $1.25 אַן אַקער, און זיי פלעגען עס קויפען. פאַר די אָרימע קאָלאָ־

ניסטען פלעגט בלייבען די ערגערע שטיקער לאנד, וואס זיי־נען אפט אפילו דעם קליינעם פרייז פון $1.25 אויך ניט ווערט געוועז.

דריטענס, פלעגען די קאלאניסטען זיך ניט קענען דערוואר־טען ביז וואנען די רעגירונג וועט מאכען דעם סעיל. פילע פון זיי פלעגען זיך באזעצען אויף דאס לאנד פריער. זיי האבען גע־האפט, אז ווען מען וועט נעמען פארקויפען, וועלען זיי באצאלען דעם פרייז און בלייבען זיצען ווייטער. די פריצייטיגע קאלאניס־טען זיינען געשטאנען אין געפאר צו פארלירען ניט בלויז די ערד, נאר די אלע אויסבעסערונגען, וואס זיי האבען געמאכט, דעם גאנצען קאפיטאל, וואס זיי האבען אריינגעלייגט זיך דארט אויפצובויען. ווייל ביים סעיל האבען אנדערע געהאט דאס רעכט אנצובאטען א העכערן פרייז און דאס לאנד ביי די קאלאניסטען אויסצודינגען.

די פארשטייער, וואס די שטאטען פון דער וועסט האבען געשיקט אין קאנגרעס, האבען אימער געפאדערט נייע רעפארמען צו באשיצען די קאלאניסטען און צו מאכען מעגליך פאר נייע אימיגראנטען אריינצוקומען. פון צייט צו צייט איז דער קאנגרעס געצוואונגען געווען דורכצופירען ספעציעלע געזעצען צו באשיצען א געוויסע גרופע קאלאניסטען אין דעם אדער יענעם טייל פון דער וועסט, באשיצען זיי געגען ספעקולאנטען. דאס האט אבער די פראגע אין אלגעמיין ניט פארענטפערט. אין געוויסע געגענדען האבען זיך די קאלאניסטען אליין ארגאניזירט געגען ספעקולאנטען. דאס פלעגען געוויינליך טאן יענע קאלאניסטען, וועלכע האבען זיך באזעצט איידער דער סעיל איז געמאכט געווארען. זיי פלעגען איינטיילען דאס לאנד צווישען זיך און פלעגען קומען צום סעיל ארגאניזירט. דער אפמאך צווישען זיי איז געווען, אז קיינער זאל ניט באטען טייערער ווי דער מינימום פרייז, און אז אויב א פרעמדער, אן אגענט פון ספעקולאנטען, וועט וואגען צו באטען מער, זאל מען אים געבען צו פארשטיין, אז ער שפילט זיך מיט'ן לעבען. אין די וועסט פלעגט מען אין יענע יארען ווייניג וואס זיך צערעמאניען מיט א מענשען, וואס האט געהאנדעלט ניט

ווי דער עולם האָט געוואָלט. דער מיטעל האָט כמעט שטענדיג געווירקט. ספעקולאַנטען האָבען מורא געהאַט זיך צו פאַר־טשעפען מיט אָרגאַניזירטע קאָלאָניסטען.

די מיטלען פון קריגען ספעציעלע טובות פון קאָנגרעס אָדער צו סטראַשען די ספעקולאַנטען מיט געוואַלד האָבען קיינעם ניט צופרידענגעשטעלט. די וועסט האָט גע'טענה'ט, אַז דאָס לאַנד האָרף געגעבען ווערען צו אַזוינע מענשען, וואָס ווילען זיך מיט איר באַנוצען און זי בעאַרבייטען. זי האָט געפאָדערט, אַז די קללה פון ספעקולאַנטען און פון הויכע פרייזען זאָל אויסגע־ראָטען ווערען. דער אידעאַל, צו וועלכען די וועסט האָט גע־שטרעבט, איז געווען דער: אַז די רעגירונג זאָל דאָס לאַנד אוועקגעבען פריי צו די פאַמיליעס, וואָס וועלען זיך אויף איר באַזעצען און זי בעאַרבייטען. פאַר דעם אידעאַל האָט די וועסט געקעמפט עטליכע צענדליג יאָר, ביז זי האָט אים ענדליך דערגרייכט. אין פאַרלויף פון דעם לאַנגען קאַמף זיינען גע־מאַכט געוואָרען פאַרשיידענע קאָמפּראָמיס־פּלענער, און אייניגע פון זיי זיינען אָנגענומען געוואָרען. די קאָמפּראָמיסען האָבען אויף דערווײַלע די לאַגע פון אַ געוויסע צאָל קאָלאָניסטען לייכ־טער געמאַכט.

אין דעם קאַמף איבער דעם לאַנד אין דער וועסט האָט זיך ניט געהאַנדעלט בלויז וועגען די אינטערעסען פון די רייכע ספּע־קולאַנטען. ווען דאָס וואָלט געווען דער פאַל, וואָלט די וועסט לייכט אויסגעפירט, ווייל די פּאָליטישע מאַכט פון די אַלע שטאַ־טען אין דער וועסט וואָלט איבערגעוואויגען די מאַכט פון די ספּעּ־קולאַנטען. די וועסט האָט אָבער געהאַט געגען זיך דעם קאַ־פּיטאַליסטישען קלאַס פון דער איסט און די רייכע פּלאַנטאַטאָרס פון דער סאַוט. די צוויי גרופּען, וואָס זיינען געווען פּאָליטיש מעכטיג, זיינען געווען בלוטיג פאַראינטערעסירט אין דעם, אַז די וועסט זאָל זיך ענטוויקלען וואָס לאַנגזאַמער.

די פאַבריקאַנטען אין דער איסט האָבען זיך גענויטיגט אין אַרבייטער, אין ביליגע הענט. די אויסוואַנדערונג נאָך דער וועסט האָט דעם אַרבייטס־מאַרק אין דער איסט אָפּגעצערט. ניט נאָר

זיינען אין די שטעט פארבליבען וויניגער מענשען, וואָס האָבען זיך גענויטיגט אין ארבייט, נאָר די, וואָס זיינען יע פארבליבען, האָבען געפילט, אַז זיי קענען פאָדערען העכערע שכירות. זיי האָבען דאָך געהאַט אַן אויסוועג: צו פאָרען נאָך דער וועסט.

די פארמערס אין דער איסט און די גרויסע פלאַנטאַטאָרס אין דער סאוט האָבען אויך ניט געוואָלט, אַז די וועסט זאָל זיך ענטוויקלען. אין דער וועסט איז ערד געווען ביליג. דאָרט איז אויך די ערד געווען זייער פרוכטבאר. האָבען די פארמערס און די פלאַנטאַטאָרס פון די עלטערע געגענדען מורא געהאַט, אַז די נייע פארמערס פון דער נייער וועסט וועלען מיט זיי קענען קאָנקורירען; זיי וועלען קענען זייערע פראָדוקטען פארקויפען ביליגער, און אַז דורך דעם וועט זינקען דער ווערט פון דער ערד אין דער איסט און אין דער סאוט.

די אינטערעסען פון די אַלע קלאַסען אין דער סאוט און אין דער איסט זיינען צונויפגעפאַלען מיט די אינטערעסען פון די לאַנד-ספּעקולאַנטען אין דער וועסט. אַלע האָבען זיי געזוכט צו שטערען די איינוואַנדערונג פון די אָרימע נאָך דער וועסט. זיי האָבען געטאָן אַלעס מעגליכעס ניט צו ערלויבען, אַז די אָרימע זאָלען קענען לייכט פארנעמען ערד אין דער וועסט און דאָרטען אויפבויען אַן אייגענעם לעבען.

פאר לייכטע באַדינגונגען, פאר לייכטע קאָלאָניזאַציע, זיינען געשטאַנען די מענשען, וואָס האָבען שוין אין דער וועסט געוואוינט. זיי האָבען געוואָלט, אַז וואָס מער מענשען זאָלען אהין קומען, כדי דאָס לאַנד זאָל זיך ענטוויקלען, כדי אַלעס דאָרט זאָל קריגען אַ גרעסערען ווערט. פאר דעם זיינען אויך געשטאַנען די ארבייטער אין דער איסט און די גאָר אָרימע פאר־מערס אין דער איסט און אין דער סאוט, וועלכע האָבען גע־זוכט אַ געלעגענהייט זייערע אַלטע היימען צו פארלאָזען און צו באַזעצען זיך אין דער נייער לאַנד פון דער וועסט. עס זיינען אין דער איסט אויך געווען געוויסע גרופּען סוחרים, וועלכע האָבען געגלויבט, אַז עס וועט בעסער זיין, די וועסט זאָל אויסוואַקסען, ווייל דאַן וועט די איסט האָבען אַ מארק פאר איהר סחורה.

אַט־די צוטיילטע עקאָנאָמישע אינטערעסען פון די פארשיי־דענע טיילען פון לאַנד זיינען נאָך מער פארפלאָנטערט געוואָרען דורך די פּאָליטישע שטרייטען, וואָס זיינען ארויסגעוואקסען פון דער שקלאַפען־סיסטעם אין דער סאוט. צווישען דער איסט און דער סאוט איז געלעגען דער אַפּגרונט, — די נעגער־פראַגע. די סאוט איז געווען אין איין שרעק, אַז ווען די איסט וועט ווערען שטארק גענוג פּאָליטיש, וועט זי שטערען דער שקלאַפעריי. די איסט האָט מורא געהאַט, אַז שקלאַפעריי זאָל זיך ניט פארשפריי־טען ווייטער אין לאַנד. די צוויי טיילען האָבען אָנגעפירט אַ קאַמף פאַר פּאָליטישער מאכט, און ביידע האָבען זיי געזוכט איבערצואגעווינען די נייע וועסט אויף זייער זייט. איבערהויפּט האָט זיך די סאוט אָנגעשטרענגט צו מאַכען די וועסט פאַר איר פּאָליטישען שותף. אָבער די איסט האָט אויך שטענדיג אין זינען געהאַט אַז זי טאָר זיך מיט דער וועסט שטארק ניט איינרייסען. די פּאָליטישע פירער פון דער וועסט האָבען דאָס געוואוסט, און זיי האָבען אויסגענוצט די לאַגע. זיי האָבען פון איר געשלאָגען קאפּיטאַל און ארויסגעפרעסט פון די פּאָליטישע פירער פון די צוויי אַנדערע טיילען פון לאַנד ליבעראַלע געזעצען אין דער ערד־פראַגע.

פארשיידענע פּלענער זיינען פאָרגעבראַכט געוואָרען אין קאָנגרעס אין פארלויף פון די 30־ער יאָרען. איין פּלאַן איז גע־ווען, אַז די נאַציאָנאַלע רעגירונג זאָל די ערד אוועקשענקען צו די שטאַט־רעגירונגען, און זיי זאָלען דערמיט טאָן וואָס זיי וועט געפעלען; אַ צווייטער פּלאַן איז געווען, אַז די נאַציאָ־נאַלע רעגירונג זאָל וואָס פריער פארקויפען דאָס לאַנד, נאָר דאָס געלט זאָל צוטיילט ווערען צווישען די שטאַט־רעגירונגען; אַ דריטער פּלאַן — אַז דער פּרייז פון דער ערד זאָל פארקלענערט ווערען לויט די יאָרען וואָס די ערד שטייט ליידיג: וואָס לענ־גער אַ שטיק ערד פוסטעוועט, אַלץ וויינינער זאָל די רעגירונג פאַר איר פארלאַנגען; און אַ פערטער פּלאַן איז געווען — אַז די רעגירונג זאָל די ערד אוועקגעבען איינגאַנצען פריי צו יעדען וואָס וועט זיך פארפליכטען זי צו באַארבייטען.

די וויכטיגסטע פירער פון דער איסט אין קאנגרעס האבען געזוכט דורכצוזעצען דעם צווייטען פלאן. זיי האבען דערביי געהאט א דאפעלטע כונה: ערשטענס, וואלט דאס ביז א געוויסען גראד באפרידיגט די וועסט, ווייל אין דעם פלאן איז געווען א פונקט, אז די שטאטען וואו דאס פארקויפטע לאנד געפינט זיך, זאלען באקומען א גרעסערען חלק פון דעם געלט ווי די איבעריגע שטאטען. צווייטענס, וואלט די נאציאנאלע קאסע ניט געהאט מער קיין איינקונפט פון ערד און זי וואלט געמוזט זוכען הכנסות דורך העכערען דעם טאריף אויף אימפארטירטע סחורה (די פאבריקען פון דער איסט האבען אימער געפאדערט א הויכען טאריף). די וועסט איז אבער מיט דעם פלאן ניט צופרידען געווען, און די סאוט אויך ניט. די סאוט איז געווען געגען א הויכען טאריף, און דערפאר האט זי געוואלט אז די נאציאנאלע קאסע זאל קריגען געלט פון אנדערע קוואלען. דערצו האט די סאוט ניט געוואלט אז די נאציאנאלע רעגירונג זאל זיין „א געבערין” צו די שטאט־רעגירונגען. די סאוט האט די גאנצע צייט גע'טענה'ט, אז די שטאט־רעגירונג איז וויכטיגער; אז זי איז א גרעסערע יחסנ'טע ווי די נאציאנאלע רעגירונג. די סאוט האט מורא געהאט, אז דערמיט וואס די נאציאנאלע רעגירונג וועט טיילען געלט די שטאט־רעגירונגען, וועט זי, די נאציאנאלע רעגירונג, געווינען אין פרעסטיזש.

אט די אלע פלאנטערס און געגענגעזעצטע אינטערעסען האבען אוממעגליך געמאכט דורכצופירען וועלכען עס איז פון די פארשיידענע פלענער. א טייל בילס זיינען אין פארשיידענע פארמען אנגענומען געווארען אין קאנגרעס, אבער דער פרעזידענט האט זיי צוריקגעוויזען. אזוי האט זיך עס געצויגען ביז דעם יאר 1841, ווען טאילער האט פארנומען דעם פרעזידענט־אמט, נאך דעם טויט פון פרעזידענט העריסאן.

טאילער איז געווען פון דער סאוט; זיינע סימפאטיען זיינען געווען מיט דער סאוט, כאטש ער האט זיך פאליטיש פארבונדען מיט דער „וויג” פארטיי, וועלכע איז געפירט געווארען פון די פאליטיקער אין דער איסט. ער איז צוגעשטאנען

צו דער „וויג״־פּאַרטיי אוים פּערזענליכע אורזאכען. איצט, אַז ער איז געוואָרען פּרעזידענט, האָט ער זיך אנטזאגט דורכצו־פירען די פּאָליטיק פון דער „וויג״ פּאַרטיי. דאָס האָט דער פּאַרטיי געגעבען אַ שטאַרקען קלאַפּ, אַז זי האָט זיך נאָך מער גענויטיגט אין דער שטיצע פון דער וועסט.

אַלע דריי טיילען פון לאַנד זיינען איצט געווען גלייך שטאַרק אין דער נאַציאָנאַלער רעגירונג. די איסט האָט געהאַט הינטער זיך די „וויג״־פּאַרטיי, וועלכע האָט אָפיציעל געזיגט ביי די וואַלען פון 1840; די סאוט האָט געהאַט אויף איר זייט דעם פּרעזידענט, וועלכער איז געווען אַ „וויג״ בלויז אין נאָמען; די וועסט האָט געפילט, אַז די ביידע צדדים מוזען צו איר אָנקומען, אַז זי האָט דעם באַלאַנס פון מאַכט. און די לאַגע האָט עס מיטגעבראַכט, אַז אין סעפּטעמבער 1841 איז אָנגענומען געוואָרען אַ לאַנד־געזעץ, וועלכער האָט געזוכט צו באַפרידיגען טיילווייז יעדען טייל פון לאַנד. ער האָט אנטהאַלטען דריי פּונקטען:

ערשטענס, אַז דאָס לאַנד אין דער וועסט זאָל, ווי פריער, פאַרקויפט ווערען דורך דער נאַציאָנאַלער רעגירונג, אָבער דאָס געלט זאָל צוטיילט ווערען צווישען די שטאַאטען. די שטאַאטען, וואו די פאַרקויפטע ערד געפינט זיך, זאָלען פון דעם געלט קריגען אַ גרעסערען חלק ווי די אַנדערע.

צווייטענס, אַז אין פאַל די נאַציאנאַלע רעגירונג וועט אַרויפלייגען אַ הויכען טאַריף אויף אימפּאָרטירטע סחורה (הע־כער ווי אַ געוויסען פּראָצענט), זאָל זי אויפהערען צו צוטיילען די געלדער פון דעם פאַרקויפטען לאַנד.

דריטענס, אַז אַ פאָטער פון אַ פאַמיליע, אַן אלמנה, אָדער אַן אונפאַרהייראַטער מאַן פון איבער 21 יאָר, וואָס האָט אַליין זיך באַזעצט אויף אַ ליידיגער שטיק לאַנד און איר גענומען בע־אַרבייטען, האָט אַ רעכט די שטיק לאַנד צו קויפען שפּעטער, ווען די רעגירונג מאַכט דעם פאַרקויף פאַר דער סומע פון $1.25 אַן אַקער. קיינער טאָר דאָס לאַנד ניט אויסדינגען. דער קאָלאָ־ניסט איז באַרעכטיגט צו 160 אַקער פאַר דעם קלענסטען פּרייז פון $1.25 אַן אַקער.

דער ערשטער פונקט אין דעם געזעץ האט צופרידענגעשטעלט די איסט, ווייל ער האט געשטארקט דעם פרעסטיזש פון דער נאציאנאלער רעגירונג און אויסגעלייזיגט די קאסע פון דער נאציאנאלער רעגירונג. (די שטאטלייט פון דער איסט האבען געהאפט, אז ווען די קאסע וועט זיין ליידיג, וועט זיי שפעטער געלינגען אפצושאפען דעם צווייטען פונקט און דורכפירען א הויכען טאריף). דער צווייטער פונקט האט באפרידיגט די סאוט, ווייל ער האט דאך זיי פארזיכערט, אז דער ערשטער פונקט וועט ניט באנוצט ווערען צו העכערען דעם טאריף. דער דריטער פונקט האט באפרידיגט די וועסט. דער פונקט האט געצילט אפצושאפען איינעם פון די ערגסטע איבלען, פון וועלכע די קאלאניסטען אין דער וועסט האבען געליטען: דאס, וואס די ספעקולאנטען פלעגען אויסדינגען ערד פון מענשען, וועלכע האבען זיך דארט פריער באזעצט.

דער דריטער פונקט אין דעם געזעץ ווערט אויף ענגליש אנגערופען: „פריעמפשאן" (האבען א רעכט פריער פון אנדערע). דער קאלאניסט האט דורך דעם געזעץ באקומען דאס רעכט די 160 אקער צו קויפען פריער פאר אלע אנדערע מענשען. איידער דער רעגירונגס־אגענט האט אנגעפאנגען צו מאכען דעם פארקויף, פלעגט זיך דער קאלאניסט מעלדען צו אים און אים באווייזען, אז ער האט זיך דארט און דארט באזעצט פון פריער, און דער רעגירונגס־אגענט האט דאן זיינע 160 אקער אראפגענומען פון צעטעל. דער קאלאניסט האט געדארפט באצאלען ניט מער ווי דעם מינימום פרייז פון $1.25 אן אקער.

פון די דריי פונקטען אין דעם געזעץ איז אין מאכט פארבליבען בלויז דער לעצטער, וועלכער איז אזוי וויכטיג געווען פאר דער וועסט. די אנדערע צוויי זיינען אין לויף פון די נעקסטע עטליכע יאר אפגעווישט געווארען. די נאציאנאלע רעגירונג האט זיך גענויטיגט אין געלט און דער טאריף איז געהעכערט געווארען. אזוי שנעל ווי דער טאריף איז געהעכערט געווארען, איז ממילא בטול געווארען דער פונקט וועגען צוטיילען דאס געלט צווישען די שטאטען. דערצו האבען מאנכע שטאטען פון

דער סאוט אויס פּרינציפּ זיך אָפּגעזאָגט דאָס געלט צו נעמען. אַנדערע שטאַטען האָבען אָנגענומען שטאַרקע רעזאָלוציעס געגען נעמען געלט פון דער נאַציאָנאַלער רעגירונג.

גלייך נאָכדעם ווי דער געזעץ איז דורכגעפירט געוואָרען, האָט זיך אָנגעפאַנגען פון צוויי זייטען אַ שטאַרקער קאַמף פאַר דעם „האָומסטעד" געזעץ, פאַר דעם, אַז דאָס לאַנד אין דער וועסט זאָל צוטיילט ווערען פריי צו אַזוינע קאָלאָניסטען, וועלכע וועלען זיך דאָרט אַליין באַזעצען און אַליין די ערד בעאַרביי־טען. פאַר דעם געזעץ האָבען געקעמפט די פאַרמערס פון דער וועסט און די אָרימע מאַסען פון דער איסט. די וועסט האָט געהאָפט דורך אַזאַ געזעץ צוצוציען נייע קאָלאָניסטען און פּטור צו ווערען פון די ספּעקולאַנטען. די אָרימע מאַסען אין דער איסט האָבען געהאָפט, אַז אַזאַ געזעץ וועט פאַר זיי עפענען די טירען צו אַ בעסערען, פרייערען לעבען אויף דעם לאַנד, וועט אָפּציען אַ גרויסע צאָל מענשען פון דער איסט און מעגליך מאַכען פאַר די פאַרבליבענע צו קריגען העכערע שכירות אין די פאַבריקען.

דער קאַמף פאַר דעם „האָומסטעד"־געזעץ איז אָנגעגאַנגען אַ יאָר צוואַנציג, ביז וואַנען ער איז ענדליך דורכגעפירט געוואָרען. אין די צוואַנציג יאָר האָט דער קאָנגרעס דורכגעפירט אַנדערע לאַנד־געזעצען, וואָס האָבען געגעבען די מעגליכקייט פאַר ספּעק־קולאַנטען און פאַר גרופּען פּריוואַט־מענשען צו מאַכען אוצרות מיט געלט פון קהל'שען לאַנד.

איינער אַזאַ געזעץ איז אָנגענומען געוואָרען אין 1854. ער האָט געלויטעט, אַז אַ סאָלדאַט, וואָס האָט פון דער רעגירונג באַקומען אַלס באַלוינונג פאַר זיין דינסט אין דער אַרמיי אָדער אין אַ מלחמה אַ באַרעכטיגונג אויף אַ שטיק לאַנד אין דער וועסט, מעג זיין רעכט פאַרקויפען צו פּריוואַטע פּערזאָנען. אַזוי־נע באַרעכטיגונגען צו סאָלדאַטען זיינען אויסגעטיילט געוואָ־רען אויף מיליאָנען אַקער לאַנד. דער קאָנגרעס האָט געשאָנקען לאַנד די וועטעראַנען פון אַלע מלחמות, וואָס אַמעריקא האָט געפירט, אויך די סאָלדאַטען, וואָס האָבען זיך באַטייליגט אין

די קאמפען געגען די אינדיאנער. דריי־פערטעל פון די סאל־דאטען האבען גאר ניט געטראכט וועגען באזעצען זיך אין דער וועסט. זיי האבען זייערע רעכט לויט דעם נייעם געזעץ פאר־קויפט צו ספעקולאנטען. א ספעקולאנט פלעגט פאר א בארעכ־טיגונג באצאלען 20 דאלער און דערנאך אויסקלייבען פאר זיך א שטיק ערד, וואס איז לויט דעם רעגירונגס־פרייז ווערט גע־ווען 200 דאלער. די ספעקולאנטען פלעגען אויסקלייבען די בעסטע שטיקער לאנד, און נאכדעם ווי זיי פלעגען זיי אפקויפען מיט די ביליגע בארעכטיגונגען, פלעגען זיי דעם פרייז ארויפ־הויבען א סך מער ווי דער רעגירונגס־פרייז.

דער צווייטער געזעץ איז דורכגעגאנגען אין 1850. דא־מאלסט האט דער קאנגרעס געגעבען די שטאטען דאס רעכט אוועקצושענקען לאנד צו קאמפאניס, וואס האבען זיך אונטער־נומען צו בויען אייזענבאן־ליניעס. דאן האט זיך אנגעהויבען א מגפה איבער דער גאנצער וועסט פון געבען לאנד צו באן־קאמפאניעס. די קאמפאניס האבען באקומען אומזיסט ניט בלויז דאס לאנד, וואו די רעלסען זיינען געלייגט געווארען, נאר אויך ועקס מייל איבער דער גאנצער לענג פון דער ליניע, אויףביידע זייטען.

אין דער פראגע פון די באנען איז די וועסט ניט געווען איינינ. א געוויסער טייל פון דער באפעלקערונג איז געווען ווי־ליג דאס לאנד צו די קאמפאניס אוועקצושענקען. זיי האבען געגלויבט, אז דאס איז דער איינציגער וועג ווי אזוי עס וועט מעגליך זיין צו קריגען מענשען מיט געלט אויף צו בויען די באנען. צענדליגער יארען נאכאנאנד האט די וועסט געזוכט קאפיטאל פאר באנען און האט עס ניט געקענט באקומען. די וועסט אליין האט קיין קאפיטאל ניט געהאט. זי איז געווען ארים און אונענטוויי־קעלט. דאס געלט האט געמוזט קומען פון די רייכע אין דער איסט. די רייכע אין דער איסט האבען אבער ניט געוואלט אריינלייגען זייער קאפיטאל אין אזוינע ריזיקאלישע אונטערנע־מונגען, ווען זיי האבען געקענט דאס געלט בעסער אריינלייגען אין פאבריקאציע ביי זיך אין דער היים, וואו די פראפיטען זייד

נען געווען געזיכערט. דער געדאַנק, איז אַלזאָ געווען, אַז אויב מען וועט די אונטערנעמער שענקען גרויסע שטיקער לאַנד, וועט זיך פאַר זיי שוין לוינען. קיין ריזיקע וועט דאָ ניט זיין, ווייל דאָס געשענקטע לאַנד אַליין וועט דאָך אַריינטראָגן ריזיגע סומען געלט. די רעגירונג האָט פאַקטיש דורך דעם געשענקטען לאַנד באַצאָלט, נאָך מיט פּראָצענט, פאַר דער אונטערנעמונג. די רעגירונג האָט פאַקטיש די באַן־ליניעס געבויט און האָט זיי אַוועקגעגעבען צו די פּריוואַט־קאָמפּאַניעס.

די אָרימע מאַסען אין דער וועסט זיינען געווען געגען דעם, אַז אַזוי פיל לאַנד זאָל אַוועקגעשענקט ווערען צו די באַן־קאָמפּאַניעס. די הויפּט־אורזאַכע פון דער אָפּאָזיציע איז געווען דאָס, וואָס דורך דעם איז דאָס לאַנד אין אַלגעמיין געשטיגען אין פּרייז. דער קאָנגרעס האָט אין דעם געזעץ אריינגעשטעלט אַ פּונקט, אַז אום די רעגירונג זאָל צוריקקריגען דאָס געלט, וואָס זי האָט פאַרלאָרען דורך דעם געשאַנק צו די קאָמפּאַניס, זאָל זי האָבען אַ רעכט צו פאַרצווייפאַכען דעם פּרייז פון די אַנ־דערע שטיקער לאַנד. הייסט דאָס, אַז דער יאָך איז געפאַלען אויף די אָרימע קאָלאָניסטען. זיי האָבען ווירקליך באַצאָלט פאַר דעם לאַנד, וואָס די באַן־קאָמפּאַניעס האָבען באַקומען אַלס מתנה.

די באַוועגונג פאַר פרייער צוטיילונג פון ערד צו קאָלאָניס־טען האָט צווישען די מאַסען אין דער איסט און אין דער וועסט געמאַכט גרויס פאָרשריט אין פאַרלויף פון די 40־ער יאָרען. אין די פּרעזידענטס־וואַלען פון 1848 האָט די פראַגע געשפּילט אַ וויכטיגע ראָלע. די קאַנדידאַטען פון גרויסע פּאַרטייען האָבען, ווי אַלעמאָל, מורא געהאַט ארויסצוקומען מיט אַ באַשטימטער שטעלונג, און אַ פאַרזוך איז געמאַכט געוואָרען צו אָרגאַניזירען אַ דריטע פּאַרטיי אויף דער פּלאַטפאָרמע פון פרייע־לאַנד־צו־טיילונג. אין 1850 איז די פראַגע ענדליך אויפגענומען גע־וואָרען אין סענאַט. די קאָמיטע, וואָס האָט די פראַגע אויסגע־פאָרשט, האָט אַריינגעטראָגען אַ רעקאָמענדאַציע געגען דער צו־טיילונג, און דערמיט איז אויף דערווייל די פראַגע ערליידיגט

געווארען. פראפעסאר סטיפענסאן, אין זיין ווערק „די פאליטישע געשיכטע פון קהל'שען לאנד", גיט אט דעם סך הכל פון דעם באריכט פון דער סענאט-קאמיטע, א סך הכל, וואס ענטהאלט דעם עיקר פון דעם קאנסערוואטיווען שטאנדפונקט אין דער ברענענדער פראגע:

„דער באריכט באשפרעכט פון אנפאנג די פראגע פון שטייערען. ער זאגט אזוי: אויב מען וועט צוטיילען די ערד פריי, וועט די רעגירונג פארלירען איינקונפט, און דער פאר־לוסט וועט מוזען גוט-געמאכט ווערען דורך שטייערען. דאס הייסט, אז „איין קלאס בירגער" וועט מוזען צאלען עטליכע מי־ליאן דאלאר א יאר צו א „צווייטען קלאס בירגער". ווייטער זאגט דער באריכט, אז אזא געזעץ וועט רעדוצירען דעם ווערט פון לאנד איבעראל, סיי אין די נייע שטאטען אין דער וועסט, סיי אין די אלטע שטאטען אין דער איסט. קיינער וועט מער ניט אריינלייגען קיין געלט אין ריעל-עסטייט, אויב מען וועט קענען קריגען לאנד פריי. ווייטער זאגט דער באריכט אזוי: הענדלער, פאבריקאנטען, מעכאניקער, וועלען דאך ניט אויפגעבען זייערע געשעפטען און זיך גיין באזעצען אויף 160 אקער לאנד אין דער ווילדעניש, אפילו ווען מען זאל זיי געבען דאס לאנד פריי. אין די גרויסע שטעט פון לאנד איז פאראן א גרויסע באפעלקערונג פון בעטלער, ארימעלייט, און מענשען מיט שלעכטע געוואוינהייטען. דאס זיינען אלץ אזוינע, וואס האבען פילע יארען פון זייער לעבען פארבראכט אין ליידיג ארומגיין, און זיי זיינען אינגאנצען אונפייאיג אויף צו גיין אויפ'ן לאנד, וואו דאס לעבען איז שווער און אזוי הארעפאשנע. מענשען, וואס ווילען ארבייטען און קע־נען ארבייטען, דארפען ניט, מען זאל זיי דאס לאנד געבען אומ־זיסט. פארמערס קענען אלע מאל זיך דורכשלאגען אין א ניי לאנד, און אימיגראנטען, וואס קומען אהער פון אויסלאנד, ברענ־גען געוויינליך גענוג געלט צו קענען קויפען לאנד. די, וואס ברענ־גען ניט קיין געלט פון דער היים, קענען פארדינען גענוג און אפ־שפארען אויף קויפען לאנד. אויב מען וועט געבען לאנד פריי, וועלען זיך א לאז טאן נאך דער וועסט אונגעווינשטע מענשען

אי פון דער איסט, אי פון אויסלאַנד. זיי ווערלען דאָס לאַנד פריער נעמען, אָבער קורץ נאָך דעם וועלען זיי אַליין עס אַוועק־וואַרפען".

דער ביל איז דורכגעפאַלען. אין די וואַלען פון 1852 האָט די פראַגע ווידער געשפּילט אַ ראָלע. די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי איז שוין דעמאַלסט געוואָרען די פּאַרטיי פון די שקלאַפען־שטאַטען, און די שטאַטען זיינען געווען ענטשידען געגען פרייער צו־טיילונג פון ערד. זיי האָבען מורא געהאַט, אַז אַזאַ געזעץ וועט ווירקען גרעסער און שטאַרקער צו מאַכען די שטאַטען אין דער וועסט וועלכע זיינען געווען געגען שקלאַפעריי. די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט אין די וואַלען געזיגט, און דער זיג איז געווען אַ קלאַפּ פאַר דער גאַנצער באַוועגונג פאַר פרייער צוטיילונג פון ערד.

## קאפיטעל 17.

# די מאָרמאָנען אין יוטא; גאָלד אין קאַליפאָרניא.

צום סוף פון די 40־ער יאָרען, צווישען 1847 און 1849, האָבען פּאַסירט צוויי זאַכען, ביידע פון אַן אויסערגעוויינליכען סאָרט, וועלכע האָבען געגעבען אַ שטויס פאָרווערטס דעם שטראָם פון קאָלאָניזאַציע אין דער וועסט. דורך די צוויי פּאַסירונגען האָבען זיך צוויי פוסטע געגענדען אין דער גאָר ווייטער וועסט פּלוצלונג פאַנאַנדערגעבליט אין גרויסע ישובים: איינע יוטא און די צווייטע קאַליפאָרניא.

די געשיכטע פון דער גרינדונג פון יוטא איז איינע פון די מערקווירדיגסטע אין דער גאַנצער מערקווירדיגער געשיכטע פון דער ענטוויקלונג פון דער וועסט. יוטא איז געגרינדעט געוואָרען אַלס אַן אַנטרינונגס־אָרט פון אַ רעליגיעזער סעקטע, וועלכע איז פאַרפאָלגט און געטריבען געוואָרען פון שטאַט צו שטאַט אין דער איסט און אין דער נאָענטער וועסט. בשעת די פאַרפאָלגטע האָבען אָנגעהויבען אין יוטא אַריינצודרינגען, איז יענע שטיק לאַנד נאָך געווען אַ טייל פון מעקסיקא. זיי האָבען געמיינט, אַז זיי באַזעצען זיך אויסער די גרענעצען פון די פאַראייניגטע שטאַטען, און דאָס האָבען זיי געוואָלט. זיי האָבען מיט זייערע נאַציאָנאַלע ברידער אין די פאַראייניגטע שטאַטען מער ניט גע־וואָלט האָבען קיין פאַרבינדונג. איידער זיי האָבען זיך אָבער אַרומגעזען, איז שוין זייער טעריטאָריע געווען אַ טייל פון די פאַראייניגטע שטאַטען אַלס רעזולטאַט פון דעם קריג מיט מעקסיקאָ. יוטא איז אָבער דאַן געווען אַזוי ווייט פון די אַלטע אַמעריקאַנער ישובים, אַז די אַנטלאָפענע דאָרט זיינען מער ניט געשטערט געוואָרען. זיי האָבען זיך דאָרט באַפעסטיגט און דאָרט

פאַרבליבען און אויסגעבויט פאַר זיך און זייער נייער רעליגיאָן אַ היים, וועלכע עקזיסטירט ביז היינטיגען טאָג.

די רעליגיעזע סעקטע רופט זיך „מאָרמאָנען". געגרינדעט האָט איר אַ פּראָסטער פּארמער־יונג, דזשאָזעף סמיט, אין דער שטעדטעל פּעלמיירא, ניו יארק. ענטשטאַנען איז זי אין די 30־ער יאָרען. דאָס איז געווען אַ צייט פון גרויסע גערעטענישען אויף אלערליי באַוועגונגען, אויף אלערליי גייסטיגע „ערוואַכונגען" און „ויסענשאַפטליכע" שווינדלעריי. עפּעס איז די לופט דאַן פול געווען מיט אונרו און זוכעניש און יעדערער, וואָס האָט נאָר גענומען פּרעדיגען עפּעס נייעס, האָט גלייך געקראָגען אָנ־הענגער. צווישען די משונה'דיגע לערעס און תורות, וואָס זיינען דאַן „ענטדעקט" געוואָרען, איז די מאָרמאָנישע פּילייכט געווען די ווילדסטע. דאָך האָט זי געמאַכט מער ערפאָלג ווי אַלע אַנ־דערע. ווי אַזוי דאָס איז געשען, — דערויף זיינען דאָ פאַר־שיידענע ערקלערונגען. מאַנכע שרייבען עס צו צו דער מאָרמאָ־נישער תורה גופא ; מאַנכע, צו די פירער פון דער באַוועגונג ; נאָך אַנדערע, צו דער פאָרם פון דער אָרגאַניזאַציע, וואָס די סעק־טע האָט אָנגענומען ; נאָך אַנדערע, צו געוויסע עקאָנאָמישע כוחות.

וועגען דעם גרינדער פון דער סעקטע, דזשאָזעף סמיט, זיינען אויך די מיינונגען צוטיילט. פון מאַנכע ווערט ער געשיל־דערט אלס אַן איינפאַכער שווינדלער, אַ שאַרלאַטאַן, אַ ליגנער, וואָס האָט די באַוועגונג אנגעפאַנגען אלס אַ מיטעל צו מאַכען געלט. פון אַנדערע ווערט ער פאָרגעשטעלט אלס אַ פאַנטאַ־זיאָר, אַ טרוימער, אַ מענש מיט אַן אויסערגעוויינליכער און אפשר קראַנקער פאַנטאַזיע, וועלכער האָט ווירקליך אליין גע־גלויבט אין די אַלע ווילדע מעשיות, וואָס ער האָט דערציילט.

אָנגעפאַנגען האָט זיך עס אַזוי : אין 1823, — ער איז דאַן אַלט געווען 18 יאָר, — האָט ער דערציילט, אַז אַ מלאך האָט זיך באַוויזען צו אים און אים געהייסען גיין אין אַ וואַלד, וואו ער וועט געפינען באַגראָבען אין דער ערד אַ שטיינערנעם קאַס־טען. אין קאַסטען, האָט אים דער מלאך ווייטער געזאָגט, ליגען

גאָלדענע לוחות, אויף וועלכע עס איז אויפגעשריבען א תורה אין א שפּראך, וואָס קיינער ווייס ניט. סמיט האָט געוואָלט גיין גלייך זוכען די לוחות, אָבער דער מלאך האָט אים גע־הייסען ווארטען פיר יאָר. אין 1827 האָט ער ענדליך די גאָל־דענע בלעטער ארויסגענומען און זיי געבראכט אהיים. דער מלאך האָט אים פארזאָגט, אז קיין איין לעבעדיגער מענש, אויסער סמיט'ן, טאָר אויף די בלעטער ניט קוקען. דער, וואָס וועט וואגען דעם געבאָט צו פארשוועכען און וועט אויף זיי א קוק טאָן, וועט גלייך פארברענט ווערען פון א פייער, וואס גאָט וועט פון דעם הימעל אראָפּשיקען. אין דעם קאסטען, וואו די בלעטער זיינען געלעגען, האָט סמיט אויך געפונען דעם אלטען אידישען אורים ותומים. דער מלאך האָט אים אָנגעזאָגט, אז ער ווען ער וועט אָנטאָן די אורים ותומים אויף די אויגען, וועט ער קענען לעזען דעם שריפט אויף די גאָלדענע בלעטער און וועט קע־נען דעם שריפט איבערזעצען אויף ענגליש.

סמיט האָט וועגען זיין „הייליגער" אנטפּלעקונג דערציילט זיין פאמיליע און אויך א שכן, א פארמער מיט'ן נאָמען מארטין הערריס. שפּעטער האָט ער אנטפּלעקט דעם סוד צו נאָך א פּאָר מענשען. ער האָט פּאָר זיי דיקטירט די איבערזעצונג און זיי האָבען געשריבען. (ער אליין האָט ניט געקענט אויסלייגען אָדער שרייבען גראמאטיקאליש). אין 1829 איז די איבערזעצונג פארטיג געוואָרען. סמיט האָט איצט געדארפט געלט זיין בוך צו דרוקען. פּאַר אַן אויסגאבע פון 5 טויזענד קאָפּיעס האָט א פארלעגער פארלאנגט דריי טויזענד דאָלער. קיינער פון סמיט'ס אָנהענגער האָט קיין חשק ניט געהאט צו ריזיקירען מיט אזא סומע געלט. האָט סמיט אין א שעהנעם טאָג ערקלערט, אז דער מלאך האָט זיך ווידער באוויזען צו אים און אים געהייסען זאָגען מארטין הער־ריס'ן, אז ער מוז דאָס געלט אויסלייגען (הערריס האָט געהאט א פארם, וואָס איז ווערט געווען צען טויזענד דאָלער), און אז אויב הערריס וועט ניט פאָלגען, וועט ער פארשאָלטען ווערען. הערריס האָט געפאָלגט און דער בוך איז אָפּגעדרוקט געוואָרען. אויף דעם פאָדערבלאט איז געדרוקט געווען איין שבועה פון די

דריי, וועלכע האָבען קאָפּירט די איבערזעצונג, און אַ צווייטע שבועה פון אַכט קרובים, אַז זיי האָבען אַליין געזען די גאָלדענע בלעטער. סמיט האָט דערציילט, אַז נאָכדעם ווי ער איז פאַרטיג געוואָרען מיט דער איבערזעצונג, האָט ער די גאָלדענע בלעטער צוריק אוועקגעטראָגען אין הייל, וואו ער האָט זיי געפונען. אַזוי האָט אים דער מלאך באַפוילען צו טאָן. דער בוך איז אָפּגעדרוקט געוואָרען אין יאָר 1829.



דזשאָזעף סמיט.

דעם בוך האָט סמיט אַ נאָמען געגעבען „דער בוך מאָרמאָן." אין אים ווערט דערציילט וועגען דריי וואַנדערענדע שבטים. צוויי פון די שבטים זיינען געוועזען אידישע. זיי האָבען אוועקגעוואַנדערט פון ירושלים, און נאָך אַ סך ליידען און מחלוקות און מלחמות, זיינען זיי אָנגעקומען קיין אמעריקע. דאָס האָט פּאַסירט מיט 25 הונדערט יאָר צוריק. דער פירער פון די שבטים איז געוועזען אַ מאַן מיט'ן נאָמען לעהי. נאָך לעהי'ס טויט האָבען זיינע צוויי זין זיך גענומען שלאָגען איבער דער

פירערשאפט. דער גוטער זון, נעפי, וועמען דער פאטער האט איבערגעלאזען די הערשאפט, איז געווען דער אנפירער פון איין פראקציע; און דער שלעכטער זון, לאמאן, איז געווען דער אנפירער פון דער צווייטער פראקציע. לאמאן האט געזיגט, און פון לאמאן'ס נאכפאלגער זיינען ארויסגעקומען די אינדיאנער. אין דעם יאר 420 פאר יעזוס'עס געבורט, איז דער גאנצער אמעריקאנער וועלט־טייל געווען אין די הענט פון די לאמאניסטען. גאט האט דאן באשטימט, אז דזשאזעף סמיט, וואס וועט געבוירען ווערען מיט 2300 יאר שפעטער, זאל אויסלייזען אמעריקע, וועלכע איז דאס הייליגע לאנד, פאר די פרומע קינדער פון נעפי.

איידער די נעפיטען זיינען אויסגעראטען געווארען, האבען זיי פארשריבען זייערע איבערלעבונגען. מארמאן, דער לעצטער פון די נעפיטען, וועלכער האט געלעבט אין דעם יאר 400, האט באקומען א באפעל פון גאט, ער זאל די אלע שריפטען רעדאגירען, פארקירצען און זיי איבערשרייבען אויף גאלדענע בלעטער און זיי באהאלטען אין א הייל. און אט די גאלדענע בלעטער, וואס מארמאן האט געשריבען, האט דאס איצט סמיט געפונען. דעםווארט „מארמאן" האט סמיט פארטייטשט אלס „מער גוט". „מאר" איז דער ענגלישער ווארט פאר מער און „מאן" איז דער עגיפטישער ווארט פאר „גוט".

זייער ווייניג מענשען האבען דעם מארמאן־בוך געלעזען אדער לעזען אים איצטער. ער איז פול מיט ציטאטען פון דעם אלטען און נייעם טעסטאמענט. קיין נייע לערע איז אין אים ניטא. ער לייקענט ניט אפ קיין זאך פון דער קריסטליכער רעליגיע. ער זוכט נאר צו איבערצייגען די פרומע קריסטען, אז דזשאזעף סמיט'ס סעקטע איז די אמת־קריסטליכע; אז עס איז זייער פליכט צו גלויבען אין סמיט'ן און אים פאלגען. סמיט'ס נאכפאלגער האבען דעם בוך ליידער ניט געלעזען. דער בוך האט זיי ניט אינטערעסירט. זיי זיינען פארבליבען די זעלבע קריסטען וואס פריער, נאר אנשטאט צו גיין הערען דרשות פון זייער פריערדיגען גלח, און אנשטאט צו געבען געלט פאר זייער פריער־

דיגער קירכע, זיינען זיי איצט געגאַנגען הערען סמיט'ן און סמיט'ס גלחים און געצאָלט געלט פאַר סמיט'ס קירכע. די קליינע צאָל מענשען, וואָס האָבען פּרובירט דעם בוך צו לעזען, האָבען ערקלערט, אַז ער איז שרעקליך לאַנגווייליג, אין אים געפינען זיך ציטאַטען פון שעקספּיר'ן און פון אַנדערע ענגלישע פּאָעטען. דאָס איז איינע פון די פילע קאָמישע זאַכען פון דעם בוך. לויט ווי דער בוך אַליין דערציילט, איז ער געשריבען געוואָרען אויף דער עגיפּטישער שפּראַך מיט עטליכע טויזענד יאָר צוריק. דאָך ווערען אין אים ציטירט שטיקער אי פון דעם נייעם טעסטאַמענט, וועלכער איז געשריבען געוואָרען אַ סך שפּעטער, אי פון גאַנץ מאָדערנע פּאָעטען. דער גרויסער אמעריקאַנער הומאָריסט מארק טוועין האָט געשריבען וועגען דעם בוך אַזוי: „אויב דזשאָזעף סמיט האָט ווירקליך דאָס ווערק אַליין פאַרפאַסט, איז דאָס געווען אַ נס — אַ נס, וואָס ער איז ניט אַנטשלאָפען געוואָרען, שרייבענדיג אים".

אין אַפּריל, 1830, האָט סמיט, צוזאַמען מיט זיינע צוויי ברידער און זיינע מיטהעלפער אין דער איבערזעצונג, אָרגאַנירט אַ נייע קריסטליכע סעקטע מיט דעם נאָמען „די קירכע פון יעזוס קריסטוס". דזשאָזעף סמיט האָט דאַן געלאָזט וויסען די עטליכע אָנהענגער זיינע, אַז דער מלאך האָט זיך צו אים ווידער באַוויזען און אים געזאָגט אין גאָט'ס נאָמען, אַז ער, דזשאָזעף סמיט, איז גאָט'ס פאָרשטייער און אַז אַלע מוזען אים פאָלגען. די עטליכע גרינדער, זעקס אין צאָל, האָבען גענומען זוכען נאָך מענשען פאַר נאָכפאָלגער. דאָס איז זיי אָנגעקומען זייער שווער. אין דעם דאָרף צווישען די פאַרמערס האָט דזשאָזעף סמיט געהאַט אַ זייער שלעכטען נאָמען. מען האָט אים געקענט אַלס אַן אָפּגעריסענעם און פוילען בחור, וואָס פלעגט ליב האָבען צו דערציילען אַלערליי משונה'דיגע, אויסגעטראַכטע מעשיות. אנשטאָט צוצוהערען זיך צו זיין נייע רעליגיע, האָבען די שכנים אים פאַרדאַמט און פאַרפאָלגט. צוויי מאָל האָבען זיי אים געלאָזט אַרעסטירען אויף קלאַגען פון גנבה און פון אונמאָראַלישע באַציאונגען מיט פרויען. דער געריכט האָט אים

באפרייט, אָבער ער האָט זיך איבערצייגט, אז אין זיין איי־גענער נאכבארשאפט זיינען פאר זיין רעליגיע קיין אויסזיכטען ניטאָ. ער האָט זיך דערום מיט זיינע עטליכע נאָכפאָלגער ארי־בערגעקליבען אין דער שטעטעל קווירטלאנד, אין אָהייאָ.

אין דער נייער היים האָט די סעקטע גענומען מאכען פאָרט־שריטע. זי האָט צוגעצויגען נאָכפאָלגער פון אלערליי קלאסען, רייכע און אָרימע, אונוויסענדע און אינטעליגענטע. יעדערער, וואָס האָט זיך אָנגעשלאָסען, האָט געהאט אלס אויפגאבע צו פּרעדיגען די רעליגיע צווישען אנדערע און צוצוציען נייע מענ־שען. סמיט'ס רעפּוטאציע האָט זיך פארשפרייט איבער'ן גאנצען געגענד. אלע זונטאָג פלעגען די וועגען, וואָס פירען צו קווירט־לאנד, זיין געפּאקט מיט פורען. מענשען זיינען געפאָרען א קוק טאָן אויף דעם נביא און אים הערען פּרעדיגען. די קיר־כע האָט ארויסגעשיקט מיסיאָנערען צו פארשפרייטען די נייע תורה צווישען די ווייסע און אויך צווישען די אינדיאנער.

אין דער נייער היים זיינען די מאָרמאָנען אויך ניט גע־ווען קיין אָנגעלייגטע געסט. די פּרומאקעס פון די אנדערע סעקטען האָבען אויף די מאָרמאָנען געקוקט ווי אויף פארפירער, פאלשע משיחים. אין מערץ, 1832, איז א מאָב באפאלען סמיט'ס וואוינונג אין מיטען נאכט, אים ארויסגעשלעפּט פון בעט, אים אויסגעשמירט אין סמאָלע און אים באשאָטען מיט פעדערען. אָבער דאָס האָט ניט צוריקגעהאלטען די מאָרמאָנען און זייערע פירער. זיי האָבען אין קווירטלאנד אויפגעבויט א היבשע קאָלאָניע. דזשאָזעף סמיט האָט מיט דעם געלט פון דער קהלה אָנגעפירט גרויסע געשעפטען, ספּעקולירט מיט לאנד און גע־עפענט א באנק. אלעס איז געגאנגען ניט שלעכט ביז דעם קריזיס פון 1837. אין דעם קריזיס האָבען סמיט'ס ספּעקולא־ציעס געפּלאצט, זיינע תפילות צו גאָט האָבען ניט געהאָלפען. דאָס געלט, וואָס ער האָט פארלאָרען, איז אָבער ניט געווען זיי־נע, נאָר פון די מיטגלידער פון זיין סעקטע, וועלכע האָבען אים געטרויט. אין דער קאָלאָניע איז געוואָרען א טומעל. עס האָט

זיך אַרויסגעוויזען, אַז סמיט און זיינע לייטענאַנטען האָבען נישקשה'דיג געשווינדעלט. קלאַגען זיינען געבראַכט געוואָרען געגען זיי אין געריכט און אַ באַפעל איז אָנגעקומען סמיט'ן צו אַרעסטירען. ער האָט זיך אָבער דערוואוסט דערפון באַצייטענס און איז אַנטלאָפען. דאָס האָט פּאַסירט אין אָנפאַנג יאָר 1838. צוזאַמען מיט אים איז אויך אַנטלאָפען זיין הויפּט עצה־געבער בריגהעם יאָנג, וועלכער האָט אין די שפּעטערדיגע יאָרען געשפּילט אַ פיל גרעסערע ראָלע אין דער אויפבויאונג פון דער מאָרמאָנישער קירכע ווי דזשאָזעף סמיט אַליין.

זיי זיינען אַנטלאָפען קיין מיזורי, אין דער שטעדטעל אינדעפּענדענס, וואו עס איז שוין דאַן געווען אַ געמיינדע פון אַ טויזענד אָנהענגער פון דער מאָרמאָנישער קירכע. אין מיזורי האָבען זיך די מאָרמאָנען געגומען באַזעצען נאָך מיט עטליכע יאָר פריער. מען האָט זיי אָבער דאָרט געטריבען פון איין פּלאַץ צום צווייטען. פאַרפאָלגט זיינען זיי דאָרט געוואָרען ניט בלויז צוליב רעליגיעזע פּאָראורטיילען. עס זיינען געווען דערביי נאָך אַ פּאָר אורזאַכען: ערשטענס, זיינען די מאָרמאָנען געווען מער אַרבייטזאַם, מער ענערגיש, און זייערע ישובים זיינען געווען מער ערפאָלגרייך. האָבען זיך די שכנים אָן זיי מתקנא געווען. צווייטענס, האָבען די מאָרמאָנען ניט געהאַלטען קיין נעגער־שקלאַפען און אין מיזורי זיינען געווען אַ סך קאָלאָניסטען פון דער סאוט, וועלכע האָבען יע געהאַלטען נעגערשקלאַפען. דריטענס, האָבען די מאָרמאָנען געפּרעדיגט זייער רעליגיע צו די אינדיאַנער. די מאָרמאָנען האָבען געגלויבט, אַז אינדיאַנער שטאַמען פון אידישע שבטים און אַז עס איז דערפאַר זייער פליכט דעם אינדיאַנער צוריקצוברענגען צו דער קריסטליכער רעליגיע. די אַנדערע איינוואוינער פון מיזורי האָבען, פאַרקערט, געקעמפט געגען די אינדיאַנער, געוואָלט זיי פאַרטרייבען, זיי אויסראָטען, אום עס זאָל לייכטער זיין דאָס לאַנד צוצונעמען. אַ פערטע אורזאַכע איז געווען דאָס, וואָס די מאָרמאָנישע גלחים האָבען געפּרעדיגט, אַז גאָט וועט אויסראָטען אַלע די, וואָס זיינען ניט קיין מאָרמאָנען און אַז סוף־כל־סוף

ווערט דאס גאנצע לאנד געהערען צו די מארמאנען. די דרשות האבען שרעקליך אויפגעבראכט די אנדערע איינוואוינער.

די פארפאלגונגען זיינען געווען ברוטאלע. מאבס זיינען באפאלען די מארמאניע ישובים און אונטערגעצונדען די היי־זער און די פארמס. ווי די מארמאנען דערציילען אין זייערע „פנקס'ען", האט אפט פאסירט, אז די מאבס האבען געשענ־דעט זייערע פרויען און ערמארדעט די אלטע לייט. סמיט און זיינע באגלייטער זיינען אנגעקומען אין מיזורי, ווען די פארפאל־גונגען זיינען געווען אין סאמע ברען. ער איז קורץ נאך זיין אנקומען ארעסטירט געווארען. דער גאווערנאר פון מיזורי האט דאן ארויסגעגעבען א באפעל צו די מארמאנען, אז זיי זאלען ענטוועדער פארלאזען דעם שטאט אדער זיך אפזאגען פון זייער נייער רעליגיע. די מארמאנען האבען אויסגעקליבען די ערשטע ברירה. זיי האבען אויסגעביטען זייערע גוט־בעארבייטע פארמס אויף צובראכענע פורען און אלטע פערד. ארום דריי טויזענד זייערע זיינען אוועק קיין אילינאי. סמיט און די אי־בעריגע ארעסטירטע פירער זיינען פארבליבען אין געפענגעניש אין מיזורי. אין אפריל, 1839, איז זיי געלונגען צו ווירקען, אז מען זאל זיי משפט'ן אין אן אנדער געגענד, ניט דארט, וואו מען האט זיי ארעסטירט. אויפ'ן וועג, ווען מען האט זיי גע־פירט צום משפט־פלאץ, האט סמיט געקויפט שנאפס, איינגע־שכור'ט די וועכטער און איז אנטלאפען. ער האט זיך אנגע־שלאסען אן זיין געמיינדע אין אילינאי. אין געפענגעניש איז ער געזעסען זעקס חדשים.

אין אילינאי זיינען די מארמאנען אויפגענומען געווארען פריינדליך. די נייעס וועגען די פארפאלגונגען אין מיזורי האט פאר זיי געשאפען פיל סימפאטיע. מען האט אויך געוואוסט, אז זיי זיינען ענערגישע און טיכטיגע מענשען. זיי האבען אפ־געקויפט אן ארימען ישוב, אים א נאמען געגעבען „נאוואו" און זיך דארט באזעצט. באלד האט זיך דער ארימער ישוב פארנאנ־דערגעבלים. סמיט האט אויפגעבויט א פראכטפולען טעמפעל און א גרויסען האטעל. ער האט אויך געעפענט א גרויסע קראם.

סמיט האָט זיך גענומען מישען אין דער פּאָליטיק און האָט זיך ארויסגעוויזען פאר א פייאיגען פּאָליטישען. אין 1840 איז אין אילינאָי פאָרגעקומען א הייסער קאמף צווישען די צוויי גרויסע פּארטייען. די דעמאָקראַטען און די „וויגס" און די פירער פון דיביידע פּארטייען האָבען אונטערהאַנדעלט מיט סמיט'ן וועגען די מאָרמאָנישע שטימען. סמיט האָט פאר די שטימען אויסגעדונגען געוויסע נויטיגע רעכט פאר זיין קאָלאָניע. ער איז געוואָרען דער מעיאר פון „נאַוואו" און האָט געהאט פאקטיש די דיקטאטאָרישע מאכט איבער דער שטאָט, כאָטש צווישען דער באַפעלקערונג זיינען געוועזען א סך ניט־מאָרמאָנען. סמיט האָט אָנגעהויבען ווערען א פּאָליטישע קראַפט אין דעם גאַנצען שטאַט אילינאָי.

עס האָט אָבער ניט געדויערט לאַנג איידער די שכנים אין אילינאָי האָבען געענדערט זייער באַציאונג צו די מאָרמאָנען. די מאָרמאָנען זיינען געווען פּאָליטיש אייניג. זיי האָבען אלע גע־שטימט ווי סמיט האָט געהייסען. דאָס האָט זיי געמאכט גוואַל־דיג פּאָליטיש שטארק, און די שכנים האָט דאָס פארדראָסען. די שכנים האָבען אויך מקנא געווען דעם מאַטעריעלען ערפאָלג פון די מאָרמאָנען. דערצו האָט עס אָפט פּאַסירט, אז א יונגער־מאַן אָדער א פרוי האָט זיך אָפּגע'שמד'ט אויף א מאָרמאָן. דאָס האָט אויפגעבראַכט די גלחים און די פרומאַקעס פון די ניט־מאָרמאָנישע סעקטען.

צו די אלע אורזאכען איז צוגעקומען א שפּאָגעל נייע. אין אָנפאַנג 1843 האָט סמיט אָנגעהויבען צו פּרעדיגען א נייעם „גע־באָט פון גאָט", דעם געבאָט פון פּאָליגאַמי (פיל־ווייבעריי). שטילערהייט האָט ער שוין אין די פריערדיגע יאָרען געהאַט קעפּס־ווייבער. איצטער האָט ער ערקלערט, אז גאָט האָט אים געשיקט זאָגען, ער זאָל טאָן אַזוי ווי די אָבות האָבען געטאָן און חתונה האָבען מיט עטליכע ווייבער. שפּעטער האָט ער ערקלערט, אז גאָט וויל, אז אלע פרומע מאָרמאָנען זאָלען זיך נעמען מער ווי איין פרוי. ווי עס ווייזט אויס, איז אים ניט שווער אָנגעקומען איינצורעדען זיינע לייטענאַנטען, געהילפס־

נביאים, ווי וויכטיג עס איז אז זיי זאָלען פאָלגען דעם געבאָט. שווערינקייטען האָט ער געהאַט אין אָנהויב מיט זיין אייגענער פרוי. זי האָט אים ערלויבט אריינצונעמען אין שטוב בלויז נאָך צוויי (צוויי שוועסטער — איינע 18 יאָר און איינע 19). ער האָט אָבער ענדליך איר איבערצייגט, אז גאָט וויל, ער זאָל נעמען נאָך. נאָך זיין טויט האָבען זיינע תלמידים צונויפגעשטעלט א צעטעל פון 28 פרויען מיט וועלכע ער האָט געהייראַט. זיי האָבען געוואוינט ניט ביי אים, נאָר אין אנדערע פארשיידענע הייזער.

די מאָרמאָנען האָבען געלייקענט, אז זיי פראַקטיצירען פאָלי-גאַמיע. סמיט האָט גע'פּסק'ענט, אז מען מעג זאָגען ליגען אין אזא פאַל. אָבער די מעשה האָט זיך צוטראָגען ניט בלויז אין דעם ארומיגען געגענד, נאָר איבער'ן גאנצען לאַנד. איצטער האָט מען אויף די מאָרמאָנען גענומען קוקען ווי אויף אויס-געלאַסענע, אונמאָראַלישע מענשען. מען האָט זיי גענומען פאר-דאמען אלס אויסוואורפען, אלס „פּאַרזונקענע אין זינד".

אין 1844 האָט דזשאָזעף סמיט דערגרייכט דעם העכסטען פּונקט אין זיין מערקווירדיגער קאַריערע. שרייבט א היסטאָרי-קער: „ער איז דאַן אַלט געווען 38 יאָר און איז שוין געווען א דיקטאַטאָר איבער 10 טויזענד מענשען. אין זיין שטאָט „נאַוואו" איז ער געווען דער מעיאָר מיט דער מאַכט צו מאַכען פאר א געזעץ זיין יעדען ווילדען וואונש. ער האָט געהאַט אַן אייגענע מיליטערישע ארמיי פון עטליכע טויזענד מיליץ-סאָלדאַ-טען. ער האָט געהאַט די ליבע פון וויניגסטענס 28 פרויען. עס איז דערפאר גאנץ פּאַסיג, אז ער זאָל איצט זוכען צו פאר-ווירקליכען די אמביציע פון יעדען אמביציעזען אמעריקאַנעם יונ-געמאַן: צו ווערען דער פּרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאַ-טען".

אין אילינאָי זיינען די מאָרמאָנען געווען א נאַציאָנאַלע מאַכט דערפאַר, ווייל זיי האָבען אַלע געשטימט ווי איין מאַן. די מאָרמאָנען אין אנדערע שטאַטען זיינען אויך געשטאַנען אונ-טער סמיט'ס קאָנטראָל. פּאָליטיקער האָבען זיך גערעכענט מיט

סמיט'ס מאכט, און פילע פון זיי האָבען זיך צו אים גע'חנפ'עט. דאָס האָט אים צוגעגעבען מוט צו זוכען די נאָמינײשאָן פאר פּרעזידענט. ער האָט זיך דורכגעשריבען מיט פּראָמינענטע פי־רער פון פּאָליטישע פּארטייען. זייערע ענטפערס זיינען אָבער ניט געווען קיין גינסטיגע. האָט ער אָנגעפאנגען פירען אַן אײי־גענע קאמפּאַניע. די מאָרמאָנען האָבען אים נאָמינירט פאר פּרעזידענט, און די מאָרמאָנישע קירכע האָט ארויסגעשיקט אירע בעסטע רעדנער איבער'ן לאַנד צו מאכען אַגיטאַציע פאר אים.

וואָס פון דער באַוועגונג וואָלט זיך אויסגעלאָזען, קען מען ניט וויסען. איידער זי האָט זיך צייט געהאַט ריכטיג צו ענט־וויקלען, האָט אין נאַוואָ פּאַסירט עפּעס אַזוינס, וואָס האָט סמיט'ס קאַריערע אינגאַנצען פאַרענדיגט און די מאָרמאָנישע קהלה צוטרייסעלט.

די טראַגעדיע האָט זיך אָנגעהויבען מיט אַ שפּאַלטונג אין דער מאָרמאָנישער קירכע. סמיט האָט זיך גענומען שאַרען צו דער פרוי פון איינעם פון זיינע אָנהענגער, אַ געוויסער וויליאַם לאָו. די פרוי האָט אים אָפּגעשטויסען. ווען איר מאַן און אירע פריינט האָבען זיך דערוואוסט פון דער געשעהעניש, האָבען זיי באַשלאָסען עפענטליך צו פארדאַמען סמיט'ן און דערציילען פאַר דער וועלט וועגען דער אויסגעלאַסענקייט פון די פירער פון דער מאָרמאָנישער קירכע. צו דעם צוועק האָבען זיי גע־גרינדעט אַ צייטונג „דער נאַוואָ'ער אויפדעקער". אין ערשטען נומער איז דערציילט געוואָרען ווי אַזוי די פירער פון דער קירכע צווינגען אָרענטליכע מיידלאַך זיך איבערצוגעבען צו זיי און ווי אַזוי אַ סך פון די מיידלאַך ווערען דורך דעם רואינירט אויפ'ן גאַנצען לעבען.

ווען די צייטונג איז ארויס, האָט סמיט, אַלס מעיאָר פון דער שטאָט, און אַלס גענעראַל פון דער מיליץ, באַפוילען, אַז אַלע קאָפּיעס זאָלען פאַרברענט ווערען און די רעדאַקציע זאָל פאַר־ניכטעט ווערען. זיינע מענשען זיינען באַפאַלען די דרוקעריי און דאָרט אַלעס צובראָכען.

אָט די האַנדלונג פון דזשאָזעף סמיט האָט אויפגעשטורעמט

דעם גאנצען געגענד ארום. לאו און זיין גרופע זיינען אנטלאָ־
פען אין א דערבייאיגען שטעטעל, קארטעדזש, און זיי, צוזא־
מען מיט די דאָרטיגע איינוואוינער, האבען געפאָדערט, אז
סמיט און זיינע מענשען זאָלען ארעסטירט ווערען. סמיט האָט
געענטפערט מיט א באפעל, אז נאָווא זאָל געשטעלט ווערען
אין א קריגס־צושטאנד. קארטעדזש האָט אפעלירט צום גאָ־
ווערנאָר פון אילינאָי, ער זאָל ערקלערען סמיט'ן פאר א בונ־
טאָווטשיק.

דער גאָווערנאָר איז געקומען צופאָרען אין קארטעדזש און



בריגהאם יאָנג.

אויפגעפאָדערט סמיט'ן און זיינע לייטענאנטען זיי זאָלען זיך
לאָזען ארעסטירען. ער האָט זיי פארשפּראָכען, אז ער וועט זיי
באשיצען פון מאב־אָנפאלען. דזשאָזעף סמיט האָט פארשטאנען
די געפאר און איז אנטלאָפען. ער האָט אָבער באקומען א
בריף פון זיין פרוי, אז ער מוז קומען צוריק און זיך איבערגעבען
צום געזעץ, ווייל אויב ניט, שטייט דער גאנצער מאָרמאָנישער
ישוב אין געפאר פאגראָמירט צו ווערען. ער האָט ניט געוואָלט
הערען ווענען דעם. זיין ברודער אָבער, וועלכער איז צוזאמען
מיט אים אנטלאָפען, האָט אים איינגערעדט, ער זאָל גיין צוריק,

געקומען אין קארטעדזש צוזאמען מיט זיין ברודער און די אַנ־דערע בעאמטע פון נאוווא. זיי זיינען אלע געשטעלט געוואָ־רען אונטער ארעסט. די צוויי ברידער סמיט האָט מען איינגע־שפּארט אין תפיסה; די איבעריגע האָט מען ארויסגעלאָזען אויף בעיל. דער גאָווערנאָר איז גלייך נאָך דעם אוועק קיין נאוווא און געהייסן פּאררופען אַ פּאַרזאמלונג פון די מאָרמאָנען, ביי וועלכע ער האָט אליין פּאַרזיכערט די בירגער, דאָס ער וועט גאַראַנטירען פאַר די לעבענס פון די סמיטס.

אין דער צייט, וואס דער גאָווערנאָר האָט געהאַלטען זיין רעדע אין נאוווא, דעם 26טען דזשון, איז אַ באַוואפּענטער מאב פון 150 פּערזאָן, באַפּאַלען די געפענגעניש, זיך אריינגעבראָכען אין דעם צימער, וואו די ברידער סמיט זיינען געזעסען און זיי ביידען דערשאָסען. „די קוילען, וואָס האָבען דער'הרג'עט סמיט'ן", — שרייבט אַ היסטאָריקער, — „האָבען אוועקגעשטעלט די מאָר־מאָנישע רעליגיע אויף אַ פעסטען פונדאמענט. דער מאָרמאָניזם האָט איצט געקראָגען אַ מארטירער־פּראָפעט, אַ מאָדערנעם יעזוס".

סמיט'ס פּלאַץ אַלס הויפּט פון דער מאָרמאָנישער קירכע האָט פאַרנומען זיין הויפּט לייטענאַנט בריגהעם יאָנג. דער נייער פירער איז געווען אַ פּראַקטישער מענש, אַ פּייאָנער און ענער־גישער געשעפטסמאַן. ער האָט ווייניג וואָס זיך געקימערט פאַר הייליגקייט, פאַר נבואה, כאָטש ער האָט אימער גע'דרשנ'ט וועגען הימעל און וועגען רוח הקודש. ביי אים זיינען וויכטיג געווען די פּראַקטישע פּראָבלעמען פון דער מאָרמאָנישער געזעלשאַפט, און ער האָט די פּראָבלעמען געלייזט ווי אַ העכסט פּראַקטישער מענש.

גלייך נאָך דער טראַגעדיע מיט סמיט'ן האָבען זיך אָנגע־הויבען נייע פאַרפאָלגונגען געגען די מאָרמאָנען. מאָרמאָנישע הייזער זיינען אונטערגעצונדען געוואָרען. עס זיינען פּאָרגעקו־מען אָנפאַלען און מאָרדען. די צייטונגען האָבען געפאָדערט, אַז די רעגירונג זאָל ארויסטרייבען אלע מאָרמאָנען פון דעם שטאַט. ענדליך האָט בריגהעם יאָנג איינגעזען, אַז ווייטער

פארבלייבען אין איליננאי איז צו געפערליך. ער האט געלאזט וויסען דער רעגירונג, אז אלע מארמאנען וועלען פארלאזען נאוואו ביז'ן פרילינג פון 1846.

די מארמאנען האבען געהאלטעןווארט. זיי האבען קיין קיין אנדער ברירה ניט געהאט. ווען זיי וואלטען אין נאוואו לענגער געבליבען, וואלט די שטאט דערטרונקען געווארען אין בלוט. די אויפרעגונג איז געווען אזוי שטארק, אז ארמייען האבען זיך ארגאניזירט צו באמבארדירען די שטאט און איר אויסראטען. ביז סעפטעמבער, 1846, איז נאוואו אויסגעליידיגט געווארען. בריגהעם יאנג האט ארויסגעפירט זיין פאלק „פון מצרים אין מדבר אריין". וואוהין ער וועט זיי פירען, האט ער נאך אליין ניט געוואוסט. ער האט געהאפט צו געפינען אן אנטרינונגס-פלאץ ערגעץ אין קאליפארניא אדער אין ארעגאן. די צוויי פראווינצען האבען דאמאלסט נאך ניט געהערט צו די פאראייניגטע שטאטען. בריגהעם יאנג האט ערקלערט, אז ער זוכט בלויז איין זאך: „צו אנטלויפען פון די קריסטען."

איידער די מארמאנען האבען זיך דערשלאגען קיין יוטא האט געדויערט מער ווי א יאר צייט. די לאנגע שטרעקע לאנד וואס ציט זיך פון דעם מיסיסיפי טייך ביז די ראקי בערג איז דאמאלסט געווען ווילד, טיילווייז וואלד, טיילווייז פרעירים, טייל־ווייז מדבר. קיין וועגען זיינען נאך דארט קיינמאל ניט דורכגע־בראכען געווארען. עס האבען זיך דארט אויך אויפגעהאלטען איינינגע אינדיאנישע שבטים, און די מארמאנען האבען ניט גע־וואוסט וואס פאר אן אויפנאמע זיי וועלען פון זיי באקומען. די אונטערנעמונג צו זוכען א לאנד אויף „דעם אנדערען זייט בערג" איז געווען א שווערע און א ריזיקאלישע. די מארמאנען האבען זי דורכגעפירט, אבער זיי האבען פאר זייער ערפאלג טייער באצאלט.

די ערשטע צייט איז געווען די שווערסטע. די מארמאנען האבען ניט פארלאזען נאוואו אלע מיט אמאל, נאר גרופענווייז. די ערשטע גרופע פון צוויי טויזענד, מיט בריגהעם יאנג אלס פירער, איז אוועק נאך אין פעברואר, 1846. דאן האבען גע־

פאָלגט די אַנדערע, גרופּע נאָך גרופּע. זיי זיינען אַריבער דעם מיסיסיפּי טייך און זיך גענומען שלעפּען דורך אייאָווא. הונ־דערטער און הונדערטער וועגענער האָבען זיך געצויגען איבער דער גאַנצער ברייט פון דער טעריטאָריע. זיי האָבען זיך אָפּגעשטעלט אין געוויסע פּלעצער און אויפגעבויט ישובים, אָפּגעשטאַנען אַ שטיקעל צייט און ווייטער געפאָרען, איבערלאָזענדיג די אויפגע־בויטע הייזקעס אין די ישובים פאַר די, וואָס וועלען שפּעטער אָנקומען. שרייבט אַ היסטאָריקער: „אין יולי, 1846, זיינען 15 טויזענד מאָרמאָנען געווען צושפּרייט איבער אייאָווא. זיי האָבען געהאַט דריי טויזענד וועגענער, 70 טויזענד בהמות, אָק־סען, פערד, אייזלען. אין די גרויסע היצען פון מאָנאַט יולי האָט דאָרט אויסגעבראָכען אַ מגפה. אזוי פיל זיינען אויסגעשטאָר־בען, אז עס איז אוממעגליך געווען צו גראָבען קברים פאַר אַלע טויטע".

דער ווינטער איז פאָריבער. אין אַפּריל, 1847, האָט בריגהעם יאָנג אָרגאַניזירט אַ קאָמפּאַני פון 148 מענשען, צווי־שען זיי דריי פרויען און צוויי קינדער, און האָט מיט זיי אוועק־געמאַרשירט זוכען דאָס לאַנד, „דאָס צוגעזאָגט לאַנד", אויף יע־נעם זייט פון די בערג. אַלע איבעריגע זיינען געבליבען אין זייערע ווינטער־היימען, וואַרטען ביז וואַנען יאָנג וועט צוריקקומען און זיי נעמען אַהין. די 148 זיינען דאָס געווען די מרגלים, וואָס האָבען פאַר'ן גאַנצען מאָרמאָנישען פאָלק געדאַרפט אויספאָר־שען דאָס לאַנד, וואָס גאָט האָט זיינע אויסערוויילטע קינדער פאַרשפּראָכען.

יאָנג'ס קליינע קאָמפּאַניע פון פּיאָנערן האָט דורכגעבראָכען אַ וועג איבער טויזענדער מיילען דורך לאַנד, וואו קיין מענשליכער פוס איז אפשר נאָך קיין מאָל ניט געווען דורכגעגאַנגען. זיי האָבען פאַקטיש געמאַכט אַ וועג צו דער ווייטער וועסט. אויף דעם וועג זיינען שפּעטער געפאָרען אַ סך טויזענדער אימיגראַנ־טען, וואָס האָבען קאָלאָניזירט די ווייטע וועסט. אויף דעם וועג איז אויך שפּעטער געבויט געוואָרען איינע פון די גרעסטע אייזענבאַן־ליניעס, די „יוניאָן פּאַסיפיק ריילראָוד". אין מאָנאַט

דזשוליי איז די קאמפאני אנגעקומען אין יוטא. עס ווערט דער־ציילט, אז ווען די קאמפאניע איז ארויף אויף דעם בארג, וועל־כער שטייטביים טאל, וואו יוטא געפינט זיך, האט בריגהעם יאנג אויסגעשריען: „דאס איז דער פלאץ!". די קאמפאניע האט זיך אפגעשטעלט ביי סאלט לעיק סיטי און דארט גלייך אנגעהויבען צו בויען א ישוב. אין איי‌ניגע וואכען שפעטער איז בירגהעם יאנג צוריקגעפארען צו „פירען די איבעריגע אין זיין לאנד". אין מאי 1848 האט ער ארויסגעשיקט די ערשטע גרויסע עקספעדיציע, וועלכע איז באשטאנען פון 2400 מענשען, און פון דאן אן האבען זיך די מארמאנען גענומען איבערקלייבען קיין יוטא. ענדליך האבען זיי געפונען א לאנד, וואו קיינער האט זיי מער ניט געטשעפעט, וואו זיי זיינען געווען פריי צו לעבען ווי זיי האבען אליין געוואלט. געמיינט האבען זיי, אז יוטא, זייער נייע היים, איז א טייל פון מעקסיקא. בשעת זיי האבען זיך דארט גענומען באזעצען, איז די טעריטאריע טאקע געווען א טייל פון מעקסיקא. באלד אבער איז געשלאסען געווארען דער פרידען צווישען די פאראייניגטע שטאטען און מעקסיקא, לויט וועלכען יוטא איז געווארען א טייל פון די פאראייניגטע שטאטען.

---

קאליפארניא איז געווען א טייל פון מעקסיקא. די ווייסע באפעלקערונג דארטען איז אבער שטענדיג געווען אן אונבאדיי־טענד קליינע. צום סוף פון 18־טען יארהונדערט האט שפאניען אהין ארייגעשיקט מיסיאנערען, וועלכע האבען געפרעדיגט קרים־טענטום צו די אינדיאנער. שפעטער זיינען אהין געקומען שפא־נישע באאמטע, מיליטערישע און ציווילע. זיי האבען פארנו־מען גרויסע שטיקער לאנד און האבען געשאפען די הערשענדע אריסטאקראטיע. שפאנישע קאלאניסטען האבען זיך אין קא־ליפארניא באזעצט זייער ווייניג. די איינגעבארענע אינדיאנער האבען געלעבט אין גרויס ארימקייט.

ווען מעקסיקא האט געוואונען איר אומאפהענגיגקייט פון שפאניען, האט זיך די לאגע אין קאליפארניא ווייניג וואס גע־ענדערט. די מעקסיקאנער האבען אויך גארניט געטאן דאס לאנד

צו ענטוויקלען. עס האָבען אָבער דאָן אָנגעהויבען אהין אריינצופאָרען אמעריקאַנער. די מעקסיקאַנער רעגירונג האָט אויף דער קאָלאָניזאַציע געקוקט זייער קרום. זי האָט מורא געהאַט, אַז מיט קאַליפאָרניא וועט פּאַסירען דאָס זעלבע, וואָס מיט טעקסעס. זי האָט דערפאַר געמאַכט געזעצען, אַז יעדערער, וואָס קומט קיין קאַליפאָרניא, מוז פריער קריגען אַ פּאַס פון דער מעקסיקאַנער רעגירונג. זי האָט אויך געפאָדערט פון יעדען, וואָס באַזעצט זיך אין קאַליפאָרניא, אַז ער זאָל ווערען אַ מעקסיקאַנער בירגער. די געזעצען האָבען אָבער ניט געהאַט קיין ווירקונג. עס איז אונמעגליך געווען ארויסצוטרייבען די פאַמיליעס, וועלכע האָבען זיך געשלעפּט הונדערטער מיילען דורך וועלדער און מדבריות. די צענטראַלע רעגירונג פון מעקסיקאָ האָט טאַקע געהייסען די פאַמיליעס ארויסשיקען, אָבער די לאָקאַלע באַאמטע האָבען דעם אויספיר פון די באַפעלען שטענדיג אָפּגעלייגט אויף שפּעטער.

אַזוי איז דאָס אָנגעגאַנגען ביז דעם אויסברוך פון דער מלחמה צווישען די פאַראייניגטע שטאַטען און מעקסיקאָ. די שרעק פון דער מעקסיקאַנער רעגירונג איז איצט מקוים געוואָרען. די אמעריקאַנער אין קאַליפאָרניא האָבען זיך גענומען בונטעווען געגען דער מעקסיקאַנער רעגירונג נאָך איידער די מלחמה איז אָפיציעל ערקלערט געוואָרען. די מלחמה האָט געווירקט, אַז אין קאַליפאָרניא זאָלען זיך אריינקלייבען נאָך אַ גרויסע צאָל אמעריקאַנער. אין 1845 האָט די ווייסע באַפעלקערונג אין קאַליפאָרניא געציילט ארום 8 טויזענד. אין 1848 איז די באַפעלקערונג שוין געווען צווישען 12 און 15 טויזענד. קאַליפאָרניא איז נאָכ'ן קריג געוואָרען אַ טייל פון די פאַראייניגטע שטאַטען. דאָס לאַנד האָט זיך איצט גענומען אַנטוויקלען און וואַקסען אויף אַ נאָרמאַלען שטייגער. צווישען די אַלטע מעקסיקאַנער תושבים און די נייע אמעריקאַנער באַלעבאַטים האָבען געהערשט פרידליכע באַציהונגען. אַזוי ווי קאַליפאָרניא איז געלעגען זייער ווייט פון די איסט, און אַזוי ווי דער וועג צו קאַליפאָרניא איז געווען אַ שווערער און אַ געפערליכער, האָט מען ערוואַרט, אַז עס וועט געדויערען אַ לאַנגע צייט איידער קאַליפאָרניא וועט אויסוואַקסען

צו דער גרויס פון א שטאט, איידער, הייסט דאס, זי וועט האבען אזא גרויסע באפעלקערונג, אז זי וועט קענען טראכטען וועגען ווענדען זיך צום קאנגרעס, ער זאל איר אריינגעמען אלס א שטאט.

די ערווארטונג האט זיך באלד נאך דעם קריג ארויסגעוויזען פאר א טעות. פלוצלונג האט פאסירט עפעס אזוינס, וואס האט אריינגעטראגען אין קאליפארניא א שטראם מיט מענשען ניט נאר פון די איסט, נאר פון דער גאנצער וועלט. איבער־נאכט איז קאליפארניא געווארען דער צענטער, דער הויפט־פונקט פון דער אימיגראציע.

מען האט דארט אנטדעקט גאלד.

דער געלאף נאך גאלד קיין קאליפארניא האט געשאפען איינעם פון די מערקווירדיגסטע, דראמאטישסטע און טראגישסטע קאפיטלען אין דער געשיכטע פון לאנד. די גאלד־אנטדעקונג האט אויך געהאט א גרויסע ווירקונג אויף דעם עקאנאמישען לעבען פון לאנד. דער „גאלד־געלאף״ איז ביז היינטיגען טאג א קוואל פון אינספּיראציע פאר שרייבער פון ראמאנטישע ערציילונגען און א זאנדערבארע טעמע פאר די, וואס שטודירען סאציאלע פסיכאלאגיע. וועגען דעם אויסערגעוויינליכען עפּיזאד איז אנגעשריבען געווארען א ביבליאטעק מיט ביכער: היסטארישע אויספארשונגען, ערציילונגען, דראמען, פּאעמען, א. אז. וו.

אין יאנואר 1848 האט אן ארבייטער אויף א פארם, נעבען דער איצטיגער שטאט סאקראמענטא, אנטדעקט גאלד. די נייעס וועגען דעם האט זיך פארשפּרייט לאנגזאם. פון אנפאנג האבען אפילו די איינוואוינער פון קאליפארניא געשענקט דערצו וועניג אויפמערקזאמקייט. דאן האט זיך עס מיט א מאל א פלאקער געטאן, און גאנץ קאליפארניא איז צוזאמענגעלאפען אין דעם געגענד ארום סאקראמענטא, אויף דעם טייך אמעריקען. און זייער מיה איז געקרוינט געווארען מיט א גרעסערען ערפאלג ווי זיי האבען אליין ערווארטעט. דאס גאלד איז געלעגען כמעט אויבען־אויף. עס זיינען געווען פאלען, ווען מענשען האבען אין א וואך אויסגעגראבע גאלד פאר 10, 20 און 30 טויזענד דאלאר. די

ערשטע גאָלד־זוכער האָבען געלעבט צווישען זיך פרידליך און פריינדליך. איינער האָט ביים צווייטען גאָרניט פארנומען. קיי־נער האָט זיין גאָלד ניט באַהאַלטען, ווייל מען האָט זיך ניט געשראָקען פאַר גנבים. פשוט דערפאַר — שרייבט אַ היסטאָ־ריקער — ווייל עס איז לייכטער געווען צונויפצוקלייבען די גאָלד, ווי עס אַוועקצו'גנב'ענען פון אַ צווייטען. עס האָט זיך זיי אויך אויסגעוויזען, אַז דער קוואַל פון גאָלד וועט זיך קיינמאָל ניט אויסנעמען.

ביסלאַכווייז האָט זיך די נייעס דערטראָגען אין די איסט. די צייטונגען האָבען געמאָלדען, אַז מען דערציילט עפּעס וועגען גאָלד אין קאַליפאָרניא. דער עולם האָט דאָס אָבער ניט גענו־מען ערנסט. דאַן איז אָנגעקומען אַן אָפיציעלער באַריכט פון דעם גאָווערנאָר צו דעם קריגס־דעפּאַרטמענט אין וואַשינגטאָן, אין וועלכען עס איז געשטאַנען אַזאַ שטעלע: „עס איז פאַראַן אין קאַליפאָרניא הונדערט מאָל אַזוי פיל גאָלד ווי עס איז נויטיג צו באַצאָלען די קאָסטען פון דער מלחמה מיט מעקסיקאָ.” דער באַריכט האָט אַלעמען אויפגעטרייסעלט. „יעדער, וואָס האָט נאָר געהאַט אַ טראָפּען רויט בלוט אין זיינע אָדערען”, — שרייבט אַ היסטאָריקער, — „האָט געוואָלט לויפען קיין קאַליפאָרניא. די, וואָס האָבען אַליין ניט געקענט פאָרען, האָבען זיך אָרגאַניזירט אין קלאָבס און געשיקט אימיצען פון דער גרופּע, ער זאָל פאַר זיי זוכען אַן אוצר”.

פון די איסט האָט זיך די נייס אַריבערגעטראָגען קיין איי־ראָפּאַ. אין פראַנקרייך האָט מען אָרגאַניזירט ספּעציעלע לאָ־טערייען. דער גליקליכער, וואָס האָט געוואונען דעם גרויסען גע־ווינס, האָט באַקומען געלט צו פאָרען קיין קאַליפאָרניא. מען האָט גענומען פאָרען פון ענגלאַנד, דייטשלאַנד, נאָרוועגיען, פון זיד־אַמעריקאַ, און זאָגאַר פון אויסטראַליען און כינע.

אויף דריי וועגען האָט זיך געצויגען דער שטראָם נאָך קאַ־ליפאָרניא: איינער איבערן לאַנד, דורך די פּרעירים, דורך די בערג, דורך דעם מדבר; אַ צווייטען מיט'ן שיף ביז צענטראַל־

אמעריקא, דאן איבערן לאנד דורך פאנאמא, און דערנאך ווידער מיט א שיף אויפ'ן פאסיפיק, ביז קאליפארניא; דער דריטער וועג איז געווען אין גאנצען מיט'ן שיף, ארום דעם זיד־אמעריקאנער וועלט־טייל. דעם צווייטען און דעם דריטען וועג האבען באנוצט די רייכע, וואס האבען געקאנט באצאלען פאר שיפס־קארטען. די גרויסע מאסע ארימע רייזענדע האבען זיך געשלעפט איבער'ן לאנד, אויף שטרעקעס פון טויזענדער מיילען, וואו עס האבען געלויערט מגפות, אינדיאנער, הונגער און דורשט, היץ און קעלט, אלערליי שוועריגקייטען און אלערליי געפאהרען. גאנצע ישובים זיינען אויסגעליידיגט געווארען. מאטראזען האבען פארלאזען די שיפען, וועלכע האבען זיך אפגעשטעלט אין האפען פון סאן־פראנציסקא, און די שיפען האבען ניט געקאנט ארויספארען. סאלדאטען האבען דעזערטירט פון דער ארמיי.

דער גרעסטער געלאף איז פארגעקומען אין דעם יאר 1849 (און דערפאר ווערען די גאלד־זוכער באצייכענט אלס „ניין־און־פערציגער"). אין יענעם יאר האבען זיך אין וועג נאך קאליפארניא אוועקגעלאזען ניט ווייניגער ווי 50 טויזענד מענשען. זייערע צרות האבען זיך אנגעפאנגען אין די קעמפס, ביים מיסיסיפי טייך. דארט זיינען א סך אומגעקומען פון דער כאלערע. דער געפערליכסטער טייל פון דער רייזע איז געווען אין דעם מדבר, וואס ליגט לעבען די בערג, הארט לעבען קאליפארניא. „די לאגע איז דארט געווען אזוי שרעקליך, אז מען קאן זיך קוים פארשטעלען. פרויען, וואס האבען פארלארען זייערע מענער אין וועג, האבען זיך געשלעפט הונגעריגע און דורשטיגע מיט די קינדער אויף די הענט. דער גאנצער וועג איז געווען אויסגעשפרייט מיט געפאלענע אקסען, פערד, בהמות. מען האט ניט געקענט קריגען ערגעץ קיין פאשע פאר זיי און קיין וואסער. מענשען האבען פון די וועגענער ארונטערגעווארפען די נויטיגסטע זאכען, אום עס זאל זיין לייכטער פאר די אקסען און די פערד די משא צו שלעפען. אין מאנכע פלעצער אין מדבר איז דאס זאמד געווען אזוי ווייך און דין, אז די פערד און אקסען פלעגען אין זיי ארייינזינקען ביז'ן בויך. די זון האט געבראטען. דער גאנצער

וועג איז געווען באַדעקט מיט קברים פון די געפאַלענע. פון דער
כאָלערע אַליין זיינען אומגעקומען ניט ווייניגער ווי פינף טויזענד
מענשען".

און די, וואָס זיינען שוין אָנגעקומען און האָבען גענומען גראָ־
בען און זוכען גאָלד, זיינען אין די מערסטע פעלען ענטוישט גע־
וואָרען. דאָס גאָלד האָט זיך ניט געוואַלגערט פון אויבען־אויף,
ווי מען האָט דערציילט. מען האָט געמוזט זוכען און גראָבען,
און אַמאָל האָט זיך דער זוכען און גראָבען אויסגעלאָזט מיט גאָר־
נישט. אַ סך זיינען באַלד ענטוישט געוואָרען און האָבען זיך
גענומען שלעפען צוריק אַהיים. דאָס לעבען איז דאָרט אויך גע־
ווען זייער אַ שווערער. שלעכטע שפייז, שלעכטע וואוינונגען.
בלויז די גאָר שטאַרקע, די ענערגישסטע און די געזינטסטע, האָ־
בען געקאָנט איבערטראָגען און פאָרטזעצען די אַרבייט פון גראָ־
בען און זוכען גאָלד.

דער געלאָף האָט אָבער אָנגעהאַלטען עטליכע יאָר. אין 1850
זיינען אין קאַליפאָרניא שוין געווען איבער 92 טויזענד מענשען.
די געזעלשאַפט איז געווען אַ לויזע, דער לעבען אַ פרייער, אַ
צולאָזענער. אַ סך מענשען האָבען געהאַט געלט און ניט געוואוסט
וואָס צו טאָן דערמיט. מען האָט געטרונקען און געגעמבעלט און
געהוליעט. צוזאַמען מיט די גאָלד־זוכער זיינען אָנגעקומען אַלער־
ליי פיאַווקעס און שווינדלער, וואָס האָבען געזוכט ביי די רייך־
געוואָרענע אַרויסצונאַרען זייער געלט. עס האָט זיך דערפאַר פאַר־
שפרייט אַ פאַרלאַנג צווישען די עלטערע און אָנשטענדיגע, אַז
קאַליפאָרניא זאָל פון קאָנגרעס אַנערקענט ווערען אַלס אַ שטאַט,
כדי זי זאָל קענען אָרגאַניזירען אַן אייגענע רעגירונג וואָס זאָל
מאַכען אָרדנונג און אויסראָטען די געפערליכע עלעמענטען. אין
סעפּטעמבער 1849 איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אַ קאָנסטיטוציאָ־
נעלע קאָנווענשאָן אין דער שטאָט מאָנטערעי. די קאָנסטיטוציע,
וואָס די קאָנווענשאָן האָט פאַרפאַסט, האָט ענטהאַלטען אַ פּונקט,
אַז אין קאַליפאָרניא זאָל שקלאַפעריי זיין פאַרבאָטען. אין נאָ־
וועמבער האָבען די איינוואוינער פון קאַליפאָרניא די קאָנסטי־

טוציע גוט־געהייסען. אין דעצעמבער האָבען שוין די בירגער ערוויילט שטאַט־בעאמטע. עס האָט נאָר געפעלט איצט, אַז דער קאָנגרעס אין וואשינגטאָן זאָל איינוויליגען אַריינצונעמען קאַליפאָרניא אַלס אַ שטאַט. דאָס איז געשען אין דעם נעקסטען יאָר, אין 1850.

קאַפּיטעל 18.

# די פּרעזידענט־וואַלען אין 1848.

די מלחמה מיט מעקסיקאָ האָט אַרויסגערוקט אין פאָדער־גרונט די שקלאַפען־פראַגע, וועלכע די פּאָליטישע פירער פון ביידע גרויסע פּאַרטייען האָבען אימער געזוכט צו פאַרשטיקען. די געגנער פון שקלאַפעריי האָבען פאַרדאַמט די מלחמה אויף דעם גרונט, אַז דורך איר זוכען די שקלאַפען־שטאַטען צו קריגען נאָך טעריטאָריע פאַר שקלאַפעריי. די לעדזשיסלייטשור פון מאַסאַ־טשוזעטס האָט אין אַפּריל 1847 אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, וועל־כע האָט ערקלערט, אַז „די מלחמה איז אונטערנומען געוואָרען מיט'ן צוועק צו שטאַרקען די שקלאַפען־מאַכט אין לאַנד און איר פאַרזאָרגען מיט נייע לאַנד אויף אויסצושפּרייטען זיך.”

די געגנער פון שקלאַפעריי אין קאָנגרעס האָבען באַצייטענס גענומען שריט צו צושטערען אָט־די פּלענער פון דער שקלאַפען־מאַכט. אין אויגוסט 1846 האָט פּרעזידענט פּאָלק געבעטען ביים קאָנגרעס צוויי מיליאָן דאָלער אָנצופירען פאַרהאַנדלונגען מיט מעקסיקאָ וועגען אָפּקויפען ביי איר טעריטאָריע. אַלס ענט־פער אויף דעם פאַרלאַנג האָט קאָנגרעסמאַן דייוויד ווילמאָט פון פּענסילווייניא געמאַכט אַ פאָרשלאַג, אַז דאָס געלט זאָל באַ־ווילינט ווערען מיט דער באַדינגונג, אַז אין דער טעריטאָריע, וואָס די פאַראייניגטע שטאַטען וועט באַקומען פון מעקסיקאָ, זאָל שקלאַפעריי זיין פאַרבאָטען. איבער דעם פאָרשלאַג האָט זיך אין ביידע הייזער אין קאָנגרעס אָנגעפאַנגען אַ ביטערער קאַמף, וועלכער האָט זיך געצויגען אַ זיבען מאָנאַטען. אין דער האוז אָוו רעפּרעזענטאַטיווס איז דער פאָרשלאַג אָנגענומען גע־וואָרען; אין סענאַט איז ער געטויטעט געוואָרען. ענדליך איז

דאס געלד באוויליגט· געווארען אין דער „ווילמאט באדינגונג“. דער קאמף איבער דער „ווילמאט באדינגונג“ האט אויפגעשטורעמט דאס לאנד. די לעדזשיסלייטשורס אין די שטאטען פון דער נארט האבען איר אינדארסירט; די לעדזשיסלייטשורס פון די שטאטען אין דער סאוט האבען איר פארדאמט. די צייטונגען אין גאנצען לאנד האבען מאנאטען נאכאנאנד די פראגע היציג דיסקוטירט — מאנכע פאר און מאנכע געגען.

ווען מען האט געדארפט נאמינירען קאנדידאטען פאר פרעזידענט אין 1848, האבען אלע ערווארטעט, אז די צוויי פאליטישע פארטייען וועלען נעמען א באשטימטע שטעלונג אין דער ברענענדיגער פראגע, מיט וועלכער דאס לאנד האט אזוי לאנג געקאכט. דערמיט וואס די „ווילמאט באדינגונג“ (ווילמאט פראוויזא) איז דורכגעפאלען אין קאנגרעס איז די פראגע נאך ניט פארענטפערט געווארען. די פראגע איז געווען: וואס וועט זיין מיט דער נייער טעריטאריע, וואס אמעריקא האט צוגענומען ביי מעקסיקא: וועט שקלאפעריי דארט ערלויבט זיין, צי ניט? וואס וועט די צוקונפטיגע, די נייע אדמיניסטריישאן, וועגען דעם טאן? דעם ענטפער האבען געדארפט געבען די צוויי גרויסע פארטייען אין זייערע פלאטפארמעס, און דעם ענטפער האבען אויך געדארפט געבען די פרעזידענט-קאנדידאטען, וואס די צוויי-פארטייען וועלען איצט ארויסשטעלען.

אבער די פאליטישע פירער פון די צוויי פארטייען האבען זיך געשראקען פאר דער פראגע. זיי האבען איצט, ווי אין די פאריגע וואל-קאמפאניעס, די פראגע פון שקלאפעריי אינגאנצען אויסגעמידען. ביידע פארטייען האבען נידערגעשטימט רעזאלוציעס, וואס זיינען אריינגעבראכט געווארען ביי זייערע קאנווענשאנס וועגען דער ווילמאט-באדינגונג. זיי האבען זיך אנטזאגט צו נעמען א שטעלונג ענטוועדער דאפיר אדער דאגעגען. ביידע פארטייען האבען נאמינירט קאנדידאטען, וועלכע האבען אין דער פראגע פון שקלאפעריי קיין מיינונג ניט געהאט.

די דעמאקראטישע פארטיי האט נאמינירט פאר פרעזידענט

לואיס קאסס, פון מישיגען. די „וויג" פארטיי האט נאמינירט גענעראל זאכארי טעילאר, פון לואיזיאנא, און פאר וויס־פרעזידענט — מילארד פילמאר, פון ניו יארק. די האנדלונג פון די צוויי גרויסע פארטייען, זייער אנטזאגען זיך צו נעמען א שטעלונג אין דער שקלאפען־פראגע, האט אויפגערעגט די געגנער פון שקלאפעריי. אין ניו יארק איז פארגעקומען א שפאלטונג אין דער דעמאקראטישער פארטיי. אן דער אפגעשפאלטענער פראקציע האבען זיך אנגעשלאסען אנדערע אנטי־שקלאפערישע גרופען. זיי האבען ארגאניזירט א פארטיי אונטער'ן נאמען „פרי סאיעלרס" (פרייע ערד). די פארטיי האט ארויסגעשטעלט אלס איר פלאטפארמע דעם פונקט, אז אין ניי־ערווארבענע לאנד זאל קיין שקלאפעריי ניט אריינגעלאזט ווערען. זי האט נאמינירט וואן ביורען'ען אלס איר פרעזידענט־קאנדידאט.

די דריטע פארטיי האט ניט געוואונען קיין איינציגען שטאט. זי האט אבער אפגעצויגען א סך שטימען פון די דעמאקראטען און מיטגעבראכט, אז דער קאנדידאט פון דער „וויג" פארטיי זאל ערוויילט ווערען.

זאכארי טעילאר, דער ניי־ערווילטער פרעזידענט, האט זיך קיינמאל מיט פאליטיק ניט אינטערעסירט. ער איז זיין גאנצען לעבען געווען א סאלדאט. ווען מען האט גענומען ריידען וועגען נאמינירען אים, האט ער ערקלערט, אז ער וועט ניט לויפען, ווייל ער האט ניט קיין מיינונג איבער קיין איין איינציגע פראגע. ער האט דעמאלסט אויך אויסגעזאגט דעם סוד, אז ער האט אין זיין גאנצען לעבען קיינמאל ניט געשטימט. די פארטיי איז אבער צו אים צוגעשטאנען צוליב צוויי אורזאכען: ערשטענס, ווייל ער איז געווען א מלחמה־העלד, איינער פון די גענעראלען, וואס האט געוואונען שלאכטען אין דער מעקסיקאנער מלחמה; און צווייטענס, ווייל ער איז געקומען פון דער סאוט און איז אליין געווען א שקלאפען־אייגענטימער (ער האט געהאט 300 שקלאפען). די „וויג" פארטיי האט געהאפט, אז אט־די „מעלה" וועט פאר אים

געווינען שטימען אין דער סאוט, וואו די דעמאקראטישע פארטיי איז געווען זייער שטארק.

טעילאָר איז אין פרעזידענט־אמט פארבליבען ניט מער ווי א יאָר מיט פיר מאָנאטען. אין דזשולײַ, 1850, איז ער גע־שטאָרבען. דער וויים־פרעזידענט, פילמאָר, האָט פארנומען זיין פלאץ ביז'ן סוף פון טערמין.

קאַפּיטעל 19.

# די שקלאַפּען־סיסטעם אין דער סאוט.

פון איצט אָן, פון דעם יאָר 1850, פאַרנעמט די פראַגע פון שקלאַפּעריי דעם ערשטען פּלאַץ אין דער פּאָליטיק פון לאַנד. דער קאַמף צווישען די פרייע און די שקלאַפּען־שטאַטען ווערט אַלץ שאַרפער און ביטערער. די צוויי טיילען פון לאַנד פאַרנעמען ביסלאַכווייז זייערע פּאָזיציעס אונטער די פאָנען פון שקלאַפּעריי און אַנטי־שקלאַפּעריי, און די אַרמייען ווערען דורך יעדער נייער פּאַסירונג אין לאַנד, דורך יעדע נייע דעבאַטע אין קאָנגרעס, אַלץ ווייטער געשטויסען צו אַן אונפאַרמיידליכער מלחמה צווישען זיך, צו דעם בירגער־קריג, וועלכער האָט אויסגעבראָכען אין יאָר 1861.

איידער עס ווערט דערציילט די געשיכטע פון דעם פּאָליטישען און געזעלשאַפטליכען קאַמף צווישען די צוויי לאַנד־טיילען אין פאַרלויף פון די צען קריטישע יאָרען, איז נויטיג צו וואַרפען אַ בליק אויף דער פּאָליטישער, סאָציאַלער און עקאָנאָמישער אָרדענונג אין דער שקלאַפּישער סאוט.

אין אַלע שקלאַפּען־שטאַטען האָט די באַפעלקערונג געציילט אַרום 10 מיליאָן: 6 מיליאָן ווייסע, 3 מיליאָן נעגער־שקלאַפען און אַ פערטעל־מיליאָן פרייע נעגערס. צווישען די זעקס מיליאָן ווייסע האָבען ניט מער ווי איין דריטעל געהאַלטען שקלאַפען און געצויגען פּראָפיטען פון דעם שקלאַפּען־סיסטעם. די איבעריגע צוויי־דריטעל פון די ווייסע האָבען קיין נוצען ניט געהאַט פון דער שקלאַפּעריי. זיי זיינען, פאַרקערט, דורך דעם סיסטעם אַליין פאַראָרימט און פאַרשקלאַפּט געוואָרען אי פיזיש, אי גייסטיג. און אַפילו צווישען דעם דריטעל שקלאַפּען־אייגענטימער

זיינען געווען ניט מער ווי א קליין הייפעלע, ארום אכט טויזענד, וואס האבען געהאט צו פופציג שקלאפען אדער מער. די גרויסע מאיאריטעט האט געהאט ניט מער ווי צו פינף שקלאפען, און א גרויסע צאל האט פארמאגט ניט מער ווי צו איין שקלאף. אט די קליינע הייפעלע, די עטליכע טויזענד, וואס האבען געהאט צו פופציג שקלאפען און מער, זיי זיינען עס געווען די אריסטא־קראטיע פון דער סאוט. זיי האבען געלעבט אין לוקסוס, אין גלאנץ, אויף זייערע גרויסע פלאנטאציעס. ארום זיי האט זיך גרופירט די אינטעליגענץ פון דער סאוט און די הויכע געזעלשאפט אין די שטעט און שטעטלאך: די סוחרים, דאקטוירים, אד־וואקאטען, פאליטיקער. זיי האבען איבער דער סאוט געהערשט. די פאליטישע מאכט איז געלעגען אין זייערע הענט. זיי האבען גערעדט פאר דער גאנצער סאוט אין די רעגירונגס־זאלען אין וואשינגטאן. זיי האבען געשאפען די געזעלשאפטליכע פסיכאלא־גיע פאר דער גאנצער ווייסער באפעלקערונג פון דער סאוט.

די גרויסע מאסע פון די ווייסע אין דער סאוט האט געלעבט אין שרעקליכער ארימקייט און אונוויסענקייט. זיי האבען גע־טראגען דעם צונאמען „ארימע ווייסע" (פור ווהייט) אדער „ווייסער אפפאל" (ווהייט טרעש). די מאסע האט געזעצליך געהאט די זעלבע פאליטישע רעכט ווי די רייכע שקלאפען־האל־טער, אבער זייער מאטעריעלע לאגע איז געווען כמעט אזא שלעכ־טע, און זייער אונוויסענהייט כמעט אזא פינסטערע, ווי פון די נעגערס. די רייכע פלאנטאטארם האבען צעכאפט די בעסטע, פרוכטבארסטע לאנד. פאר די ארימע ווייסע זיינען פארבליבען די הארטע, אויסגעשעפטע שטיקלאך ערד, פון וועלכע זיי האבען זיך ניט געקענט ערנערען. שרייבט ראודס: „אין פארגלייך מיט די ארבייטער אויף די פארמס און אין די פאבריקען אין דער נארט זיינען די ווייסע מאסען אין דער סאוט געווען בעטלער; אן שום בילדונג, מאראליש געזונקען. אין ניו־ענגלאנד האבען די בהמות אויף די ארעמסטע פארמס געהאט בעסערע הײמען און בעסער צום עסען ווי די ווייסע מענשען אין דזשארדזשיא". די גרויסע מאסע ווייסע איז געווען אינגאנצען אויסגעשלאסען פון

דעם אינדוסטריעלען לעבען אין דער סאוט. די ארבייט איז גע־טאן געווארען פון די נעגערס. ווייסע זיינען באנוצט געווארען בלויז אלס אויפזעער איבער די נעגערס. די צאל, וואס איז פאר דעם צוועק באנוצט געווארען, איז, פארשטייט זיך, געווען אונבאדייטענד קליין. פאר די איבעריגע איז פשוט קיין ארט ניט געווען אין דעם אינדוסטריעלען געבוי פון דער דארטיגער געזעלשאפט.

„די ארימע ווייסע", — שרייבט ראודס, — „האבען געקוקט מיט קנאה אויף די רייכע שקלאפען־אייגענטימער... און דאך האט דער רייכער אריסטאקראט געווירקט אויף דער פסיכאלאגיע פון די ארימע ווייסע אזוי, אז די ארימע ווייסע האבען געפילט, אז זייערע אינטערעסען זיינען פארבונדען מיט די אינטערעסען פון דעם שקלאפען־אייגענטימער. ווען דער וואל־טאג איז אנגע־קומען, האבען די ארימע ווייסע, וועלכע האבען ניט געהאט ניט קיין געלט און ניט קיין שקלאפען, געשטימט אזוי ווי די פלאנ־טאציע־אייגענטימער האבען זיי געהייסען. ווען די אינטערעסען פון דער סאוט זיינען געווען אין געפאר, האבען די ארימע ווייסע זיי געשטיצט מיט זייערע שטימען. די אמטען זיינען פארנומען געווארען פון די שקלאפען־האלטער און זייערע מענשען. זעלטען ווען האט עס פאסירט, אז א מאן, וועלכער האט געארבייט מיט די הענט, זאל געשיקט ווערען אין קאנגרעס צו פארטרעטען די סאוט, אדער זאל ערוויילט ווערען צו א פראמינענטען שטאאט־אמט". די הייפעלע אריסטאקראטען האבען געקוקט מיט פאר־אכטונג אויף אט־דער גרויסע מאסע ווייסע, וואס האט זיי גע־געבען די מעגליכקייט צו הערשען. אין סאוט־קאראלאינא, שרייבט א היסטאריקער, האט די רעגירונג געטראכט וועגען טאן עפעס צו פארבעסערען די לאגע פון די ווייסע מאסען, אבער זי האט באשלאסען, אז עס איז פאר דער מאסע קיין האפענונג ניטא; אז זי איז פאראורטיילט צו פארבלייבען אויף אייביג פארזונקען אין אונוויסענהייט, ארימקייט און פארברעכען. אין א רעדע אין סענאט האט א סענאטאר פון די נארט ערקלערט: „200 טוי־זענד מענער, ווייס־הויטיגע, אין סאוט־קאראלאינא, זיינען איצ־

טער דעגראדירט און זיינען פארהאסט פון 30 טויזענד שקלאפען־האלטער". די גאנצע שקלאפען־סיסטעם איז אויפגעהאלטען גע־װארען פון א קליין הייפעלע אריסטאקראטען אין די אינטערעסען פון א קליין הייפעלע אריסטאקראטען.

און וואס איז מכח די שקלאפען גופא? וואס איז געוועז זייער לאגע אין דער סאוט? אט וואס ראודס שרייבט וועגען דעם:

„אמאל פלעגט מען זאגען, אז די נעגערס אין דער סאוט האבען פון זייערע באלעבאטים באקומען בעסער עסען, בעסערע קליידער און בעסערע וואוינונגען ווי עס האבען געהאט די אר־בייטער אין די פאבריק־שטעט אין דער נארט. די ערקלערונג איז דורכאויס פאלש. אין א באריכט פון דעם פינאנץ־מיניסטער ווערט געזאגט, אז אין 46 צוקער־פלאנטאציעס אין לואיזיאנא האט געקאסט אויסצוהאלטען א נעגער־שקלאף מיט עסען און קליי־דער א יאר צייט די סומע פון 30 דאלער. די קליידער האבען געקאסט 10 דאלער און דאס עסען 20 דאלער. דאס הייסט, א נעגער האט געגעסען פאר פינף־און־א־האלב סענט א טאג... די ארעסטאנטען אין די פריזאנס פון דער נארט האבען באקומען בעסערע און פארשיידענארטיגערע שפייז ווי די שקלאפען אין דער סאוט."

געארבייט האט דער נעגער־שקלאף זייער שווער. אין סאוט קאראלאינא איז געוועזן א געזעץ, אז מער ווי פופצען שטונדען א טאג זאל א שקלאף ניט ארבייטען, אבער דער געזעץ איז ניט אפגעהיט געווארען. אויף די קאטאן־פלאנטאציעס פלעגען די שקלאפען ארבייטען אין שניט־צייט זעכצען שטונדען א טאג און אויף די צוקער פלאנטאציעס פלעגען זיי געוויסע צייטען אין יאר ארבייטען אכצען שטונדען א טאג. די שקלאפען האבען געליטען שרעקליך פון די אויפזעער. די אייגענטימער פלעגען אליין אפט אוועקפארען אין שטאט, אדער זיך ערגעץ אמוזירען. די נעגערס האבען געארבייט אונטער דער אויפזיכט פון געדונגענע מענשען. איבערהויפט איז דאס געווען דער פאל אויף די גרויסע פלאנטא־ציעס. די אויפזעער זיינען געווען נידעריגע, ברוטאלע נפשות

און שכורים. וואָס מער ארבייט דער אויפזעער פלעגט פון דעם שקלאַף ארויספּרעסען, אַלץ מער איז דער אויפזעער ווערט געווען פאַר זיין באַלעבאָס. דער אויפזעער האָט געהאט אונטער זיך עטליכע געזונטע נעגערס, וואָס פלעגען שטיין איבער די אר־בייטער מיט גרויסע בייטשען אין די הענט און זיי טרייבען, זיי זאָלען אַרבייטען מיט מער חשק, מיט מער ענערגיע. אַן אויפ־זעער וואָס האָט געקראָגען די רעפּוטאציע, אז ער פּרעסט אויס אַ סך ארבייט פון די שקלאַפען, פלעגט קריגען אָנבאָטען פון פּלאַנ־טאציע־אייגענטימער; מען פלעגט זיך רייסען איבער אים. יעדער האָט אים געבאָטען אַ העכערען געהאלט. דאָס האָט געווירקט, אז יעדער אויפזעער זאָל זוכען צו איבערשטייגען דעם אַנדערען אין זיין ברוטאַליטעט געגען די נעגער־שקלאַפען.

פאַר'ן געזעץ האָבען די שקלאַפען־אייגענטימער און די אויפ־זעער ניט געהאט וואָס מורא צו האָבען. פון פּנים וועגען האָבען די שטאטען אין דער סאוט דורכגעפירט געזעצען, אז אויב אי־מעצער ערמאָרדעט אַ נעגער, אפילו זיין אייגענעם שקלאַף, קומט אים טויט־שטראַף. אָבער די געזעצען זיינען געווען אַ טויטער בוכשטאַב. ערשטענס, איז דערביי געווען אַ פּונקט, דאָס אין פאַל דער מאָרד ווערט באַגאַנגען, ווייל דער שקלאַף האָט זיך געשטעלט געגען זיין באַלעבאָס, איז עס קיין פאַרברעכען ניט. צווייטענס, איז דערביי געווען אַ צווייטער געזעץ, וואָס האָט גע־לויטעט, דאָס אַ נעגער טאָר ניט אויפטרעטען אַלס עדות געגען אַ ווייסען. די אַלע ווייסע, וואָס זיינען געווען אויף אַ פּלאַנטאציע, האָבען געהערט צו דעם באַלעבאָס' פאַמיליע אָדער זיי זיינען געווען זיינע געדונגענע מענשען, און קיינער פון זיי וואָלט ניט געגאַנגען עדות־זאָגען אין אַ מאָרד־פאַל. די אָבער, וואָס וואָלטען אפשר יאָ עדות געזאָגט, די נעגערס, האָט זיי דער געזעץ דערצו ניט באַרעכטיגט.

„די לאַגע פון די פרויען־שקלאַפען איז געווען אַ פּיל שווע־רערע ווי פון די מענער", — שרייבט ראודס. — „די פרויען האָ־בען געארבייט אין פעלד, גלייך מיט די מענער. אויסער דעם, האָט דער באַלעבאָס געפאָדערט פון זיי, זיי זאָלען האָבען וואָס

מער קינדער, כדי ער זאל האבען מער שקלאפען. די שוואנגערע נעגערטעס האבען געארבייט אביסעל לייכטער, אבער אויב זיי האבען זיך פארשולדיגט, אדער ניט ארויסגעגעבען די צאל אר־בייט וואס זיי האבען געדארפט, פלעגט מען זיי שמייסען גלייך מיט די איבעריגע. נאכ'ן קימפעט פלעגט מען זיי זיך לאזען אפרוען און דערנאך שיקען צוריק אין פעלד".

די גרעסערע צאל שקלאפען האבען געארבייט אין די קאטאן־פעלדער. די אייגענטימער פון די קאטאן־פלאנטאציעס האבען גע־מאכט ריזיגע פראפיטען. עס זיינען געווען פלאנטאציעס, וועלכע האבען איינגעטראגען זייערע באלעבאטים 100 טויזענד דאלער פראפיט. מאנכע פלאנטאטארס זיינען געווארען מיליאנערען. מאנכע האבען אויפגעבויט זייערע פארמעגענס אין פארלויף פון עטליכע יאר צייט. די פארשטייער פון דער סאוט האבען זיך בא־רימט, אז די סאוט איז רייכער ווי די נארט; אז די סאוט איז עקאנאמיש גערזינטער; אז די סאוט איז דער פונדאמענט פון דעם עקאנאמישען לעבען פון לאנד. און זיי האבען ערקלערט אז דאס האט די סאוט און דאס גאנצע לאנד צו פארדאנקען דעם שקלאפען־סיסטעם. די נאכפראגע אויף קאטאן פון דער וועלט איז געוואקסען, און די סאוט האט געזוכט די נאכפראגע צו בא־פרידיגען. „א רייזענדער וואס איז דורכגעפארען די סאוט", — שרייבט ראודס, — „האט איבעראל געהערט ריידען בלויז וועגען צוויי זאכען: דער פרייז פון קאטאן און דער פרייז פון שקלא־פען".

דער פרייז פון שקלאפען איז געווען ווירקליך א זייער הויכער אין די 50־ער יארען. א גוטער פעלד־נעגער איז ווערט געווען פון טויזענד ביז 15 הונדערט דאלער. די סאוט האט אנגעפירט א גרוי־סען האנדעל מיט די נעגער־סחורה. אין די דריי שטאטען — מערילאנד, ווירדזשיניא און קענטאקי, — איז אימער געווען אן איבערפלוס פון שקלאפען. דארט איז ניט געווען גענוג ארבייט אויף די פעלדער, כדי אריינצונעמען דעם יערליכען צוואוואוקס פון דער נעגער־באפעלקערונג. פלעגען די באלעבאטים דעם אי־בערפלוס פארקויפען צו די פלאנטאטארס פון די שטאטען, וואס

ליגען נידעריגער אין דער סאוט און ווייטער צו דער וועסט. אין לואיזיאנא, אויף די צוקער־פלאנטאציעס, פלעגען שטענדיג אויספעלען שקלאפען. די ארבייט דארט איז געווען אזוי שווער, אז עס פלעגען דארט שטארבען מיט צוויי־און־א־האלב פראצענט מער, ווי עס פלעגן צוקומען פון נאטירליכען צואוואוקס אין די נעגער־פאמיליעס. אויף די קאטאן־פעלדער פלעגען אויך אימער פעלען הענט. מיט דער צייט האט זיך ענטוויקעלט א סיס־טעם, אז די שטאטען אין דעם נארדליכען טייל פון דער סאוט האבען פראדוצירט שקלאפען פאר די שטאטען אין דעם זידליכען טייל פון דער סאוט. יעדען יאר פלעגען פארקויפט ווערען 25 טויזענד נעגערס פון די שקלאפען־רייכע שטאטען צו די איבע־ריגע שטאטען. אין ווירדזשיניא האבען די נעגער־אייגענטימער באטראכט זייערע נעגער־פרויען אזוי ווי בהמות, וואס מען האלט אויף צו האבען קעלבער. א היסטאריקער דערציילט, אז א שקלא־פען־אייגענטימער אין ווירדזשיניא האט זיך פאר אים בארימט, אז זיינע נעגערטעס זיינען גרויסע בריות אויף צו האבען א סך קינדער. „אויף מיין פלאנטאציע,‟ — האט ער געזאגט, „ווערען די בייבים געבוירען שנעלער ווי אויף אנדערע פלאנטאציעס, און יעדע נעגער־בייבי איז דאך ווערט 200 דאלער; מען קויפט זיי אפ אזוי שנעל ווי זיי ווערען נאר געבוירען‟. מאנכע שקלאפען־אייגענטימער פלעגען קויפען נעגערטעס בלויז אויף צו האבען קינ־דער. דאס איז געווען זייער געשעפט. זיי פלעגען די בייבים פארקויפען, אזוי ווי מען פארקויפט יונגע שעפסען אדער קעל־בער. אין די צייטונגען פון יענע יארען קען מען לעזען אנאנסען מיט די פאלגענדע ווערטער: „איך האב צו פארקויפען א נעגער־שקלאפין, וועלכע איז זייער פרוכטבאר; זי האט זייער אפט קינדער‟.

דער געזעץ אין אלע שקלאפען־שטאטען, אויסער לואיזיאנא, האט ערלויבט דעם באלעבאס אוועקצורייסען איבער־גוואלד מענער פון זייערע פרויען און קינדער פון זייערע עלטערען. די הייראט פון נעגערס איז ניט אנערקענט געווארען געזעצליך, און אפילו די הייליגע קירכע האט עס ניט אנערקענט. ווען א פארהייראטע

נעגער־שקלאפין איז פארקויפט געווארען צו אן אנדער באלעבאס, האט יענער איר געמעגט חתונה מאכען מיט אן אנדער נעגער. קיין גט פון ערשטען מאן האט זי ניט געדארפט. א פארבאנד פון דער פאפסטישער קירכע האט ערקלערט, אז ווען א נעגער מיט זיין פרוי ווערען פארנאנדערגעשיידט דורך זייערע באלעבאטים, איז עס „אין גאט'ס אויגען" פונקט אזוי ווי איינער פון זיי וואלט געשטארבען, און דערפאר מעגען זיי ביידע הייראטען איבער־א־נייעס.

דער האנדעל מיט נעגער־שקלאפען איז אנגעפירט געווארען אויף דעם זעלבען שטייגער ווי דער האנדעל מיט אקסען אדער מיט פערד. מען פלעגט זיי פארקויפען אויף עפענטליכע מארקעטס אין אקשאן. דער הענדלער פלעגט ברענגען צופירען אויפ'ן מארק זיין סחורה, אפט גאנצע נעגער־פאמיליעס, און פלעגט זיי פאר־קויפען איינציגווייז צו די, וואס האבען אנגעבאטען דעם העכ־סטען פרייז. אפט פלעגט א נעגער־פאמיליע פון א מאן מיט א פרוי און עטליכע קינדער פארקויפט ווערען צו פארשיידענע בא־לעבאטים. ווי פלעגט דאס ווירקען אויף די נעגער־פאמיליעס? פלעגען זיי שטארק ליידען דערפון, וואס מען האט זיי צוריסען? וועגען דעם זיינען פאראן פארשיידענע באריכטען פון רייזענדע און אויספארשער, וועלכע האבען די אקשאנס אליין באזוכט און די סצענעס אליין בייגעוואוינט. אין מאנכע פון די באריכטען ווערט דערציילט, אז די ליידען פון די מוטערס און קינדער, וואס זיינען איינע פון די אנדערע אפגעריסען געווארען, זיינען געווען שרעקליך. אנדערע באריכטען דערציילען פונקט פארקערט: אז די נעגערס זיינען געווען גלייכגילטיג; אז ניט די מאמעס, און ניט די קינדער, האבען זיך געקימערט, וואס מען שיידט זיי אפ איינע פון די אנדערע. ראודס ציטירט דעם פאלגענדען באריכט, וואס א צייטונג אין פענסילווייניא האט געדרוקט אין דעצעמבער, 1848 (דער באריכט איז פון אן אקשאן סעיל אין ווירדזשיניא): „ווען די נעגערס האבען אויסגעפונען, אז מען וויל זיי פארקויפען, איז זייער הארצווייטאג געווען אונבאשרייבליך. א מוטער האט געשריען מיט פארצווייפעלטען ווייטאג, בשעת מען האט פאר־

קויפט איר זון. די גאנצע צייט וואס דער פארקויף איז אנגעגאנגען, איז דער מארק פארהילכט געווארען פון דעם געוויין און דעם קלאגען וואס האט צוריסען דאס הארץ". פארקערט אבער דערציילט א רייזענדער, א געגנער פון שקלאפעריי, אן ענגלישער שרייבער, טשיימבערס, וואס האט בייגעוואוינט א סעיל אין ריטשמאנד, ווירדזשיניא. ער זאגט, אז ער איז איבעראשט געווארען פון דער גלייכגילטיגקייט פון די אונגליקליכע: „מען האט פארקויפט א נעגער־פרוי מיט אירע דריי קינדער, אלע מיידלאך. איינע פון די קינדער איז געווען אן עופה׳לע פון דריי מאנאטען. די אנדערע זיינען געוועזן צוויי און דריי יאר אלט. איך האב ניט באמערקט קיין איין טרער, קיין שום געפיל־באוועגונג אין קיינעם פון זיי". טשיימבערס דערציילט ווייטער, אז ער האט גערעדט מיט דער פרוי. זי האט אים דערציילט, אז מיט דריי טעג פריער האט מען ביי איר צוגענומען איר מאן און אז איר הארץ איז שיר ניט צעריסען געווארען פון דעם געדאנק אז זי וועט אים שוין קיינמאל מער ניט זען.

ווארשיינליך זיינען ביידע באריכטען ריכטיג. אין מאנכע פאלען זיינען די פאמיליעס געוועזן שטארקער צוגעבונדען איינע צו די אנדערע, און אין אנדערע ווייניגער, און דערפאר איז דאס ליידען פון צוריסענע פאמיליעס געוועזן גרעסער און שטארקער אין מאנכע פאלען ווי אין אנדערע.

די צייטונגען אין דער סאוט זיינען פול געוועזן מיט אנאנסען וועגען „נעגער־סחורה". א פירמע אין נאטעזש, מיסיסיפי, אנאנסירט: „יעדע וואך באקומען מיר א פרישען סטאק נעגערס צום פארקויפען". א צווייטע פירמע אנאנסירט „מיר האבען ערשט באקומען ניינציג נעגערס פון ריטשמאנד, ווירדזשיניא. מיר האבען אויך צו פארקויפען א גוטען פערד". א צייטונג אין ניו־ארלינס אנאנסירט צו פארקויפען א טראנספארט „פרומע נעגערס". אין א צייטונג אין ריטשמאנד איז איין מאל ערשינען אזא אנאנסע: „ווער וויל 35 טויזענד דאלער? איך וויל ווידמענען די איבעריגע יארען פון מיין לעבען אויף צו פרעדיגען

רעליגיע אַלס מיסיאָנער. דערפאַר וויל איך פאַרקויפען מיין פארם און אויך פערציג נעגערם, די מערסטע פון זיי יונגע און גוטע".

עס מוז אָבער געזאָגט ווערען, אז שקלאַפען־האַנדעל איז אַפילו אין דער סאוט באַטראַכט געוואָרען אַלס אַ מיאוס'ע און נידעריגע פּרנסה. אַלע האָבען אויף דעם שקלאַפען־הענדלער גע־קוקט מיט פאַראַכטונג. מען האָט טאַקע מיט איהם געהאַנדעלט, אָבער זיין געזעלשאַפט האָבען אַלע אויסגעמידען. עס האָט גע־הערשט אַ געפיל, אַז מענשען וואָס נעמען זיך צו דער פּרנסה, מוזען זיין פאַרדאָרבען פון דער נאַטור.

אין פילע שטאַטען פון דער סאוט האָט דער געזעץ פאַר־באָטען צו לערנען שקלאַפען לעזען און שרייבען. דאָס איז געווען דערפאַר ווייל די באַלעבאַטים האָבען מורא געהאַט, אַז די אַבאָ־לישאָניסטען וועלען פאַרשפּרייטען צווישען די שקלאַפען זייער „אויפהעצענדע ליטעראַטור". די באַלעבאַטים זיינען אויך געווען מיט דער מיינונג, אַז אַ געבילדעטער שקלאַף אַרבייט מיט וועני־ניגער איבערגעבענהייט ווי אַ ניט־געבילדעטער. אין דעם האָבען זיי געוויס רעכט געהאַט. די פראַגע פון לערנען די שקלאַפען רע־ליגיע איז פאַר די באַלעבאַטים געווען זייער אַ שווערע. אין דער סאוט זיינען די ווייסע דאַמאָלסט, אַזוי ווי איצטער, געווען זייער פרום. אַ פרומער קריסט מוז דאָך זען ראַטעווען די נשמה פון יעדען, אויף וועמען ער האָט נאָר אַן אייפלוס. פרעדיגען רעליגיע, קריסטליכקייט, צו די שקלאַפען האָבען זיי אָבער מורא געהאַט. די רעליגיע רעדט דאָך עפּעס וועגען ליבע, גערעכטיגקייט און יושר צו גאָט'ס קינדער. קען דאָך דאָס ווירקען, אַז די שקלאַפען זאָלען נעמען טראַכטען וועגען יושר און גערעכטיגקייט אויך פאַר זיך. דערצו מוזען דאָך גאָטעס־דינסטען געפירט ווערען אין גע־מיינדעס, און די שקלאַפען־אייגענטימער האָבען ניט געוואָלט גע־בען די נעגערס אַ מעגליכקייט זיך צו פאַרזאַמלען אין גרופּען. האָבען מאַנכע באַלעבאַטים טאַקע זייערע שקלאַפען קיין רעליגיאָן ניט געלערענט. אַנדערע האָבען זיי יע געמאַכט פאַר קריסטען. זיי האָבען אָבער אַכטונג געגעבען, ווער עס פרעדיגט פאַר זיי און וואָס ער פרעדיגט. ווען די נעגערס פלעגען זיך פאַרזאַמלען

אויף גאָטעס־דינסט, איז דאָרט אימער געווען אַ ווייסער, וואָס האָט געהיט, מען זאָל חס שלום ניט ריידען קיין אפיקורסות געגען דעם שקלאַפען־סיסטעם. אין פיל געגענדען האָבען די ווייסע גלחים געפּרעדיגט פאַר די נעגערס ביי זייער גאָטעס־דינסט, און די גלחים פלעגען אַלס זייערע טעמעס נעמען דעם פסוק אין דער ביבעל, וואָס זאָגט, אַז אַ שקלאַף מוז פאָלגען זיין באַלעבאָס. די גלחים האָבען פאַרזיכערט די שקלאַפען, אַז אויב זיי וועלען זיין טריי צו די באַלעבאַטים, וועלען זיי האָבען עולם־הבא. די גלחים האָבען זיי אויך באַוויזען מיט פסוקים פון דער ביבעל, אַז גאָט וויל, זיי זאָלען זיין שקלאַפען ביי די ווייסע. אַ סימן, אַז ער האָט זיי געגעבען אַ שוואַרצע הויט און פאַרהאַרטעוועטע הענט.

אָבער טראָץ דעם, וואָס די נעגערס זיינען געהאַלטען געוואָרען אין אונוויסענהייט און באַהאַנדעלט געוואָרען ווי חיות, האָבען די פרויען־שקלאַפען אָפט געבוירען קינדער מיט בלייכע, האַלב־ווייסע פנים׳ער. דער פאַרקער צווישען די באַלעבאַטים און זייערע שקלאַפען־פרויען און מיידלאַך איז געווען אַ גאָר געוויינליכע ערשיינונג אין די העכסטע אַריסטאָקראַטישע פאַמיליעס. די פרויען־שקלאַפען פלעגען עס באַטראַכטען פאַר אַ כבוד צו האָבען אַ קינד פון דעם באַלעבאָס. געליטען דערפון האָבען אָבער די ווייסע פרויען. „אַ פלאַנטאַטאָרס פרוי איז ניט מער ווי די הויפּט־שקלאַפין אין זיין האַרעם", — האָט אַן אינטעליגענטע דאַמע פון דער סאוט אַמאָל ערקלערט. די שוועסטער פון פרעזידענט מעדיסאָן האָט דעם זעלבען געדאַנק אויסגעדריקט מיט די ווערטער: „מיר, די דאַמען פון דער סאוט, זיינען ניט די ווייבער פון אונזערע מענער. מיר זיינען די אויפזעהערינס פון זייערע האַרעמס". אַ היסטאָריקער, וועלכער איז דורכגעפאָרען די סאוט שרייבט: „עס איז ניטאָ קיין איין נעגערטע, אויב זי זעט נאָר אויס שיין, אַז זי זאָל ניט זיין די מעטרעסע פון אַ ווייסען מאַן. עס איז ניטאָ קיין איין אַלטע פלאַנטאַציע, וואו די אייניקלאַך פון באַלעבאָס ווערען ניט געשמיסען אין פעלד פון דעם אויפזעער׳ס בייטש".

די מולאטקעס, וואס זיינען געבוירען געווארען פון שווארצע שקלאפען און ווייסע באלעבאטים, זיינען אפט געווען זייער שיינע. פלעגט פאסירען, אז די באלעבאטים פלעגען זיי פארקויפען פאר אונאנשטענדיגע צוועקען. אט זיינען א פאר פאלען, דערציילט אין ראוד'ס געשיכטע: „א באפרייטע נעגערטע האט פאראינ־טערעסירט גוטהערציגע מענשען, זיי זאלען אויסקויפען איר מו־לאטע טאכטער פון שקלאפעריי. די מולאטקע האט באלאנגט צו א שקלאפען־הענדלער. די גוט־הערציגע מענשען האבען אים גע־שריבען א בריף און אים אנגעפרעגט, וויפיל ער וויל פאר דער מיידעל. זיין ענטפער איז געווען: זי איז איינע פון די שענסטע מולאטקעס אין דעם גאנצען געגענד. איך האב עטליכע אנבאטען פון הערען אין דער סאוט. איך קען איר דערפאר ניט פאר־קויפען פאר ווייניגער ווי 18 הונדערט דאלער". אט איז א צווייטער פאל: אן אריסטאקראטישע און ראפינירטע דאמע פון דער סאוט האט דערציילט: זי האט געהאט א שקלאפין א שיינע מולאטקע. א יונגערמאן איז געקומען צו דער דאמע אויף באזוך און די מולאטקע איז אים געפעלען געווארען. יענע האט אים אבער פון זיך אפגעשטויסען. ער איז אוועקגעפארען. אין עט־ליכע וואכען ארום איז ער צוריקגעקומען און ערקלערט דער דאמע, אז ער מוז די מולאטקע האבען, ער קען אן איר ניט לעבען. האט די דאמע מיט אים מיטלייד געהאט און אים פארקויפט די מולאטקע פאר 15 הונדערט דאלער.

דער פראפעסיאנעלער שקלאפען־הענדלער און די ראפינירטע דאמע האבען געטאן די זעלבע זאך. זיי האבען זייערע שיינע מולאטקעס פארקויפט אדער געוואלט פארקויפען פאר מעטרעסען צו ווייסע אריסטאקראטען. אין דער סאוט איז דאס געווען א גאנץ נאטירליכער האנדעל.

דער שקלאפען־סיסטעם איז געווען א קללה ניט נאר פאר די שקלאפען, ניט נאר פאר די ארימע מאסען, נאר אפילו פאר דעם קליינעם הייפעלע רייכע אריסטאקראטען. די סאוט איז געווען גייסטיג צוריקגעשטאנען. בלויז מיט אירע אדוואקאטען און פא־ליטיקער האט די סאוט זיך אויסגעצייכענט. אויף אלע אנדערע

גייסטיגע געביטען איז די סאוט געווען כמעט ווי אינגאנצען פאר־ראליזירט. זי האט ניט ארויסגעגעבען קיין איין איינציגען דיכ־טער אדער דענקער, קיין איין וויכטיגען היסטאריקער, אדער וויסענשאפטסמאן, אדער שריפטשטעלער.

„די גרויסע מאיאריטעט שקלאפען־הענדלער", — שרייבט ראודס, — „זיינען געווען אונקולטורעל. א רייזענדער, וואס איז דורכגעפארען א גרויסען טייל פון די רייכע פלאנטאציעס, האט דערציילט אז ער האט דארט אין ערגעץ ניט געזען קיין פיאנא, אדער מוזיק־נאטען, אדער שעקספיר'ס ווערק, אדער א קאפיע פון א קונסט־ווערק פון אירגענד וועלכען ווערט".

די פארשטייער פון דער סאוט האבען געזוכט צו באווייזען, אז זייערע שטאטען זיינען עקאנאמיש אין א בעסערען צושטאנד ווי די שטאטען פון דער נארט. „ווי פאלש דאס איז, — שרייבט ראודס, — באווייזען די צוויי פאקטען: די אויסוואנדערונג פון די שקלאפען־שטאטען נאך די פרייע שטאטען איז געווען א פיל גרעסערע ווי דאס אריבערקלייבען־זיך פון מענשען פון די פרייע שטאטען נאך די שקלאפען־שטאטען. צווייטענס, האט די נארט אריינגענומען די ארבייטער־אימיגראנטען, וואס זיינען אהער געקומען פון אייראפא, בעת די סאוט האט פאר זיי קיין פלאץ ניט געהאט.

די פארשטייער פון דער סאוט האבען אויך געזוכט צו באַ־ווייזען, אז דער שקלאפען־סיסטעם איז מאראליש בארעכטיגט. אין אנהויב 19־טען יארהונדערט האט די סאוט צוגעגעבען, אז מאראליש איז שקלאפעריי אן אונרעכט. זיי האבען זיך נאר פאר־ענטפערט, אז עקאנאמיש איז שקלאפעריי פאר איר א נויטווענ־דיגקייט. איצט אבער האט די סאוט איר שטעלונג געענדערט. זי האט גע'טענה'ט, אז שקלאפעריי איז גאר א מצוה; אז שקלא־פעריי איז א געזעץ פון דער נאטור און א געבאט פון גאט אליין. די מיינונג האט אויסגעדריקט און פארטיידיגט די גאנצע אינ־טעליגענץ פון דער סאוט: די שטאטסלייט, די שריפטשטעלער, די גלחים, די ריכטער, די פראפעסארען. אין דער פרעסע פון דער סאוט זיינען געדרוקט געווען הונדערטער ארטיקלען פון די

אלע קלאסען מענשען, און וועלכע דער שטאנדפונקט איז אויסגע־דריקט געווארען.

די שרייבער האבען ערקלערט, אז די סאוט וועט אן שקלא־פעריי ניט קענען עקזיסטירען. „אין ווירדזשיניא אליין", — האט א קאלעדזש־פראפעסאר געשריבען, — „שטעלען די שקלא־פען מיט זיך פאר א פארמעגען פון 100 מיליאן דאלער. אויב איר וועט די שקלאפען באפרייען, וועט ווירדזשיניא פארוואנדעלט ווערען אין א מדבר". א קאנגרעסמאן פון לואיזיאנא האט איין מאל אויסגעשריען אין קאנגרעס: „אויב איר, אין דער נארט, האלט, אז עס איז דא אן אונטערשייד צווישען א נעגער און א פערד, דאן קען די סאוט מיט אייך ניט זיין פארבונדען אין איין פאלק!" די שרייבער האבען זיך געשטיצט אויף דער ביבעל. דארטען שטייט דאך געשריבען, אז די אידען מעגען קויפען שקלאפען און מעגען האלטען שקלאפען. דאס באווייזט, אז גאט וויל, אז שקלאפעריי זאל עקזיסטירען. זיי האבען אויך אנגעוויזען אויף דעם, אז יעזוס האט קיין ווארט ניט געזאגט געגען שקלאפעריי, כאטש אין זיין צייט האט שקלאפעריי עקזיס־טירט. דזשעפערסאן דייוויס, איינער פון די וויכטיגסטע סענא־טארען פון דער סאוט, האט אין א רעדע אויסגעשריען: „גאט האט באפוילען, אז שקלאפעריי זאל זיין אויף דער וועלט". ער האט זיך פאררופען אויף דעם פסוק אין חומש: „פארשאלטען זאל זיין דער זון פון חם, ער זאל זיין א קנעכט צו זיינע ברי־דער; געבענשט זאלען זיין שם און יפת און ער זאל זיין זייער קנעכט".

שרייבען אדער ריידען געגען שקלאפעריי האט מען אין דער סאוט ניט געטארט. אנטי־שקלאפעריי־צייטונגען און ביכער זיי־נען אונטערדריקט געווארען. די סאוט האט געלעבט אין שטענ־דיגען שרעק פאר אן אויפשטאנד פון די נענערס, און אויף דעם גרונט איז פארבאטען געווארען יעדער פארזוך צו פארשפרייטען אנטי־שקלאפעריי־געדאנקען. די רעגירונגס־בעאמטע אין יענע שטאטען האבען גע'טענה'ט, אז אזא אגיטאציע קען ווירקען אלס אן אויפהעצונג צו אן אויפשטאנד און צו טעראריסטישע אקטען

פון די שקלאפען. דזשאן רענדאלף, איינער פון די וויכטיגסטע פירער פון ווירדזשיניא אין קאנגרעס, האט ערקלערט: „איך רייד פון פאקטען. איך זאג אייך, אז יעדען מאל ווען דער פייער־גלאק קלינגט אין ריטשמאנד, דריקען די צושראקענע מו־טערס זייערע קינדער צום הארצען, ווייל זיי ריכטען זיך אויף א שחיטה". די פרויען אין דער סאוט האבען געלעבט אין שטענ־דיגער מורא פאר די נעגערס. די מענער האבען זיך אויך קיינ־מאל ניט געפילט זיכער. א שרייבערין דערציילט: „מיר האט געזאגט א פראמינענטער שטאטסמאן פון דער סאוט, אז ער גייט קיינמאל ניט שלאפען ביינאכט איידער ער אונטערזוכט ניט פארזיכטיג זיינע רעוואלווערען און זיין ביקס, וועלכע ער האלט לעבען בעט. ער איז אימער גרייט פאר אן אנפאל פון די נעגערס".

אין לאנד זיינען אין 1850 געווען ארום א האלבען מיליאן פרייע נעגערס. א העלפט פון זיי האבען געוואוינט אין דער סאוט און א העלפט אין דער נארט. אין דער נארט זיינען די נעגערס באפרייט געווארען דורך די שטאט־געזעצען; אין דער סאוט פלעגען מאנכע נעגערס זיך אליין אויסקויפען. אנדערע האבען די באלעבאטים אליין באפרייט. עס האט אויך פאסירט, אז די שטאט־רעגירונגען אין דער סאוט האבען באפרייט געוויסע נעגערס אלס באלוינונג פאר נאבעלע אויפטואונגען אדער געזעל־שאפטליכע פארדינסטען.

די לאגע פון די פרייע נעגערס איז געווען זייער א שווערע סיי אין דער סאוט, סיי אין דער נארט. אומעטום האט מען אויף זיי געקוקט ווי אויף נידעריגערע באשעפענישען. פאר דער קלענסטער קלייניגקייט פלעגט מען זיי ארעסטירען און ארייננואר־פען אין פריזאן. די קינדער זייערע האט מען ניט ארייננגע־לאזען אין סקול פון ווייסע קינדער. זיי האבען ניט געטארט אויפטרעטען אלס עדות נעגען א ווייסען. דער בארימטער פראנ־צויזישער שרייבער טאקוויל, וועלכער האט באזוכט אמעריקא אין יענע יארען, שרייבט: „די פאראורטיילען געגען די נעגערס זעען אויס צו זיין שטארקער אין די שטאטען, וואו שקלאפעריי

איז אָפּגעשאַפט, איידער דאָרט, וואו שקלאַפעריי עקזיסטירט. מען לאָזט זיי ניט אריין אין אַ טעאַטער; אין אַ האָספּיטאַל לייגט מען זיי באַזונדער; און כאָטש מען ערלויבט זיי צו דינען דעם זעלבען גאָט, צווינגט מען זיי דאָס צו טאָן אין באַזונדערע קירכען".

אין דער סאוט האָט מען די פרייע נעגערס ניט געוואָלט אינגאַנצען האָבען. אין מאַנכע פון די דאָרטיגע שטאַטען זיי־נען זאָגאַר געווען געזעצען, אַז אַ נעגער, וועלכער ווערט באַ־פרייט, מוז גלייך אַרויספאָרען. זיי האָבען ניט געטאָרט אָפּ־האַלטען פאַרזאַמלונגען אָדער לערנען איינע די אַנדערע שרייבען און לעזען. איין זאַך האָט מען זיי יע ערלויבט: צו האָבען אייגענטום, — און מאַנכע פון די פרייע נעגערס זיינען גע־וואָרען גאַנץ רייך. עס זיינען געווען פאַלען, ווען פרייע נעגערס האָבען אַליין געקויפט נעגער־שקלאַפען. אין טשאַרלסטאָן, סאוט־קאַראָלאַינא, האָט אַ פרייער נעגער געהאַט איבער פופציג נעגער־שקלאַפען.

אין איין הינזיכט איז דער פרייער נעגער אין דער סאוט געווען אין אַ בעסערע לאַגע ווי דער פרייער נעגער אין דער נאָרט. אין דער סאוט האָט ער געקענט ווערען אַ בעל־מלאכה, — אַ שניידער, אַ שוסטער, אַ סטאָליער. אין דער נאָרט האָט מען אים צו די בעסערע פאַכען ניט צוגעלאָזען. אין דער סאוט האָט דער פרייער נעגער געהאַט אַ בעסערע מעגליכקייט אַ לעבען צו מאַכען ווי אין דער נאָרט.

פרייע נעגערס אָדער באַפרייטע נעגערס זיינען געווען אין שטענדיגער געפאַר ווידער אריינצופאַלען אין שקלאַפעריי. אמאָל פלעגט עס געטאָן ווערען אויף אַ „געזעצליכען" אופן, אָפטער דורך געוואַלט. „געזעצליך" פלעגט דאָס צו גיין אזוי: נאָכדעם ווי דער באַלעבאַס, וואָס האָט דעם נעגער באַפרייט, איז געשטאָר־בען, זיינען די יורשים געגאַנגען אין געריכט און געפאָדערט, אַז די באַפרייאונג זאָל ערקלערט ווערען פאַר ניט גילטיג. זיי פלעגען שוין געפינען אַ טעכניש דריידעל פאַר אַזאַ פאָדערונג, און די רעגירונג פלעגט אין אַזאַ פאַל גיכער ענטשיידען צו גונס־

טען די ווייסע יורשים. עס זיינען געווען פאלען, ווען נעגער־פאמיליעס, וואס האבען צענדליגער יארען געלעבט פריי, זיינען ווידער אריינגעווארפען געווארען אין שקלאפעריי.

די גוואלט־מעטאדע איז געווען א פשוט'ע: מען פלעגט כאפען א פרייען נעגער און אים פארקויפען פאר א שקלאף. וואס האט ער געקאנט טאן? שרייען, אז ער איז א פרייער? האט אים קיינער ניט געהערט. איידער ער האט זיך מיט זיין קלאגע צוגעשלאגען צו גוט־הערציגע ווייסע מענשען, וואס זיינען פאר אים געגאנגען אין געריכט און אויסגעקעמפט פאר אים זיין פרייהייט, האט געדויערט יארען. און זייער אפט האט ער זיין ציל קיינמאל ניט דערגרייכט.

מען פלעגט אויך פארקויפען פאר שקלאפען פרייע נעגערס, וואס זיינען אין געריכט באשטראפט געווארען מיט א געלט־שטראף, און זיי האבען קיין געלט ניט געהאט צו באצאלען. אין מערילאנד איז געווען א געזעץ, אז אויב א פרייער נעגער איז אהין אריינגעפארען פון אן אנדער שטאט, האט די רעגירונג גע־האט א רעכט אים צו ארעסטירען און פארקויפען פאר א שקלאף. אין וואשינגטאן האט מען יארען לאנג געטאן עטוואס ענליכעס: ווען די שטאט־בעאמטע פלעגען דארט כאפען א פרעמדען נעגער, פלעגען זיי אים ארעסטירען אלס אן אנטלאפענעם שקלאף. דאן פלעגען זיי אנאנסירען אין א צייטונג, אז זיין באלעבאס זאל זיך אפרופען. אויב קיינער איז נאך אים ניט געקומען, פלעגען די בעאמטע אים פארקויפען פאר א שקלאף, כדי צו דעקען די הוצאות פאר דער צייט, וואס די שטאט האט אים געהאלטען ארעסטירט.

די לאגע פון די פרייע נעגערס איז געווען אזוי שלעכט, אז עס האבען פאסירט פאלען, ווען פרייע נעגערס האבען זיך אליין אנגעבאטען פאר שקלאפען.

## קאַפּיטעל 20

# „די פינף בלוטענדע וואונדען".

פינף פראַגען אין פאַרבינדונג מיט שקלאַפעריי זיינען גע־שטאַנען פאַר'ן פאָלק, ווען פּרעזידענט טעילאָר איז אריין אין אמט. יעדע פון די פראַגען איז געווען אַ ברענענדיגע. אי די סאוט, אי די נאָרט, האָבען געפאָדערט, אז דער נייער קאָנ־גרעס און די נייע אדמיניסטראציע זאָלען אויף זיי געבען אַ פּאָ־זיטיווען ענטפער. הענרי קלעי האָט די פראַגען באַצייכענט אַלס די „פינף בלוטענדע וואונדען". אָט זיינען זיי:

1) קאַליפאָרניא. — זייט די פאַראייניגטע שטאַטען האָט אָפּגענומען קאַליפאָרניא ביי מעקסיקאָ, איז די טעריטאָריע גע־שטאַנען אונטער מיליטערישער הערשאַפט. קיין אייגענע רעגירונג האָט די טעריטאָריע ניט געהאַט. עס זיינען ניט געווען קיין גע־ריכטען; עס האָבען געפעלט נויטיגע געזעצען צו רעגולירען דעם געלאַף און די כאַפעניש אויף לאַנד און די יאָגעניש נאָך גאָלד. אין דעם יאָר 1849 זיינען אַהין אַנגעלאָפען 80 טויזענט פרעמדע מענשען, אַ סך פון זיי געוועזענע פאַרברעכער, אויסוואורפען, בויאַנעס. יעדערער האָט געטאָן, וואָס ער האָט געוואָלט. שרייבט ראָודס: „אַלע זיינען אַרומגעגאַנגען באַוואַפענטע. געשלעגען פון שכורים זיינען געווען אַ געוויינליכע ערשיינונג. אינדיאַנער זיי־נען אָפט באַפאַלען די ווייסע ישובים און צוגע'גנב'עט די פערד און די קי. מאַנכע געגענדען זיינען געווען זומפען פון שכרות און הולטאַיסטווע. רויבער־באַנדעס פלעגען לויערען אויף די מאַין־גרעבער. מאָרדען זיינען פאָרגעקומען אָפט און גנבים פלעגען געלינטשט ווערען פון די מאָבס". דער ערליכער טייל פון דער באַפעלקערונג האָט געפאָדערט פון וואַשינגטאָן, אז מען זאָל זיי

ערלויבען צו אָרגאַניזירען אַ רעגירונג. ווי עס איז שוין דערציילט געוואָרען אין אַ פריערדיגען קאַפּיטעל, האָט די באַפעלקערונג אָפּגעהאַלטען אַ קאָנווענשאָן, אויסגעאַרבייט אַ קאָנסטיטוציע און געגרינדעט אַ רעגירונג. אין דער קאָנסטיטוציע איז איינגעשריבען געוואָרען דער פּונקט, אַז שקלאַפּעריי זאָל זיין פאַרבאָטען אין קאַליפאָרניא. מיט דער קאָנסטיטוציע האָט זיך קאַליפאָרניא געווענדעט צום קאָנגרעס, ער זאָל זי אריינעמען אלס אַ שטאַט. די סאוט האָט, פאַרשטייט זיך, ניט געוואָלט, אז קאַליפאָרניא זאָל ווערען אַ פרייער שטאַט. זי האָט ניט געוואָלט דערלאָזען, אז די מאַכט פון די נאָרט זאָל אין קאָנגרעס שטאַרקער ווערען.

2) ניו־מעקסיקא און יוטא. — אַלס רעזולטאַט פון דער מעקסיקאַנער מלחמה האָבען די פאַראייניגטע שטאַטען צוגעקראָגען די צוויי שטיקער לאַנד — ניו־מעקסיקאָ און יוטא. די באַפעלקערונג דאָרט איז ניט געווען גרויס גענוג, אַז די טעריטאָריעס זאָלען קענען ווערען שטאַטען. מען האָט דאָרטען, אַלזאָ, געדאַרפט אָרגאַניזירען טעריטאָריאַלישע רעגירונגען, דאָס הייסט, לאָקאַלע רעגירונגען, קאָנטראָלירט פון וואשינגטאָן. די נאָרט האָט געפאָדערט, אַז אין די צוויי טעריטאָריעס זאָל שקלאַפּעריי זיין פאַרבאָטען. די טענה אירע איז געווען, אַז אין יענע טעריטאָריעס איז שקלאַפּעריי פריער שוין געווען פאַרבאָטען (אין מעקסיקא איז שקלאַפּעריי אָפּגעשאַפט געוואָרען). אלזאָ, וואָלט עס געווען אַן אונרעכט צו עפענען די טירען צו שקלאַפּעריי אין אַ פּלאַץ, וואו שקלאַפּעריי האָט פריער ניט עקזיסטירט. די סאוט האָט גע־טענה'ט, אַז די טעריטאָריעס באַלאַנגען איצט צו די פאַראייניגטע שטאַטען, צו אַלע בירגער פון די פאַראייניגטע שטאַטען גלייך. דעריבער האָט אַ שקלאַפען־אייגענטימער פון דער סאוט פּונקט אַזאַ רעכט אַהין אריינצופאָרען מיט זיינע שקלאַפען, ווי אַן איינוואוינער פון דער נאָרט אָן זיינע שקלאַפען. אויב שקלאַפּעריי וועט זיין פאַרבאָטען אין די טעריטאָריעס, וועט דאָס הייסען, אַז די פאַראייניגטע שטאַטען דיסקרימינירט געגען די בירגער פון דער סאוט.

3) דער גרענעץ צווישען טעקסאס און ניו־מעקסיקא. — טעקסאס האט געפאדערט, אז א גרויסער טייל פון ניו־מעקסיקא זאל ווערען א טייל פון טעקסאס. די סאוט האט געשטיצט די פאדערונג, ווייל טעקסאס איז געווען א שקלאפען־שטאט. די סאוט האט געוואלט, אז די שקלאפען־שטאטען זאלען זיין וואס גרעסער. די נארט איז געווען געגען דעם, אז טעקסאס, וואו שקלאפעריי האט עקזיסטירט, זאל צוקריגען נאך טעריטאריע.

4) שקלאפעריי אין דער שטאט וואשינגטאן. — די פראגע איז ניט געווען קיין נייע. מיט איר האט זיך גערודערט מיט צען־פופצען יאר פריער. וואשינגטאן ליגט לעבען דער סאוט. איז די שטאט געווארען א וויכטיגער שקלאפען־מארק. אהין פלעגען די שקלאפען־הענדלער ברענגען גאנצע סטאדעס שקלאפען און זיי פארקויפען אין אקשאן. דער מארק, וואו דער האנדעל איז געפירט געווארען, האט זיך געפונען ניט ווייט פון דער רעגירונג־געביידע. אפט פלעגט מען דורך די גאסען פירען מחנות שקלאפען, געשמידט אין קייטען, אזוי ווי אקסען צו דער שחיטה. די אבאלישאניסטען האבען נאך אין די 30־ער יארען געשיקט פעטיציעס צום קאנגרעס, ער זאל אפשאפען שקלאפעריי אין וואשינגטאן, און איבער די פעטיציעס זיינען אין קאנגרעס פארגעקומען הייסע דעבאטען. די פארשטייער פון דער סאוט האבען אויסגעפירט, אז דער קאנגרעס זאל אננעמען א רעזאלוציע צו פארבאטען, אז אירגענד וועלכע פעטיציעס וועגען שקלאפעריי זאלען פארגעלייגט ווערען. דזשאן קווינסי עדעמס, דער געוועזענער פרעזידענט, וועלכער איז פון 1830 ביז זיין טויט, אין 1848, געווען א קאנגרעסמאן, האט יארען־לאנג דעם געזעץ באקעמפט, און ער האט די פעטיציעס פארגעלייגט טראץ דעם פארבאט פון קאנגרעס. געטאן האט ער עס ניט אזוי דערפאר, ווייל ער איז געווען געגען שקלאפעריי, נאר ווייל ער האט געהאלטען, אז א געזעץ צו פארבאטען פעטיציעס צום קאנגרעס איז געגען דער קאנסטיטוציע. ענדליך האט ער געזיגט, און דער געזעץ איז באזייטיגט געווארען.

די פּעטיציעס האָבען ניט געהאָלפען. וואשינגטאָן איז פארבליבען א שקלאפען־מארק. וואָס א יאָר ווייטער, איז דער שקלאפען־האנדעל אין דער הויפּטשטאָט פון לאנד געוואָרען אלץ גרעסער און גרויזאמער און שענדליכער. די נאָרט האָט פּראָטעסטירט, אז דאָס איז א פלעק אויפ'ן גאנצען לאנד, און געפאָדערט, אז די רעגירונג זאָל דעם פלעק אָפּווישען.

5) אנטלאָפענע שקלאפען. — נאָך אין 1793 האָט דער קאָנגרעס אָנגענומען א געזעץ, וואָס האָט ערלויבט א שקלאפען־אייגענטימער אָדער זיינעם אגענט נאָכצויאָגען אן אנטלאָפענעם שקלאף אין א פרייען שטאָט און אים ברענגען צוריק אהיים צו זיך. דער געזעץ איז אָבער געווען זייער אונפּאָפּולער אין דער נאָרט. די אבאָלישאָניסטען האָבען עס נאָך געהאלטען פאר זייער אויפגאבע צו העלפען די שקלאפען צו אנטלויפען פון זייערע באלעבאטים. קוים פלעגט א שקלאף זיך נאָר אריבערכאפען דעם גרענעץ פון דער סאַ־ט אין דער נאָרט, פלעגען זיך שוין געפינען מענשען, וואָס האָבען אים באהאלטען און אים אין געהיים אריבערגעפירט קיין קענעדע (פון דאָרט האָט מען אים מער ניט געקענט צוריקברענגען; קענעדע איז געווען א פרעמדע לאנד און שקלאפעריי איז דאָרט געווען פארבאָטען). אין פארלויף פון יאָרען האָט זיך ענטוויקעלט דאָס, וואָס מען האָט גערופען „אונטערערדישע באַן", דורך וועלכער מען האָט די אנטלאָפענע געפירט. אלערליי קונצען זיינען באנוצט געוואָרען די נעגערס צו באהאלטען און זיי אריבערצופּעקלען. אָט וואָס פּראָפעסאָר הארט דערציילט אין זיין בוך „שקלאפעריי און אבאָלישאָן": „דער נעגער הענרי באקס בראון האָט זיך געלאָזט איינפּאקען אין א קאסטען און אָפּגעשיקט ווערען אלס פראכט קיין פילאדעלפיא... עללען גרעפּטס, א זייער העלע נעגערטע, האָט זיך פארשטעלט אלס א ווייסע אייגענטימערין פון א פּלאנטאציע און איז כלומר'שט ארויסגעפאָרען מיט איר מאַן, וועלכער האָט געשפּילט די ראָלע אלס איר באדינער, איר נעגער־שקלאף. אין איין פאל האָבען דריי שקלאפען געדונגען א פור. דער פורמאן האָט זיך פאָרגעשטעלט אלס א נעגער־אייגענטימער, וועלכער פירט ערגעץ

זיינע שקלאפען, און אויף אזא אופן האט ער זיי ארויסגעפירט און זיי געלאזט אנטלויפען".

די שקלאפען־איינענטימער האבען ניט געשוויגען. זיי פלע־גען געבען אנאנסען וועגען די אנטלאפענע און אנבאטען באלוינונג פאר די, וואס וועלען זיי כאפען. אט זיינען איניגע כאראקטע־ריסטישע אנאנסען פון דעם סארט:

1) „אנטלאפען א נעגער־מיידעל מערי. זי האט א שניט איבער'ן אויג, א סך ציין פעלען איר. דער בוכשטאב „א" איז אויסגעברענט אויף איר באק און אויף איר שטערן".

2) „אנטלאפען — בילי, 25 יאר אלט. ער וועט ווארשיינליך זיך ניט לאזען נעמען. אין אזא פאל וועל איך באצאלען 50 דאלער פאר זיין קאפ".

אויב דער אנאנס פלעגט ניט ברענגען קיין רעזולטאטען, פלעגט מען זוכען דעם אנטלאפענעם מיט שפיר־הינט. עס זיי־נען געווען פאר אזוינע פאלען ספעציעלע, געדונגענע שקלאפען־כאפער. זיי האבען געהאט געלערענטע הינט, וועלכע האבען גע־טאן די ארבייט. די הינט פלעגען זיך ניט באנוגענען מיט אויפ־זוכען דעם נעגער; זיי פלעגען אים נאך גוט צובייסען אויך. ווען מען האט דעם אנטלאפענעם געבראכט צוריק אהיים, האט מען אים שווער באשטראפט. די געוויינליכע שטראף איז באשטאנען פון א פארציע שמיץ. א סך פון די אונגליקליכע פלע־גען פון די קלעפ בלייבען אייביגע קאליקעס. מאנכע באלע־באטים פלעגען אלס שטראף זיי אנטאן שרעקליכע יסורים, ווי צום ביישפיל, ארויסציען די נעגעל פון די פיס. און כדי ער זאל א צווייטען מאל ניט קענען אנטלויפען, פלעגט מען אים אנטאן קייטען אדער אן אייזערנעם קאלנער אויפ'ן האלז.

אין פארלויף פון די צוואנציג יאר, צווישען 1830 און 1850, האבען ארום 50 טויזענד שקלאפען זיך געראטעוועט פון שקלא־פעריי דורך דער אונטערערדישער באן. מאנכע פון די פראמינ־ענטסטע מענשען אין לאנד האבען זיך באטייליגט אין דער רע־טונגס־ארבייט. שווער איז געווען פאר דעם אנטלאפענעם נע־גער זיך צוצושלאגען צום גרענעץ פון דער נארט. כל זמן ער

אין געוועזן אין די גרענעצען פון דער סאוט, איז ער פון אלע זייטען געוועזן ארומגערינגעלט מיט געפארען. יעדער ווייסער וואס האט אים באגעגענט האט אים געקענט כאפען און ארעסטירען. ער האט זיך געמוזט באהאלטען אין וועלדער און אין זומפען, וואו קיין מענשען זיינען ניט געווען. אפט פלעגט דער הונגער אים צווינגען אליין צוריקצוגיין צו זיין באלעבאס. ווען ער איז אבער צום גרענעץ אנגעקומען און זיך דערשלאגען צו דער ערשטער סטאנציע פון דער „באן", איז ער געווען כמעט ווי זיכער. די סטאנציעס זיינען געלעגען אויף פארוואָרפענע פארמס, און די וועגען פון איין סטאנציע צו דער צווייטער זיינען געווען באהאלטענע, פארדרייטע. די מענשען, וואס האבען זיך אין דער נאבעלער ארבייט באטייליגט, פלעגען זייער פארבאטענע סחורה פירען אין מיטען נאכט אדער אין רעגענדיגע און שטורעמדיגע נעכט, ווען עס איז געווען ווייניג געפאר אנצוטרעפען זיך מיט א שקלאפען־כאפער און זיינע הינט. די נעגער פלעגען איינגעפאקט ווערען אין טיפע וועגענער, אונטער זעק תבואה אדער היי. אמאל פלעגט דער פארמער בכיון שיקען זיין קליינעם אינגעל, ער זאל דעם וואגען טרייבען, כדי מען זאל ניט חושד זיין, אז דארטען ליגען באהאלטען נעגערס.

די סאוט האט זיך געפילט מאכטלאז געגען די אבאלישאניסטען און זייער אונטערערדישע־באן. זי האט דערפאר געפאדערט, אז די וואשינגטאנער רעגירונג זאל מאכען נייע, שטרענגערע געזעצען, וואס זאלען צווינגען די איינוואוינער פון דער נארט צו כאפען אנטלאפענע נעגערס און זיי צוריקשיקען צו זייערע באלעבאטים. די סאוט האט געפאדערט, אז די שטאט־רעגירונגען פון דער נארט זאלען ווערען אגענטען פאר כאפען נעגערס; אז די וואשינגטאנער רעגירונג זאל צווינגען די שטאט־רעגירונגען צו ווערען נעגער־כאפער. די סאוט האט געסטראשעט, אז אויב די נארט וועט איר ניט צוריקגעבען די אנטלאפענע שקלאפען, וועט זי באקאטירען די סחורה פון דער נארט.

דער נייער קאנגרעס האט זיך געעפענט אין דעצעמבער,

1849. פרעזידענט טעילאר האט אריינגעשיקט זיין מעסעדזש, אין וועלכען ער האט אנגערירט בלויז צוויי פון די ברענענדיגע פראגען: ער האט רעקאמענדירט, אז קאליפארניא זאל אריינגענומען ווערען אלס א פרייער שטאט, און אז די צוויי טעריטאריעס, — ניו מעקסיקא און יוטא, — זאל מען איגנאנצען צורו לאזען. די פראגע וועגען שקלאפעריי דארטען זאל גאר ניט פארהאנדעלט ווערען. ערשט דאן, ווען זיי וועלען דארפען אריינקומען אלס שטאטען, זאלען זיי אליין באשטימען, צי זיי ווילען שקלאפעריי צי ניט. דעם פרעזידענט'ס שטעלונג האט ניט צופרידענגעשטעלט ניט די נארט און ניט די סאוט. דער קאנגרעס האט זיך אונטערנומען אליין די פראגע צו לייזען. אין סענאט זיינען דאן געזעסען די דריי פראמינענטסטע שטאטסלייט פון לאנד, — קלעי, וועבסטער און קאלהון. זיי זיינען שוין געווען אלט און שוואך, אבער זיי האבען געהאט א גוואלדיגען איינפלוס, א גרויסען פרעסטיזש איןביידע טיילען פון לאנד. צו זיי זיינען איצט צוגעקומען א גרופע איינגערע סענאטארען, וואס האבען אין די נעקסטע פאר צענדליג יאר איבערגענומען דעם פלאץ פון די דריי אלטע. צווישען דער גרופע יונגע זיינען געווען: וויליאם סוארד פון ניו יארק, סטיפען דאגלעס פון אילינאי, סעמאן טשעיס פון אהייא און דזשעפערסאן דייוויס פון מיסיסיפי. סוארד און טשעיס זיינען געווען פארברענטע געגנער פון שקלאפעריי; דאגלעס איז געשטאנען אין מיטען, האט געזוכט ביידע צדדים צו באפרידיגען; דזשעפערסאן דייוויס איז געווען א פארביסענער אנהענגער פון שקלאפעריי. אין סענאט איז די סאוט געווען שטארקער, און אין דער האוז אוו רעפרעזענטאטיווס האבען די געגנער פון שקלאפעריי געהאט די מאיאריטעט.

דעם פרעזידענט'ס מעסעדזש איז ניט געפעלען געווען קיינעם. האט הענרי קלעי באשלאסען ווידער אמאל אריינצוטראגען א פשרה־פראיעקט, וועלכער זאל ביידע צדדים באפרידיגען, אזוי ווי ער האט געטאן אין פריערדיגע פאלען. זיין איצטיגער פלאן, וועלכער ווערט באצייכענט אונטער'ן נאמען „קאמפראמייז אוו 1850", האט ענטהאלטען פינף פונקטען. יעדער פונקט איז

געווען אן ענטפער אויף איינע פון די פינף אנגעוויטאגטע פראגען אדער „בלוטענדע וואונדען". אט זיינען זיי:

1) קאליפארניא זאל אריינגענומען ווערען אלס א פרייער שטאט.

2) אין די צוויי טעריטאריעס, ניו־מעקסיקא און יוטא, זאל שקלאפעריי ניט פארבאטען ווערען. שפעטער, ווען זיי וועלען זיך ארגאניזירען אין שטאטען, זאלען זיי אליין באשטימען, צי זיי ווילען שקלאפעריי, צי ניט.

3) טעקסאס זאל פון דער נאציאנאלער רעגירונג באקומען א געוויסע סומע געלט פאר דעם שטיק לאנד אין ניו־מעקסיקא, אויף וועלכען זי האט געהאט תביעות.

4) אין וואשינגטאן זאל דער האנדעל מיט שקלאפען פאר־באטען ווערען, אבער שקלאפעריי זאל דארטען זיין ערלויבט.

5) עס זאלען געמאכט ווערען שטרענגע געזעצען וועגען אומקערען צו די באלעבאטים די שקלאפען, וועלכע אנטלויפען פון דער סאוט נאך דער נארט.

דער ערשטער פונקט איז געווען צו גונסטען דער נארט; דער צווייטער טיילווייז צו גונסטען דער נארט, אבער מערסטענס צו גונסטען דער סאוט. די הויפט־פאדערונג פון דער סאוט איז דאך געווען, אז שקלאפעריי זאל ערלויבט זיין אין די טעריטא־ריעס, און דאס האט דער פונקט נאכגעגעבען. די נארט האט געוואונען אויף אזויפיל, אז ווען די טעריטאריעס וועלען זיך שפעטער ארגאניזירען אין שטאטען, וועלען זיי אליין האבען דאס רעכט אפצושאפען שקלאפעריי. וואס שפעטער וועט זיין, האט מען אבער דערווייל ניט גע'דאגה'ט. דער דריטער פונקט איז אויך געווען העלפט־אויף־העלפט. טעקסאס האט באקומען געלט, אבער ניט קיין לאנד. אויך דער פערטער פונקט איז געווען העלפט־אויף־העלפט: שקלאפעריי איז אין וואשינגטאן אויף ווייטער פארבליבען, עס איז אבער פארבאטען געווארען דארטען צו האנד־לען מיט לעבעדיגע סחורה. דער שאנד־פלעק פון אפענעם האנ־דעל איז אפגעמעקט געווארען. דער פינפטער פונקט איז געווען אין גאנצען צו גונסטען דער סאוט.

איבער דעם פשרה־פארשלאג האט דער קאנגרעס דעבאטירט פון מאנאט יאנואר ביז אקטאבער.

די הויפט־ארבייט פון דורכשטופען דעם פארשלאג איז געפאלען אויף הענרי קלעי, און כאטש ער איז שוין דעמאלסט געווען אלט און קראנק, האט ער מיט אלע כחות געארבייט זיין ציל צו דערגרייכען. ער האט געהאלטען רעדעס און אויסגעאיבט זיין פאליטישע מאכט און זיך באנוצט מיט דיפלאמאטישע מיטלען. ער האט דעם פשרה־פלאן באטראכט פאר דעם וויכטיגסטען אויפטו פון זיין לעבען. ער האט געגלויבט, אז בלויז די פשרה וועט איינהאלטען די גאנצקייט פון לאנד און פארמיידען א בירגער־קריג.

די הויפט־שטיצע האט קלעי געקראגען פון סענאטאר דעניעל וועבסטער. די רעדע, מיט וועלכער וועבסטער האט פארטיידיגט דעם פארשלאג, האט אויפגעשטורעמט דאס לאנד. ער האט די רעדע געהאלטען דעם 7־טען מערץ; „די רעדע איז די איינציגע אין דער געשיכטע פון אונזער לאנד”, — שרייבט ראודס, — „וועלכע טראגט דעם נאמען פון דעם טאג, ווען זי איז געהאלטען געווארען. ווען מען וויל ריידען וועגען וועבסטער'ס רעדע, זאגט מען: 'די רעדע פון זיבעטען מערץ'.”

די רעדע האט געמאכט א שטארקען רושם ניט צוליב די געדאנקען אדער די שטארקייט און שיינקייט פון די פראזען, נאר ווייל קיינער האט זיך ניט גערעכט, אז וועבסטער וועט אזוי ריידען. וועבסטער האט פארטראטען מאסאטשוזעטס, א שטאט, וואו דער סענטימענט געגען שקלאפעריי איז געווען זייער שטארק, די היים פון די אבאליציאניסטען. אין זיין גאנצער קאריערע איז ער געווען אונפריינדליך צו דער שקלאפערישער סאוט. ער האט גערעדט און געשריבען געגען נעגער־שקלאפעריי. ווער זאל זיך דאס ריכטען, אז ער זאל זיך פלוצלונג א דריי טאן און פארטיידיגען א פראיעקט וואס איז געווען כמעט דורכאויס גינסטיג פאר דער סאוט?

וועבסטער'ס רעדע איז פארדאמט געווארען מיט די שארפסטע ווערטער אין די קרייזען פון די אבאליציאניסטען און צווישען די אלגעמיינע געגנער פון שקלאפעריי. איינער פון זיי, טע־

אָדאָר פּארקער, האָט געזאָגט: „איך ווייס בלויז פון איין גע־שעעניש אין דער געשיכטע פון לאַנד, מיט וועלכער איך קען פאַר־גלייכען דאָס, וואָס וועבסטער האָט איצט געטאָן: די געשע־עניש מיט בענעדיקט אַרנאָלד". אַ צווייטער, דער באַרימטער האָריים מען, האָט געזאָגט: „וועבסטער איז אַ געפאַלענער שטערן; דער טייפעל האָט אַראָפּגענידערט פון הימעל". וועב־סטער איז אָפען באַשולדיגט געוואָרען, אַז ער האָט דורך דער רעדע געהאָפּט צו דערגרייכען זיין אַלטע אַמביציע צו ווערען פּרעזידענט. ער האָט געהאָפט זיך צוצושמייכלען צו דער סאוט און קריגען איר שטיצע אין די נעקסטע וואַלען.

אָבער טראָץ דעם, וואָס וועבסטער איז פאַר זיין רעדע פאַר־דאַמט געוואָרען, האָט זי דאָך געווירקט אַריבערצוגעווינען שטי־מען פאַר דער פּשרה אין קאָנגרעס. צוערשט האָט אויסגעזען, אַז דער ביל וועט דורכפאַלען צוליב די שטאַרקע אָפּאָזיציע פון פּרעזידענט טעילאָר. מיט דעם פּרעזידענט זיינען געשטאַנען די „וויגס" פון דער נאָרט און אַלע אַנטי־שקלאַפען גרופען. ווען אפילו דער ביל וואָלט דורך דעם קאָנגרעס דורכגיין, וואָלט טעי־לאָר אים זיכער צוריקגעוויזען, און איבער זיין וועטאָ וואָלט מען דעם ביל זיכער ניט געקענט דורכשטופען. האָט זיך דער שיק־זאַל אָבער באַצייטענס אריינגעמישט און אָפּגעראַמט די שטערונג. אין מאָנאַט יולי איז פּרעזידענט טעילאָר פּלוצלונג קראַנק גע־וואָרען און געשטאָרבען. זיין פּלאַץ האָט פאַרנומען דער וויים־פּרעזידענט מילאַרד פילמאָר, וועלכער איז געשטאַנען אונטער וועבסטער'ס איינפלוס און איז דערפאַר געווען פאַר דער פּשרה. פּרעזידענט פילמאָר האָט באַשטימט וועבסטער'ן אַלס סעקרעטערי אָוו סטייט. דאָס האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט וועבסטער'ס איינ־פלוס צווישען די סענאַטאָרען און קאָנגרעסלייט און נאָך לייכטער געמאַכט דעם וועג פאַר דער פּשרה.

דער פּשרה־ביל איז אָנגענומען געוואָרען אין מאָנאַט אָק־טאָבער. דער פּרעזידענט האָט אים גלייך אונטערגעשריבען.

דער לעצטער פונקט אין דער פּשרה — דער פונקט, וואָס האָט צו טאָן מיט אַנטלאָפענע שקלאַפען, — האָט אַרויסגערו־

פען א שטורם פון פראטעסטען אין דער נארט. דורך אים האט דער קאנגרעס אייגענטליך זיך געשטעלט אויפ'ן שטאנדפונקט פון דער סאוט בנוגע צו נעגערס און נעגער־שקלאפעריי. אט זיינען די וויכטיגסטע איינצעלהייטען אין דעם פונקט וועגען אנטלאפענע שקלאפען:

1) ווען א נעגער ווערט געכאפט און באשולדיגט, אז ער איז אן אנטלאפענער שקלאף, זאל ער געבראכט ווערען פאר א קאמישאנער, אדער פאר א ריכטער. דער קאמישאנער אדער ריכטער קען אננעמען אירגענד וועלכע באווייזען, אז דער נעגער איז טאקע אן אנטלאפענער שקלאף.

2) אויב דער קאמישאנער באשטימט, אז דער נעגער איז ווירקליך אן אנטלאפענער שקלאף, דאן האט זיין באלעבאס אדער דעם באלעבאס' אגענט דאס רעכט זיך צו באנוצען מיט דער „נויטיגער מאכט" דעם נעגער צוריקצוברענגען אין דער סאוט. קיין געריכט, קיין ריכטער, קיין פערזאן, טאר ניט שטערען דעם באלעבאס אדער זיין אגענט.

3) די פאליציי־בעאמטע פון דער שטאט־רעגירונג מוזען מאכען אלע אנשטרענגונגען צו זען, אז דער שקלאף זאל ניט אנט־לויפען. אויב ער אנטלויפט יע, קען דער באלעבאס מאנען ביי די פאליציי־בעאמטע, זיי זאלען פאר'ן שקלאף באצאלען.

4) אויב א פארזוך ווערט געמאכט ניט צו דערלאזען אז דער אנטלאפענער שקלאף זאל ארעסטירט ווערען אדער זאל צור־ריקגעשיקט ווערען צו זיין באלעבאס, האבען די פאליציי־בעאמטע דאס רעכט אויפצופאדערען יעדען בירגער, יעדען פארבייגייער, ער זאל זיי העלפען. די בירגער מוזען העלפען דעם שקלאף כא־פען אדער אים האלטען אונטער ארעסט.

5) אויב אימעצער שטערט דעם ארעסט פון אן אנטלאפע־נעם שקלאף, אדער ער באהאלט ביי זיך אן אנטלאפענעם שקלאף, קומט אים א שטראף פון טויזענד דאלער געלט אדער זעקס מאנאט פריזאן. אויסער דעם, דארף ער באצאלען טויזענד דאלער צום באלעבאס אויב דער שקלאף ווערט פארשוואונדען.

6) דער קאמישאנער, וואס פסק'ענט קייסעס פון אנטלאפע־

נע נעגערס, זאָל קריגען באצאָלט פאר יעדער קיים באזונדער; אויב זיין פסק איז צו גונסטען דעם באלעבאָס, זאָל ער קריגען 10 דאָלער; אויב זיין פסק איז צו גונסטען דעם נעגער, זאָל ער קריגען 5 דאָלער.

שרייבט ראודס: „אונטער דעם נייעם געזעץ איז דער נע־גער געוואָרען שוצלאָז און הילפלאָז. דער געזעץ האָט אויסגע־וועבט א נעץ פאר דעם באלעבאָס צו כאפען דעם שקלאף. אין אלטען רוים אפילו האָט דער געזעץ אנערקענט א מענשען פריי, ביז וואנען עס איז באוויזען געוואָרען, אז ער איז א שקלאף; אין דער מאָדערנער אמעריקע האָט דער נעגער זאָגאר ניט גע־טאָרט ברענגען קיין באווייזען, אז ער איז ניט קיין שקלאף“.

דער געזעץ איז פארדאמט געוואָרען אויף מאסען־פארזאמ־לונגען אין א סך שטעט. אין שיקאגאָ האָט דער שטאָט־ראט אָנגענומען א רעזאָלוציע, אז דער געזעץ „איז געגען דער קאָנ־סטיטוציע און געגען די געזעצען פון גאָט, און אז די סענאטאָרען און קאָנגרעסלייט, וועלכע האָבען פאר אים געשטימט, זיינען פאר־רעטער צו זייער פאָלק און פאררעטער צו דער גאנצער מענש־הייט“.

עס האָט זיך איצט אָנגעפאנגען א שטילער קאמף צווישען די פאָליטישע פירער און דעם פאָלק אין דער נאָרט. די פאָליטישע פירער האָבען מיט אלע כחות געזוכט א סוף צו מאכען צו דער אָפּאָזיציע געגען שקלאפעריי און צו דער געגנערשאפט צו דעם געזעץ וועגען אנטלאָפענע שקלאפען. זיי האָבען געזוכט צו פאר־שפרייטען דעם איינדרוק, אז דער קאָמפּראָמיס פון 1850 האָט ענדליך פארענטפערט די גאנצע שקלאפען־פראגע און אז פון איצט אָן וועט די פראגע אראָפּ פון טאגעס־ארדענונג; אז ענד־ליך וועט צווישען דער נאָרט און דער סאוט געשלאָסען ווערען אן אמת'ער שלום.

דאָס פאָלק אין דער נאָרט, די וואָס האָבען ניט געהאט קיין פאָליטישע און עקאָנאָמישע אינטערעסען צו לעבען בשלום מיט די שקלאפען־אייגענטימער פון דער סאוט, האָבען אנדערש געפילט און אנדערש געהאנדעלט. זיי האָבען דעם נייעם געזעץ וועגען

אנטלאפענע שקלאפען ניט נאר פארדאמט, נאר אויך באקעמפט. זיי האבען זיך אפגעזאגט אים צו פאלגען. אין מאנכע פאלען זייגען זיי גרייט געווען זיך צו שטעלען געגען אים מיט וואפען אין די הענט. ראלף וואלדא עמערסאן, דער בארימטסטער דענקער און שרייבער פון יענער צייט, האט ערקלערט: „דעם געזעץ וועט יעדערער ביי דער ערשטער געלעגענהייט איבערטרעטען. קיין מענש קען אים ניט פאלגען און טאר ניט העלפען אנדערע אים צו פאלגען, סיידען ער וויל פארלירען זיין זעלבסט־רעספעקט און זיין נאמען אלס דזשענטעלמאן”.

און ווירקליך, באלד האבען זיך די סענאטארען פון דער סאוט גענומען באקלאגען אין זייערע רעדעס אין סענאט, אז דער געזעץ ברענגט ניט קיין רעזולטאטען. איין סענאטאר האט דערציילט וועגען זיינעם א שכן, וועלכער האט נאכגעיאגט צוויי אנטלאפענע שקלאפען, ביז העריסבורג, פענסילווייניא. ער האט זיי דארטען געכאפט און געלאזט ארעסטירען. עס האט אים אבער געדויערט צוויי מאנאט איידער ער האט די שקלאפען ענדליך געקראגען. די געשיכטע האט אים אפגעקאסט 1,450 דאלער, און ווען ער האט די שקלאפען געבראכט אהיים און זיי פארקויפט, האט ער פאר זיי באקומען איינגאנצען 1,500 דאלער”.

עס האבען פאסירט א סך פאלען, אין וועלכע די באלעבאטים האבען אפגעשניטען א סך ערגער ווי אין דעם לעצטען פאל. אט זיינען אייניגע פון זיי:

דעם 15־טען פעברואר, 1851, איז אין באסטאן ארעסטירט געווארען אן אנטלאפענער שקלאף מיט'ן נאמען שאדראק. מען האט אים געבראכט אין דעם געריכט־הויז פון דער נאציאנאלער רעגירונג אין באסטאן. דער פארהער איז אפגעלייגט געווארען אויף דריי טעג שפעטער. די פראגע איז געווען: וואו זאל מען אים די דריי טעג האלטען? — אין די געפענגענישען פון באסטאן אדער פון אנדערע שטעט אין מאסאטשוזעטס האט מען אים ניט געקענט פירען, ווייל מאסאטשוזעטס האט מיט א צייט פריער אנגענומען א געזעץ, אז די שטאט־געפענגענישען טארען ניט באנוצט ווערען אויף איינצושפארען אנטלאפענע שקלאפען.

מען האט שאדראק'ן געמוזט פארשליסען אין דעם געריכטס־זאל פון דער נאציאנאלער רעגירונג, וועלכער האט זיך געפונען אין רעכטען מיטען שטאט. ווען די נייעס האט זיך פארשפרייט צווישען עולם, האט זיך א מחנה נעגערס פארזאמעלט, איינגע־בראכען דאס געריכט־הויז, ארויסגענומען שאדראק'ן, אים באהאל־טען און דערנאך שטילערהייט אויסגעליפערט קיין קענעדע.

די פאסירונג האט אויפגערודערט די רעגירונג אין וואשינג־טאן. דער פרעזידענט האט ארויסגעגעבען א באפעל צו אלע ביר־גער און צו אלע בעאמטע, זיי זאלען העלפען דורכפירען דעם גע־זעץ. ער האט אויך אויפגעפאדערט, אז די וואס זיינען פאראנט־ווארטליך פאר דער געשעעניש אין באסטאן, זאלען ארעסטירט ווערען און באקומען זייער שטראף. די רעגירונגס־בעאמטע האָ־בען א פארזוך געמאכט דעם פרעזידענט'ס ווונש צו ערפילען. זיי האבען ארעסטירט פינף מענשען, וועלכע האבען געהאלפען שאדראק'ס באפרייאונג, אבער ביים פראצעס האט זיך די דזשורי ניט געקענט אייניגען און מען האט זיי געמוזט באפרייען.

מיט א קורצער צייט שפעטער, אין אפריל 1851, איז אין באסטאן ארעסטירט געווארען א צווייטער נעגער, טהאמאס מינס. דעם מאל האבען זיך די בעאמטע באווארענט. זיי האבען דעם געריכטס־זאל ארומגעצאמט מיט שווערען קייטען און געשטעלט א באוואפענטע וואך. ווען מען האט אים געדארפט אויסליפערען צו זיין באלעבאס, איז ער געווען ארומגערינגעלט מיט 300 פאָ־ליסלייט. אויסער דעם, איז די מיליץ געשטאנען גרייט צו קומען דער פאליציי צו הילף. אזוי האט מען דעם געכאפטען שקלאף ארויפגעזעצט אויף א שיף און אפגעפירט צוריק צו שקלאפעריי.

„זייט דער רעוואלוציע, האט עס צום ערשטען מאל פאסירט, אז באסטאן זאל ארויסגעבען אן אנטלאפענעם שקלאף", — שרייבט ראודס, — „און דאס האט ארויסגערופען גרויס אויפרע־גונג. ריזיגע פראטעסט־מיטינגען זיינען אפגעהאלטען געווארען. אדרעסירט די מיטינגען האבען די בארימטע אבאלישאניסטען, ווענדעל פיליפס, טעאדאר פארקער און וויליאם ללאיד גריסאן. דעם טאג, ווען דער שקלאף איז אויסגעליפערט געווארען, האָ־

בען די באסטאנער קירכעס געקלונגען זייערע גלעקער ווי צו א לויה".

א פיל ערנסטערער פאל האט פאסירט אין הערבסט דעם זעלבען יאר אין קריסטיניא, פענסילווייניא. מיט דריי יאר בע־פאר זיינען צוויי נעגער־שקלאפען אנטלאפען פון זייער באלע־באס אין מערילאנד, פון א געוויסען גארסוש. איצטער האט זיך גארסוש דערוואוסט, אז די צוויי נעגערס געפינען זיך אין קריס־טיניא, האט ער זיך באנוצט מיט דעם נייעם געזעץ און איז געקו־מען אין דער שטעטעל, באגלייט פון זיין זון, עטליכע פריינט און א רעגירונגס־בעאמטען. גארסוש מיט זיינע באגלייטער האָ־בען זיך אריינגעריסען אין דעם הויז, וואו די נעגערס האבען זיך אויפגעהאלטען, און געפאדערט, זיי זאלען זיך אונטערגעבען. דער־ווייל האט זיך פארנאנדערגעטראגען די נייעס צווישען די נעגער־איינוואוינער אין דעם געגענד, און צווישען פופציג ביז הונדערט פון זיי זיינען געקומען צולויפען באוואפענט מיט ביקסען, שטע־קענס, העק, גרייט צו פארטיידיגען זייערע ברידער. צווישען די אנגעלאפענע מענשען זיינען געווען צוויי ווייסע — קאסטנער האנאווי און זיינער א פריינט. דער רעגירונגס־בעאמטער האט אויפגעפאדערט די צוויי ווייסע, זיי זאלען העלפען זיין גרופע כאפען די נעגער־שקלאפען. אבער די צוויי ווייסע האבען זיך אפגעזאגט דאס צו טאן. אנשטאט דעם האבען זיי געמאכט א פארזוך ביידע צדדים צו בארואיגען. זיי האבען געבעטען גארסוש'ן, ער זאל זיך צוריקציען איידער עס וועט קומען צו בלוט־פארגיסונג. גארסוש האט זיך דערפון אפגעזאגט. דאן האט אויסגעבראכען א שיסעריי. גארסוש איז געפאלען טויט און זיין זון איז פארוואונדעט געווארען.

די פאסירונג האט אויפגערודערט דאס גאנצע לאנד. אויף דעם באפעל פון פרעזידענט, זיינען אריינגעשיקט געווארען סאל־דאטען אין דער שטעטעל. א סך ארעסטען זיינען געמאכט גע־ווארען (די צוויי שקלאפען האט מען ניט געכאפט). צווישען די ארעסטירטע זיינען אויך געווען די צוויי ווייסע, וואס האבען זיך אפגעזאגט צו העלפען ארעסטירען די שקלאפען. לויט דעם

נייעם געזעץ, זיינען זיי געצוואונגען געווען דאס צו טאן. די צוויי ווייסע זיינען אנגעקלאגט געווארען אויף „פארראט צו דער רעגירונג".

פון די ארעסטירטע האט מען גע'משפט בלויז צוויי — דעם ווייסען קעסטנער האנאוועי און איין נעגער. ביידע זיינען פון די דזשורים פרייגעשפראכען געווארען; די איבעריגע זיינען באַ־פרייט געווארען אן א פראצעס.

אן אפענער אויפשטאנד פון ווייסע נעגען דעם געזעץ איז פארגעקומען אין אקטאבער, אין סיראקיוז, ניויארק. דארטען איז ארעסטירט געווארען א נעגער, מיט'ן נאמען דזשעסי מעקהענרי אויף דער קלאגע, אז ער איז מיט דריי יאר פריער אנטלאפען פון זיין באלעבאס אין מיזורי. דער נעגער איז איבער־נאכט איינ־געשפארט געווארען אין פאליס־סטיישאן. אויף מארגען האט געדארפט פארקומען זיין פארהער. אין סיראקיוז זיינען גראדע דאן געווען א סך מענשען פון די ארומיגע דערפער און שטעט־לאך, וועלכע האבען זיך פארזאמעלט צו קאנווענשאנס. ווען דער עולם האט זיך דערוואוסט וועגען דעם ארעסטירטען נעגער, האבען זיי ארגאניזירט א מחנה פון א פאר צענדליג מאן. אויף דער שפיצע פון דער מחנה האבען זיך געשטעלט צוויי פראמינ־ענטע אבאלישאניסטען, — דער גלח סעמיועל מעי און געריט סמיט. זיי האבען מיט העק אויפגעבראכען די טיר פון דעם פאליס־סטיישאן, צוריקגעשטויסען די פאליסלייט און ארויסגענו־מען דעם נעגער. דאס וויכטיגסטע אין דעם פאל איז געווען, וואס די רעגירונגס־בעאמטע האבען ניט געוואגט צו ארעסטירען די צוויי פראמינענטע פירער פון די איינברעכער. די צוויי פירער האבען עפענטליך ערקלערט, אז זיי זיינען געווען פאראנטווארט־ליך פאר דער גאנצער זאך און געפאדערט, מען זאל זיי ארעס־טירען און ברענגען אין געריכט. דער פראקוראר האט אבער ניט געוואוסט וואס צו טאן, ווייל ער איז געווען זיכער, אז די שטימונג פון דער באפעלקערונג איז אזא, אז אים וועט אונ־מעגליך זיין צו געפינען א דזשורי, וואס זאל זיי פאר'משפט'ן.

די פאליטישע פירער פון די ביידע גרויסע פארטייען, —

פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי און פון דער „וויג" פּאַרטיי, — האָבען זיך געמאכט ניט־וויסענדיג פון די אַלע זאכען און אויסגע־מידען די נעגער־פראגע. אין 1852 האָבען די ביידע פּאַרטייען אָפּגעהאַלטען זייערע קאָנווענשאָנס צו נאָמינירען קאנדידאטען פאר פּרעזידענט און צו באשטימען זייערע וואַל־פּראָגראמען. ביידע פּאַרטייען האָבען אָנגענומען רעזאָלוציעס, אַז זיי שטיצען דעם פּשרה־געזעץ פון 1850, און געזאָגט אויסדריקליך, אַז זיי זיינען פאר דעם, אַז דער געזעץ וועגען אַנטלאָפענע שקלאפען זאָל אָפּגעהיט ווערען. ביידע פּאַרטייען האָבען ארויסגעשטעלט אַלס קאנדידאטען פּערזאָנען וועלכע האָבען זיך אין דער נעגער פראגע קיינמאָל ניט געמישט, וועמעס מיינונגען איבער דער פראגע זיינען קיינעם ניט באקאנט געווען. האָבענדיג אין זינען, אַז ביי די פריערדיגע פּרעזידענט־וואַלען האָט געזיגט אַ גענעראַל פון דער מעקסיקאַנער מלחמה, האָבען ביידע פּאַרטייען נאָמינירט גענעראַלען.

דער פּרעזידענט קאנדידאט פון דער דעמאָקראַטישער פּאַר־טיי איז געווען גענעראַל פּרענקלין פּיערס; דער פּרעזידענט־קאנדידאט פון דער „וויג"־פּאַרטיי איז געווען גענעראַל ווינפריד סקאָט.

ביי די קאָנווענשאָנס פון ביידע פּאַרטייען זיינען פאָרגע־קומען היציגע קאַמפען. עס זיינען געווען אַ סך פּראָמינענ־טערע און אַ סך בילכערע בעלנים פאר דער נאָמינייִשאָן. ביי די דעמאָקראַטען האָבען געזוכט די נאָמינייִשאָן אַזוינע פּערזענ־ליכקייטען, ווי סענאַטאָר קאַס, סענאַטאָר דאָגלעס און סענאַטאָר ביוקענאַן, און גאָווערנאָר מארסי פון ניו יאָרק. ביי די „וויגס" האָבען געזוכט די נאָמינייִשאָן פּרעזידענט פּולמאר און סענאַטאָר וועבסטער. זיי אַלע זיינען אָבער נידערגעשטימט געוואָרען טאַקע דערפאר, ווייל זיי זיינען געווען אַזוי פּראָמינענט און ווייל דער עולם האָט געוואוסט זייער שטעלונג אין דער שקלאַפען־פראגע.

דער וואַל־קאַמף איז געווען זייער אַ שטילער. די איינ־ציגע פראגע, וואָס איז דאן געווען אַקטועל, — די פראגע,

וועלכע האָט אַלעמען אינטערעסירט, — איז פון ביידע פּאַר־טייען, זייערע קאַנדידאַטען און זייערע רעדנער, אויסגעמידען געוואָרען. די רעדנער און שרייבער האָבען גערעדט און גע־שריבען וועגען זאַכען, וואָס האָבען קיינעם ניט אינטערעסירט. זיי האָבען געפּרואווט אויפצואוועקען דעם עולם דורך פּערזענ־ליכע אַטאַקעס. פּיערס איז אַטאַקירט געוואָרען אַלס אַ הוליאַקע. אויף סקאַט'ן האָט מען דערציילט, אַז ער איז אַ שונא פון אימי־גראַנטען. אָבער דאָס אַלץ האָט ניט געהאָלפען. דער קאַמפּיין איז געווען אַ טויטער.

געזיגט האָט די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי. פרענקלין פּיערס איז ערוויילט געוואָרען מיט אַ ריזיגער מאַיאָריטעט. „פּיערס איז געווען אַ גוטער רעדנער, אַ שיינער, מיט אנציענדע מאַנערען", — שרייבט ראָודס, — „אויסגעצייכענט האָט ער זיך מיט גאָרנישט. אין אַלץ, וואָס ער האָט אונטערגענומען — אין יוריספּרודענץ, אין פּאָליטיק — האָט ער קיין גרויסען ער־פאָלג ניט געמאַכט".

אין לויף פון דעם וואַל־קאַמפּיין זיינען געשטאָרבען די צוויי וויכטיגסטע פיגורען אין דער פּאָליטיק פון לאַנד — סענאַטאָר קלעי און סענאַטאָר וועבסטער. דער דריטער פון דער גרופּע — דזשאָן קאַלהון — איז געשטאָרבען מיט צוויי יאָר פריער. די פאַרערער פון דעניעל וועבסטער האָבען אין זייערע הספּדים ערקלערט, אַז וועבסטער'ס טויט איז דערנענטערט געוואָרען צו־ליב זיין לעצטער ענטוישונג ביי דער קאָנווענשאָן פון דער „וויג"־פּאַרטיי. ער האָט געהאַט אַ ברענענדיגע אַמביציע צו ווערען פּרעזידענט, און די קאָנווענשאָן איז געווען זיין לעצטע האָפע־נונג. ווען זי האָט זיך אָפּגעזאָגט אים צו נאָמינירען, איז זיין האַרץ צובראָכען געוואָרען.

אין דעם זעלבען יאָר, 1852, איז אויף אַ גאַנץ אַנדער פעלד, — אויף דעם פעלד פון ליטעראַטור, — פּאָרגעקומען אַ גע־שעעניש, וועלכע האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דעם וואוקס פון דער אַנטי־שקלאַפעריי־שטימונג אין לאַנד. אין דעם

יאר איז ערשינען דאס ווערק „אנקעל טאם'ס קעבין". „פון אלע ליטעראַרישע קרעפטען", — שרייבט א היסטאריקער, — „וואס האבען געהאלפען שאפען די איבערקערעניש פון דעם פאלק'ס געפיל צו שקלאפעריי צווישען די יארען 1852 און 1860, זאגען מיר מיט זיכערקייט, אז די שטארקסטע איז געווען דער איינפלוס פון אט־דעם ווערק".

דער בוך איז פארפאסט געווארען פון מרס. העריעט ביטשער סטאו. זי איז געווען א טאכטער פון א גרויסער פאמיליע. איר מאן, א לערער, האט מיט זיינע פארדינסטען ניט געקענט ערנערען די גרויסע משפחה. האט מרס. סטאו געזוכט צו פארדינען אביסעל געלט דורך שרייבען. ווען דער געזעץ וועגען אנטלאפענע שקלאפען איז אנגענומען געווארען, האט זי באשלאסען צו שרייבען א ראמאן, וועלכער זאל שילדערען די גרויזאמקייט פון דעם געזעץ. זי איז פון שטענדיג אן געווען א געגנערין פון שקלאפעריי. דער נייער געזעץ אבער האט איר געמאכט פאר א פארביטערטע געגנערין. דעם ראמאן האט זי אפגעדרוקט אין פארטזעצונגען אין א צייטונג אין וואשינגטאן. דארטען האט ער ווייניג אויפמערקזאמקייט געצויגען. ווען ער איז אבער ארויס אין א בוך־פארם אין מערץ, 1852, האט ער אנגעמאכט א שטורעם ניט בלויז אין אמעריקא, נאר אין דער גאנצער וועלט. אין איין יאר צייט האט מען דא פארקויפט 300 טויזענד עקזעמפלארען. ער איז גלייך איבערזעצט געווארען אין צוואנציג פארשיידענע שפראכען. די גאנצע וועלט האט אים געלייענט, און די גאנצע וועלט האט וועגען אים גערעדט יארען נאכאנאנד. א האלבער מיליאן פרויען אין ענגלאנד האבען אונטערגעשריבען א דאנק־רעזאלוציע דער שרייבערין פון דעם ווערק. אין סקאטלאנד איז אלס אפרוף אויף דעם ווערק געזאמעלט געווארען א פאנד פון פינף טויזענד דאלער, אין איינציגע פענים, צו העלפען באפרייען די שקלאפען. דער בוך איז אויך באלד דראמאטיזירט געווארען, און די גרעסטע אקטיארען פון דער צייט זיינען אין דער דראמע אויפגעטראטען. די טעאטערס, וואו מען פלעגט מוזען שטענדיג בייטען די פיעסען

יעדען אָוועגט, האָבען געשפּילט „אָנקעל טאָמ'ס קעבין" חדשים נאָכאַנאַנד.

דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור קריטיקער, קאַרל וואַן־דאָרען, שרייבט: „עס איז איצט שוין ניט נויטיג צו זאָגען, אַז „אָנקעל טאָמ'ס קעבין" פאַרנעמט אַ וויכטיגערען אָרט אין דער געשיכטע פון רעפאָרם, ווי אין דער געשיכטע פון ליטעראַטור". אין בוך ווערט געשילדערט, ווי אַ שקלאַפען־פאַמיליע ווערט צוריסען צוליב דעם, וואָס אַ באַלעבאָס פאַרקויפט אַ טייל פון דער פאַמיליע צו אַנדערע באַלעבאַטים. דאָרט ווערט געשילדערט, ווי אַזוי די ווייסע באַלעבאַטים צווינגען די שקלאַפען־פרויען זיך איבערצוגעבען צו זיי. עס ווערען פאָרגעשטעלט די אַלע גרויזאַמקייטען פון שקלאַפעריי: דאָס שמייסען פון די שקלאַפען, דאָס יאָגען־זיך מיט שפּיר־הינט נאָך אַנטלאָפענע שקלאַפען, דער שקלאַפען־מאַרק, א. ז. וו. די שילדערונגען זיינען מעלאָדראַמאַטיש און סענטימענטאַל. אָבער די מענשען, וואָס האָבען דעם בוך געלעזען אין די 50־ער יאָרען, אין דעם פאָריגען יאָרהונדערט, האָבען געוואוסט, אַז אין גרונט גענומען איז אַלץ, וואָס עס ווערט אין אים דערציילט, אמת. זיי האָבען פאַר זיך געזען אין לעבעדיגע געשטאַלטען דעם גיהנום, וועגען וועלכען זיי האָבען זיך פון פריער אַזוי פיל אָנגעהערט, און זיי זיינען אויפגעשווידערט געוואָרען.

אין דער סאַוט איז מרס. סטאָו אינאיינעם מיט איר ווערק ביטער אַטאַקירט געוואָרען. די אַטאַקעס האָבען אָבער בלויז געווירקט צו מאַכען די שרייבערין און דאָס ווערק נאָך מער פּאָפּולער.

## קאַפּיטעל 21

# דער געזעץ וועגען קענזעס און נעבראַסקאַ.

די פּאָליטישע פירער פון די צוויי גרויסע פּאַרטייען און די רייכערע קלאסען אין ביידע טיילען פון לאַנד האָבען געגלויבט, אַז די „פּשרה פון 1850" האָט איין מאָל פאַר אַלע מאָל אַ סוף געמאַכט צו דעם פּאָליטישען קאמף איבער שקלאַפעריי. די נאַציאָנאַלע רעגירונג איז איצט געווען אין די הענט פון בע־אמטע, וועלכע האָבען מיט'ן גאַנצען הארצען געוואָלט דורכ־פירען דעם קאָמפּראָמיס־געזעץ. אויך אין די איינצעלנע שטאַ־טען זיינען די רעגירונגען געפירט געווארען פון בעאמטע, וואָס האָבען געהאַלטען, אַז דער קאָמפּראָמיס איז אַ גערעכטער און אַז ער מוז אָפּגעהיט ווערען אַלס אַ גאַראַנטיע פאַר דעם פרידען פון לאַנד. אין זיין ערשטען מעסעדזש צום קאָנגרעס, אין דע־צעמבער 1853, האָט פּרעזידענט פּיערס ערקלערט: „די איצ־טיגע רואיגקייט אין לאַנד וועט ניט געשטערט ווערען אזוי לאַנג ווי איך וועל זיין אין אמט".

אָבער גאָר פּלוצלונג איז דער פרידען און די רואיגקייט אינגאַנצען צוטרייסעלט געווארען. פון אן אומגעריכטען ווינקעל איז אין קאָנגרעס אריינגעשליידערט געווארען אַ באָמבע, וועלכע האָט אַלע שיינע ערווארטונגען און חלומות צושמעטערט. דער באָמבע־ווארפער איז געווען אַ פּאָרשטייער פון דער נאָרט, אַ הייסער קעמפער פאַר דעם „קאָמפּראָמיס פון 1850". ער האָט געפּאָדערט מיט אמאָל, אַז דער קאָנגרעס זאָל מאַכען אַ געזעץ צו גונסטען שקלאַפעריי, וועלכען די סאוט אַליין האָט ניט גע־וואגט צו פאָדערען, און ער האָט מיט זיין גוואַלדיגער פייאיג־קייט און מיט זיין גרויסען רעדנער־טאַלאַנט דעם געזעץ דורכ־

געפירט. „און אַט־דער געזעץ", — שרייבט פּראָפעסאָר סמיט, — האָט געבראַכט אין באַוועגונג אַ גאַנצע רייע פּאָליטישע ענ־דערונגען, וואָס האָבען געפירט דירעקט צום בירגער־קריג".

אין אָנפאַנג 1854 האָט סענאַטאָר סטיפען דאָגלעס, פון אי־לינאָי, אריינגעטראָגען אַ באַריכט וועגען אַ ביל צו אָרגאַניזי־רען אַ „קענזעס און נעבראַסקאַ טעריטאָריע". אַט דער באַריכט איז דאָס געוועזען די באָמבע, וועגען וועלכער מירריידען. דאָס שטיק לאַנד איז געלעגען צווישען מינעסאָטאַ, אייאָוואַ, מיזורי און אַרקענסאָ, — אויף דעם מזרח זייט; און אָרעגאָן, יוטאַ און ניו־מעקסיקאָ — אויף דעם מערב זייט. געהערט האָט דאָס לאַנד צו אינדיאַנישע שבטים. די רעגירונג האָט אַהין מיט יאָרען פריער אַריבערגעפירט אינדיאַנער פון פאַרשיידענע געגענדען אין דער איסט און האָט זיך פאַרפּליכטעט ניט צו ערלויבען, אַז ווייסע זאָלען זיך דאָרטען באַזעצען און דאָס לאַנד ביי די אינדיאַנער צונעמען. אין פאַרלויף פון די 40־ער יאָרען האָט זיך אָנגע־פאַנגען אַ דראַנג פון די ווייסע פון די דערבייאיגע שטאַטען אריינ־צורייסען זיך אין דער אינדיאַנישער טעריטאָריע. איבערהויפּט זיינען אין דעם געווען פאַראינטערעסירט די נאָרדליכע שטאַטען אויףביידע זייטען פון דעם מיסיסיפּי־טייך. זיי האָבען גע־וואָלט האָבען די מעגליכקייט צו פאַרבינדען זיך דירעקט מיט די אַמעריקאַנער אין דער וויטער וועסט, אין אָרעגאָן, יוטאַ און ניו־מעקסיקאָ. עס איז דעמאָלט אָנגעגאַנגען אַ באַוועגונג וועגען בויען אַ באַן־ליניע וואָס זאָל דורכשניידען די גאַנצעברייט פון לאַנד ביז'ן פּאַסיפישען ים. עס פאַרשטייט זיך, אַז די שטאַטען פון דער נאָרט האָבען געוואָלט אַז די באַן זאָל זיך ציען דורך זייער טייל לאַנד. דאָס איז אָבער אונמעגליך געווען צוליב דער אינדיאַנישער טעריטאָריע, וואָס איז געלעגען אין מיטען. עס זיינען אַלזאָ אין די פאַרשיידענע שטאַטען אַרום דעם מיסיסיפּי־טייך געווען פאַראינטערעסירטע גרופּען, וואָס האָבען געזוכט אויסצואווירקען, אַז מען זאָל אָפּנעמען דאָס לאַנד פון די אינדיאַ־נער און עס אָרגאַניזירען אין אַ טעריטאָריע, וואו די ווייסע זאָלען זיך קענען באַזעצען.

סטיפען דאגלעס האט פארטראטען איינעם פון די שטאטען, — אילינאי, און ער איז געווען פאראינטערעסירט אין דער באן־באוועגונג. נאך אין די פריערדיגע יארען האט ער געמאכט אייניגע פארזוכען דורכצופירען א ביל אין קאנגרעס וועגען צונעמען דאס לאנד פון די אינדיאנער, עס האט זיך אים אבער ניט איינגעגעבען. איצט, אין 1854, איז ער געווען דער טשערמאן פון דער „קאמיטע איבער טעריטאריעס״ אין סענאט, און ער האט די פראבע ווידער געמאכט. דעם ביל האט אריינגעטראגען אן אנדערער. ער אבער, אלס טשערמאן פון דער קאמיטע, האט דעם ביל איבערגעארבייט און צוגעגרייט א רעקאמענדאציע צום סענאט, אז דער ביל זאל אנגענומען ווערען.

דער ביל, ווי סענאטאר דאגלעס האט אים פארגעלייגט, האט ענטהאלטען א פונקט, וואס האט דירעקט מיט דער פראגע פון טעריטאריע קיין שייכות ניט געהאט. אט דער פונקט איז דאס געווען די באמבע, וואס האט אויפגעטרייסעלט דאס לאנד.

דער ביל האט געלויטעט:

1) די שטיק אינדיאנישע לאנד זאל ארגאניזירט ווערען אין צוויי טעריטאריעס: דער נארדליכער טייל זאל הייסען „נעבראסקא טעריטאריע״; דער זידליכער טייל זאל הייסען „די קענזעס טעריטאריע״.

2) דער קאנגרעס זאל איצט ניט באשטימען, צי שקלאפעריי זאל אין די טעריטאריעס זיין ערלויבט אדער פארבאטען. זאלען דערוויילע די ווייסע קאלאניסטען טאן ווי זיי ווילען. שפעטער, ווען אין די טעריטאריעס וועלען זיך באזעצען גענוג מענשען און מען וועט די טעריטאריעס דארפען אנערקענען אלס שטאטען, וועלען זיי אליין אפשטימען צי זיי ווילען זיין שקלאפען־שטאטען, אדער פרייע שטאטען.

3) דער דריטער פונקט האט מיט דעם גאנצען ביל קיין דירעקטע שייכות ניט. ער לויטעט: „עס ווערט ערקלערט, אז דער ׳מיזורי קאמפראמייז פון 1820׳ איז ניט גילטיג, אפגעשאפט״.

דער „מיזורי קאמפראמייז פון 1820״ האט באשטימט א

געוויסע ליניע אלס גרענעץ צווישען די פרייע טעריטאָריע און דער שקלאַפען־טעריטאָריע. די ליניע האָט זיך געצויגען פון דעם זידליכען גרענעץ פון מיזורי, דורך דער ברייט פון לאַנד, ביז די בערג. די גאַנצע אינדיאַנישע לאַנד, וועגען וועלכע עס האָט זיך איצט געהאַנדעלט, איז געלעגען אויף דער נאָרדליכער זייט פון דער ליניע, און לויט דעם פשרה־געזעץ פון 1820 האָט דאָרט שקלאַפעריי געמוזט זיין אויף אייביג פאַרבאָטען. איצט האָט דאָגלעס פאָרגעשלאָגען, אז דער פאַרבאָט זאָל אָפּגעשאַפט ווער־רען און אַז די איינוואוינער זאָלען אַליין קענען באַשטימען, צי עס זאָל דאָרט יע ערלויבט זיין שקלאַפעריי, אָדער ניט.

די סאוט האָט זיך קיינמאָל ניט געריכט, אז מען וועט פאַר שקלאַפעריי ווען־עס־איז עפענען די טירען אין אַ שטיק לאַנד אויף יענער זייט פון דער ליניע. די סאוט וואָלט עס קיינמאָל ניט געוואגט צו פאָדערען. איצט איז געקומען אַ סענאַטאָר פון דער נאָרט און האָט עס אַליין פאָרגעשלאָגען. עס פאַרשטייט זיך, אַז די סאוט האָט זיך דערפרייט. זי האָט זיך אָן דעם פאָרשלאַג אָנגעכאַפּט. די נאָרט איז, פאַרקערט, געוואָרען אויפ־געבראַכט. קיינער דאָרט האָט זיך ניט פאָרגעשטעלט, אַז די רעגירונג וועט ווען עס איז געבען די שקלאַפען־איינגענטימער די מעגליכקייט אַריינצודרינגען אין דעם נאָרדליכען טייל פון לאַנד.

דערצו איז דער „מיזורי קאָמפּראָמיס" באַטראַכט געוואָרען אין דער נאָרט אַלס אַ פעסטער געזעץ, אַ הייליגער געזעץ, אַזוי ווי די קאָנסטיטוציע. פיר־און־דרייסיג יאָר איז דער געז־זעץ געווען אין קראַפט, און קיינער האָט ניט געוואגט אים אָנצורירען. פּלוצלונג ווערט ער ערקלערט פאַר ניט גילטיג!

וואָס איז געווען דאָגלעס'עס כונה? פאַרוואָס האָט ער אַזאַ פאָרשלאַג געמאַכט? וועגען דעם זיינען היסטאָריקער צו־טיילט אין צוויי מיינונגען.

איינינגע זיינען מיט דער מיינונג, אַז דאָגלעס האָט זיין פאָר־שלאַג אַריינגעטראָגען צוליב ריין פּאָליטישע מאָטיווען. ער האָט געטרוימט צו קריגען די נאָמינײשאָן פאַר פּרעזידענט אויף דעם דעמאָקראַטישען טיקעט. די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי איז קאָנ־

טראלירט געווארען פון דער סאוט. ער האט געזוכט צו טאן עפעס אזוינס, וואס זאל אים מאכען באליבט און פאפולער צווי־שען די שקלאפען־אייגענטימער פון דער סאוט.

אנדערע זיינען מיט דער מיינונג, אז דאגלעס איז געווען פאראינטערעסירט אין דער באן־ליניע דורך דער נארט־וועסט. פאר דעם צוועק איז, ווי פריער געזאגט, נויטיג געווען צו ארגא־ניזירען די אינדיאנישע לאנד אין א טעריטאריע פאר ווייסע קאלאניזאציע. ער האט אבער געוואוסט, אז די סאוט וועט קיינמאל ניט איינוויליגען די טעריטאריע צו ארגאניזירען, ווייל די סאוט האט געוואלט, אז די באן־ליניע זאל זיך ציען דורך דער סאוט־וועסט. איז אים איינגעפאלען איינצושרייבען אין דעם פארשלאג אזא פונקט, וואס זאל אזוי שטארק געפעלען דער סאוט, אז זי וועט מוזען פאר'ן ביל שטימען. ער האט געוואוסט, אז מיט דעם פונקט אפצושאפען דעם „מיזורי קאמ־פראמיס" וועט ער זיין ציל דערגרייכען. די סאוט וועט ניט קענען ביישטיין דעם נסיון אנצוכאפען זיך ביי א געלעגענהייט פטור צו ווערען פון דעם געזעץ, וואס האט אויסגעשלאסען שקלאפעריי אין דער גאנצער נארט־וועסט.

דאגלעס'עס ביל האט ארויסגערופען שטורעמדיגע דעבאטען, — פריער אין סענאט, דערנאך אין דער האוז אוו רעפרעזענטא־טיווס. די געגנער פון דעם ביל האבען אים פארדאמט אויף דעם גרונד, אז ער וועט ווירקען צו פארשפרייטען די „אונמאראלע אינדוסטריע" פון שקלאפעריי. די שארפסטע רעדעס געגען דעם ביל זיינען געהאלטען געווארען פון די סענאטארען טשעיס און סאמנער, וועלכע זיינען געווען פארברענטע געגנער פון דעם שקלא־פען־סיסטעם. די שטארקסטע רעדע פאר דעם ביל האט גע־האלטען דאגלעס. ער האט גע'טענה'ט, אז ער האט אייגענטליך קיין נייעס ניט פארגעשלאגען, ווייל דער „קאמפראמיס פון 1850" האט דאך שוין געטאן דאס זעלבע, וואס ער שלאגט איצט פאר. אין דעם קאמפראמיס פון 1850 איז געווען א פונקט, אז די טערי־טאריעס יוטא און ניו־מעקסיקא זאלען האבען דאס רעכט אליין צו באשטימען, צי זיי ווילען אריינקומען אלס שקלאפען אדער פרייע

שטאַטען. אויב די טעריטאָריעס יוטאַ און ניו־מעקסיקאַ האָבען די רעכט באַקומען, זעט ער ניט איין, פאַרוואָס די טעריטאָריע נעבראַסקאַ און קענזעס זאָלען די רעכט ניט באַקומען. ער האָט ווייטער גע'טענה'ט, אַז ער פאָדערט פאַר די צוקונפטיגע קאָלאָניס־טען פון נעבראַסקאַ און קענזעס דאָס הייליגע קאָנסטיטוציאָנעלע רעכט פון אַליין באַשטימען זייערע געזעצען. וואָס פאַר אַ רעכט האָט דער קאָנגרעס פאַראויס צו באַשטימען צי די איינוואוינער פון צוויי געגענדען זאָלען מעגען האַלטען שקלאַפען, צי ניט? זיי זיינען דאָך גלייכבארעכטיגטע בירגער און זיי דאַרפען האָבען די זעלבע רעכט, ווי עס האָבען געהאַט די בירגער פון דער סאוט אָדער פון דער נאָרט, אַליין צו שטימען איבער דער שקלאַפען־פראַגע. ער האָט זיין פאָרשלאַג באַצייכענט מיט דעם נאָמען „פאָלקס־הערשאַפט".

די דעבאַטע האָט זיך געצויגען עטליכע מאָנאַט. ענדליך איז דאָגלעס'ס ביל אָנגענומען געוואָרען. דער פּרעזידענט האָט אים אונטערגעשריבען — און ער איז געוואָרען אַ געזעץ.

די גאַנצע צייט, וואָס דער קאָנגרעס האָט דעם ביל פאַרהאַנ־דעלט, האָט די נאָרט געקאָכט מיט פּראָטעסטען אין דער פּרעסע און אויף פאַרזאַמלונגען.

ראודס זאָגט, אַז דער שטורעם פון דער נאָרט איבער דעם ביל קען פאַרגליכען ווערען מיט דעם שטורעם, וואָס די לעקסינג־טאָן־שלאַכט האָט פאַראורזאַכט ביים אויסברוך פון דער רעוואָלו־ציע געגען ענגלאַנד. די „איוונינג פּאָוסט", אַ ניו יאָרקער צייטונג, האָט געשריבען: „ווען די „איוונינג פּאָוסט" וואָלט געווען דריי מאָל אַזוי גרויס, ווי זי איז, און וואָלט געדרוקט דריי אויס־גאַבען אַ טאָג, וואָלט איר ניט געסטייעט קיין פּלאַץ צו באַריכ־טען די אַלע פאַרזאַמלונגען, וואָס ווערען אָפּגעהאַלטען יעדען טאָג אין דער נאָרט און אין דער וועסט צו פּראָטעסטירען געגען דעם ביל". אַ צייטונג אין ווירדזשיניאַ האָט געשריבען: „עס האָט קיינמאָל ניט פּאַסירט, אַז די נאָרט זאָל זיין אַזוי איינייג אי־בער אַ פראַגע, וואָס רירט אָן די רעכט פון דער סאוט, ווי זי איז איצט איינייג אין איר אָפּאָזיציע".

דער קענזעס־נעבראסקא געזעץ האט צוטיילט דאס לאנד אין צוויי געגנערישע לאגערען: דער לאגער פון שקלאפעריי און דער לאגער פון אנטי־שקלאפעריי. סענאטאר סאמנער האט די לאגע ריכטיג באצייכענט מיט זיין ערקלערונג, אז „די צייט פון פשרות איז איצט פאראיבער; עס פאנגט זיך אן א קאמף פון לעבען און טויט צווישען די פריינט און די פיינט פון שקלאפעריי". אלע אנדערע געזעלשאפטליכע און פאליטישע פראגען זיינען איצט אפ־געררוקט געווארען אן א זייט. אויפ'ן טאגעס־ארדענונג איז אויפ־געשטעלט געווארען איין איינציגע פראגע: שקלאפעריי.

צוויי נייע פארטייען זיינען ארגאניזירט געווארען: די רע־פובליקאנישע פארטיי און די „נאו נאטהינג"־פארטיי („ווייס־גארנישט"־פארטיי). די רעפובליקאנישע פארטיי איז געבוירען געווארען ספאנטאן, פון זיך אליין, אלס די פארטיי, וואס האט פאראייניגט אין זיך די אלע עלעמענטען און גרופען, וועלכע האבען געפאדערט, אז שקלאפעריי זאל זיך ווייטער אין לאנד ניט פארשפרייטען. די „נאו־נאטהינג" פארטיי האט געזוכט צו שא־פען א נייעם פאליטישען פראגראם, וועלכער זאל אפווענדען די אויפמערקזאמקייט פון לאנד פון שקלאפעריי. ארום איר האבען זיך גרופירט די עלעמענטען, וואס האבען נאך אלץ געהאפט, אז עס איז דא א מעגליכקייט צו מאכען, אז דאס לאנד זאל די שקלאפען־פראגע צורו לאזען.

דער ערשטער שריט צו ארגאניזירען א נייע פארטיי אויף צו באקעמפען שקלאפעריי איז געמאכט געווארען אין דער וועסט. דעם 28־טען פעברואר, 1854 איז אין ריפאן, וויסקאנסין, אפגע־האלטען געווארען א פארזאמלונג צו פראטעסטירען געגען דעם קענזעס־נעבראסקא ביל, וועלכער איז דאן נאך פארהאנדעלט גע־ווארען אין קאנגרעס. ביי דער פארזאמלונג איז באשלאסען גע־ווארען, אז א נייע פאליטישע פארטיי זאל געגרינדעט ווערען מיט דעם נאמען „די רעפאבליקען פארטי". דעם 6־טען יולי איז אפ־געהאלטען געווארען א גרויסע פארזאמלונג אין דזשעקסאן, מי־שיגען, וואו עס איז באשלאסען געווארען צו ארגאניזירען א רע־פובליקאנישע פארטיי אין מישיגען סטייט. די פארזאמלונג האט

אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, וועלכע האָט ערקלערט, אַז שקלאַפעריי „איז אַ גרויסער סאָציאַלער און פּאָליטישער איבעל". די פאַר־זאַמלונג האָט נאָמינירט קאַנדידאַטען פאַר די שטאַט־וואַלען אַלס רעפּובליקאַנער. אַנדערע שטאַטען האָבען באַלד נאָכגעטאָן דעם ביישפּיל פון מישיגען. אין די שטאַט־וואַלען וואָס זיינען אָפּ־געהאַלטען געוואָרען אין הערבסט, 1854, האָט שוין די נייע רע־פּובליקאַנישע פּאַרטיי אַרויסגעשטעלט קאַנדידאַטען אין וויסקאָנ־סין, מאַסאַטשוזעטס, ווערמאָנט און מעין. אין וויסקאָנסין און אין מישיגען האָט די נייע פּאַרטיי געזיגט און ערוויילט אירע קאַנדידאַטען.

די צווייטע פּאַרטיי האָט פון אָנפאַנג אויסגעוויזען צו זיין די שטאַרקערע. זי האָט אָבער לאַנג ניט געלעבט. אין דעם קאַמף איבער שקלאַפעריי, וואָס האָט זיך אין די נעקסטע עט־ליכע יאָר פאַרגאַנדערגעפלאַקערט, איז די פּאַרטיי צורונען גע־וואָרען. זי איז אָבער וויכטיג אַלס אַ היסטאָרישע ערשיינונג און אויך דערמיט, וואָס זי איז געוואָרען די מוטער פון ענליכע פּאַרטייען און באַוועגונגען אין די שפּעטערע יאָרען.

די פּאַרטיי האָט אָפיציעל געטראָגען דעם נאָמען „די אַמע־ריקען פּאַרטיי". ביים גרויסען עולם איז זי אָבער באַקאַנט גע־ווען אונטער דעם נאָמען „נאָו נאָטהינגס". דאָס איז דערפאַר, ווייל זי איז געווען אַ געהיימע, אונטערערדישע, און ווען מען פלעגט אַ מיטגליד שטעלען פראַגען וועגען די פּרינציפּען און די אויפגאַבען פון דער אָרגאַניזאַציע, פלעגט ער ענטפערען: „איך וויים גאָרניט".

די פּאַרטיי האָט זיך געשטעלט פאַר איר אויפגאַבע צו באַ־קעמפען אימיגראַנטען, קאַטאָליקען און סאָציאַליסטען. זי האָט געזוכט צו אָרגאַניזירען אַלע היגע געבוירענע פּראָטעסטאַנטען, וועלכע שטאַמען פון עכטע אַמעריקאַנער, און צו ווירקען, אַז נאָר אַזוינע בירגער זאָלען האַלטען די רעגירונגס־עמטער און האָבען פּאָליטישע רעכט. זי האָט געוואָלט דורכפירען אַ געזעץ, אַז אי־מיגראַנטען און קאַטאָליקען זאָלען ניט טאָרען האַלטען קיין רע־גירונגס־אַמט פון לאַנד, סיי פון שטאַט, סיי פון שטאָט, און נאָך

א געזעץ, אז אימיגראנטען זאָלען ניט קענען ווערען קיין בירגער, סיידען זיי וואוינען דאָ ניט ווייניגער ווי 21 יאָר.

די אָרגאַניזאציע איז געווען איינגעהילט אין סודות, און דאָס האָט געווירקט צוציען א סך מיטגלידער. אלס מיטגלידער זיינען אריינגענומען געווארען אזוינע, וואס האָבען געהאט די פאָלגענדע איינגענשאפטען: געבוירען אין אמעריקע, א פּראָטעסטאנט, א גלויביגער. ביים אריינטרעטען אין דער אָרגאניזאציע האָט דער קאנדידאט געמוזט שווערען מיט דער האנט אויף דער ביבעל און אויף א צלם, אז ער וועט קיינמאָל ניט ארויסגעבען די סודות פון דער אָרגאניזאציע און אז ער וועט ניט שטימען פאר א קאנדידאט, וועלכער איז ניט קיין פּראָטעסטאנט און ניט קיין אמעריקאנער געבוירענער. די מיטגלידער האָבען געהאט צייכענס, דורך וועלכע זיי פלעגען באגריסען איינע די אנדערע, וואו זיי פלעגען זיך טרעפען.

די פּארטיי האָט די ערשטע צייט געמאכט גרויס פּאָרטשריט. איבערהויפּט אין די גרעסערע שטעט אין דער איסט, וואו עס האָבען זיך געפונען א סך אימיגראנטען־ארבייטער. די עכטע אמעריקאנער האָבען ניט געקענט צוזען ווי די אימיגראנטען, א סך פון זיי איירישע קאטאָליקען, ווערען א מאכט אין דער פּאָליטיק. די עכטע אמעריקאנישע סוחרים און באַלעבאטים האָבען אויך ניט געקענט דולדען די פּראָגרעסיווע געדאנקען, וואס די אימיגראנטען האָבען געבראכט פון אייראָפּא און געפּרעדיגט צווישען די אָרימע מאסען. אין די וואַלען פון 1854־1855 האָט די „אמעריקאן פּארטי" געצויגען א סך שטימען און ערוויילט בעאמטע אין שטעט און שטאטען. זי האָט אויך געשיקט א צאָל פּאָרשטייער אין קאָנגרעס. עס האָט פון אָנפאנג אויסגעוויזען, אז זי וועט ווערען א גרויסע איינפלוסרייכע פּארטיי און זיין שטארקער ווי די נייע רעפּובליקאנישע פּארטיי.

באַלד אָבער האָט די פּאָליטישע לאגע אָנגענומען אַן אנדער ווענדונג. דער גרויסער עולם איז געוואָרען מער און מער פארקאָכט אין דער שקלאפען־פראגע. און אויף דער פראגע האָט די „נאָו־נאטהינג" פּארטיי קיין באשטימטע שטעלונג ניט גע־

נומען. אין דער נאָרט האָט זי געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי איז געגען שקלאַפּעריי; אין דער סאוט האָט זי געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי איז פאַר שקלאַפּעריי. דער אמת איז, אַז די פירער פון דער פּאַרטיי האָבען געהאָפט, אַז זיי וועט געלינגען אָפּצואוועגדען די אויפמערקזאַמקייט פון פאָלק פון דער שקלאַפען־פראַגע. זיי האָבען מיט אַלע כחות געזוכט צו ווירקען אויף די מאַסען, זיי זאָלען טראַכטען ווייניגער וועגען די נעגערס און מער וועגען די „פאַרדאַמטע פרעמדע און קאַטאָליקען". און דאָס האָט געפירט צו דעם דורכפאַל פון דער פּאַרטיי.

דאָס פאָלק האָט געזוכט פּאָליטישע פּאַרטייען מיט אַ באַשטימטען פּראָגראַם וועגען שקלאַפעריי. אַזוינע פּאַרטייען זיינען איצט געווען צוויי: די אַלטע דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, וואָס איז געפירט געוואָרען פון סענאַטאָר דאָגלעס און פּרעזידענט פּיערס. די פּאַרטיי האָט אַרויסגעשטעלט איר שלאָג־וואָרט: „קיין באַגרענצונג פאַר שקלאַפּעריי; די איינוואוינער פון יעדער טעריטאָריע און יעדען נייעם שטאַט זאָלען האָבען דאָס רעכט אַליין צו באַשטימען, צי זיי ווילען שקלאַפּעריי צי ניט"; און די נייע רעפּובליקאַנישע פּאַרטיי, וועלכע האָט אַלס איר פּרינציפּ אַרויסגעשטעלט די פאָדערונג, אַז שקלאַפּעריי זאָל באַגרעניצט ווערען, אַז די רעגירונג זאָל ניט ערלויבען, אַז שקלאַפּעריי זאָל אַריינדרינגען אין נייע טעריטאָריעס און אין די נייע שטאַטען, וואו זי איז געווען פאַרבאָטען, לויט דעם אַלטען „מיזורי קאָמפּראָמייז" פון 1820.

עס האָט געדויערט אַ פּאָר יאָר איידער די שטימונג אין לאַנד איז קריסטאַליזירט געוואָרען. דערווייל האָט עס געקאָכט און געשטורעמט מיט פּראָטעסטען געגען דעם קענזעס־נעבראַסקאַ געזעץ. האָרייס גרילי האָט ערקלערט, אַז דאָגלעס און פּיערס האָבען געשאַפען מער אַבאָלישאָניסטען אין דריי מאָנאַט צייט ווי גערִיסאָן און וועגדעל פיליפּס האָבען געשאַפען אין צוואַנציג יאָר. אַלס ענטפער אויף דעם קענזעס־נעבראַסקאַ געזעץ האָבען אַ רייע שטאַטען אין דער נאָרט דורכגעפירט בילס, וועלכע האָבען געצילט מבטל צו מאַכען דעם נאַציאָנאַלען געזעץ וועגען כאַ־

פען אנטלאפענע נעגערס. די בילס האבען געגעבען א געכאפ־טען נעגער דאס רעכט צו פאדערען א דזשורי־טרייעל. זיי האבען פארבאטען די כאפער איינצושפארען די נעגערס אין שטאט־געפענגענישען. די שטאטען האבען אויך באזארגט די געכאפטע נעגערס מיט אדוואקאטען זיי צו פארטיידיגען. די אלע געזעצען זיינען פארדאמט געווארען אין דער סאוט אלס אומקאנסטיטוציאנעלע. אין דעם זעלבען יאר האט געריסאן, דער פירער פון די אבאלישאניסטען, אפגעטאן א זאך, וואס אמעריקאנער פאטריאטען האבען אים נאך ביז היינט ניט מוחל געווען. ער האט אויך אן עפענטליכער פארזאמלונג פון אבאלישאניסטען, אין א שטעטעל אין מאסאטשוזעטס פאנאנדערגעלייגט א פייער און פארברענט די קאנסטיטוציע, אינאיינעם מיט דעם געזעץ וועגען אנטלאפענע שקלאפען. ער האט די צערעמאניע דורכגעפירט דעם 4־טען יולי, 1854. אין זיין „ליבערייטאר" האט ער די זעלבע צייט געשריבען, אז קיין אנדער אויסוועג איז ניט פארבליבען ווי נאר איינער: אז די נארט זאל זיך אפרייסען פון דער סאוט; די פאראייניגטע שטאטען מוזען צושפאלטען ווערען.

קאַפּיטעל 22

## „די בלוטענדע קענזעס“.

דער שטורעם אין לאַנד איבער דעם קענזעס־נעבראַסקא געזעץ האָט אין קענזעס גופא געפירט צו בלוט־פאַרגיסונג. קענזעס ליגט צו מערב־צו פון מיזורי. די שקלאַפען אייגענטימער פון מיזורי זיינען געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט, אַז שקלאַפעריי זאָל ערלויבט זיין אין קענזעס; אַז ווען קענזעס וועט ווערען אַ שטאַט, זאָל זי געהערען צו דער גרופּע פון שקלאַפען־שטאַטען. אין מיזורי זיינען דעמאָלט געווען פופציג טויזענט נעגער־שקלאַפען, און זייערע אייגענטימער האָבען מורא געהאַט, אַז אויב קענזעס וועט זיין א פרייער שטאַט, וועלען זייערע שקלאַפען אַהין אנטלויפען. לויט דעם נייעם געזעץ איז די פראַגע, צי אין קענזעס זאָל ערלויבט זיין שקלאַפעריי אָדער ניט, איבערגעלאָזען געוואָרען פאַר דער צוקונפטיגער באַפעלקערונג פון קענזעס אַליין צו אַנטשיידען. פאַר מיזורי און פאַר דער גאַנצער סאוט איז איצט וויכטיג געווען, אַז אין קענזעס זאָלען זיך באַזעצען וואָס מער פון זייערע אייגענע מענשען, כדי זיי זאָלען דאָרט קענען באַשטימען און דורכפירען די געזעצען לויט זייערע אינטערעסען. אַזוי שנעל טאַקע ווי דאָס געזעץ איז אונטערגעשריבען געוואָרען, האָבען אין קענזעס גענומען אריינקומען גרויסע צאָלען קאָלאָניסטען פון מיזורי און פון די אַנדערע זידליכע שטאַטען.

אין דער נאָרט האָבען די געגנער פון שקלאַפעריי געהאַלטען, אַז עס איז וויכטיג צו געווינען קענזעס אויף זייער זייט. זיי האָבען געגלויבט, אַז עס וועט זיין אַן אונגליק פאַר׳ן לאַנד אויב שקלאַפעריי וועט דורך קענזעס אָנפאַנגען אריינצודרינגען אין

דער נארט. אין יולי, 1854, איז אין מאססאטשוזעטס ארגאני־זירט געווארען „אן אימיגרענט עיד קאמפאני" צו העלפען קא־לאניסטען פון דער נארט זיך צו באזעצען אין קענזעס. די קאמ־פאניע האט גענאמעלט געלט צווישען רייכע לייט, וועלכע זיינען געווען פרינציפיעלע געגנער פון שקלאפעריי, און זי האט פאר־זארגט קאלאניסטען מיט די נויטיגע הוצאות אויף ארויסצופארען קיין קענזעס. זי האט זיי אויך געגעבען געלט אויף צו בויען מילען און האטעלען. אין קענזעס זיינען באלד געווען צוויי גרופעס קאלאניעס: איין גרופע פון שקלאפען־אנהענגער, און א צווייטע פון געגנער. קיין שקלאפען אליין זיינען נאך אין קענ־זעס כמעט ווי ניט געווען. פון דער סאוט און פון מיזורי זיי־נען קיין רייכע לייט ניט געקומען זיך באזעצען אין קענזעס; עס זיינען געקומען ארימע, וואס האבען ניט פארמאגט קיין געלט צו קויפען שקלאפען. זיי זיינען אבער געווען פאר שקלאפעריי און זיינען גרייט געווען צו קעמפען פאר שקלאפעריי אלס א פרינציפ. די צוויי גרופעס קאלאניעס האבען באטראכט איינע די אנדערע ווי שונאים. גלייך ווי זיי האבען זיך געגרינדעט איז צווישען זיי געשאפען געווארען א קריגס־צושטאנד.

מיזורי האט זיך ניט באנוגענט מיט אריינשיקען קאלאניס־טען אין קענזעס. זי האט זיך ניט פארלאזען נאר דערויף, אז איר וועט געלינגען צו באזעצען מער מענשען ווי די נארט וועט עס טאן. אין מיזורי גופא זיינען ארגאניזירט געווארען געהיימע ארגאניזאציעס אונטער'ן נאמען „די בלוי לאדזשען", וועלכע הא־בען גענומען א שבועה אויפצוהאלטען שקלאפעריי אין קענזעס. אויף אט די „בלויע לאדזשען" פאלט עס איינגענטליך די אחריות פאר די בלוטיגע אומרוען וואס זיינען פארגעקומען אין קענזעס אין פארלויף פון די נעקסטע עטליכע יאר.

דער פרעזידענט האט פאר גאווערנאר פאר דער נייער קענ־זעס טעריטאריע, באשטימט זיינעם א מענשען, א פריינט פון דער סאוט און אן אנהענגער פון דאגלעס'עס פראגראם. דער גאווערנאר, רידער איז געווען זיין נאמען, האט די ערשטע זאך ארויסגעלאזען אן אויפרוף צו די איינוואוינער פון קענזעס, זיי

זאָלען קומען שטימען פאַר אַ פאָרשטייער צום קאָנגרעס. די וואָלען האָבען געדאַרפט פאָרקומען דעם 29־טען מערץ, 1854. ביי די וואַלען האָבען זיך די צוויי צדדים צום ערשטען מאָל געדאַרפט פארמעסטען מיט די כחות.

אין דעם טאָג פון די וואַלען האָבען אין קענזעס אריינ־געמאַרשירט 1700 איינוואוינער פון מיזורי, און אַלע האָבען זיי געוואָרפען זייערע שטימען פאַר'ן שקלאַפען־קאַנדידאַט. געוויס האָבען זיי קיין רעכט ניט געהאַט צו באַטייליגען זיך אין די וואַלען פון קענזעס, אָבער קיינעם האָט עס ניט געאַרט — ניט דעם גאָווערנאָר און ניט דעם פּרעזידענט. דער שקלאַפען־קאַנדידאַט איז דערוויילט געוואָרען און האָט פארנומען זיין פּלאַץ אין קאָנגרעס.

דעם 30־טען מערץ, 1854, זיינען פאָרגעקומען וואַלען פאַר פאָרשטייער אין דער קענזעס לעדזשיסלייטשור. האָט פּאַסירט דאָסזעלבע. דאָס מאָל זיינען פון מיזורי אָנגעקומען אַן אַרמיי פון פינף טויזענט מאַן. זיי האָבען געטראָגען „ביקסען אויף די אַקסלען, רעוואָלווערען אין די גאַרטלען און מעסערס אין די שטיוועל. אויף די וועגענער האָבען זיי געפירט אַ גרויסען זאַפּאַס מיט שנאַפּס". די באַוואָפענטע מאַסע האָט זיך איינגעטיילט אין גרופּען. יעדע גרופּע איז אוועק אין אַ באַשטימטען וואָל־פּלאַץ און געפאָדערט מען זאָל זיי לאָזען שטימען. די בעאַמטע האָבען ניט געוואַגט זיי אָפּצוזאָגען. אין עטליכע פּלעצער, וואו די בעאַמטע האָבען זיך געשטעלט אנטקעגען, האָבען די חברה זיי אַרויסגעוואָרפען פון שטים־פּלאַץ. אַרום און אַרום זיינען אין קענזעס יענעם טאָג אָפּגעגעבען געוואָרען 6300 שטימען. דריי־פערטעל פון זיי זיינען געווען ניט פון קענזעס. עס פאַרשטייט זיך, אַז די שקלאַפען־פּאַרטיי האָט דערוויילט אַלע אירע קאַנדי־דאַטען.

די חוצפּה'דיגע האַנדלונג מצד די שקלאַפען־מענשען האָט אויפגעבראַכט דעם גאָווערנאָר, וועלכער איז תמיד געווען אַ פריינד פון דער סאַוט. ער האָט צוגעשיקט וועגען דעם אַ באַ־ריכט צום פּרעזידענט און האָט פאַרעפענטליכט די פאַקטען אין

די צייטונגען פון דער נארט. אלס ענטפער האט ער געקראגען א באפעל פון פרעזידענט צו רעזיגנירען, און ווען ער האט זיך אנטזאגט דאס צו טאן, האט דער פרעזידענט אים אראפגעזעצט. רידער איז איצט אריבער צו דער פרייער פארטיי און איז גע־ווארען איינער פון אירע וויכטיגסטע פירער. דעם ערשטען פלאץ אלס פירער פון די אנטי־שקלאפען גרופען האט פארנומען דר. ראבינסאן, אן אבאלישאניסט פון מאסאטשוזעטס, וועלכער איז אין קענזעס געשיקט געווארען פון דער „עמיגרענט עיד קאמ־פאני" אלס איר פארשטייער.

די רעגירונג אין וואשינגטאן האט אנערקענט די לעדזשיס־לייטשור וואס איז דערוויילט געווארען דורך די פאלשע שטימען, און די לעדזשיסלייטשור האט גלייך דורכגעפירט א ריי געזע־צען צו באפעסטיגען די מאכט פון שקלאפעריי אין קענזעס. אט זיינען אייניגע פון די געזעצען: דער יעניגער, וועלכער וועט מינדליך אדער שריפטליך דערמוטיגען א שקלאף צו רעוואלטי־רען נעגען זיין באלעבאס אין קענזעס, זאל באשטראפט ווערען מיט'ן טויט; דער יעניגער, וואס וועט צוריידען א שקלאף ער זאל פארלאזען זיין באלעבאס, זאל באשטראפט ווערען ענטוועדער מיט'ן טויט אדער מיט צען יאר געפענגעניש; דער יעניגער, וואס וועט מינדליך אדער שריפטליך דערקלערען, אז שקלאפעריי איז ניט געזעצליך אין קענזעס, זאל פארשפארט ווערען אין טורמע אויף ניט ווייניגער ווי צוויי יאר. די לעדזשיסלייטשור האט אויך דורכגעפירט א געזעץ אז אלע בעאמטע אין קענזעס, אלע אדוואקאטען, און אלע וואס ווילען שטימען ביי די וואלען, מוזען פריער שווערען אז זיי זיינען גרייט צו שטיצען דאס גע־זעץ וועגען אנטלאפענע שקלאפען.

דר. ראבינסאן האט באשלאסען אויפצוהויבען א קאמף גע־גען דער שקלאפען־הערשאפט. די ערשטע זאך האט ער געשיקט א שליח קיין מאסאטשוזעטס צו ברענגען געווער. די ביקסען זיינען אנגעקומען אין פארקלאפטע קאסטענס וואס האבען גע־טראגען די אויפשריפט „ביכער". דאן האבען די פרייע קאלא־ניעס אפגעהאלטען א ריי קליינע און גרעסערע קאנפערענצען.

זיי האָבען באשלאָסען צו איגנאָרירען די רעגירונג פון די שקלאַ־פען־קאָלאָניסטען און גרינדען אַן אייגענע רעגירונג. די פרייע האָבען דאן אָפּגעהאלטען אייגענע וואלען און דערווייל‎ט אַן איי־גענע לעדזשיסלייטשור. זיי האָבען אויך פארפאסט אַ קאָנ־סטיטוציע, אין וועלכער זיי האָבען אריינגעשריבען, אַז שקלאַ־פעריי זאָל זיין פארבאָטען אין קענזעס. מיט דער קאָנסטיטוציע האָבען זיי זיך געווענדעט אין וואשינגטאָן, אַז דער קאָנגרעס זאָל אריינגעמען קענזעס אלס אַ שטאַט.

אין קענזעס זיינען איצט, אַלזאָ, געווען צוויי רעגירונגען: אַ רעגירונג וואס די שקלאַפען קאָלאָניסטען האָבען געשטיצט און אַ רעגירונג וואס די פרייע קאָלאָניסטען האָבען געשטיצט. דער נייער גאָווערנאָר וואָס די וואשינגטאָנער רעגירונג האָט אריינגעשיקט, ווילסאָן שענאָן, האָט אנערקענט די שקלאַפען־רעגירונג. ער האָט איר פארזיכערט, אַז זי וועט האָבען די שטיצע פון דעם פרעזידענט. אין אָנפאנג יאר 1856 האָט פרעזידענט פיערס אריינגעשיקט אַ ספּעציעלען מעסעדזש צום קאָנגרעס, אין וועלכען ער האָט פארדאמט די פרייע רעגירונג פון קענזעס אלס אַן אומגעזעצליכע. דער קאָנגרעס האָט די פראגע דעבאַטירט אַ מאָנאַט צייט, און צום סוף באשלאָסען צו שיקען אַ קאָמיטע פון דריי קאָנגרעסלייט אויסצופארשען די לאַגע אין קענזעס. די קאָמיטע איז אָנגעקומען אין דעם שטעטעל לאָורענס, איינער פון די וויכטיגסטע ישובים פון די פרייע, אין מיטען מאָנאַט אפּריל.

די לאַגע איז געווארען ערנסטער פון טאָג צו טאָג. אין דער נאָרט און וועסט זיינען אָרגאַניזירט געווארען הילף־פאראיינען פאר קענזעס, וואָס האָבען געזאמעלט געלט און ארויסגעשיקט פרייווילינגע צו העלפען די פרייע אין קענזעס. אין דער סאוט איז ענליכעס געטאָן געווארען צו העלפען דעם שקלאַפען־צד. פון דער סאוט זיינען די רעקרוטען אָנגעקומען אין אָרגאַניזירטע רעגי־מענטען, באוואפענטע, געפירט פון אָפיצירען, אזוי ווי אַן ארמיי וואָס גייט צום שלאַכט־פעלד. אזוינע רעגימענטען זיינען אָנ־געקומען פון אַלאַבאַמאַ, סאוט־קאראָליינאַ, דזשאָרדזשיאַ און אָנ־

דערע שטאטען. איינער פון די פארביסענסטע פירער פון די דאָ־זיגע גרופען איז געווען מאיאָר בופאָלד, א רייכער שקלאַפען־איינענטימער פון אַלאַבאמאַ. ער האָט פארקויפט פערציג פון זיינע שקלאַפען און מיט דעם געלט אָרגאַניזירט אַן עקספעדיציע קיין קענזעס. אין זיין עקספעדיציע זיינען געווען דריי הונדערט באוואפענטע מענער. ער האָט זיי פארשפּראָכען יעדערען פער־ציג אַקער לאנד און אַ יאהר לעבענס־מיטעל. ער איז מיט זיין ארמיי אָנגעקומען אין קענזעס ענדע מאָנאַט אַפּריל.

דערוויילע האָט אַ דזשורי איינגעקלאָגט די הויפּט בעאמטע פון דער פרייער רעגירונג. דר. ראָבינסאָן איז אַרעסטירט גע־ווארען און איינגעשפּארט געווארען אין פּריזאָן. די אַנדערע איינ־געקלאָגטע זיינען אנטלאָפען. די פרייע רעגירונג איז געבליבען כמעט אָן פירער.

אין מאָנאַט מאַי האָבען די פארשידענע שקלאַפען־ארמייען ארומגערינגעלט דאָס פרייע שטעטעל לאורענס. זיי זיינען אהין געקומען מאכען ארעסטען און אַוועקנעמען די וואפען ביי דער באפעלקערונג. די איינוואוינער פון לאורענס זיינען געווען קליין אין צאָל און האָבען זיך ניט געקענט שטעלען געגען דעם שונא. דאָך האָבען זיי זיך אפּגעזאגט אפּצוגעבען זייערע ביקסען. אלס ענטפער האָבען די שקלאַפען־ארמייען אַטאַקירט דאָס שטעטעל. זיי האָבען געמאכט אַ פּאָגראָם אויף די צוויי צייטונגען פון שטעטעל, צובראָכען די פּרעס־מאַשינען און אונטערגעצונדען די הייזער. זיי האָבען אויך צושאָסען און פארברענט דעם האָטעל פון שטעטעל. זיי האָבען אונטערגעצונדען דר. ראָבינסאָנ'ס הויז. זיי האָבען זיך אריינגעריסען אין פילע פּריוואַט־הייזער און פון דאָרטען ארויסגעטראָגען אלץ וואס זיי האָבען נאָר געפונען. דאן זיינען זיי אוועק.

די נייעס וועגען דעם פּאָגראָם אויף לאורענס האָט אויפגע־טרייסעלט אַלע פרייע איינוואוינער פון קענזעס. ביז איצט האָ־בען די פרייע קיין געוואַלט־טאַטען ניט באַגאַנגען. זייער פּראָ־גראם איז געווען צו קעמפען מיט געזעצליכע מיטלען. זיי האָבען פארשווינגען אַ גאַנצע ריי מיט אָנפאַלען, אין וועלכע פרייע זיינען

דערמאָרדעט געוואָרען. זייערע פירער האָבען זיך באַנוגענט מיט מאַכען פּראָפּאַגאַנדאַ אין דער נאָרט און מיט זאַמלען געלט צו ברענגען נייע אימיגראַנטען. עס זיינען אָבער געווען צווישען די פרייע אַזעלכע וואָס האָבען געגלויבט אַז די מעטאָדע איז אַ פאַלשע. איינער, און דער וויכטיגסטער צווישען זיי, איז געווען בראַון, וועלכער איז אָנגעקומען אין קענזעס אין 1855. דאָרט זיינען אויך געווען עטליכע זין זיינע און אַנדערע קרובים. די בראַונס זיינען געקומען פון קענזעס העלפען דעם פרייען קאַמף. דער אַלטער דזשאָן בראַון איז געווען זייער פירער.

דזשאָן בראַון האָט באַשלאָסען, אַז איצט מוז עפּעס געטאָן ווערען, וואָס זאָל אָנוואַרפען אַ שרעק אויף די שקלאַפען־טעראָ־ריסטען. ער האָט צונויפגענומען זיינע פיר זין, זיין איידים און נאָך צוויי פון זיינע נאָכפאָלגער און האָט זיי באַפוילען זיי זאָלען מיט אים מיטגיין.

דאָס איז געווען נאָך האַלבע נאַכט, דעם 25־טען מאַי. ער איז מיט זיין גרופּע אוועק אין אַ געגענד וואו שקלאַפען־פאַרמער האָבען געוואוינט. ער האָט אָנגעקלאַפּט אין דריי הייזער. פון איין הויז האָט ער אַרויסגעפירט אַ טאַטען מיט צוויי זין, פון אַ צווייטען הויז — אַ מאַן, און פון דריטען נאָך אַ מאַן. די פינף מענשען האָט בראַון און זיינע נאָכפאָלגער קאַלטבלוטיג ערמאָרדעט. זייערע קערפּערס האָט מען געפונען ליגענדיג ניט ווייט פון די הייזער, וואו זיי האָבען געוואוינט.

די פינף מאָרדען האָבען דערוועקט אַ בלוטיגען צאָרן צווישען די שקלאַפען־אייגענטימער. אַ צייטונג אין אַ שקלאַפען־שטאַט איז אַרויס מיט אַן עקסטרא: „מלחמה! מלחמה!“ די שקלאַ־פען קאָלאָניסטען האָבען זיך גענומען באַוואָפענען. פרייע קאָ־לאָניסטען זיינען אַרעסטירט געוואָרען. די באַוואָפענטע באַנדעס האָבען געמאַכט נייע פּאָגראָמען געגען די פרייע. איצט האָבען זיי דאָך געהאַט אַ בעסערען אויסרייד ווי פריער. די פרייע האָ־בען זיך אויך גענומען באַוואָפענען, כאָטש די צאָל פון זייערע באַוואָפענטע איז געווען אַ סך קלענער. זיי זיינען אָבער גרייט געווען זיך צו פאַרטיידיגען ביז דאָס לעצט. דער גאָווערנאָר,

כאטש ער האט געהאלטען מיט דער שקלאפען־פארטיי, האט אריינגעשיקט אן ארמיי סאלדאטען אפצוהאלטען א צוזאמענשטויס צווישען די צוויי גרופען.

דער שטראם פון קאלאניסטען פון נארט און איסט האט דערווייל ניט אויפגעהערט און דער שקלאפען־צד האט איצט באשלאסען דעם שטראם אפצושטעלען. זיי האבען ארגאניזירט א באוואפענטע וואך, וועלכע האט באזוכט יעדע שיף וואס האט געפירט קאלאניסטען און געמאכט אויף זיי אבלאוועס. א סך פון די אימיגראנטען זיינען ארעסטירט געווארען מיט'ן אויסרייד אז זיי פירען געווער. א סך זיינען געצוואונגען געווארען צו פארען צוריק. די פרייע האבען פראטעסטירט, אבער עס האט ניט געהאלפען. צום סוף זיינען די פרייע געצוואונגען געוועזען צו מאכען זייער רייזע קיין קענזעס איבער דער יבשה. די לאנדרייזע איז געוועזען א סך א שווערערע ווי די אויפ'ן וואסער. דער שטראם פון אימיגראציע איז אבער ווייטער געגאנגען.

פראפעסאר מעקמעסטער שרייבט: „די פרייע זיינען געווארענט געווארען, אז זיי זאלען זיך ריכטען אויף א קאמף. א סך פון זיי האבען פארלאזען זייערע פארמס און זיינען אוועק אין דעם זידליכען טייל פון קענזעס. אויף אלע וועגען האט מען געזען פארלאזענע הייזקעס און אפגעליידיגטע פארמס. באנדעס פון ביידע צדדים האבען זיך אומגעטריבען איבער'ן לאנד, איבער דער לענג און ברייט פון קענזעס, און האבען געברענט, גערויבט און געשאסען". די פרייע האבען ארויסגעלאזען א הילפס־רוף צו זייערע ברידער אין דער נארט. די נארט האט זיך אפגערופען. איבעראל זיינען ארגאניזירט געווארען הילפס־פאראיינען, וואס האבען געזאמעלט געלט, קליידער און שפייז פאר קענזעס. די אלע ארגאניזאציעס האבען זיך פאראייניגט אין א נאציאנאלער קאמיטע, וועלכע האט זיך געשטעלט אלס אויפגאבע צו זאמלען הונדערט טויזענט דאלער א מאנאט צו העלפען די ליידענדע אין קענזעס.

די אומרוען האבען אנגעהאלטען א גאנצען זומער. די פרייע האבען געפרואווט עפענען זייער לעדזשיסלייטשור, אבער די רעגירונגס־

ארמיי האָט זיי צוטריבען. די פרייע האָבען איצט געהאַט זייערע באַפעסטיגטע פּאָזיציעס אין אַ ריי שטעטלאַך, און די שקלאַפּישע פּאַרטיי האָט געהאַט אירע פּאָזיציעס. שרייבט מעקמעסטער: „די שקלאַפּישע באַנדעס פלעגען זיך ארויסלאָזען פון זייערע פעסטונגען, פלעגען דורכזוכען די ארומיגע געגענד, אָפּשטעלען אימיגראַנטען און דורכגייער, צונעמען ביי זיי אַלץ, גנב'ענען פערד און בהמות, פאַרניכטען פעלדער און הייזער“. מיט דער ארבייט האָט זיך אויסגעצייכענט דער שקלאַפּישער רעגימענט אונטער קוירנעל טיטוס. די פרייע האָבען באַשלאָסען די געפערליכע נעסטען אויסצוראָטען. זיי האָבען אָרגאַניזירט זייערע רעגימענטען און זיינען געגאַנגען אויף די שקלאַפּישע פעסטונגען. איינע נאָך די אַנדערע זיינען די שקלאַפּישע פּאָזיציעס באַזיגט געוואָרען. די שלאַכטען האָבען אָנגעהאַלטען טעג נאָכאַנאַנד. דער געפערליכער טיטוס איז אַריינגעפאַלען אלס געפאַנגענער אין די הענט פון די פרייע.

די וואַשינגטאָנער רעגירונג האָט באַשלאָסען, אז די מלחמה אין קענזעס מוז אָפּגעשטעלט ווערען. גאָווערנאָר שענאָן איז אראָפּגעזעצט געוואָרען. איידער דער נייער גאָווערנאָר איז אָנגעקומען, האָט דער ליוטענאַנט־גאָווערנאָר, וועלכער איז געווען נאָך מער פאַרביסען געגען די פרייע ווי שענאָן, אָרגאַניזירט אַ מיליץ־ארמיי געגען די פרייע. עס האָט זיך ווידער אָנגעפאַנגען אַ סדרה פון טעראָריסטישע אָנפאַלען אויף פרייע שטעטלאַך. צום גליק איז דער נייער גאָווערנאָר אָנגעקומען איידער די פּאָגראָמען האָבען זיך ווייט פאַרשפּרייט. דער נייער גאָווערנאָר האָט ארויסגעלאָזען פּראָקלאַמאַציעס צו אַלע באַוואָפענטע גרופּען, מיט דער אויפפאָדערונג זיי זאָלען זיך אויפלייזען. די שקלאַפּישע גרופּען האָבען פּראָטעסטירט. דערהויפּט זיינען אויפגערעגט געווען די באַנדעס פון מיזורי. זיי האָבען אָבער איינגעזען אז דער נייער גאָווערנאָר מיינט ערנסט און זיי האָבען געפאָלגט.

די מלחמה האָט זיך אָפּגעשטעלט. זי האָט אָפּגעקאָסטביידע צדדים די לעבענס פון 200 מענשען און עס איז פאַרניכטעט געוואָרען אייגענטום אין ווערט פון צוויי מיליאָן דאָלער.

קאַפּיטעל 23

# די קענזעס פראַגע אין סענאַט.

די געשעענישען אין קענזעס האָבען געקראָגען אַן אָפּקלאַנג אין וואַשינגטאָן. דער פּרעזידענט האָט זיך געשטעלט אינגאַנצען אויף דער זייט פון דער שקלאַפען־פּארטיי. ער האָט פאַרדאַמט די פרייע אין זיין „מעסעדזש" און אין זיינע פּראָקלאַמאַציעס. אין קאָנגרעס אָבער האָבען ביידע צדדים געהאַט זייערע פאַרקעמ־פער און זייערע פאַרטיידיגער. די פּאָליטיק אין וואַשינגטאָן און איבער'ן גאַנצען לאַנד האָט זיך איצט קאָנצענטרירט אַרום קענ־זעס און אַרום שקלאַפעריי אין אַלגעמיין.

אין דער „האוז אָוו רעפּרעזענטאַטיווס" האָבען די פרייע גע־האַט די קאָנטראָל. ווען די „הויז" האָט זיך אָרגאַניזירט אין דעצעמבער, 1855, האָט זיך דאָרטען אָנגעהויבען אַ קאַמף איבער דער ערוויילונג פון דעם „ספּיקער" (פּאָרזיצער). דער קאַמף האָט זיך געצויגען צוויי מאָנאַט, און ענדליך האָט געזיגט דער קאַנדידאַט פון דער נייער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי, פון דער פּאַרטיי, וואָס האָט אַרויסגעשטעלט אין איר פּראָגראַם דעם פּונקט, אַז ניט נאָר זאָל קענזעס זיין אַ פרייע שטאַט, נאָר קיין שום נייע שקלאַפען־שטאַטען זאָלען מער ניט אַריינגענומען ווערען. ווען די „האוז אָוו רעפּרעזענטאַטיווס" האָט אַביסעל שפּעטער דער־ווייַלט אַ קאָמיטע פון דריי, צו אונטערזוכען די געשעענישען אין קענזעס, איז די קאָמיטע באַשטאַנען פון צוויי פון דעם פרייען צד און איינעם פון דעם שקלאַפען־צד.

די שאַרפסטע דעבאַטען איבער קענזעס זיינען פאָרגעקומען אין סענאַט. דאָרטען האָט די שקלאַפען־פּאַרטיי געהאַט אַ מאַ־יאָריטעט. דער אָנפירער פון דער פּאַרטיי אין סענאַט איז גע־

ווען דאָגלעס פון אילינאָי, דער פאַרפאַסער פון דעם „קענזעס־נעבראַסקא ביל“. דאָגלעס האָט איצטער אַריינגעטראָגען אַ צווייטען פאָרשלאַג, וועלכער האָט אויך אַרויסגערופען אַ שטאַרקען שטורעם. אין דעם נייעם ביל האָט דאָגלעס פאַרדאַמט די פרייע אין קענזעס און די אַלע אָרגאַניזאַציעס פון דער נאָרט און דער וועסט, וועלכע האָבען די פרייע געהאָלפען. ער האָט פאָרגעשלאָגען אַז דערווייל זאָל קענזעס רעגירט ווערען פון דער שקלאַפען־רעגירונג, און ווען זי וועט האָבען אַ באַפעלקערונג פון 93 טויזענט, זאָלען די איינוואוינער דעמאָלט פאַרפאַסען אַ קאָנסטיטוציע און אַליין באַשטימען, צי זיי ווילען שקלאַפעריי צי ניט, און ערשט דאַן זאָל קענזעס אַריינגענומען ווערען אַלס שטאַט.

איבער דעם ביל האָט זיך אין סענאַט אויפגעהויבען אַ שטורעמדיגע דעבאַטע. די געגנער פון שקלאַפעריי האָבען געהאַלטען פייערדיגע רעדעס. זיי האָבען ניט נאָר פּראָטעסטירט געגען דעם, וואס די שקלאַפען־פאַרטיי האָט אָפּגעטאָן אין קענזעס; זיי זיינען אַרויסגעטראָטען מיט די בייסיגסטע, שאַרפסטע אַטאַקעס אויף שקלאַפעריי אין אַלגעמיין. די סענאַטאָרען פון דער סאוט זיינען געווען פּונקט אַזוי שאַרף און ביטער. זיי האָבען אַרונטערגעריסען אַלע געגנער פון שקלאַפעריי און געוואָרפען אויף זיי די שולד פאַר דער בלוט־פאַרגיסונג אין קענזעס. ביידע צדדים האָבען איינע די אַנדערע ניט געשאַנעוועט.

די שטאַרקסטע און גיפטיגסטע רעדע האָט געהאַלטען סענאַטאָר סאָמנער פון מאַסאַטשוזעטס. סאָמנער איז געווען אַ פאַרברענטער געגנער פון נעגער־שקלאַפעריי. ער האָט געהערט צו דער העכסטער גייסטיגער אַריסטאָקראַטיע אין ניו־ענגלאַנד. ער איז געווען אַ מאַן פון הויכער קולטור און אַ זייער באַגאַבטער רעדנער. זיין געגנערשאַפט צו שקלאַפעריי איז ביי אים געווען מער ווי אַ פּרינציפּ, מער ווי אַן אידעאַל; זי איז ביי אים געווען אַ טיפע ליידענשאַפט. ער האָט געגען שקלאַפעריי געקעמפט מיט זיין יעדען נערוו. ווען די קענזעס־פראַגע איז אויפגעהויבען געוואָרען אין סענאַט, האָט ער באַשלאָסען צו האַלטען אַ רעדע וואָס זאָל אויפשטורעמען דאָס לאַנד. ער האָט

די רעדע צוגעגרייט וואכען נאכאנאנד. ער האט זי אויפגע־שריבען און איינגע'חזר'ט אויף אויסענווייניג. ער האט די רעדע אנגערופען „דער פארברעכען פון קענזעס".

ער האט גערעדט צוויי טעג — דעם 19טען און 20טען מאי. ער האט אנגערופען דעם פארברעכען פון קענזעס „א פארברע־כען געגען דער נאטור, וואס קען גאר מיט ווערטער ניט אויסגע־דריקט ווערען. אין דער גאנצער געשיכטע פון דער מענשהייט איז ניט פארשריבען א פארברעכען, וואס קען זיך פארגלייכען מיט דעם." אין וואס באשטייט דער פארברעכען? „אן אונ־שולדיג, אונבארירט שטיק לאנד איז פארגוואלדיגט געווארען. עס איז אריינגעצוואונגען געווארען אין די ארעמס פון שקלאפעריי... בעת די גאנצע וועלט פארדאמט די נידערטרעכטיגקייט פון שקלא־פעריי, בעת אלע לענדער פארטרייבען זי מיט האס און פאר־אכטונג, האט מען ביי אונז, אין אונזער רעפובליק, עפענטליך אנגעווענדט געוואלד, יע, געוואלד, צו צווינגען קענזעס, אז זי זאל זיך אונטערווארפען דער שקלאפעריי. דאס איז א פארברע־כען".

אין דער רעדע האט סאמנער ביטער אטאקירט צוויי סענא־טארען: דאגלעס'ן, פון מיזורי, און באטלער'ן, פון סאוט־קא־ראליינא. באטלער איז געווען איינער פון די אנגעזעענסטע פארשטייער פון דער סאוט, אן אריסטאקראט און א קולטור־מענש. סאמנער האט וועגען אים געזאגט: „דער סענאטאר פון סאוט־קאראליינא האט געלעזען א סך ביכער וועגען ריטערטום און ער גלויבט, אז ער איז א גאלאנטער ריטער און פארמאגט אין זיך די אייגענשאפטען פון מוט און ערענהאפטיגקייט. ער האט אבער זיך אויסגעקליבען פאר א מעטרעסע איינע, וואס איז פאר אלע אנדערע מענשען מיאוס, איינע וואס זעט אויס שענדליך אין די אויגען פון דער גאנצער וועלט. נאר אין זיינע אויגען איז זי ריין און אומבאפלעקט. איך מיין, די אויסגעלאסענע פרוי שקלאפעריי". ער האט שארף אטאקירט דעם שטאט סאוט־קאראליינא, וואו די שקלאפען־מאכט האט געהאט איר שטארקסטע פעסטונג. ער האט אויך אנגעדייט דארויף, וואס סענאטאר

באַטלער האָט ליב צו טרינקען און אַז ער האַלט זיינע רעדעס אין סענאַט, ווען ער איז אונטער'ן איינפלוס פון שטאַרקע גע־טראַנקען.

צוויי טעג שפּעטער, דעם 22טען מאַי, איז סאַמנער געזעסען נעבען זיין טישעל אין סענאַט־זאַל. די זיצונג האָט זיך שוין געהאַט געענדיגט, און סאַמנער איז פאַרבליבען דאָרטען שרייבען נויטיגע בריף. ער איז געווען פאַרטיפט אין זיין ארבייט. זיין שטול איז געווען אַריינגערוקט אונטער'ן טיש. פּלוצלונג איז צו אים צוגעגאַנגען אַ קאָנגרעסמאַן פון סאוט־קאַראָליינא, פּרעסטאָן ברוקס, באַטלער'ס אַ קרוב. ברוקס האָט זיך אָפּגעשטעלט האַרט נעבען אים, אַזוי אַז סאַמנער האָט זיך ניט געקענט אויפהייבען פון שטול. „איך האָב אייער רעדע איבערגעלייענט פאָרזיכטיג צוויי מאָל," — האָט ברוקס געזאָגט. — „איר האָט פאַרלוימדעט סאוט־קאַראָליינא און מר. באַטלער'ן, וועלכער איז מיינער אַ קרוב". מיט די ווערטער האָט ברוקס אַ זעץ געטאָן סאַמ־נער'ן מיט אַ שטעקען איבער'ן קאָפּ. סאַמנער איז פון דעם קלאַפּ צוטומעלט געוואָרען. ער האָט זיך געוואָלט אויפהויבען, אָבער ער האָט ניט געקענט. ברוקס האָט אים דאַן גענומען שלאָגען אָן רחמנות. זיין שטעקען איז צובראָכען געוואָרען אין צוויי העלפט, אָבער ברוקס האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט. ער האָט אים ווייטער געשלאָגען מיט דעם האַלבען שטעקען וואָס איז פאַרבליבען ביי אים אין האַנט. ענדליך זיינען אָנגעלאָפען מענ־שען און אים אָפּגעריסען פון זיין קרבן. סאַמנער איז געבליבען ליגען אין אַ טייך בלוט.

סאַמנער איז געווען קערפּערליך אַ ריז. דאָס האָט אים אייגענטליך געראַטעוועט פון אַ זיכערען טויט. ער איז אָבער פאַרבליבען אַן אינוואַליד עטליכע יאָר נאָכאַנאַנד. אינגאַנצען געזונט איז ער שוין קיינמאָל ניט געוואָרען. די קלעפּ האָבען אים איבערגעלאָזען וואונדען אין קאָפּ און אין רוקען־ביין.

די ווילדע אַטאַקע אין סענאַט האָט אויפגעשווידערט דאָס לאַנד. די געשיכטע איז דעבאַטירט געוואָרען איןביידע היי־זער פון קאָנגרעס. דער סענאַט האָט באַשלאָסען, אַז אַזוי ווי

ברוקס איז א מיטגליד פון דער „האוז אוו רעפרעזענטאטיווס",
דארף די „האוז אוו רעפרעזענטאטיווס" ווענען דעם האנדלען.
די „הויז" האט פארהאנדעלט א רעזאלוציע אויסצושליסען
ברוקס'ן, אבער כדי די רעזאלוציע זאל דורכגיין, זיינען נויטיג גע־
ווען צוויי־דריטעל שטימען, און אזויפיל שטימען געגען ברוקס'ן
איז אונמעגליך געווען צו קריגען. ברוקס האט אבער אליין רע־
זיגנירט. ער איז אוועקגעפארען אהיים, אין סאוט־קאראליינא,
און דארטען, אזוי גוט ווי איבער דער גאנצער סאוט, איז ער
באגריסט געווארען ווי א העלד. די צייטונגען האבען אים גע־
לויבט ביז'ן הימעל, פאראדען זיינען פאר אים געמאכט געווארען,
ער האט באקומען מתנות, און זיין דיסטריקט האט אים כמעט
איינשטימיג ווידער דערוויילט צום קאנגרעס.

דער היסטאריקער ראודס שרייבט: „דער אונטערשייד אין
דעם, ווי אזוי די נארט און די סאוט האבען געקוקט אויף
ברוקס'עס טאט, באווייזט ווי טיף עס איז געווארען דער אפ־
גרונט וואס שקלאפעריי האט אויסגעגראבען צווישען די צוויי
טיילען פון לאנד. אין דער נארט זיינען אפגעהאלטען געווא־
רען מאסען־פארזאמלונגען, ביי וועלכע די סאוט איז פארדאמט
געווארען. דארטען איז ברוקס'עס אנפאל באטראכט געווארען
ניט אלס א טאט פון אן איינצעלנער פערזאן, נאר אלס א טאט
פון דער שקלאפען־מאכט. עס איז אנגעוויזען געווארען דערויף,
אז בשעת ברוקס האט אזוי באַרבאַריש געשלאגען סאמנער'ן זיי־
נען אין סענאט־זאל געשטאנען נאך צוויי קאנגרעסלייט פון דער
סאוט און האבען ניט צוגעלאזען, אז זייטיגע מענשען זאלען זיך
אריינמישען. סענאטאר דאגלעס איז אויך געווען אין א צווייטען
צימער און האט געוואוסט, וואס עס קומט פאר, דאך איז ער
ניט ארויס העלפען סאמנער'ן. די סאוט, ווידער, האט זיך ניט
באנוגענט מיט פארטיידיגען ברוקס'ן. זי האט נאך חוזק געמאכט
פון סאמנער'ן, ווען ער איז געלעגען אויפ'ן קראנקען־בעט, אים
אויסגעלאכט, וואס ער „מאכט זיך" קראנק. און דאס האט,
פארשטייט זיך, נאך מער אויפגערעגט די נארט".

אין יוני און יולי זיינען אפגעהאלטען געווארען די קאנ־

ווענשאָנס פון די צוויי פארטייען — דער דעמאָקראטישער און דער רעפובליקאנישער, ביי וועלכע פרעזידענט־קאנדידאטען זיינען נאָמינירט געווארען. די דעמאָקראטישע פארטיי איז איצט געווען איינגאנצען אונטער דעם קאָנטראָל פון דער סאוט. איר פרעזידענט האָט געדינט געטריי די אינטערעסען פון שקלאפעריי אין קענזעס. איר הויפט־פירער אין סענאט, דאָגלעס, האָט מבטל געמאכט דעם „מיזורי קאָמפראָמיס“. די רעפובליקאנישע פארטיי איז אָרגאניזירט געווארען אלס די פארטיי פון אנטי־שקלאפעריי.

די צוויי שטארקסטע און לאָגישסטע קאנדידאטען פאר פרעזידענט אויף דעם דעמאָקראטישען טיקעט זיינען געווען פרעזידענט פיערס און סענאטאָר דאָגלעס. און איינער פון זיי וואָלט העכסט־וואַרשיינליך נאָמינירט געווארען, ווען ניט די בלוטיגע געשעעענישען אין קענזעס און דער ברוטאלער אָנפאל אויף סענאטאָר סאָמנער. אונטער די אומשטענדען האָבען די מער ניכטערע פירער פון דער דעמאָקראטישער פארטיי געפילט, אז אויב איינער פון די צוויי וועט נאָמינירט ווערען, וועט אוממעגליך זיין פאר דער פארטיי צו געווינען איין איינציגען שטאט אין דער נאָרט. האָבען זיי באשלאָסען צו נאָמינירען א מענשען, וואָס האָט זיך ווייניג באטייליגט אין דער שקלאפען־פאָליטיק, זיך ניט פארשאפט קיין שונאים אין דער נאָרט און איז אין דער זעלבער צייט אַן אָנהענגער פון שקלאפעריי. אזא מענש איז געווען דזשיימס ביוקענען פון פענסילווייניא. ביוקענען איז געווען אַן איבערגעגעבענער דעמאָקראט. אלס קאָנגרעסמאַן און אלס סענאטאָר האָט ער שטענדיג געשטימט ווי די סאוט האָט געוואָלט. אין די פיר יאָר, וואָס פיערס איז געווען פרעזידענט, איז ביוקענען ניט געווען אין אמעריקע. ער איז געווען אמבאסאדאָר אין ענגלאנד. זיין נאָמען איז אלזאָ ניט געווען פארבונדען מיט די אלע סקאנדאלען, וואָס האָבען אזוי אויפגערעגט די נאָרט. דערצו איז ער געקומען פון אַ גרויסען שטאט פון דער נאָרט, פון פענסילווייניא. די פירער פון דער דעמאָקראטישער פארטיי האָבען אויסגערעכענט, אז כדי צו זיגען, וועט נויטיג זיין צו גע־

ווינען פענסילווייניא, און דערמיט, וואס דער קאנדידאט וועט זיין א בירגער פון דעם שטאט, וועט עס לייכטער זיין דעם שטאט צו געווינען.

די דעמאקראטישע קאנווענשאן איז אפגעהאלטען געווארען אנהויב יולי, אין סינסינעטי. די אנהענגער פון פרעזידענט פיערס און סענאטאר דאגלעס האבען אנגעפירט א שטארקען קאמף פאר זייערע קאנדידאטען. איבערהויפט האבען זיך פאר'עקשנ'ט דאגלעס'עס מענשען. צום סוף האבען זיי זיך פארט אונטערגע־געבען און ביוקענען האט געקראגען די נאמינאציע.

די רעפובליקאנישע פארטיי האט איר קאנווענשאן אפ געהאלטען אין יוני, אין פילאדעלפיא. די לאגע דארט איז אויך געווען א שווערע. די רעפובליקאנישע פארטיי איז געווען א נייע. אין איר זיינען אריין אנהענגער פון פארשיידענע אנדערע פארטייען, און די פארשיידענע עלעמענטען האבען מיטגעבראכט זייערע פאראורטיילען געגען די פראמינענטע פערזענליכקייטען פון די אנדערע גרופען. לאגישערווייזע האט די קאנווענשאן גע־דארפט נאמינירען א מענשען, וואס האט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין קאמף געגען שקלאפעריי אין אלגעמיין אדער געגען די לעצ־טע שקלאפען־„בילס": א מענש, ווי סענאטאר סאמנער, אדער סענאטאר סיווארד, אדער סענאטאר טשעיז. אבער יעדערער פון די דריי האט אין די פריערדיגע יארען באקעמפט די פארטייען, צו וועלכע א סך פון די דעלעגאטען האבען דעמאלט געהערט, און יענע דעלעגאטען האבען געפילט צו זיי, אויב ניט קיין שנאה, איז, ווייניגסטענס, א פאראורטייל. עס איז דערפאר באשלאסען געווארען צו נאמינירען א זייטיגען מענשען, איינעם, וואס האט זיך אין פאליטיק ווייניג געמישט. עס איז אויסגע־קליבען געווארען דזשאן פרעמאנד, דער לאנד־פארשער, וועלכער האט געקראגען א רעפוטאציע מיט זיינע מיליטערישע מאנעווערעס אין דער צייט פון דער מעקסיקאנער מלחמה. פרעמאנד האט שטענדיג סימפאטיזירט מיט די אנטי־שקלאפען־גרופען אין דער וועסט. כאטש ער איז קיינמאל שטארק אקטיוו ניט געווען. ער האט איבערהויפט זיך ווייניג געמישט אין פאליטיק. איידער

ער איז נאמינירט געווארען, איז ער ארויסגעטראטען מיט אן עפענטליכער דערקלערונג פאר די פרינציפען פון דער רעפוב־ליקאנישער פארטיי.

די „אמעריקען פארטי" (די „נאו־נאטהינגס") האט אויך נאמינירט קאנדידאטען. זי האט ארויסגעשטעלט דעם פריערדיגען פרעזידענט מילארד פילמאר. אין איר פלאטפארמע האט זי די פראגע פון שקלאפעריי כמעט אינגאנצען איגנארירט. דאס האט געבראכט צו א שפאלטונג ביי איר קאנווענשאן. 71 דעלע־גאטען פון די נארדליכע שטאטען האבען זיך צוריקגעצויגען. עס איז דאן קלאר געווארען, אז אין די קומענדיגע וואלען וועט די פארטיי קיין ראלע ניט שפילען און דער קאמף וועט זיין צווישען דער דעמאקראטישער און דער רעפובליקאנישער פארטיי.

דער וואל־קאמף איז געווען איינער פון די ביטערסטע און שטורעמדיגסטע אין דער געשיכטע פון לאנד. די דעמאקראטען האבען גלייך פון אנפאנג ארויסגעשטעלט פאר זייער שלאג־ווארט „די גאנצקייט פון לאנד". זיי האבען געוואוסט, אז כדי צו זיגען, מוזען זיי געווינען עטליכע שטאטען פון דער נארט. אין דער נארט האט די גרויסע מאיאריטעט בירגער געהאט דעם זעל־בען שטאנדפונקט וועגען שקלאפעריי, וואס די רעפובליקאנישע פארטיי. האבען די דעמאקראטען גע'טענה'ט, אז די פראגע ביי די וואלען איז ניט שקלאפעריי, אז די פראגע איז גאר, צי זאל דאס לאנד צוריסען ווערען אין צווייען, אדער ניט. זיי האבען גע'טענה'ט, אז אויב פרעמאנד וועט דערוויילט ווערען, וועלען די שטאטען פון דער סאוט זיך אפרייסען און גרינדען אן אייגענע רעגירונג. זיי האבען אנגעוויזען דערויף, אז די רעפובליקאנישע פארטיי איז א פארטיי בלויז פון דער נארט, אז אין דער סאוט האט זי ניט קיין אנהענגער און דערפאר וועט די סאוט באטראכ־טען אן אדמיניסטראציע פון דער רעפובליקאנישער פארטיי פאר אן אדמיניסטראציע פון דער נארט געגען דער סאוט, און אזא אדמיניסטראציע וועט די סאוט קיינמאל ניט אנערקענען.

די רעפובליקאנער האבען קאנצענטרירט אלע זייערע ארגו־מענטען אויף דער שקלאפען־פראגע, אויף די געשעענישען אין

קענזעס, אויף דעם אָנפאַל אויף סאָמנער׳ן. אין דעם וואַל־קאַמף האָבען זיך באטייליגט די פּראָמינענטסטע גלחים, פּראָ־פעסאָרען, די גאנצע אינטעליגענץ פון לאנד. ראודס שרייבט: „די גלחים, די פּראָפעסאָרען אין די קאָלעדזשעס, די מענשען וואָס האָבען זיך אָפּגעגעבען מיט ליטעראטור און וויסענשאפט, די לערער אין די שולען, זיינען מערסטענטייל געווען רעפּובלי־קאנער. דעם זונטאָג ערב דעם וואַל־טאָג האָבען די גלחים פון די מערסטע קירכען פון ניו־ענגלאנד געהאַלטען דרשות און גע־בעטען גאָט אז ביוקענען זאָל ניט דערוויילט ווערען. דער באַ־רימטסטער ליטעראט פון דער צייט, עמערסאָן, האָט אדרעסירט פּאָליטישע פארזאמלונגען״. דער דיכטער לאָנגפעלאָו איז אויפ־געטראָטען אויף מיטינגען. דער דיכטער בראיענט האָט אי גערעדט, אי געשריבען פאַר פרעמאָנד׳ן. דער שריפטשטעלער וואשינגטאָן אירווינג האָט ערקלערט, אז ער וועט שטימען פאַר די רעפּובליקאנישע קאנדידאטען. דער דיכטער וויטיער האָט געשריבען פּאָעמען פאַר פרעמאָנד׳ן. די רעפּובליקאנישע פאַר־זאמלונגען האָבען געצויגען ריזיגע מאסען. ביי מאנכע פארזאמ־לונגען זיינען בייגעווען צענדליגער טויזענדער מענשען. אין די דעמאָנסטראציעס און פאַראַדען וואָס די פּארטיי האָט אָפּגע־האַלטען האָבען זיך באטייליגט צענדליגער טויזענדער.

אָבער דאָס שלאָגוואָרט פון דער דעמאָקראטישער פּארטיי האָט געבראכט רעזולטאטען. די קאָנסערוואטיווע בירגער אין דער נאָרט האָבען זיך געשראקען פאַר דעם סטראשונאק, אז די סאוט וועט זיך אָפּרייסען, אז עס וועט קומען צו אַ בלוטיגען צוזאמענשטויס צווישען די צוויי טיילען פון לאנד. דער סטראַ־שונאָק האָט געבראכט ביוקענענ׳ען אַ גרויסע צאָל שטימען אין די נאָרדליכע שטאאטען.

און די שטימען האָבען אים דערוויילט. ביוקענען האָט גע־וואונען די גאנצע סאוט און פינף פרייע שטאאטען: פּענסיל־וועניא, ניו־דזשוירזי, אינדיאנא, אילינאָי און קאַליפאָרניע. צו־זאמען האָבען זיי אים געגעבען 174 עלעקטאָרישע שטימען. פרע־מאָנד האָט געוואונען אין אַלע איבעריגע פרייע שטאאטען, וועלכע

האָבען געוואָרפען 114 עלעקטאָרישע שטימען. דער קאַנדידאַט פון דער „אַמעריקען פּאַרטי״, פילמאָר, האָט געוואונען בלויז דעם שטאַט מערילאַנד. די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט אויך דער־ווײַלט אַ מאַיאָריטעט אין דער „האוז אָוו רעפּרעזענטאַטיווס״.

פון דער פּיערס־אַדמיניסטראַציע און דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין די 50־ער יאָרען מאַכט ראודס דעם פאָלגענדען סך־הכל: „ער איז אין פּרעזידענט־אַמט אַריין מיט די בעסטע כונות. ער איז אָבער געוואָרען דער געטרייער און באַגייסטערטער דינער פון דער שקלאַפען־מאַכט. צוויי נאָרדליכע פּרעזידענטען פאַר אים זיינען געגויגט געוועזען צו דער סאַוט. פּיערס איז אָבער געגאַנגען אָן אַ שיעור ווייטער ווי זיי. ער איז ניט געווען גע־נייגט צו דער סאַוט, נאָר איבערגעגעבען צו איר. אונטער פּיערס׳עס אַדמיניסטראַציע האָט זיך אָנגעהויבען ביי דער דע־מאָקראַטישער פּאַרטיי דער פּראָצעס פון אונטערגעבען זיך אינ־גאַנצען דער סאַוט... עס דאַרף באַמערקט ווערען, אַז די דע־מאָקראַטען אין דער נאָרט האָבען איצטער אָנגעהויבען צו גלויבען אין דעם פּרינציפּ, אַז שקלאַפעריי איז באַרעכטיגט און איז אַ ברכה פאַר׳ן נעגער״.

## קאפיטעל 24.

# דער סופרים קאָורט שטעלט זיך אויף דער זייט פון שקלאַפעריי.

צוויי טעג נאָכדעם ווי ביוקענען איז איינגעשוואוירען געוואָרען אַלס פרעזידענט, דעם 6־טען מערץ, 1857, האָט דער סופרים קאורט אין וואשינגטאָן, דאָס העכסטע געריכט פון לאַנד, ארויסגעגעבען אַן אורטייל, וואָס האָט געזעצליך באַפעסטיגט אַלץ, וואָס די עקסטרעמע פאַרשטייער פון די שקלאַפען־שטאַטען האָבען די גאַנצע צייט געפּאָדערט. דער אורטייל איז אין דער סאוט באַגריסט געוואָרען מיט דער גרעסטער פרייד, אָבער אין דער נאָרט האָט ער ארויסגערופען די ביטערסטע קריטיק. די רעפּובליקאנישע צייטונג, „ניו־יאָרק טריביון", האָט וועגען דעם געשריבען: „דער סופּרים קאורט האָט אויפגעהערט צו זיין אַן אומפּאַרטייאישע קערפּערשאַפט. דער סופּרים קאורט האָט פאַרשמוצט זיינע קליידער מיט דער בלאָטע פון שקלאַפען־פּאָליטיק".

די אַנטשיידונג איז ארויסגעגעבען געווארען אין אַ פּראָצעס, וואָס האָט זיך געצויגען עטליכע יאָר, אַ פּראָצעס צווישען אַ נעגער מיט'ן נאָמען דרעד סקאָט און זיין באַלעבאָס, ס. סטענפאָרד, פון ניו יארק. די פאַקטען פון דעם פּראָצעס זיינען ווי פאָלגט:

דרעד סקאָט איז אַמאָל געוועזען דער שקלאַף פון אַ מיליטער־דאָקטאָר, וועלכער האָט געוואוינט אין מיזורי. דער דאָקטאָר האָט אים אין פאַרלויף פון די יאָרען 1834 און 1836 מיטגענומען קיין אילינאָי און מאָנטאַנאַ. דאַן האָט ער אים צוריקגעבראַכט קיין מיזורי. אין 1836 האָט דרעד סקאָט חתונה געהאַט מיט אַ שקלאַפין פון דעם זעלבען באַלעבאָס. ער האָט

מיט איר געהאט צוויי קינדער. אין עטליכע יאָר ארום איז זיין באַלעבאָס געשטאָרבען. די אלמנה האָט אים פארדונגען צו אר־בייטען פאר אַנדערע. ביי די אַנדערע איז ער זייער שלעכט באַ־האַנדעלט געוואָרען און האָט זיך באקלאָגט וועגען דעם פאר ווייסע פריינט. זיי האָבען אים געראַטען ער זאָל אָנגעבען אין געריכט און פאָדערען אַז ער, און זיין פאַמיליע זאָלען באַפרייט ווערען. די קלאַגע האָט זיך געדאַרפט שטיצען אויפ'ן פונקט, אַז ווען דער פארשטאָרבענער באַלעבאָס האָט אים אריינגעפירט אין אילי־נאָי און אין מאָנטאנא, האָט ער אים דערמיט ממילא באַ־פרייט, ווייל אין יענער טעריטאָריע איז שקלאַפעריי דעמאָלט גע־ווען פארבאָטען. דער באַלעבאָס האָט אלזאָ קיין רעכט ניט גע־האַט אים צוריקצוברענגען קיין מיזורי און אים צוריק מאַכען פאַר אַ שקלאַף.

דרעד סקאָט האָט געפאָלגט די עצה. ער האָט זיין קלאַגע געבראַכט אין געריכט אין דעם שטאַט אילינאָי, וואו ער האָט זיין פּראָצעס געוואונען. זיין באַלעבאָסטע האָט אפּעלירט צו אַ העכערען געריכט, און דאָרט האָט דער שקלאַף פארלאָרען. דער העכערער געריכט פון מיזורי, וואוהין דער פּראָצעס איז לסוף געבראַכט געוואָרען, האָט גע'פּסק'ענט, אַז דרעד סקאָט מוז ווייטער בלייבען אַ שקלאַף.

דערווייל איז די אלמנה מיד געוואָרען פון משפּט'ן זיך מיט דעם נעגער און זי האָט אים איבערגעשריבען אויף דעם נאָ־מען פון איר מאַנ'ס אַדוואָקאַט, אַ געוויסער סטענפאָרד, וועלכער האָט געוואוינט אין ניו יארק. דאָס האָט געגעבען דעם נעגער די מעגליכקייט צו ווענדען זיך מיט זיין קלאַגע אין אַ נאַציאָנאַלען געריכט. ער, דער שקלאַף, האָט דאָך געוואוינט אין מיזורי; זיין באַלעבאָס האָט געוואוינט אין ניו יארק, און די קאָנסטיטו־ציע זאָגט, אַז ווען בירגער פון צוויי באַזונדערע שטאַטען האָ־בען תביעות איינע צו די אַנדערע, קענען זיי זיך משפּט'ן אין אַ נאַציאָנאַלען געריכט. סקאָט האָט זיך באַנוצט מיט דער געלעגענהייט און האָט אפּעלירט אין אַ נידעריגען געריכט פון דער נאַציאָנאַלער רעגירונג. דאָס געריכט האָט גע'פּסק'ענט, אַזוי

ווי דאָס געריכט פון מיזורי. דרעד סקאָט האָט דאַן אַפּעלירט אין סופּרים קאורט, און וועגען אָט־דער אַפּעלאַציע האָט זיך דאָס איצטער געהאַנדעלט.

דער סופּרים קאורט איז ניט מחויב געווען אַרויסצוגעבען אַן אורטייל וועגען די פאַרשיידענע טענות פון ביידע צדדים. ער האָט נאָר געדאַרפט אַנטשיידען איין פּונקט: צי דער פּסק פון דעם מיזורי געריכט זאָל בלייבען צי ניט. צוערשט האָט טאַקע דער סופּרים קאורט געוואָלט אַזוי טאָן. ביי אַ זיצונג האָט ער טאַקע באַשלאָסען, אַז אַזאַ אורטייל זאָל אַרויסגעגעבען ווערען. אין מיטען האָט זיך אָבער אונטערגערוקט דער פּרעזי־דענטשישער וואַל־קאַמף און דער זיג פון די דעמאָקראַטען. דאָס האָט די פאַרשטייער פון דער סאַוט געגעבען דעם איינדרוק, אַז דאָס לאַנד איז איינגאַנצען מיט זיי; אַז דאָס לאַנד וויל, מען זאָל די שקלאַפען־סיסטעם ניט באַרירען. האָבען זיי גענומען אָנווענדען פּאָליטישען דרוק אויף די ריכטער פון סופּרים קאורט, אַז זיי זאָלען אַרויסטראָגען אַן אַנטשיידונג וועגען צוויי פראַ־גען, מיט וועלכע דער דרעד סקאָט פּראָצעס איז געווען פאַר־בונדען. דער הויפּט ריכטער פון סופּרים קאורט איז געווען ר. טעיני, אַ מאַן פון אַכציג יאָר. ער איז געווען אַ פרומער קאַ־טאָליק און אַ גרויסער געלערטער אין יוריספּרודענץ. ער האָט אויף זיך גענומען די אויפגאַבע צו שרייבען די ענטשיידונג אויף די אַלע וויכטיגע פּונקטען און איין מאָל פאַר אַלע מאָל אַ סוף מאַכען צו די רייסערייען אין קאָנגרעס און צווישען די פּאָליטישע פּאַרטייען איבער דער שקלאַפען־פּראַגע.

די צוויי וויכטיגסטע פּונקטען אין טעיני׳ס ענטשיידונג זיינען געווען איבער צוויי טענות פון דער פאַרטיידיגונג, פון דרעד סקאָט׳ס באַלעבאָס. ער האָט גע׳טענה׳ט, אַז, ערשטענס, קען דרעד סקאָט ניט ברענגען קיין קלאָגען אין אַ נאַציאָנאַלען גע־ריכט, ווייל ער איז ניט קיין בירגער פון די פאַראייניגטע שטאַ־טען: שקלאַפען און קינדער פון שקלאַפען, אפילו אַזוינע, וואָס ווערען באַפרייט, זיינען ניט קיין בירגער פון לאַנד. צווייטענס, האָט דער קאָנגרעס ניט געהאַט קיין קאָנסטיטוציאָנעל רעכט צו

מאַכען געזעצען, אַז שקלאַפעריי זאָל זיין פאַרבאָטען אין דער אָדער יענער טעריטאָריע, דער קאָנגרעס, הייסט עס, האָט ניט געטאָרט מאַכען דאָס געזעץ אין 1787, וואָס האָט פאַרבאָטען שקלאַפעריי אין דער נאָרד־וועסט טעריטאָריע, דער קאָנגרעס האָט אויך ניט געטאָרט מאַכען דעם קאָמפּראָמיס פון 1820, וועלכער האָט פאַרבאָטען שקלאַפעריי אין דעם נאָרדליכען טייל פון דעם שטיק לאַנד, וואָס אַמעריקע האָט אָפּגעקויפט פון פראַנקרייך. און וויבאַלד דער קאָנגרעס האָט אַזוינע געזעצען ניט געטאָרט מאַכען, איז שקלאַפעריי ממילא אין די טעריטאָריעס ערלויבט, און דערפאַר קען דרעד סקאָט ניט טענה'ן אַז דורך זיין באַזוך דאָרט איז ער באַפרייט געוואָרען.

אָט די צוויי פונקטען האָט דזשאָדזש טעיני באַהאַנדעלט אין זיין פסק. און ער האָט גע'פסק'ענט, אַז אין ביידע איז דער באַלעבאָס גערעכט. ער האָט גע'פסק'ענט, אַז אַ נעגער קען ניט פאָדערען די רעכט און די פריווילעגיעס, וואָס די קאָנסטיטוציע גיט די בירגער פון לאַנד. „די שפּראַך אין דער קאָנסטיטוציע ווייזט, אַז דער קלאַס מענשען, וואָס איז אַהער געבראַכט געוואָרען אַלס שקלאַפען, און זייערע קינדער, סיי פרייע, סיי שקלאַפען, געהערען ניט צו דעם פאָלק".

ער האָט ווייטער גע'פסק'ענט, אַז אַלע געזעצען, וואָס דער קאָנגרעס האָט געמאַכט צו פאַרבאָטען שקלאַפעריי אין געוויסע טיילען פון לאַנד, זיינען אומגילטיג, ווייל זיי זיינען געגען דער קאָנסטיטוציע. די רעגירונג פון די פאַראייניגטע שטאַטען, האָט ער געזאָגט, איז די פאָרשטייערין און פאַרטרעטערין פון גאַנצען פאָלק. ווען די רעגירונג האָט געקויפט אָדער אריינגענומען אַ נייע שטיק טעריטאָריע, איז איר אויפגאַבע געווען די טעריטאָריע צו פאַרוואַלטען אין די אינטערעסען פון דעם גאַנצען פאָלק. זי האָט, דעריבער, ניט געטאָרט מאַכען אַזוינע געזעצען, וואָס זאָלען שטערען די אינטערעסען פון אַ טייל פון פאָלק. דערמיט וואָס זי האָט פאַרבאָטען שקלאַפעריי אין יענער טעריטאָריע, האָט זי דאָך געמאַכט אַז די טעריטאָריע זאָל פאַקטיש פאַרשלאָסען ווערען פאַר יענעם טייל פון פאָלק, וואָס וואוינט אין דער סאוט.

נאך מער: א שקלאף איז פונקט אזא שטיק אייגענטום ווי אלע אנדערע זאכען, וואס א מענש פארמאגט. דער קאנגרעס האט דערפאר ניט געהאט קיין רעכט צו מאכען ספעציעלע געזעצען וועגען שקלאפען. עס איז קיין אונטערשייד ניטא צווישען איין סארט אייגענטום און א צווייטען. פונקט ווי דער קאנגרעס טאר ניט פארבאטען די איינוואוינער פון א טעריטאריע צו האלטען בהמות אדער פערד אלס אייגענטום, אזוי טאר ער אויך ניט פארבאטען צו האלטען נעגערס אלס אייגענטום. אלע סארטען אייגענטום מוזען באהאנדעלט ווערען אויפ'ן זעלבען שטייגער.

די אנטשיידונג איז גוטגעהייסען געווארען פון צוויי-דריטעל מיטגלידער פון סופרים קאורט. בלויז איין דריטעל האט געשטימט געגען. מיט דער דאזיגער אנטשיידונג האט דער סופרים קאורט ארויסגענומען דעם באדען פון אונטער די פיס פון דער רעפובליקאנישער פארטיי. די פארטיי האט זיך ארגאניזירט פאר דעם איינעם צוועק: דורכצופירען א געזעץ, וואס זאל פארבאטען די ווייטערע פארשפרייטונג פון שקלאפעריי. איצט האט דער סופרים קאורט גע'פסק'ענט, אז ניט נאר קען אזא געזעץ ניט געמאכט ווערען, נאר אלע פריערדיגע געזעצען, וואס האבען אויסגעשלאסען שקלאפעריי פון געוויסע טעריטאריעס, זיינען בטל. און די אנטשיידונג פון סופרים קאורט איז דאך דאס לעצטע ווארט פון געזעץ. געגען אים איז דאך דער קאנגרעס און דער פרעזידענט און דאס גאנצע פאלק מאכטלאז.

דער ענטפער פון די רעפובליקאנער איז געווען, אז דאס פאלק האט איצט די אויפגאבע צו ווירקען, אז דער סופרים קאורט זאל ענדערען זיין שטעלונג. אייברעהעם לינקאלן האט אין א רעדע וועגען דער אנטשיידונג אזוי געזאגט: „מיר גלויבען, אז די דרעד סקאט אנטשיידונג איז א פאלשע אנטשיידונג. מיר ווייסען, אז דאס געריכט, וואס האט די אנטשיידונג ארויסגעגעבען, האט אפט זיינע אייגענע אנטשיידונגען געביטען, און מיר וועלען טאן אלץ וואס איז מעגליך צו ווירקען, ער זאל אין דעם פאל אויך אזוי האנדלען, — די אנטשיידונג אליין ענדערען“.

די אנטשיידונג פון סופרים קאורט האט זיך געשטעלט

אויף דעם שטאנדפונקט, וועלכען דזשאן קאלהון, דער טעארע־טיקער פון דער שקלאפישער סאוט, איז געשטאנען. קאלהון האט שטענדיג גע'טענה'ט, אז שקלאפעריי איז א לאקאלע אינסטיטוציע; אז די נאציאנאלע רעגירונג טאר זיך ניט מישען אין דער גאנצער פראגע. אין דער נארט האט קאלהונ'ס שטאנדפונקט קיין שום אנהענגער ניט געהאט. אפילו אין דער סאוט האבען ווייניג פון אים געהאלטען. דער סופרים קאורט האט נאכגעגעבען די פאדערונג פון די עקסטרעמסטע, פארביסענסטע שקלאפען־פארטייריגער פון דער סאוט.

פרעזידענט ביוקענען און סענאטאר דאגלעס האבען די אנטשיידונג אויפגענומען מיט פרייד. זיי האבען געגלויבט, אז די אנטשיידונג וועט א סוף מאכען צו דער טעטיגקייט פון די אנטי־שקלאפען גרופען; אז ענדליך וועט דער שטורעם פון די געגנער פון שקלאפעריי איינגעשטילט ווערען.

זיי האבען אבער ביידע א טעות געהאט. אין גאר א קורצער צייט נאכדעם ווי די אנטשיידונג איז ארויסגעגעבען געוואראען, האט די שקלאפען־פראגע ווידער אויפגעפלאמט אין קאנגרעס. דאס מאל האט זי א טרייסעל געטאן טאקע די דעמאקראטישע פארטיי גופא. און סענאטאר דאגלעס, וואס האט אזוי פיל געטאן פאר דער שקלאפישער סאוט און איז געווען דער ליבלינג פון דער סאוט, איז פלוצלונג געצוואונגען געווען צו פארנעמען א פאזיציע געגען דער סאוט. דער נייער שטורעם האט אויסגעבראכען ווידער איבער קענזעס.

אין קענזעס איז איצט שטיל געווען. אלס גאווערנאר איז אהין געשיקט געווארען ראבערט וואקער, פון מיסיסיפי. די אדמיניסטראציע אין וואשינגטאן און דער נייער גאווערנאר האבען איצט גענומען ארבייטען דערפאר, אז קענזעס זאל אריין אלס שקלאפען־שטאט. וואקער האט געהאפט, אז אים וועט געלינגען דאס צו טאן אויף א געזעצליכען און פרידליכען אופן. ער האט געמאכט אן אפיל צו די פרייע קאלאניסטען און זיי פארזיכערט, אז די פראגע פון שקלאפעריי אין קענזעס וועט איבערגעגעבען ווערען צו די איינוואוינער פון קענזעס, זיי זאלען

איבער איר שטימען. „אויב מען וועט אייך ניט לאזען שטימען אין דער פראגע", — האט ער געזאגט, — „וועל איך זיך שטע־לען אויף אייער זייט, און איך בין זיכער, אז אויך דער פרעזידענט אין וואשינגטאן וועט זיין מיט אייך".

דער אנהויב איז ניט געווען אין איינקלאנג מיט וואקער'ס פארזיכערונג. די וואלען פון דעלעגאטען צו פארפאסען די קאנ־סטיטוציע פאר קענזעס זיינען ניט געווען קיין ערליכע, און עס איז דער שקלאפען־פארטיי געלונגען צו דערוויילען אירע מענ־שען. עס איז איצט קלאר געווארען, אז אין דער קאנסטיטוציע וועט אריינגעשריבען ווערען א פונקט, צו ערלויבען שקלאפעריי אין קענזעס. וואקער האט אבער פארזיכערט, אז נאכדעם ווי די קאנסטיטוציע וועט פארפאסט ווערען, וועט זי איבערגעגעבען ווערען צו די איינוואוינער פון קענזעס פאר אן אפשטימונג, און דאן וועלען די פרייע האבען א געלעגענהייט צו שטימען געגען איר און אויב זייערע שטימען וועלען זיין אין דער מערהייט, וועט די קאנסטיטוציע פארווארפען ווערען.

איידער די קאנסטיטוציאנעלע קאנווענשאן האט פארענדיגט איר ארבייט, זיינען פארגעקומען וואלען פאר לעדזשיסלייטשור־מיטגלידער אין קענזעס. ביי די וואלען האבען די פרייע גע־זיגט. עס איז איצט קלאר געווארען, אז די פרייע האבען א מאיא־ריטעט אין קענזעס און אז זיי וועלען האבען די מעגליכקייט צו פארווארפען די קאנסטיטוציע, וואס וועט ערלויבען שקלאפעריי. די אדמיניסטראציע אין וואשינגטאן און די שקלאפישע פארטיי אין קענזעס האבען גענומען זוכען עצות ווי אויסצומיידען יענע געפאר. זיי זיינען געפאלען אויף א פלאן: זיי האבען גע־ווירקט, אז די קאנווענשאן וואס האט פארפאסט די קאנסטי־טוציע, זאל באשליסען. אז די אפשטימונג זאל געמאכט ווערען אין אזא פארמע: ענטוועדער פאר דער קאנסטיטוציע מיט שקלאפעריי, אדער פאר דער קאנסטיטוציע אן שקלאפעריי. דאס הייסט, אז פאר דער קאנסטיטוציע האבען אלע געמוזט שטימען „יע", און אין דער קאנסטיטוציע איז געשטאנען א פונקט, אז

שקלאַפען זיינען גלייך צו אַנדערע פאַרמען פון אייגענטום. לויט דעם פונקט וואָלט עס אונמעגליך געווען צו צווינגען די באַלע־באַטים פון די שקלאַפען, זיי זאָלען זייערע שקלאַפען באַפרייען און אַרויסשיקען פון קענזעס. שקלאַפעריי וואָלט אַלזאָ גע־בליבען סיי־ווי־סיי, ווען אַפילו אַ מאַיאָריטעט וואָלט געשטימט פאַר דער קאָנסטיטוציע אָן שקלאַפעריי. „אָן שקלאַפעריי" האָט זיך דאַן באַצויגען בלויז אויף דעם, אַז קענזעס איז אָפיציעל ניט קיין שקלאַפען־שטאַט.

גאָווערנאָר וואָקער האָט זיך אָפּגעזאָגט גוטצוהייסען דעם באַ־שלוס פון דער קאָנווענשאָן. „איך באַטראַכט דאָס פאַר אַ מיאוס'ן שווינדעל" — האָט ער געזאָגט, — „פאַר אַ געמיינער פעלשונג, פאַר אַ לומפּיגען מיטעל ניט צו דערלאָזען, אַז דאָס פאָלק זאָל שטימען איבער דער פראַגע פון שקלאַפעריי. איך וועל עס פאַרדאַמען, ווען אַפילו די אַדמיניסטראַציע אין וואַ־שינגטאָן וועט עס שטיצען".

וואָקער'ס פּראָטעסטען האָבען ניט געהאָלפען. די קאָנווענ־שאָן האָט איבערגעגעבען די פראַגע צו אַן אָפּשטימונג אין דער פאָרם ווי זי איז אויסגעאַרבייט געוואָרען. די פרייע האָבען די אָפּשטימונג באָיקאָטירט, און עס פאַרשטייט זיך, אַז פון די, וואָס האָבען יע געשטימט, איז אַ גרויסע מאַיאָריטעט געווען פאַר דער קאָנסטיטוציע מיט שקלאַפעריי. אַ קורצע צייט שפּעטער האָבען די פרייע אָפּגעהאַלטען אַן אייגענע אָפּשטימונג, און זיי האָבען די קאָנסטיטוציע פאַרוואָרפען מיט איבער 10 טויזענד שטימען, אַ סך מער שטימען, ווי עס זיינען אָפּגעגעבען געוואָרען ביי דער אָפּשטימונג פון די שקלאַפען־אָנהענגער.

פּרעזידענט ביוקענען האָט אָנערקענט די אָפּשטימונג פון דער שקלאַפען־פּאַרטיי. אין פעברואַר, 1858, האָט ער אַריינגעשיקט אַ מעסעדזש צום קאָנגרעס, מיט אַ רעקאָמענדאַציע, אַז קענזעס זאָל אַריינגענומען ווערען אַלס אַ שקלאַפען־שטאַט. דער קאַמף איבער דער קענזעס־קאָנסטיטוציע (די קאָנסטיטוציע איז באַ־קאַנט אונטער'ן נאָמען „די לאַקאָמפּטאָן קאָנסטיטוציע", ווייל די קאָנווענשאָן, וואָס האָט זי פאַרפאַסט, איז פאָרגעקומען אין

דעם שטעדטעל לאקאמפטאן) איז איצט אריינגעטראגען געווארען אין קאנגרעס.

צו אלעמענס איבערראשונג איז סענאטאר דאגלעס ארויסגע־טראטען אלס דער שארפסטער געגנער פון דער קאנסטיטוציע. ער האט גע'טענה'ט, אז לויט דעם געזעץ, וואס ער האט דורכ־געפירט אין 1854, דער „קענזעס־נעבראסקא ביל", דארפען די איינוואוינער פון יעדער טעריטאריע האבען דאס אבסאלוטע רעכט צו באשטימען צי זיי ווילען שקלאפעריי צי ניט. און ער האט געפאדערט, אז דאס דאזיגע רעכט זאל געגעבען ווערען די איינ־וואוינער פון קענזעס. דאגלעס'עס ארויסטריט איז געווען א שרעקליכער קלאפ פאר דער אדמיניסטראציע, וועלכע האט גע־שטיצט די שקלאפען־פאליטיק. ביז איצט איז דאך דאגלעס גע־ווען איינער פון די פירער פון דער פארטיי, איינער פון די זיילען פון דער אדמיניסטראציע. פרעזיענט ביוקענען האט אים גע־סטראשעט, אז אויב ער וועט ניט שטיין מיט דער פארטיי, וועט די פארטיי אים פארניכטען. די דעמאקראטישע פרעסע, איבער־הויפט אין דער סאוט, האט אטאקירט דאגלעס'ן אלס א פאררע־טער. עס זיינען אבער געווען א סך דעמאקראטען, ספעציעל אין דער נארט, וועלכע האבען אפלאדירט דאגלעס'עס שטעלונג.

אין סענאט האט געזיגט דער פרעזידענט, אבער אין „האוז אוו רעפרעזענטאטיווס" איז דער פארשלאג, אז קענזעס זאל אריינגענומען ווערען אלס א שקלאפען־שטאט, דורכגעפאלען. די צוויי „הייזער" זיינען דאן איינגעגאנגען אויף א קאמפראמיס. די בירגער פון קענזעס האבען באקומען די געלעגענהייט צו שטי־מען איבער דער לאקאמפטאן־קאנסטיטוציע. ביי דער אפשטימונג האבען די פרייע געהאט א גרויסען זיג.

קענזעס איז פארבליבען א טעריטאריע, אבער שקלאפעריי איז דארטען געווען ערלויבט. לויט דער אנטשיידונג פון סופרים קאורט איז דאך איצט געווען אונמעגליך צו פארבאטען שקלא־פעריי אין טעריטאריעס. בלויז א שטאט־רעגירונג האט דאס רעכט געהאט אויסצושליסען שקלאפעריי פון אירע גרענעצען, און קענזעס איז דאך ניט אריינגענומען געווארען פאר קיין שטאט.

קאפיטעל 25.

# די דעבאַטען צווישען דאָגלעס און לינקאָלן

דאָגלעס איז איצט געווארען א שטרייט־פונקט ביי ביידע פארטייען. די דעמאָקראַטישע פארטיי אין אילינאָי איז צוליב אים שיר ניט צושפּאָלטען געווארען. דאָס זעלבע האָט אויך שיר ניט פּאסירט מיט דער רעפּובליקאנישער פארטיי. דאָגלעס האָט אין 1858 געדארפט ווידער ערוויילט ווערען פאר סענאטאָר. אין יענער צייט זיינען יונייטעד סטייטס סענאטאָרען ערוויילט געווארען דורך די שטאַט־לעדזשיסלייטשורס. די בירגער האָבען ביים אויסקלייבען מיטגלידער צו דער לעדזשיסלייטשור אין זין געהאט די קאנדידאטען, וואָס די פארטייען האָבען פריער באַשטימט אַרויסצושטעלען פאר דעם אַמט פון יונייטעד סטייטס סענאטאָר. ביי דער קאָנווענשאָן פון דער דעמאָקראַטישער פּאר־טיי איז געווען א פראקציע, וואָס האָט ניט געוואָלט, אז דאָגלעס זאָל ווידער נאָמינירט ווערען. דאָס איז געווען דעם פּרעזידענט'ס פּראקציע; זי האָט באַטראַכט דאָגלעס'ן אַלס פאררעטער. ביי די רעפּובליקאנער איז געווען א פּראקציע, וועלכע האָט, פאר־קערט, געוואָלט אז די רעפּובליקאנישע פארטיי זאָל אינדאָר־סירען דאָגלעס'ען אַלס סענאַטאָר. די ביידע קאָנווענשאָנס האָבען זיך אָבער פון די פּראקציעס ניט געלאָזט באאיינפלוסען. דאָגלעס איז נאָמינירט געווארען פון דער דעמאָקראַטישער קאָנווענשאָן, און די רעפּובליקאנער האָבען נאָמינירט אַלס זייער קאנדידאט איבערהעם לינקאָלן.

אין פארגלייך מיט דאָגלעס'ן איז לינקאָלן דעמאָלט געווען כמעט אומבאַקאנט. זייער ווייניג מענשען אין אילינאָי האָבען אים געקענט. אָט וואָס ער האָט אין יענער צייט אַליין דער־

ציילט וועגען זיך: איך בין געבוירען געוואָרען דעם 21טען פעברואר, 1809, אין קענטאָקי. מיין פאָטער האָט זיך איבערגע־קליבען קיין אינדיאנא, ווען איך בין אלט געווען אכט יאָר. דאָרט בין איך אויפגעוואקסען. ווען איך בין גרויס געווארען, האָב איך



סענאַטאָר דאָגלאס.

זייער ווייניג בילדונג געהאט. איך בין אויפגעצויגען געוואָרען אלס א פארם־ארבייטער, און א פארם ארבייטער בין איך פאר־בליבען ביז 22 יאָר. דאן בין איך אוועק קיין איללינאָי. דארט

האָב איך דעם ערשטען יאָר געארבייט אלס אַ קלוירק. אין 1832 בין איך געלאָפען פאר מיטגליד פון דעם לעדזשיסלייטשור און בין דורכגעפאלען. אין 1836 בין איך ערוויילט געווארען אלס קאָנגרעסמאָן. . . איך האָב פאַרלוירען דעם אינטערעס צו פּאָליטיק ביז דער פּאַסירונג אין 1854, ווען דער „מיזורי קאָמפּראָמיס” איז אָפּגעשאַפט געווארען. דאָס האָט מיך ווידער אויפגעוועקט. וואָס איך האָב פון דעמאָלט אָן געטאָן איז אַלעמען באַקאַנט. איך בין זעקס פוס און פיר אינטשעס הויך, מאָגער, וועג 180 פונט. מיין פּנים איז אַ טונקעלער, מיינע האָר — געדיכט און שוואַרץ, מיינע אויגען — גרוי”.

לינקאָלן האָט געוואוסט, אז זיין געגנער איז אין יעדען פּרט שטאַרקער פון אים. ערשטענס, איז דאָגלעס געווען זייער פּאָפּולער און שטאַרק באַליבט, אין אילינאָי. צווייטענס, איז ער געווען אַ געניטער רעדנער און האָט געוואוסט ווי אזוי מיטצורייסען גרויסע מאַסען. ער האָט געהאַט אַ שטימע פון אַ לייב און געקענט די אַלע אָראַטאָרישע קונצען, מיט וועלכע אַ מאַסע ווערט באַהערשט. לינקאָלנ׳ען האָט געפעלט אי די געניטקייט, אי די געשיקטקייט. דאָך האָט לינקאָלן באַשלאָסען ארייננצואוואַרפען זיך אין דעם וואַל־קאַמף מיט לייב און לעבען.

ער האָט זיין קאַמף אָנגעפאַנגען מיט אַ רעדע אויף דער רעפּובליקאַנישער קאָנווענשאָן, וואו ער איז נאָמינירט געווארען פאר סענאַטאָר. די רעדע האָט ער פריער פאָרזיכטיג צוגעגרייט, זי אויפגעשריבען און אויסגעלערענט. ער האָט געוואויגען און געמאָסטען יעדען וואָרט. דאַן האָט ער זי געוויזען אַ סך פון זיינע פריינט, די פירער פון דער פּאַרטיי. אַלע, אויסער איינעם, האָבען אים געראָטען, ער זאָל די רעדע ניט האַלטען. זיי האָבען ערקלערט, אז מיט דער רעדע גייט ער צו־ווייט; אז ער וועט מיט איר אָפּטרייבען פון זיך אַ סך בירגער. זיין ענטפער איז געווען: „בעסער פאַרלירען די וואַלען און האָבען די געלעגענהייט צו זאָגען די בירגער, וואָס איך גלויב וועגען דער גאַנצער פראַגע, איידער ערוויילט צו ווערען אָן דעם”. אַ צווייטע גרופּע פריינט האָט ער געזאָגט: „מיר האָבען אָפּגעלייגט צו לאַנג.

די צייט איז געקומען, און די מיינונגען דארפען ארויסגעזאָגט ווערען. אויב עס איז באשערט, אז איך זאָל צוליב דער רעדע געשלאָגען ווערען, דאן וועל איך אראפּ צוזאמען מיט'ן אמת. לאָ־מיר שטארבען אַגיטירענדיג פאר דעם וואס איז אמת'דיג און רעכט".

דער טייל פון דער רעדע, פאר וועלכער לינקאָלנ'ס פריינט האָבען זיך געשראָקען, איז געווען דער, וואו ער האָט אויסגע־דריקט די מיינונג, אז דער קאמף צווישען דער נאָרט און דער סאוט וועט ניט אויפהערען ביז דאָס גאנצע לאנד וועט ווערען אָדער איינגאנצען א שקלאפען־לאנד אָדער איינגאנצען א פריי לאנד. ער האָט דעם געדאנק ארויסגעזאָגט מיט ווערטער, וועלכע זיינען געבליבען בארימט אין דער געשיכטע פון לאנד. אָט זיינען זיי: „א הויז, וואָס איז צוטיילט געגען זיך אליין, מוז איינ־פאלען. איך גלויב, אז אונזער רעגירונג קען ניט פארבלייבען שטענדיג האלב־שקלאפיש און האלב־פריי. איך גלויב ניט, אז אונזער לאנד וועט צושפּאלטען ווערען. איך גלויב אָבער יע, אז אונזער לאנד וועט אויפהערען צו זיין צוטיילט. עס וועט ווערען איינגאנצען אָדער איין זאך אָדער די צווייטע זאך, — אָדער אלע געגנער פון שקלאפעריי וועלען אָפּשטעלען די ווייטערע פארשפּרייטונג פון שקלאפעריי און זי ערלויבען אין א באגרענצטען טייל פון לאנד, וואו זי וועט ביסלעכווייז אליין אויס־שטארבען, אדער אירע אָנהענגער וועלען זי אלץ שטויסען פאר־אויס ביז זי וועט ווערען געזעצליך אין אלע שטאטען, אלטע אזוי גוט ווי נייע, אין דער נאָרט אזוי גוט ווי אין דער סאוט".

ער האָט דאן אטאקירט דאָגלעס'ן און אָנגעוויזן דערויף, אז דאָגלעס'ן ארט ניט צי שקלאפעריי וועט זיך פארשפּרייטען. ביי דאָגלעס'ן איז שקלאפעריי ניט מער ווי א פראגע פון אייגענטום. ער האָט אָנגעוויזען, אז אין די לעצטע עטליכע יאָר, זייט 1854, האָבען די דעמאָקראטען, און דאָגלעס צווישען זיי, דורכגעפירט א פארשוועערונג צו פארשפּרייטען די שקלאפעריי ווייטער און ווייטער אין לאנד. אויב די רעפּובליקאנער וועלען ניט איבער־

נעמען די מאַכט, וועט דאָס לאַנד, אונטער דער פירערשאַפט פון דעמאָקראַטען, ווערען איינגאַנצען א שקלאַפען־לאַנד.

מיט א פּאָר וואָכען שפּעטער האָט דאָגלעס אויף לינקאָלנ׳ס רעדע געענטפערט מיט א רעדע אין שיקאַגאָ ביי א ריזיגער מאַסענפאַרזאַמלונג, וואו ער איז אויפגענומען געווארען מיט גרויס באַגייסטערונג. דאָגלעס האָט זיך אָנגעכאַפּט אין לינקאָלנ׳ס פראַזע: „א הויז וואָס איז צוטיילט געגען זיך אַליין מוז איינפאַלען". ער האָט די פראַזע אויסגעטייטשט אַזוי: לינקאָלן וויל, אַז אַלע שטאַטען אין לאַנד זאָלען האָבען דיזעלבע געזעצען. ער וויל, אַז די אַלע שקלאַפען־שטאַטען זאָלען זיך פאַרבינדען אין איין לאַגער, אַלע פרייע שטאַטען אין א צווייטען לאַגער, און זיי זאָלען מלחמה האַלטען איינע מיט די אַנדערע, ביז וואַנען עס וועט געלינגען די פרייע צו באַזיגען די שקלאַפען־שטאַטען און באַפרייען זייערע שקלאַפען, אָדער עס וועט געלינגען די שקלאַפען־שטאַטען ארויפצוצווינגען שקלאַפעריי אויף די פרייע. לינקאָלן וויל ברענגען א בירגער־קריג.

דאָגלעס האָט אָנגעוויזען, אַז איינע פון די יסודות פון דער אמעריקאַנער רעגירונג איז פּונקט דער היפּוך פון לינקאָלנ׳ס געדאַנק. „אין אונזער רעגירונג טאָר מען ניט צווינגען אַלע שטאַטען צו האָבען דיזעלבע געזעצען. מיר האָבען אַן אמת׳ע דעמאָקראַטיע. יעדער שטאַט קען מאַכען זיינע אייגענע געזעצען. לינקאָלן וויל עס אָפּשאַפען, וויל אָפּשאַפען די דעמאָקראַטיע."
ער האָט אויך לינקאָלנ׳ען אַטאַקירט דערפאַר, וואָס יענער האָט אָנגעגריפען די דרעד סקאָט אַנטשיידונג און ממילא אויך דעם סופרים קאָורט. רייד־ענדיג וועגען דעם האָט דאָגלעס געזאָגט: „איך וויל פריי ארויסזאָגען אָט וואָס: אונזער רעגירונג איז געבויט אויף א „ווייסען" פונדאַמענט. זי איז געבויט געוואָרען פון ווייסע, פאַר׳ן וואוילזיין פון ווייסע, און זי דאַרף פאַרוואַלטעט ווערען פון ווייסע אַזוי ווי די ווייסע געפעלט".

לינקאָלן איז געוועזען אויף דער פאַרזאַמלונג וואו דאָגלעס האָט געהאַלטען זיין רעדע, און אויף מאָרגען האָט ער אים געענטפערט ביי א פאַרזאַמלונג פון זיין פּאַרטיי. אביסעל שפּעטער האָט דאָג־

לעם געענטפערט אויף לינקאָלנ'ס צווייטער רעדע, און ווידער אמאָל האָט לינקאָלן איט צוריק געענטפערט. „איך בין שטענדיג געווען געגען שקלאַפעריי, — האָט לינקאָלן אין זיין רעדע ערקלערט, — אָבער ביז דעם נעבראַסקא־ביל האָב איך זיך באַנוגענט מיט דער האָפנונג, אז שקלאַפעריי גייט צום אונטערגאַנג. דערפאר האָב איך באַטראַכט שקלאַפעריי אלס א פראַגע פון ווייניג וויכטיגקייט". איצט אָבער האָט ער זיך איבערצייגט, אז עס איז ניט אַזוי, און דערפאר האָט ער זיך אריינגעווארפען אין דעם קאַמף. אויף דאָגלעס'עס אטאַקע וועגען דער דרעד־סקאָט אנטשיידונג האָט לינקאָלן אַזוי געענטפערט: „איך גלויב אין דער „דעקלארײשאָן אָוו אינדעפענדענס". אויב דאָגלעס און זיינע פריינט ווילען ניט פאלגען, וואָס אין דער „דעקלארײשאָן" איז געשריבען, טאָ זאָלען זיי זי אמענדירען, זי זאָל זיך לייענען אַזוי: 'אַלע מענשען זיינען באַשאַפען גלייכע, אויסער נעגערס'."

דאָגלעס'עס רעדעס האָבען ביים עולם אויסגענומען מער ווי לינקאָלנ'ס. די רעפּובליקאַנישע קאָמיטע האָט דערפאר באַשלאָסען אויפצופאָדערען דאָגלעס'ן, ער זאָל מיט לינקאָלנ'ען דעבאַטירען די אַלע פראַגען ביי א ריי פון זיבען פארזאַמלונגען אין פאַרשיידענע טיילען פון שטאַט. די רעפּובליקאַנער האָבען געהאָפט, אז אין א דעבאַטע, וואו די צוויי וועלען זיך טרעפען פנים אל פנים, וועט לינקאָלן האָבען מער ערפאָלג. דאָגלעס האָט אנגענומען דעם ארויסרוף, און די לינקאָלן־דאָגלעס דעבאַטען זיינען דורכגעפירט געוואָרען. די דעבאַטען האָבען אויפגעשטורעמט דאָס גאַנצע לאַנד און זיינען פארבליבען באַדימט אין דער אמעריקאַנער געשיכטע.

די דעבאַטען זיינען פאָרגעקומען אונטער'ן פרייען הימעל, ווייל עס זיינען ניט געווען קיין גענוג גרויסע זאַלען אויף צו קאָנען אריינגעמען די ריזיגע מאַסען, וואָס זיינען געקומען הערען די צוויי ריזען. איין דעבאַטע האָבען בייגעוואוינט 20 טויזענד מענער און פרויען. ביי די איבעריגע איז געווען אַן עולם פון צווישען פינף און צען טויזענד. די רעדעס פון די דעבאַטאַנטען

זיינען אפּגעדרוקט געוואָרען אין אַלע צייטונגען פון אילינאָי און אין א סך וויכטיגע צייטונגען אין אַנדערע טיילען פון לאַנד.

די דעבאַטען האָבען לינקאָלן באַרימט געמאַכט פון איין עק לאַנד ביז'ן צווייטען. אין די רעדעס האָט ער אייגענטליך פאָרמולירט דעם גאַנצען פּראָגראַם פון דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי. די פּאַרטיי איז ניט געשטאַנען פאַר דעם, אַז שקלאַ־פעריי זאָל פאַרבאָטען ווערען אין לאַנד; אַז זי זאָל פאַרווערט ווערען אין די שטאַטען פון דער סאוט, וואו זי האָט שטענדיג עקזיסטירט. זי האָט נאָר געפאָדערט, אַז שקלאַפעריי זאָל פאַר־באָטען ווערען אין נייע טעריטאָריעס אָדער אין נייע שטאַטען. די רעפּובליקאַנער האָבען געוואָלט אַרומבויען אַ וואַנט אַרום דער שקלאַפעריי, אַז ווייטער זאָל זי ניט גיין. זייער האָפנונג איז געווען, אַז אונטער אַזעלכע אומשטענדען וועט שקלאַפעריי מיט דער צייט אינגאַנצען אָפּשטאַרבען.

אָט זיינען אייניגע שטעלען פון לינקאָלנ'ס באַרימטע רעדעס אין די דעבאַטען:

„מיין צוועק איז ניט צו העלפען ברענגען פּאָליטישע און סאָציאַלע גלייכהייט צווישען דער ווייסער און שוואַרצער ראַסע. עס עקזיסטירט אַ פיזישער אונטערשייד צווישען זיי, וועלכער וועט, נאָך מיין מיינונג, אויף אייביג אונמעגליך מאַכען, אַז די צוויי ראַסען זאָלען לעבען צוזאַמען אויף אַ יסוד פון פולשטענ־דיגער גלייכהייט. און אַזוי ווי עס מוז צווישען זיי הערשען אַן אונטערשייד, בין איך דערפאַר, אַז די ראַסע, צו וועלכער איך געהער, זאָל פאַרנעמען די העכערע פּאָזיציע. דאָך האַלט איך, אַז עס איז ניטאָ קיין שום גרונד אויף דער וועלט, פאַר־וואָס דער נעגער זאָל ניט זיין בארעכטיגט צו אַלע נאַטירליכע רעכט, וועלכע זיינען דערמאָנט אין דער „דעקלאַריישאָן אוו אינ־דעפּענדענס" — דאָס רעכט אויף לעבען, אויף פרייהייט, אויף גליק. איך האַלט, אַז ער איז דערצו באַרעכטיגט פּונקט אַזוי ווי דער ווייסער".

לינקאָלן איז ניט געווען קיין אַבאָלישאָניסט. דאָגלעס האָט אים עטליכע מאָל אויפגעוואָרפען, אַז ער איז אַ תלמיד פון

גערישאָן און פיליפּס. לינקאָלן האָט דאָס געלייקענט. ער האָט אפילו ערקלערט, אַז ער זוכט ניט צו באַקעמפען די געזעצען, וועלכע האָבען אַזוי אויפגערעגט די בירגער פון דער נאָרט, צום ביישפּיל, דאָס געזעץ וועגען אַנטלאָפענע שקלאַפען. אים אַרט ניט אפילו, אַז שקלאַפעריי זאָל בלייבען אין וואַשינגטאָן; אַז דער האַנדעל מיט שקלאַפען צווישען איין שטאַט און דעם צווייטען זאָל ווייטער אָנגיין. ער איז פאַראינטערעסירט בלויז אין דעם, אַז שקלאַפעריי זאָל נים אַריינדרינגען אין נייע טעריטאָריעס.

„דער אונטערשייד צווישען מיר און דאָגלעס'ן" — האָט לינקאָלן געזאָגט — „באַשטייט אין דעם: איך האַלט, אַז שקלאַפעריי איז אַן אומרעכט, און ער האַלט, אַז שקלאַפעריי איז ניט קיין אומרעכט. ער גלויבט, אַז דער שקלאַף איז אַזוי אַ שטיק איינגענטום, אַזוי ווי אַ פערד, און אַזוי ווי אַ פערד מעג אַריינגעפירט ווערען פון זיין באַלעבאָס אין אַ נייער טעריטאָריע, אַזוי מעג אַ שקלאַף אויך אַריינגעפירט ווערען אַהין".

און אַ צווייטען מאָל האָט ער דעמזעלבען געדאַנק אויסגעדריקט מיט דער דערקלערונג: „די אמת'ע פראַגע, וואָס דאַרף פאַרענטפערט ווערען, איז די: איז שקלאַפעריי רעכט אָדער אומרעכט? דאָס איז דער אייביגער קאַמף צווישען צוויי פּרינציפּען אויף דער גאַנצער וועלט. דאָס זיינען די צוויי פּרינציפּען, וואָס זיינען פון אייביג אָן געשטאַנען איינער אַנטקעגען דעם אַנדערען און וועלען שטענדיג איינס ס'אַנדערע באַקעמפען. איין פּרינציפּ שטייט פאַר דאָס רעכט פון אַלע מענשען. דער אַנדערער שטייט פאַר די הייליגע רעכט פון די הערשער. דאָס איז דערזעלבער גייסט, וואָס זאָגט: אַרבייט, פראַצעווע און פאַרדין אויף ברויט, און איך וועל דאָס ברויט דערנאָך אויפעסען. עס מאַכט ניט אויס אין וואָס פאַר אַ פאָרם דאָס קומט — צי דאָס ווערט אַרויסגעזאָגט דורך דעם מויל פון קעניגען, וועלכע רייטען אויפ'ן פאָלק און לעבען פון זיין אַרבייט, אָדער עס קומט פון דעם מויל פון אַ ראַסע, וואָס פאַרשקלאַפט אַ צווייטע ראַסע. דאָס איז דערזעלבער טיראַנישער פּרינציפּ".

דער וואל־קאמף האט זיך געענדיגט מיט א זיג פאר דאג־לעס'ן. די דעמאקראטישע פארטיי האט אויסגעקליבען פאר דער יעדזשיסלייטשור מיט אכט מיטגלידער מער ווי די רעפובליקא־נישע פארטיי. לינקאן איז געווען אנטוישט. ער האט אבער געפונען א טרייסט דערין, וואס ער האט געהאט א געלעגענהייט אין לויף פון דעם וואל־קאמף צו פרעדיגען זיינע געדאנקען. נאכדעם ווי די רעזולטאטען פון די וואלען זיינען באקאנט גע־ווארען האט לינקאלן געשריבען: „דער וואל־קאף האט מיר גע־געבען די מעגליכקייט ארויסצוזאגען פאר'ן פאלק מיין מיינונג איבער דער גרויסער פראגע פון דער צייט, און כאטש איצט גיי איך אראפ פון דער סצענע און וועל פארגעסען ווערען, גלויב איך, אז איך האב איבערגעלאזען צייכענס, וואס וועלען זיך מערקען אין דעם קאמף פאר פרייהייט לאנג נאכדעם ווי איך וועל שוין מער ניט זיין".

לינקאלן האט דאן ניט געוואוסט, אז זיינע רעדעס אין דעם וואל־קאמף האבען פאר אים געעפענט דעם וועג צו א העכערען אמט ווי סענאטאר. זיי האבען אים דערהויבען אין די אויגען פון א סך פירער פון דער רעפובליקאנישער פארטיי און פון טוי־זענדער מיטגלידער פון דער פארטיי, וועלכע האבען דערזען אין אים דעם קאנדידאט פאר פרעזידענט אין די קומעניגע פרעזי־דענט־וואלען אין יאר 1860.

קאַפּיטעל 26.

# דזשאָן בראַון און זיין מאַרטירערטום.

דזשאָן בראַון איז געווען דער מוטיגסטער און פאַנאַטיש־סטער קעמפּער וואָס די אַנטי־שקלאַפעריי באַוועגונגען האָבען אַרויסגעגעבען. ער האָט געשטאַמט פון איינער פון די עלטסטע פוריטאַנישע פאַמיליעס פון ניו־ענגלאַנד, און ער איז געווען פונקט אַזוי שטרענג פרום ווי זיינע עלטערען זיינען געווען. ער האָט געהאַט אַן אייזערנעם ווילען. ער און זיין גאַנצע פאַמיליע האָבען זיך אויפגעצויגען אויף דער ביבעל. דאָס „היילינע בוך" איז גע־ווען דער קוואַל פון זיין באַגייסטערונג פאַר יושר און גערעכטיג־קייט און זיין פירער און וועג־ווייזער אין לעבען. ווען ער איז נאָך געווען גאָר אַ יונגערמאַן, האָט ער אויף זיך גענומען צו פירען אַן אומאויפהערליכען קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון די שקלאַפען. ער האָט ניט אויפגעהערט צו טראַכטען און צו ריידען וועגען דעם. זיינע קינדער האָט ער געלערענט צו האַסען שקלאַ־פעריי און צו גלויבען, אַז זייער ערשטע און הייליגסטע פליכט אין לעבען איז צו העלפען אויסצוראָטען די שקלאַפעריי פון לאַנד.

בראַון איז געווען אַן אַבאָלישאָניסט, אָבער פון אַ גאַנץ אַנ־דער סאָרט ווי גערריסאָן און פיליפּס. יענע האָבען געגלויבט, אַז שקלאַפעריי דאַרף באַקעמפט ווערען דורך פרידליכע מיטלען, דורך אויפקלערונג, דורך פּראָפּאַגאַנדע. זיי האָבען פאַרדאַמט יעדען פאַרזוך צו באַנוצען געוואַלט געגען שקלאַפען־איינענטימער. זיי האָבען אָנגעווענדט אין דעם קאַמף יעזוס'עס תורה, וואָס איז געגען געוואַלט אונטער אַלע אומשטענדען. בראַון האָט געגלויבט פאַרקערט, אַז דער איינציגער וועג ווי אַזוי צו דערגרייכען דעם ציל, איז דורך געוואַלט, דורך מאַכט, דורך בלוט. גלייך ווי די

אַלטע פוריטאַנער, איז ער געווען אָנגעזאַפּט מיט יענעם טייל פון דעם חומש און די נביאים, וואו גאָט הייסט אָנווענדען דעם שווערד געגען דעם שונא, געגען די זינדיגע און געגען די פאַר־דאָרבענע. בראון איז געווען איבערצייגט, דאָס אַן אַ בלוטיגען



דזשאן בראון.

קאַמף וועלען די שקלאַפען־האַלטער זיך קיינמאָל ניט אונטער־געבען.

ווען דער קאַמף האָט אויסגעבראָכען אין קענזעס, האָט בראון פריער אוועקגעשיקט אהין עטליכע פון זיינע דערוואַקסענע זין,

און נאכער איז ער אליין געקומען. דארט האט ער אנגעפאנגען פארווירקליכען זיינע אידייען. ער האט באוואפענט זיין גרופע און זיי געלערענט צו זיין גרייט צו באגעגענען דעם שונא מיט'ן ביקס אין האנט. אין 1856 האט ער דורכגעפירט דעם בלוטיגען אנפאל אין אמי־וואטאווא, וואו ער האט אין מיטען נאכט ער־מארדעט פינף פארמער, וועלכע האבען געהערט צום שקלאפען־צד. די פינף קרבנות האבען זיך ניט פארזינדיגט מיט קיין באזונדערער זאך געגען די פרייע. ער האט זיי דער'הרג'עט בלויז דערפאר, ווייל ער האט געדענקט אז אין יענעם מאמענט איז נויטיג געווען דורך א טעראריסטישען אקט אנצואווארפען א שרעק אויף דעם שקלאפען־צד. און ער איז געווען זיכער, אז גאט האט געוואלט ער זאל די פינף מענשען מקריב זיין אויפ'ן מזבח פון דעם קאמף פאר דער פרייהייט.

און איצט, אין 1859, (בראון איז שוין דעמאלט געווען אן אלטער מאן פון 59 יאר.) האט ער באשלאסען דורכצופירען א שטיקעל סטראטעגיקע, וואס זאל אויפטרייסלען די גאנצע שקלא־פישע סאוט. ער האט זיין פלאן פארזיכטיג אויסגעארבייט, האט אים פארגעלייגט פאר א גרופע באגייסטערטע און איבערגעבענע אבאלישאניסטען, אויף וועמען ער האט געהאט א שטארקען איינפלוס. און זיי, פון זייער זייט, האבען אים באזארגט מיט די נויטיגע מיטלען. ווען מען לייענט איצט די איינצעלהייטען פון דער פאסירונג, איז שווער זיך פארצושטעלען ווי אזוי דער פלאן האט גאר געקענט געשטיצט ווערען פון אינטעליגענטע און דענקענדע מענשען. אבער דאך איז עס אזוי געווען. בראון איז אזוי פאר'שיכור'ט געווען פון זיין בלינדען פאנאטיזם, פון זיין אידעאליסטישער באגייסטערונג, אז ער האט געזען בלויז איין זאך פאר די אויגען: די נויטווענדיגקייט צו האנדלען, צו טאן עטוואס וואס זאל ברענגען ממשות'דיגע רעזולטאטען. און וואס איז שייך זיינע פריינט און אנהענגער, האבען זיי ניט געקענט ביישטיין זיין אייזערנעם ווילען און זיין פייערדיגע באגייסטע־רונג, זיי זיינען פון אים פאר'שיכור'ט געווארען. ווען ער

האָט וועגען זיין פּלאַן גערעדט, האָבען יענע געמוזט צושטימען. זיי זיינען געוואָרען אָנגעשטעקט מיט זיין גייסט.

אין פעברואר 1858 האָט ער אָפּגעהאַלטען א באַראַטונג מיט עטליכע פריינט אין דער וואוינונג פון דעם רייכען פילאַנטראָפּ און איבערגעבענעם אַבאָלישאָניסט גערית סמיט, פון פּיטערבאָרא, ניו יאָרק. ער האָט זיי פאַרגעלייגט זיין פּלאַן, וועלכער איז באַשטאַנען אין פאָלגענדען: ער, בראַון, וועט מיט א קליינער גרופּע באַוואָפענטע נאָכפאָלגער זיך באַזעצען אין ווירדזשיניא, ערגעץ אין די בערג. פון דאָרטען וועט ער, פון צייט צו צייט, באַפאַלען די ארומיגע שטעטלאַך און באַפרייען די שקלאַפען. די באַפרייטע נעגערס וועט ער גלייך באַוואָפענען און זיי וועלען זיך אָנשליסען אָן זיין ארמיי. ווען די נייעס וועט זיך פארשפּרייטען איבער'ן לאַנד, וועלען א סך ווייסע פון דער נאָרט אים קומען העלפען. די שקלאַפען אין דער סאוט וועלען זיך אָנפאַנגען צו בונטעווען און לויפען צו אים. אויף די שקלאַפען־אייגענטימער וועט אָנפאַלען א שרעק. א סך פון זיי וועלען זיך איילען צו פארקויפען זייערע שקלאַפען אָדער אָנבאָטען זיי צו באַפרייען פאַר אויסלייז־געלט. און דעריבער האָט בראַון פארלאַנגט פון זיינע פריינט, זיי זאָלען אים פארזאָרגען מיט א סומע געלט. ער האָט פון אָנפאַנג געבעטען ניט מער ווי א טויזענד דאָלער כדי צו קענען אָנפאַנגען די קאָמפּאַניע. שפּעטער, האָט ער געזאָגט, וועט ער מער קיין געלט ניט דאַרפען. ער וועט לעבען אויף די שפּייז וואס ער וועט פארכאַפּען ביי די שקלאַפען־פּאַרמער און אויף די געווער וואָס ער וועט צונעמען ביים שונא.

אייניגע פון די פריינט ביי דער באַראַטונג האָבען אים אָפּגערעדט פון דער אונטערנעמונג. זיי האָבען אים באַוויזען, אַז דער פּלאַן איז פאַרבונדען מיט שוועריגקייטען און געפאַרען. בראַון האָט אָבער ניט געוואָלט הערען דערפון. מערקווירדיג איז, אַז צווישען די וואָס האָבען אים געשטיצט און אים פאַרשפּראָכען צו באַזאָרגען מיט'ן נויטיגען געלט, זיינען געוועזען פּראַקטישע געשעפטסלייט און פרומע גלחים. די פּראָמינענטסטע

אויף דעם צעטעל זיינען: די בארימטע גלחים טעאדאר פארקער און טאמאס היגינסאן, דער רייכער געשעפטסמאן סטוירנס, דר. האו און דער רייכער פילאנטראפ געריט סמיט. זיי האבען אויפגעזאמעלט פון זיינעטוועגען די סומע פון פיר טויזענד דאלער, און מיט'ן געלט האט ער זיך גענומען צו דער ארבייט. דאס איז געווען אין מיטען זומער, אין יאר 1859. געריט סמיט האט דערמאלט געזאגט: „אונזער ליבער אלטער פריינט האט באשלאסען, און עס איז אוממעגליך אים אפצואוועדען. מיר קענען ניט דערלאזען ער זאל שטארבען אליין. מיר מוזען אים שטיצען. איך וועל זאמלען געלט, און איר, אין מאסאטשוזעטס, מוזט טאן דאסזעלבע. קיין אנדער אויסוועג זע איך ניט". אין א בריף, וואס בראון האט געשריבען צו איינעם פון זיינע פריינט, זאגט ער: „איך האב געקראגען די איינציגע געלעגענהייט אין מיין לעבען, וואס האלט שוין באלד 60 יאר. ווער ווייס, צי איך וואלט ווען עס איז נאך אמאל אזא געלעגענהייט געקראגען, ווען איך וואלט געלעבט אפילו צען מאל אזוי לאנג. איך ריכט זיך גארניט אויף קיין שווערינקייט, אבער איך ערווארט א גוואלדיגען נצחון, אפילו ווען ער זאל זיין אזוי ווי דער לעצטער נצחון פון שמשון הגבור". בראון האט שוין דאן פארשטאנען, אז ווען אפילו זיין אונטערנעמונג זאל האבען ערפאלג, וועט ער, ווי שמשון הגבור, אליין באגראבען ווערען אונטער די חורבות פון דער געביידע וואס ער וועט אומווארפען.

די הכנות זיינען געמאכט געווארען שטרענג קאנספיראטיוו. דאס געלט איז געזאמעלט געווארען אין געהיים, דורך געהיימע קאמיטעס. אין יולי האט בראון, אונטער א פארשטעלטען נאמען, געדונגען א פארם אין מערילאנד, נעבען דעם טייך פאטאמאק. אהין האט ער אין פארלויף פון עטליכע מאנאטען שטילערהייט טרענספערירט וואפען און אמוניציע. אהין זיינען אויך געקומען די מענשען מיט וועמען ער האט געדארפט דורכפירען דעם ערשטען קלאפ. די גרופע איז באשטאנען פון צוואנציג פערזאן. דריי פון זיי — בראון'ס אייגענע זין. פינף זיינען געווען נעגער. א חוץ איינעם פון בראון'ס זין, איז די גרופע

באשטאנען פון יונגע לייט, צווישען דעם עלטער פון 18 און 29 יאָר.

„דער מאָמענט אויף וועלכען בראון האָט געוואַרט צוואנציג יאָר איז איצט געקומען" — שרייבט ראודס. — „זונ־טאָג ביינאכט, דעם 16טען אָקטאָבער, איז געוועזן קאַלט און פינסטער. בראון האָט צוזאמענגערופען זיין ארמיי און האָט פאַר זיי געהאַלטען אָט די דרשה: „מיינע הערךן, איך וויל איר זאָלט דאָס געדענקען — איר אַלע ווייסט, ווי טייער עס איז דאָס לעבען און ווי טייער אייער לעבען איז ביי אייערע פריינט. האָבענדיג דאָס אין זינען, דאַרפט איר פאַרשטיין, אז די לעבענס פון אַנדערע מענשען זיינען פּונקט אַזוי טייער פאַר זיי, ווי אייערע לעבענס פאַר אייך. דערפאַר זאָלט איר ניט אוועקנעמען דאָס לעבען פון אַ מענשען אויב עס איז נאָר מעגליך דאָס אויס־צומיידען. אָבער אויב איר זייט געצוואונגען צו נעמען אַ צוויי־טען'ס לעבען כדי צו ראַטעווען דאָס אייגענע, זאָלט איר עס טאָן מיט אַ זיכערער האַנט." דאַן האָט ער אויסגערופען: „נעמט אייערע וואפען; מיר מאַרשירען צו דער פערריי".

און די גרופּע האָט אוועקגעמאַרשירט. אויף יענעם זייט טייך איז געלעגען דער שקלאַפען־שטאַט ווירדזשיניא. איבער'ן טייך האָט זיך געצויגען אַ בריק. אַ פּאָר מייל פון ברעג איז גע־לעגען די שטעטעל האַרפּער'ס פערריי, וואו עס האָט זיך גע־פונען אַן ארסענאַל און אַ קאַזארמע פון דער נאַציאָנאַלער רע־גירונג. בראון'ס פּלאַן איז געווען צו פאַרכאַפּען די שטעטעל און די מיליטער־געביידעס און פון דאָרט אָנהויבען די אָנפאַלען אויף די שקלאַפען־אייגענטימער.

אין דעם שטעטעל האָט זיך קיינער אויף דעם אָנפאַל ניט געריכט, און אין עטליכע שטונדען האָט בראון מיט זיין טרו־פּע געהאַט אַלץ אין זייערע הענט. זיי האָבען איבערגעשניטען די טעלעגראַף־דראָטען. זיי האָבען אוועקגעשטעלט וועכטער ביים בריק. זיי האָבען באַזעצט אַלע עפענטליכע געביידעס. דאַן האָט בראון ארויסגעשיקט גרופּעס פון זיינע מענשען, זיי זאָלען באַ־פאַלען די הייזער פון די פּראָמינענטסטע אנוואוינער פון דער

ארומיגער געגענד און ברענגען געפאנגען די באלעבאטים און זייערע שקלאפען. די באלעבאטים האט ער בדעה געהאט צו האלטען פאר משכנות, און די שקלאפען האט ער געפלאנט צו באפרייען. און אזוי איז טאקע געווען. צווישען די געפאנגענע משכנות איז געווען לואיס וואשינגטאן, דזשארדזש וואשינגטאן׳ס אן אור־אור פלימעניק און איינער פון די אנגעזעענסטע בירגער פון דער געגענד. די ערשטע נאכט איז געפאלען בלויז איין קרבן — א נעגער, א פרייער, וועלכער האט געארבייט אויף דער באן־סטאנציע. דער נעגער איז צוטומעלט געווארען פון שרעק און האט גענומען לויפען. בראון׳ס מענשען האבען אים באפוילען צו בלייבען שטיין. ער האט אבער ניט פארשטאנען וואס מען רעדט צו אים און איז ווייטער געלאפען. בראון׳ס מענשען האבען אויף אים געשאסען און ער איז געפאלען טויטליך פארוואונדעט.

זונטאג אינדערפרי איז אין שטעטעל פארשפרייט געווארען די נייעס וועגען בראון׳ס אנפאל. די איינוואוינער האבען זיך פאר־זאמעלט און זיך גענומען באוואפענען. עס זיינען ארויסגעשיקט געווארען באריכטען אין די ארומיגע שטעט, מיט ביטעס זיי זאלען צושיקען מיליץ. עס האבען זיך אנגעהויבען שיסערייען. עטליכע מענשען פון ביידע צדדים זיינען געפאלען. צווישען די גע׳הרג׳עטע איז געווען דער מעיאר פון שטעטעל.

דערווייל האט זיך די נייעס פארשפרייט איבער׳ן לאנד. מאנטאג האבען אנגעהויבען אנצוקומען סאלדאטען און מיליץ פון די ארומיגע געגענדען. די וואשינגטאנער רעגירונג האט ארויס־געשיקט א רעגימענט אונטער דער קאמאנדע פון דעם אפיצער ראבערט ע. ליע. (מיר דערמאנען אים דא, ווייל שפעטער וועט ער שפילען א גוואלדיגע ראלע). דינסטאג אין דערפרי האט לי אויפגעפאדערט בראון׳ען ער זאל זיך אונטערגעבען. בראון האט זיך אנטזאגט. לי האט אים אטאקירט. דער קאמף האט זיך געענדיגט דערמיט וואס צען פון בראון׳ס נאכפאלגער זיינען דער׳הרג׳עט געווארען. צווישען די צען זיינען געווען בראון׳ס צוויי זין. פיר האבען באוויזען צו אנטלויפען, צווישען זיי בראון׳ס דריטער זון, פינף זיינען גענומען געווארען געפאנגענע.

בראַון אַליין איז געפאַלען שווער פאַרוואונדעט. ער האָט געהאַט טיפע וואונדען אין קאָפּ און אין קערפּער. ער איז, פאַרשטייט זיך, געווען צווישען די געפאַנגענע.

וואַשינגטאָנ׳ס קרוב, איינער פון די לעבעדיגע משכנות, איז געווען אין דער געביידע וואו בראַון און זיין קאָמפּאַניע האָבען זיך באַפעסטיגט און פאַרטיידיגט. אָט וואָס ער האָט שפּעטער דערציילט: „בראַון איז געווען דער רואיגסטער און אנטשלאָסענסטער מאַן וואָס איך האָב ווען עס איז געזען שטייענדיג פּנים אל פּנים מיט׳ן טויט. ביי איין זייט זיינער איז געלעגען איין זון טויט, און ביי דער צווייטער זייט איז געלעגען א צווייטער זון און גע׳גוסס׳ט. בראַון האָט מיט איין האַנט געהאַלטען זיין גוסס׳ען זון ביים פּולס און מיט דער צווייטער האָט ער געשאָסען. און די גאַנצע צייט האָט ער גערעדט צו די איבעריגע מענשען, זיי צוגעגעבען מוט, זיי באַפעלען וואָס צו טאָן. צו אונז, די געפאַנגענע משכנות, איז בראַון געווען פריינדליך. אָנשטאָט וואָס ער זאָל נעמען נקמה אָן אונז פאַר זיינע צוויי זין וואָס זיינען געלעגען טויט נעבען אים, האָט ער אונז געגעבען עצות ווי אַזוי אויסצומיידען די קוילען, וואָס זיינען געפלויגען פון דרויסען. און קיינער איז טאַקע ניט געשעדיגט געוואָרען.״

דאָס לאַנד האָט אויפגעשטורעמט פון דער דאָזיגער פּאַסירונג. די סאַוט האָט געזען אין בראַונ׳ס אָנפאַל אַ קאָנספּיראַציע פון די אַלע גרופּען אין דער נאָרד וואָס האָבען באַקעמפט שקלאַפעריי. זי האָט זיך ניט באַנוגענט מיט באַשולדיגען די אבאָלישיניסטען. זי האָט געשריען, אז אין דער קאָנספּיראַציע האָבען א האַנט די פירער פון דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי, ווי לינקאָלן, סיואַרד און טשעיס. גלייך ווי בראַון איז אַרעסטירט געוואָרען, ווען ער איז נאָך געלעגען א פאַרבלוטיגטער, אַ פאַר׳חלש׳טער, האָט מען אים גענומען אויף אַ שטרענגען, לאַנגען פאַרהער. מען האָט פון אים געוואָלט דערגיין ווער עס האָט אים געשיקט. ווער זיינע העלפערס זיינען, ווער עס האָט אים באַזאָרגט מיט געלט. ער האָט אויף די אַלע פראַגען געהאַט איין ענטפער: „אויף אַלץ וואָס האָט אַ שייכות מיט מיר אַליין וועל איך אייך ענטפערען

פריי און אויפריכטיג; וועגען אנדערע, וועל איך אייך גארניט זאגען."

אויף דער פראגע: „ווי אזוי פארטיידיגט איר אייער טאט?" האט ער געגעבען פאלגענדען ענטפער: „איך גלויב אז איר, מיינע פריינד, באגייט א גרויסע עולה געגען גאט און געגען דער מענשהייט... עס איז רעכט פאר יעדען צו טאן אלץ כדי צו באפרייען די מענשען וועלכע איר האלט אין שקלאפעריי. איך האב געהאנדעלט ריכטיג, און אלע אנדערע וואס וועלען אייך שטערען אין שקלאפעריי וועלען אויך זיין גערעכט. איך וויל איר זאלט וויסען, מיינע הערען — האט ער ווייטער געזאגט — אז איך רעספעקטיר די רעכט פון די ארימסטע און שוואכסטע נעגער וואס זיינען אונטערדריקט דורך שקלאפעריי פונקט ווי איך רעספעקטיר די רעכט פון די רייכסטע און מעכטיגע. אט דער געדאנק האט מיר באוואויגען. קיין אנדער זאך ניט. מיר האבען ניט ערווארט קיין שום אנדער שכר ווי נאר די באפרידיגונג, אז מיר וועלען טאן פאר די אונטערדריקטע דאס וואס מיר וואלטען געוואלט, אז אנדערע זאלען טאן פאר אונז ווען מיר וואלטען געווען אין דער זעלבער לאגע. דער רוף פון די אומגליקליכע און די אונטערדריקטע איז די איינציגע זאך וואס האט מיך געבראכט אהער." שפעטער האט ער ווייטער געזאגט: „אייך, מענשען פון דער סאוט, וויל איך דערקלערען, אז איר זאלט זיך ריכטען אויף אן ענדליכער לייזונג פון דער שקלאפען־פראגע. די לייזונג וועט קומען שנעלער ווי איר מיינט. מיט מיר קענט איר לייכט פארטיג ווערען. איך בין שוין סיי־ווי־סיי באלד פארטיג, אבער די נעגער־פראגע בלייבט. מיט איר זייט איר נאך ניט פארטיג."

דעם 25טען אקטאבער איז דזשאן בראון אנגעקלאגט געווארען פאר פארראט און מארד. און ער איז געווען א האלב־טויטער ווען מען האט אים געבראכט אין געריכט צום פראצעס. דאס געריכט האט פאר אים באשטימט אן אדוואקאט. עטליכע טעג שפעטער זיינען אנגעקומען עטליכע אדוואקאטען פון דער נארט, וועלכע האבען זיך אנגעשלאגען צו פירען די פארטיידיגונג אן געלט. איינער פון די אדוואקאטען האט פארגעלייגט, אז די פארטיידיגונג

זאָל זיין אויפ'ן סמך פון משוגעת. אָבער בראַון, אויפהויבענדיג זיך פון זיין בעטעל, האָט געזאָגט: „איך וועל ניט דערלאָזען, אז דאָס זאָל געשען. איך בין פולשטענדיג קלאָר." דער פּראָצעס האָט געדויערט פינף טעג. דעם 31טען אָקטאָבער האָט די דזשורי, נאָך א באַראַטונג פון דריי־פערטעל שטונדען, ארויסגעטראָגען אַן אורטייל פון „שולדיג אין פאַרראַט און אין מאָרד ערשטען גראַד". צוויי טעג שפּעטער האָט מען אים געבראַכט אין געריכט־זאַל אויסצוהערען זיין פּסק. די גאַנצע צייט פון פּראָצעס איז ער געווען קראַנק און איז געלעגען אויף א בעטעל אין געריכט־זאַל. איידער דער ריכטער האָט דעם פּסק ארויסגעגעבען, האָט ער געפרעגט בראַונ'ען צי ער וויל עפּעס זאָגען. בראַונ'ס ענטפער איז געווען: „איך האָב ניט בדעה געהאַט צו באַגיין פאַרראַט אָדער מאָרד אָדער אויפצורייצען די שקלאַפען צו א בונט. איך האָב געזוכט צו טאָן בלויז איין זאַך: באַפרייען שקלאַפען. אויב איהר דענקט, אז עס איז נויטיג אז איך זאָל פאַרלירען מיין לעבען און אַז מיין בלוט זאָל אויסגעמישט ווערען מיט'ן בלוט פון מיינע קינדער און מיט'ן בלוט פון די מיליאָנען אין דעם דאָזיגען שקלאַפען־לאַנד, זאָל זיין אַזוי."

דער פּסק איז געווען, אז דזשאָן בראַון זאָל אויפגעהאַנגען ווערען פרייטאָג, דעם 2טען דעצעמבער. דער געריכט האָט אפילו ניט דערלויבט, אז דער פּראָצעס זאָל אַפּעלירט ווערען אין א העכערער אינסטאַנץ.

אין דעם מאָנאַט צייט פון דעם אורטייל ביז דער הינריכטונג האָט דאָס לאַנד וועגען קיין אַנדער זאַך ניט געטראַכט. אין ווירדזשיניא האָבען זיך ארומגעטראָגען קלאַנגען, אז א פאַרשווע־רונג ווערט געמאַכט ארומצורינגלען די געפענגניש און ארויסצרא־טעווען בראַונ'ען. דאָס שטעטעל טשאַרלסטאַון, וואו בראַון איז געהאַלטען געוואָרען, איז געשטעלט געוואָרען אין א קריגס־צושטאַנד און איז באַוואַכט געוואָרען פון סאָלדאַטען. פאַר די קלאַנגען איז אָבער קיין שום יסוד ניט געווען. אַלץ וואָס איז מעגליך געווען האָט מען געטאָן צו ווירקען אויפ'ן גאָווערנאָר פון ווירדזשיניא, הענרי וואַיז, ער זאָל בראַונ'ען באַגנאַדיגען. ער איז

פארפלייצט געוואָרען מיט פעטיציעס. די פּראָמינענטסטע מענשען אין לאנד, אין דער נאָרט, פארשטייט זיך, האָבען זיך געווענדט צו אים. און געשריבען און גערעדט עפענטליך, אז בראַון דארף באַגנאַדיגט ווערען. עס זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען פאַרזאַמלונגען. עס זיינען אָנגענומען געווארען רעזאָלוציעס פון פאַרשיידענע קערפּערשאַפטען. בראַון אַליין, זיצענדיג אין געפענגניש, האָט באַקומען סימפּאַטיע־בריוו פון אַלע עקען לאַנד, וואו שקלאַפעריי האָט ניט עקזיסטירט. דער גאָווערנאָר איז אָבער געבליבען איינגעשפּאַרט. די סאַוט האָט אומבאַדינגט געפאָדערט אז בראַון זאָל באַצאָלען מיט זיין לעבען.

אָט ווי ראודס באַשרייבט די הינריכטונג: „די זון איז אויפגעגאַנגען העל און קלאָר אין דעם פרימאָרגען ווען דער אַלטער פורינאַטער האָט געדאַרפט שטאַרבען. די מורא, אז אַ פאַרזוך וועט געמאכט ווערען בראַון׳ען צו ראַטעווען, האָט נאָך אָנגעהאַלטען. ארום געפענגניש זיינען געווען אויסגעשטעלט הארמאַטען. עטליכע ראָטעס סאָלדאַטען האָבען דעם פּלאַץ באַוואַכט. עלף אַזייגער האָט מען בראַון׳ען אַרויסגעפירט פון געפענגניש. איינעם פון די וועכטער האָט ער דערלאַנגט א שטיק פּאַפּיר אויף וועלכען עס זיינען געווען אויפגעשריבען די ווערטער: „איך. דזשאָן בראַון, בין איצט זיכער, אז די פאַרברעכענס פון דעם לאנד וועלען ניט אָפּגעשאַפט ווערען אָן בלוט. איך האָב אומזיסט זיך געוואָלט איינריידען, אז דאָס וועט קענען געטאָן ווערען אָן א סך בלוט.״ סאָלדאטען זיינען געגאַנגען פאָראויס פון דעם וואָגען, אויף וועלכען דער אַלטער פוריטאַנער איז געפאָרען. בראַון איז געזעסען אויף זיין אייגענער טרונע. ער האָט געקוקט אויף דעם הימעל און דערנאָך אויף די שיינע בלויע בערג און באַמערקט: „די לאַנדשאַפט דאָ איז שיין״. צו די מענשען ארום אים האָט ער געזאָגט, אז ער האָט קיין מורא ניט פאר׳ן טויט; אז ער האָט זיין גאַנץ לעבען זיך קיינמאָל ניט געשראָקען פאר פיזישע שמערצען. ווען ער איז אַראָפּ פון וואָגען און זיך געשטעלט אונטער דער תליה, איז ער געווען רואיג און געלאסען. זיין טראָט איז געווען א פעסטער. ארום דער תליה זיינען געשטאַנען 15 הונדערט סאָל־

דאַטען, אויסגעשטעלט ווי צו א שלאַכט. אויפ׳ן פעלד זיינען געשטאַנען האַרמאַטען. סאָלדאַטען אויף פערד זיינען ארומגע־פאָרען הין און צוריק. קיין צייטונגס־מענשען האָט מען ניט צוגעלאָזט נאָענט צום פּלאַץ. א ווארנונג איז אַרויסגעגעבען געוואָרען, אַז פרעמדע זאָלען ניט וואַגען אַריינקומען אין שטעטעל. בראַון האָט ניט געהאַלטען קיין רעדע. ווען ער האָט עפּעס געזאָגט דעם שעריף, איז זיין שטים געווען מאָדנע נאַטירליך. ער איז געשטאַנען מיט פארבונדענע אויגען אויף דער פּלאַטפאָרמע. די פּעטליע איז אַרומגעבונדען געוואָרען אַרום זיין האלז. אלץ איז געווען גרייט. אָבער דער סיגנאַל איז ניט געגעבען געווארען. דער אָפיציר האָט געוואַרט ביז אַלע פארזאמעלטע וועלען פארנעמען זייערע פּלעצער. צען מינוט האָט עס געדויערט. און די גאנצע צייט איז בראַון געשטאַנען גלייך, אויסגעצויגען, ווי א סאָלדאַט אויף זיין פּאָסטען, אָן א באַוועגונג."

דער אָפיציר וואָס איז געשטאַנען נעבען אים האָט שפּעטער דערציילט אזוי: „איך בין געווען נאָענט נעבען אים און אים אויפמערקזאם באַאָבאכטעט. איך האָב געוואָלט אויסשפּירען אַ ציטער פון אַ ציטער אין זיין קערפּער, אָבער איך האָב עס ניט געפונען." ענדליך איז דער סיגנאַל געגעבען געווארען, און דזשאַן בראַון איז געשטאָרבען. דער אָפיציר וואָס האָט די הינריכטונג דורכגעפירט האָט איבערגעריסען די שרעקליכע שטילקייט מיט די ווערטער: „אַזוי שטאַרבען די שונאים פון ווירדזשיניא, די שונאים פון די פאַראייניגטע שטאַטען, די שונאים פון דער מענשליכער ראַסע".

אין דער סאַוט האָט דער עולם טאַקע אַזוי געפילט, אַז דזשאַן בראַון איז דער שונא פון לאַנד און פון דער גאנצער מענשהייט. אין די אנדערע טיילען פון לאַנד האָט אָבער געהערשט אַן אַנדער געפיל. דער באַרימטעסטער דיכטער פון יענער צייט, לאָנגפעלאָו, האָט אין זיין טאָגבוך געשריבען: „דער טאָג איז א גרויסער אין אונזער געשיכטע. ער פארצייכענט א נייע רעוואָלוציע, וואָס איז פונקט אַזוי וויכטיג ווי די אַלטע. ווען איך שרייב די שורות, פירט מען דזשאַן בראַונ׳ען צו דער תליה דערפאר וואס ער האָט

געוואלט ראטעווען שקלאפען. דערמיט ווערט פארזייט א ווינט, פון וועלכען זיי וועלען שפעטער שניידען דעם שטורעם־ווינט."

אין א סך קירכעס אין דער נארט האט זיך דער עולם פאר־זאמעלט אין דער שטונדע פון דער הינריכטונג און תפלה געטאן. אין טייל שטעט האט מען געקלונגען אין די גלעקער, ווי צו א לויה. הספדים זיינען געמאכט געווארען ביי גרויסע פארזאמלונגען.ביידע הייזער פון דער לעדזשיסלייטשור אין מאסאטשוזעטס האבען געשלאסען זייערע זיצונגען לכבוד דעם הינגעריכטעטען.

די פירער פון דער דעמאקראטישער פארטיי האבען דזשאן בראון'ען פארדאמט. דאגלעס האט אין א רעדע אנגערופען בראון'ען „דער מאן וואס איז הינגעריכטעט געווארען פאר זיינע פארברעכענס". די פירער פון די רעפובליקאנער האבען אין זייערע רעדעס אויסגעדריקט פארדרוס מיט בראון'ס האנדלונג, אבער זיי האבען צו דערזעלבער צייט ניט פארפעלט אויסצודריקען זייער סימפאטיע צו בראון'ען אליין. לינקאלן האט, אין א רעדע, אין קופער יוניאן, אין פעברואר, 1860, געזאגט אזוי: „דזשאן בראון'ס טאט איז געווען א מאדנע. דאס איז ניט געווען א בונט פון שקלאפען; עס איז געווען א פארזוך פון ווייסע מיטצוברענ־גען אן אויפשטאנד פון שקלאפען. אבער די שקלאפען האבען זיך אנטזאגט צו באטייליגען זיך אין דער אונטערנעמונג. דער פארזוך איז געווען אזוי נאריש, אז די שקלאפען, ביי זייער גאנצער אומוויסענהייט, האבען פארשטאנען, אז ער קען ניט זיין קיין ערפאלג. די גאנצע זאך איז ענליך צו די פילע אטענטאטען אויף מלכים וואס ווערען דערציילט אין דער געשיכטע. אן ענטוזיאסט שרייט אזוי לאנג וועגען דער אונטערדריקונג פון פאלק, ביז וואנען ער הויבט אן ריידען, אז ער דארף דאס פאלק באפרייען. ער שטעלט איין, און דער סוף איז אז ער פארלירט זיין אייגען לעבען."

דער גרעסטער אמעריקאנער דענקער פון דער צייט, עמערסאן, האט געזאגט וועגען בראון'ען, אז ער איז „א נייער הייליגער. קיין ריינערער און העלדישערער ווי ער איז קיינמאל ניט געשטוי־סען געווארען דורך זיין מענשען־ליבע צום קאמף און צום טויט."

דער גרויסער פראנצויזישער דיכטער און פרייהייטס־קעמפער, וויקטאָר הוגאָ, איז דעמאָלט געווען פארטריבען אין גלות. ווען ער האָט געלעזען וועגען בראַונ׳ס הינריכטונג, האָט ער געשריבען:
„דערמיט וואָס זיי האָבען הינגעריכטעט בראַונ׳ען, האָבען די שטאַטען פון דער סאוט באַגאַנגען א פארברעכען וואָס וועט פאר־שריבען ווערען צווישען די גרעסטע אומגליקען אין דער געשיכטע.״
ווען דער בירגער־קריג האָט אויסגעבראָכען מיט אומגעפער אַנדערהאַלבען יאָר שפּעטער, איז דזשאַן בראַונ׳ס נאָמען באַנוצט געוואָרען אַלס איינער פון די שלאָג־ווערטער צו וועקען דעם עולם אין דער נאָרט צום קאַמף געגען דער סאוט. איינע פון די פּאָפּו־לערסטע מלחמה־לידער וואָס די סאָלדאַטען האָבען געזונגען מאַרשירענדיג צום שלאַכט־פעלד איז געווען דזשאַן בראַונ׳ס מאַרטירערשאַפט. דאָס ליד איז נאָך ביז היינטיגען טאָג פאר־בליבען צווישען די פּאָפּולערע פאָלקס־לידער. דער רעפרעין איז:
„דזשאַן בראַונ׳ס קערפּער פוילט אין גרוב,
אָבער זיין נשמה מאַרשירט פאָרווערטס.״

קאַפּיטעל 27.

# דער וואוקס פון דער אינדוסטריע און האנדעל אין די 50ער יאָרען

„איינע פון די הויפּט אורזאכען וואָרום דאָס לאַנד האָט אזוי גערן אָנגענומען די פּשרות איבער דער שקלאַפען־פראגע איז געווען דאָס וואָס די פּשרות זיינען פאָרגעשלאָגען געווארען אין א צייט ווען אין לאַנד האָט געהערשט גרויס שפע און גרויס אָפּטימיזם" — שרייבט פּראָפעסאר טעאָדאָר קלאר סמיט. „אין דעם צענדליג יאָר צווישען 1850 און 1860, איז דאָס לאַנד געווען פארטאָן אין האנדעל, אינדוסטריע און פינאנץ. די סכסוכים איבער שקלאַפעריי זיינען באַטראכט געווארען ווי אָן אָנשיקעניש, וואָס האָט געשטערט די אמת'ע ארבייט פון אנטוויקלען דאָס לאַנד עקאָנאָמיש."

די ערשטע באַנען, וואָס זיינען געבויט געווארען אין די 30ער און אין די 40ער יאָרען, זיינען ענטוועדער געווען לאָקאַלע, אָדער זיינען געבויט געווארען אלס א הילף צום וואסער־פארקער. דער פארקער איז אָנגעגאנגען דער עיקר דורך שיפען, וועלכע זיי־נען געגאַנגען אויף טייכען, אויף די גרויסע אָזערעס און ביים ברעג ים. די באַנען זיינען געבויט געווארען דער עיקר צו פאַרבינדען א שטאָט אָדער א געגענד מיט א פּונקט, וואו עס איז געווען א צוטריט צום וואסער־פארקער. „דער האנדעלס־פארקער האָט זיך געצווייגען אויף ליניעס פון צפון און דרום" — שרייבט פּראָפעסאָר סמיט. „די נאָרדליכע שטאַטען ביים אַטלאַנטישען ים האָבען געהאַנדעלט מיט די זידליכע שטאַטען ביים אַטלאַנטישען ברעג, דורך שיפען, פארשטייט זיך. די וועסטליכע שטאַטען אין דער נאָרט האָבען געפירט האנדעל מיט די וועסטליכע שטאַטען אין דער סאַוט, דורכ'ן טייך מיסיסיפּי און זיינע צווייגען." און פּראָפעסאָר

פעקסטאָן שרייבט: „די ערשטע באַנען זיינען געבויט געוואָרען דאָרט וואו ס'איז שוין פון פריער געווען אן אויסגעארבייטער וועג וואו עס איז שוין פון פריער אָנגעגאנגען אן איינגעשטעלטער האנדעל. זייער ווייניג פון יענע ליניעס האָבען אריבערגעשפרייזט טייכען. געוויינליך פלעגט די ליניע זיך ציען פון א שטאָט צו די אַרומיגע דערפער. די באַן פלעגט פירען סחורה אין דאָרף אריין, און פון דאָרטען ברענגען שפייז אין שטאָט אריין. בלויז צופעליג פלעגט עס אמאָל אויסקומען, אז א באַן זאָל פארבינדען צוויי שטעט."

אין יאָר 1850 קומט פאָר א גאַנצע ענדערונג אין דעם בוי־פּלאַן פון די באַנען. מען הויבט אָן צו בויען די אַזוי גערופענע „טראָנק־לאַינס", דאָס הייסט, לאַנגע ליניעס וואָס שניידען דורך די גאנצע שטאַטען פון איסט צו וועסט. די באַנען פאַנגען איצט אָן צו קאָנקורירען מיט דער דאַמף־שיף, און דער פאַרקער אין לאַנד הויבט אָן צו גיין אין אָן אַנדער ריכטונג. אַנשטאָט דעם אז ער זאָל זיך ציען אין דער ריכטונג פון נאָרט און סאַוט, הויבט ער אָן צו גיין אין דער ריכטונג פון איסט און וועסט. שרייבט פּראָפעסאָר סמיט: „נאָכ'ן יאָר 1850 איז עס מעגליך געוואָרען פאר דעם פארמער אין דער וועסט צו שיקען זיין וואָל, זיינע פי, זיין תבואה, דירעקט אין דער איסט, און באקומען אין אויסטויש די סחורה פון די פאבריקען אין דער איסט, און די אימפּאָרטירטע סחורות וואָס זיינען אָנגעקומען פון אויסלאַנד אין די האפענס פון דער איסט. דער גאַנצער האנדעל־שטראָם האָט אָנגענומען א נייע ריכטונג אין די פרייע שטאַטען." דאָס הייסט, פון איצט אָן איז דער האנדעל און פארקער צווישען די פרייע שטאַטען אין דער איסט און די פרייע שטאַטען אין דער וועסט געוואָרען אַ דירעקטער. עס איז מעגליך געוואָרען פאר די פרייע שטאַטען צו האנדלען איינע מיט די אנדערע, נישט דארפענדיג זיך באַנוצען מיט די טייכען וואָס פליסען דורך דער סאַוט. דאָס האָט געהאט א גרויסע ווירקונג אויף דער פּאָליטיק פון דער וועסט. עס האָט נענטער געבראכט די פרייע וועסט צו דער פרייער איסט

און געהאָלפען באפרייען די וועסט פון דעם איינפלוס פון דער שקלאַפישער סאוט.

אין 1850 איז אין גאנץ אמעריקא געווען עפּעס מער ווי ניין טויזענט מייל באנען. אין 1860 זיינען שוין געווען איבער 30 טויזענט מייל. אין די צען יאָר זיינען די באנען פארמערט געוואָרען אויף דריי פאך. אין די ערשטע 50ער יאָרען זיינען אָרגאניזירט געוואָרען די גרויסע באן־קאָמפּאניעס אין דער איסט; צען קליינע באן־ליניעס צווישען באָפאלאָ און אָלבאני האָבען זיך פאראייניגט אלס די „ניו יאָרק סענטראל ריילראָוד קאמפּאניע"; די „פּענסילווייניא ריילראָוד קאָמפּאניע" האָט אין 1854 געהאט א ליניע וואָס האָט זיך געצויגען פון פילאדעלפיא ביז פּיטסבורג דורך דער גאנצער גרויס פון פּענסילווייניא; אין 1851 האָט זיך געעפענט די „אירי ריילראָוד"; אין 1853 האָט די „באלטימאָר ענד אָהייאָ" באן קאָמפּאניע געצויגען איר ליניע ביז ווהילינג, ווירדזשיניא. די דאָזיגע פיר באן־ליניעס האָבען פאראייניגט די איסט מיט דער וועסט.

אויסער די לאַנגע „טראָנק־ליניעס" זיינען געבויט געוואָרען קורצע ליניעס אין די פארשיידענע שטאטען פון דער וועסט. א סך פון די קירצערע ליניעס האָבען פארבונדען די פארם־געגענדען מיט די שטעט אין דער וועסט, מיט קליוולאנד, טאָלידא, שיקאגאָ, סינסינעטי און סט. לואיס. „די באַנען אין דער נאָרט־וועסט אין פארבינדונג מיט די „טראָנק־ליניעס" פון דער איסט" — שרייבט פּראָפעסאָר וואן־מעטרע — „האָבען מעגליך געמאכט פאר סוחרים און פּאסאזשירען צו פירען סחורה און צו פאָרען מיט'ן באן צווישען אלע וויכטיגע שטעט אין דער נאָרט. אין 1853 האָט מען שוין געקאָנט פאָרען מיט'ן באן פון ניו יאָרק קיין פילאדעלפיא און קיין שיקאגא. אין 1855 האָט מען שוין געקענט פאָרען מיט'ן באן פון ניו יאָרק קיין סט. לואיס. פון שיקאגא האָט זיך א באן געצויגען ביז'ן טייך מיסיסיפּי. אין 1855 איז געבויט געוואָרען דער ערשטער באָן־בריק איבער'ן מיסיסיפּי. עס איז שוין מעגליך געווען צו פאָרען מיט'ן באן פון שיקאגא קיין אייאָווא.

די גרעסטע טעטיגקייט פון באַן־בוי איז אָנגעגאנגען אין דער

נאָרט־וועסט און אין דער נאָרט־איסט. די סאָוט איז געווען הינ־טערשטעליג, אָבער אויך דאָרטען זיינען געלייגט געוואָרען עטליכע טויזענט מייל באַן.

די באַן־אונטערנעמונגען זיינען געווען פאַרבונדען מיט גרויסע שוועריגקייטען. די ערשטע און שווערסטע פּראָבלעמע איז געווען די פינאַנציעלע. וואו נעמט מען געלט? שרייבט פּראָפעסאָר פעקסאָן: „אין אמעריקע און אין דער גאנצער וועלט זיינען ביז דאַן געמאכט געוואָרען ווייניג גרויסע קאַפּיטאַליסטישע אונטער־נעמונגען. דאָס מערסטע געלט וואָס די געזעלשאַפט האָט פאַר־מאָגט איז געלעגען אין די הענט פון די אייגענטימער. זיי האָבען דאָס געלט אריינגעלייגט אין קליינע, איינפאַכע אונטערנעמונגען, אין מסחר און פאַבריקאַציע. דער שטאַט האָט זיך מיט די שטעטישע אונטערנעמונגען גאָרניט פאַרבונדען. איצטער איז אויפגעשוואומען די פראגע: ווי אזוי זאמעלט מען צונויף גענוג קאַפּיטאַל פאַר אזוינע גרויסע אונטערנעמונגען, אזוינע ספּעקו־לאַטיווע אונטערנעמונגען, ווי דאָס בויען פון באַן־ליניעס?

די ערשטע פּראָבע איז געמאַכט געוואָרען מיט אקציען־געזעל־שאַפטען (קאָרפּאָריישאָנס). די אונטערנעמער האָבען ארגאניזירט אַן אקציען־געזעלשאַפט און באַקומען פון דער רעגירונג דאָס רעכט צו בויען א באַן־ליניע. די געזעלשאַפט איז באַשטאַנען פון מענ־שען וואָס האָבען אליין קיין געלט ניט געהאַט, און האָבען אלס זייער הויפּט ציל זיך געשטעלט ניט צו בויען די באַן־ליניעס, נאָר אויסצונאָרען געלט ביי די אקציע־קויפער. די רעגירונגס־באַאַמטע האָבען אין די שווינדלערישע אונטערנעמונגען אָפט געהאַט א חלק. נאָכדעם ווי די קאָמפּאַניע פלעגט באַקומען די ערלויבעניש פון דער רעגירונג, דעם „טשאַרטער", צו בויען א באַן, פלעגט זי אַרויסלאָזען אַקציעס און זיי פאַרקויפען צום גרויסען עולם. עס האָט פּאַסירט, אז א קאָמפּאַניע האָט אָנגעזאמעלט געלט און דערנאָך באַנקראָטירט, און אפילו ניט אָנגעהויבען צו בויען א באַן. אָבער אפילו די וואָס האָבען יע געבויט, האָבען זייער זעלטען געצאָלט פּראָצענט אָדער אומגעקערט דעם קרן צו די אקציאָנערן. פּראָפעסאָר פעקסאָן שרייבט: „עס איז קיין וואונדער ניט וואָס

די דרייסיג טויזענט מייל ליניעס זיינען געבויט געוואָרען מיט דעפיציטען. אָפט האָבען די בויער אָפּגעטאָן שענדליכע זאכען. עס זיינען געווען פאַלען, ווען די מעשים פון די באַן־קאָמפּאַניעס האָבען דערגרייכט די גרענעצען פון גרויסע עפענטליכע סקאַנדאַלען.״
די ערשטע סקאַנדאַלען האָבען זיך אָפּגעשפּילט אין דער וועסט. פּראָפעסאָר פּעקסאָן גיט צוויי כאַראַקטעריסטישע ביישפּילען: „אַ קאַונטי אין דאַקאָטאַ האָט געקויפט אַקציעס ביי אַ קאָמפּאַניע וואָס האָט זיך אונטערגענומען דאָרט צו בויען אַ באַן. די קאָמפּאַניע האָט די באָנדס (אַקציעס) פאַרקויפט אין דער איסט און אַראָפּגעלאָזט דאָס געלט אין קעשענע. זי האָט אַפילו קיין פּאַרזוך ניט געמאַכט די באַן צו בויען.״ דער צווייטער פאַל איז פאַרגעקומען אין וויסקאָנסין: „דאָס שטעטעל וואָטערטאַון האָט זייער געוואָלט האָבען אַ באַן. האָט אַ קאָמפּאַניע זיך אונטערגענומען צו בויען די ליניע. די פאַרמער פון דעם געגענד האָבען געקויפט אַקציעס. אַזוי ווי קיין באַרעס געלט האָבען די פאַרמערס ניט געהאַט, האָבען זיי איינגעלייגט „מאָרטגיידזשעס״ (היפּאָטעקען) אויף זייערע פאַרמס. די קאָמפּאַניע האָט פאַרקויפט די „מאָרטגיידזשעס״ צו די קאַפּיטאַליסטען אין דער איסט, און דאַן האָט זי זיך אויפגעלייזט. שפּעטער זיינען געקומען די קאַפּיטאַליסטען פון דער איסט און האָבען געפאָדערט ביי די פאַרמער דאָס געלט. די פאַרמער האָבען גע׳טענה׳עט, אז זיי האָבען די „מאָרטגיידזשעס״ געגעבען, מען זאָל פאַר זיי בויען אַ באַן, און אַזוי ווי די באַן איז ניט געבויט געוואָרען, ווילען זיי ניט צאָלען. די קאַפּיטאַליסטען האָבען גע׳טענה׳עט, אז זיי ווייסען ניט פון קיין באַן. זיי האָבען געקויפט „מאָרטגיידזשעס״ און זיי פאָדערען זייער געלט. דער סכסוך איז געשליכטעט געוואָרען מיט אַ פּשרה: אי די פאַרמער, אי די קאַפּיטאַליסטען האָבען פאַרלוירען אַ טייל פון זייער געלט.״

אָט אַזעלכע סקאַנדאַלען האָבען געבראַכט דערצו, אז מענשען זאָלען מורא האָבען צו קויפען אַקציעס ביי די באַן־קאָמפּאַניעס. און אָן אַקציעס איז פאַר די קאָמפּאַניעס אוממעגליך געווען צו קריגען קאַפּיטאַל. האָט זיך אָנגעהויבען אַ נייע באַוועגונג, אז דאָס

נויטיגע געלט זאָל געשאַפען ווערען דורך קהל'שען לאַנד. די
וועסט האָט גענומען פאָדערען פון קאָנגרעס, אז ער, דער קאָנגרעס,
זאָל אוועקשענקען גרויסע שטרעקעס לאַנד צו די שטאַטען אין
דער וועסט, כדי די שטאַטען זאָלען קענען אוועקגעבען די שטרע־
קעס לאַנד צו די קאָמפּאַניעס וואָס וועלען זיך אונטערנעמען צו
בויען באַנען. די קאָמפּאַניעס וועלען, הייסט עס, דאָס לאַנד פאַר־
קויפען און שאַפען דאָס נויטיגע געלט פאַר די אונטערנעמונגען.

דער קאָנגרעס איז פון אָנפאַנג געווען וויליג נאָכצוגעבען
טיילווייז דעם דאָזיגען פאַרלאַנג. ער האָט אָנגעבאָטען צו שענקען
די קאָמפּאַניעס דאָס לאַנד אויף וועלכע צו בויען די ליניעס. דאָס
האָט אָבער זיי ניט צופרידענגעשטעלט. זיי האָבען געוואָלט, אוי־
סער דעם, אויך שטיקער לאַנד וואָס זיי זאָלען קענען פארקויפען
און קריגען דערפאַר מזומנים. איבער דעם איז אין קאָנגרעס אנגע־
גאַנגען א לאַנגער קאַמף. אנגעפירט דעם קאַמף לטובת די קאָמ־
פּאַניעס האָט סענאַטאָר דאָגלעס פון אילינאָי. אין אָנפאַנג פון די
50ער יאָרען האָט ער אויסגעפירט. דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען
דאָס פאָלגענדע געזעץ: „די נאַציאָנאַלע רעגירונג זאָל אוועק־
שענקען די שטאַט רעגירונגען דאָס לאַנד, אויף וועלכע אַן
אייזענבאַן ווערט געבויט; אויך שטיקער לאַנד אויף ביידע זייטען
פון דער ליניע; שטיקער לאַנד זעקס מייל טיף אויף יעדער זייט;
דאָס לאַנד זאָל געשניטען ווערען אין גלייכע חלקים: איין חלק
זאָל בלייבען ביי דער נאַציאָנאַלער רעגירונג און פארקויפט ווערען
פאַר דאָפּעלט פון דעם געוויינליכען פּרייז; דער צווייטער חלק
זאָל אוועקגעשענקט ווערען צו דער שטאַט רעגירונג; די שטאַט־
רעגירונג זאָל האָבען דאָס רעכט דאָס דאָזיגע לאַנד, וואָס זי באַ־
קומט פון דער נאַציאָנאַלער רעגירונג, אוועקצושענקען די קאָמפּאַ־
ניעס וואָס בויען די באַנען.

„דער געזעץ־פּראָיעקט פון סענאַטאָר דאָגלעס" — שרייבט
פּראָפעסאָר פּעקסאָן — „איז געוואָרען א געזעץ דעם 20טען סעפּ־
טעמבער, 1850. ער האָט ניט געצויגען קיין שום אויפמערקזאַמ־
קייט אין לאַנד. ער איז אָבער געווען א גרויסער שריט אויפ'ן
וועג צו לייזען דאָס פינאַנציעלע פּראָבלעם, וואָס האָט געשטערט

צו בויען די באנען אין דער וועסט. דאס פאלק איז געווארען א שותף אין די באן־אונטערנעמונגען; די געזעץ־מאכער אין די פארשיידענע שטאטען האבען באקומען א גוטע קארט אין האנט צו מאכען געלט־שווינדלען; די באן־בויער האבען באקומען א פאנד פון וועלכען זיי האבען געקענט ציען געלט. דאך מוז מען צוגעבען, אז אן דעם וואלט די וועסט געמוזט ווארטען א לאנגע צייט איידער זי וואלט געהאט די מעגליכקייט צו קריגען די מיטלען זיך צו אנטוויקלען. אין די נעקסטע 25 יאר איז ניט געווען איין מינוט ווען פאר'ן קאנגרעס זיינען ניט געלעגען בקשות פון שטא־טען, מען זאל זיי שענקען נאך לאנד פאר די באן־קאמפאניעס, און כמעט אין יעדען פאל איז די בקשה באוויליגט געווארען. די מיטעל־וועסט איז באדעקט געווארען מיט א נעץ פון באנען."

אויסער די פינאנציעלע שטערונגען זיינען געווען אנדערע שווערע פראבלעמען. עס איז אנגעגעקומען שווער צו פארבינדען די קליינע לאקאלע ליניעס אין לאנגע קייטען. א כאראקטעריס־טישער פאל האט פאסירט אין שטעטעל אירי, פענסילוויינא. אין דעם שטעטעל זיינען געלעגען די רעלסען פון א באן, וואס האט זיך געצויגען פון באפאלא. ביים עק פון שטעטעל האט זיך אנגעפאנגען א נייע ליניע, וועלכע האט זיך געצויגען פון דארט ביז קליוולאנד. די צוויי קאמפאניעס האבען באשלאסען צו פאראיי־ניגען די צוויי ליניעס, כדי עס זאל מעגליך זיין צו פארען דירעקט פון באפאלא קיין קליוולאנד. ביז דאן האט מען אין אירי געמוזט בייטען באנען, איבערלאדען די פראכט פון איין ליניע אויף דער צווייטער. אבער כדי מעגליך צו מאכען די פארבינדונג פון די צוויי ליניעס, איז נויטיג געווען צו בייטען די רעלסען וועלכע האבען זיך געצויגען פון באפאלא ביז אירי און דורך אירי, ווייל יענע רעלסען זיינען געווען ברייטערע ווי די רעלסען וואס אויף דער ליניע צווישען אירי און קליוולאנד. האבען די איינוואוינער פון אירי דערקלערט, אז זיי וועלען ניט דערלויבען ,אז אין זייער שטאט זאל געמאכט ווערען די ענדערונג. ביי זיי איז דאס געווען א פראגע פון פרנסה. אונטער דער אלטער סיסטעם פלעגען די פאסאזשירען אראפשטייגען אין אירי כדי צו בייטען באנען. זיי

פלעגען דאָרטען דארפען ווארטען ביז דער אנדערער צוג איז אָנ־געקומען. דערוויל פלעגען זיי געבען צו לייזען אין אירי. געווען א קלאס מענשען וואָס האָבען געמאכט א לעבען פון איבערטראָגען די פראכט פון דעם באָפאָלאָ'ער צוג אויף דעם קליוולאנדער. אָט די פארדינסטען וואָלטען די אירי איינוואוינער פארלאָרען אויב מען וואָלט די ליניע איבערגעבויט.

איז אין דער שטאָט פאָרגעקומען אן אמת'ע מלחמה צווישען דער באַן־קאָמפאניע און די איינוואוינער. אין דעצעמבער, 1853 האָט די קאָמפאניע אריינגעשיקט ארבייטער צו לייגען די נייע רעלסען. האָבען זיך די איינוואוינער פארזאמעלט און זיי פאר־טריבען. דאָס געריכט האָט ארויסגעגעבען אן „אינדזשאָנקשאָן" געגען דער שטאָט, אָבער די שטאָט האָט דעם „אינדזשאָנקשאָן" ניט געפאָלגט. דער מעיאָר פון שטאָט, די מיליץ און די פאָליציי האָבען זיך באטייליגט אין דעם קאמף געגען דער קאָמפאניע. דאָס גאַנצע לאַנד האָט געקאָכט מיט דער געשיכטע. אין ניו יאָרק, באָפאָלאָ, קליוולאנד און סינסינעטי זיינען אָפגעהאלטען געווארען פראָטעסט פארזאמלונגען געגען אירי. יענע שטעט זיינען געווען פאראינטערעסירט אין דעם, אז די ליניעס זאָלען פאראייניגט ווערען. ענדליך האָט די קאמפאניע געמאכט געוויסע קאנצעסיעס צו דער שטאָט און די שטאָט האָט נאָכגעגעבען.

צוזאמען מיט די באַנען זיינען אויך געבויט געווארען טעלע־גראַף־ליניעס איבער'ן לאנד. די רעגירונג האָט זיך באנוצט מיט די באנען צו פארשפרייטען פאָסט. אין 1851 איז דורכגעפירט געוואָרען א געזעץ, וואָס האָט פארקלענערט דעם פרייז פון פאסט־מאַרקעס. אין 1855 האָט אַמעריקע שוין געהאַט די דריי הויפט עלעמענטען פון דער מאָדערנער קאָמערציעלער וועלט: שנעלע טראנספאָרט מיטלען, לייכטע און שנעלע פאָסט, און טעלעגראַף־פארבינדונגען.

די אנטוויקלונג פון דער וועסט, די אויפבויאונג פון די באַנען האָבען געבראכט אַ גרויסע ענדערונג אין דעם אינערליכען און אויסערליכען האנדעל פון אמעריקע. ניט נאָר איז דער האנדעל פיל פארגרעסערט געווארען, נאָר ער האָט אויך אָנגענומען נייע

פארמען. ער האט אנגעהויבען צו גיין אויף נייע וועגען. און דאס האט צוריק רעאגירט אויף דעם אנטוויקלונגס־גאנג פון דער וועסט און אויך ביז א געוויסען גראד אויף דעם שיקזאל פון געוויסע שטעט און שטאטען אין דער איסט.

דער האנדעל צווישען די נארט־שטאטען און די סאוט־שטאטען ביים אטלאנטישען ברעג איז אנגעגאנגען ווי שטענדיג, נאר אין א פיל פארגרעסערטער מאס. די טעקסטיל־פאבריקען אין ניו־ענגלאנד האבען זיך געניטיגט אין די קאטאן פון דער סאוט, און די סאוט האט זיך גענויטיגט אין די פאבריצירטע סחורות פון דער נארט. דער האנדעל איז געפירט געווארען דורך דער פאר־מיטלונג פון זעגעל־שיפען און דאמף־שיפען. די סאוט האט אויך ארויסגעשיקט אין דער נארט רייז, געהילץ און טאבאק. טייל זידליכע שטאטען אין דער וועסט האבען זייערע פארם־פראדוקטען אראפגעשיקט אויפ'ן טייך מיסיסיפי קיין ניו־ארלינס, און פון דארטען פלעגען שיפען פון דער נארט די פראדוקטען אריבערפירען צו זיך אהיים, אין ד נארט־פארטען. דער האנדעל איז געווארען אימער גרעסער און גרעסער. די וויכטיגסטע ראלע אין דעם האנדעל האט געשפילט קאטאן. קאטאן איז אין 1860 נאך אלץ געווען קעניג.

די וויכטיגסטע ענדערונג אין פארגעקומען אין דעם האנדעל צווישען דער איסט און דער וועסט. דא איז דער האנדעל געפירט געווארען טיילווייז דורך דעם אירי קאנאל, דורך די גרויסע „לעיקס" (אזערעס), און טיילווייז דורך די נייע באנען. ווי עס איז שוין אנגעוויזען געווארען, האבען די אייזענבאנען ביסלעכווייז אויסגע־קאנקורירט די שיפען. אין 1860 האבען זיי שוין געשפילט אין דעם האנדעל א גרעסערע ראלע ווי די שיפען.

די וועסט האט געשיקט אין דער איסט פארם־פראדוקטען, און די איסט האט געפירט אין דער וועסט פאבריצירטע סחורות. מיט דעם וואוקס פון דער וועסט האט דער האנדעל זיך אימער פארגרעסערט. אין 1860 זיינען אין די האפען־שטעט, אויף די לעיקס, אנגעקומען 60 מיליאן בושעל ווייץ פון דער וועסט. א שטיקעל באגריף פון דעם ריזיגען וואוקס פון דער פארם פרא־

דוקציע אין דער וועסט קען מען זיך שאַפען פון פאָלגענדען איינ־ציגען פאקט: די שטאָדט שיקאגאָ האָט אין יאָר 1838 ארויס־געשיקט קיין באַפאַלאָ 39 זעק ווייץ. מיט 21 יאר שפּעטער, אין 1860, איז שוין שיקאגאָ געווען איינער פון די גרעסטע תבואה־מערק אין דער וועלט. אין יענעם יאָהר איז דורך שי־קיגאָ ארויסגעשיקט געווארען אין דער איסט ניט וויניגער ווי 20 מיליאָן בושעל ווייץ.

וואָס האָט די איסט געטאָן מיט דער אונגעהייער פאַרגרע־סערטער צאָל פאַרם־פּראָדוקטען וואָס די וועסט האָט ארויסגע־שיקט? די איסט אַליין האָט די פּראָדוקטען ניט געקענט פאַר־ברויכען. „עס איז געווען אַ גליק" — שרייבט פּראָפעסאָר וועז־מעטרע, „וואָס גראַד דעמאָלט האָט דער ענגלישער פּאַרלאַמענט אראָפּגענומען דעם טאריף אויף אויסלענדישע פאַרם־פּראָדוקטען. די געזעץ־ענדערונג איז געמאַכט געווארען אין ענגלאַנד אין יאָר 1846, און אַ ריזיגער מארק האָט זיך געעפענט פאַר די אַמערי־קאַנער פאַרם־פּראָדוקטען".

דורך דעם האַנדעלס־פּארקער צווישען דער וועסט און דער איסט זיינען אין דער וועסט אויסגעוואַקסען אַ ריי גרויסע שטעט: די שטעט אויף די ברעגען פון די וואַסערען דורך וועל־כע דער האנדעל איז געפירט געווארען. „קיין שטאָדט אין אמע־ריקע" — שרייבט פּראָפעסאָר וועז־מעטרע, — „איז ניט גע־וואַקסען אַזוי שנעל ווי שיקאגאָ. אין 1830 איז שיקאגאָ אפילו ניט דערמאָנט געווארען אין דעם צענזוס. אין 1840 האָט זי גע־ציילט אַ באַפעלקערונג פון פינף טויזענד; אין 1860 האָט זי שוין געהאַט אַ באַפעלקערונג פון 109 טויזענד". שנעל זיינען אויך אויסגעוואַקסען די שטעט מילוואָקי, דעטראָיט, טאָלידאָ, קליוולאַנד, באַפאַלאָ. ווען מען האָט גענומען בויען די באַנען, זיינען די דאָזיגע שטעט געווארען די הויפּט־באַן־סטאַנציעס אין דער וועסט.

די באַנען האָבען אוועקגענומען אַ גרויסען טייל פון דעם האנדעל־פּארקער אויפ'ן טייך מיסיסיפּי. די מיטעל־וועסט שטאַ־טען, וואָס ליגען ארום דעם טייך אָהייאָ, פלעגען פריער שיקען

זייערע פּראָדוקטען מיט שיפען אויף דעם מיסיסיפּי קיין ניו־אָרלינס, און דאָרט פלעגען שיפען זיי אָפּפירען אין דער איסט. איצט האָבען די שטאַטען געשיקט זייערע פּראָדוקטען דירעקט אין דער איסט מיט די באַנען. אָט זיינען אַ פּאָר שלאַגענדע ביישפּילען: די מיטעל־וועסט פלעגט אַרויסשיקען אַן ערך פון אַ האַלבען מיליאָן פונט בליי אַ יאָר. פריער פלעגט דער גאַנצער טראַנספּאָרט געשיקט ווערען מיט שיפען קיין ניו־אָרלינס. נאָכ'ן יאָר 1852 איז קיין איין איינציגער פונט בליי שוין ניט געשיקט געוואָרען אין שיפען. דער גאַנצער טראַנספּאָרט איז געבראַכט געוואָרען אין דער איסט מיט דער באַן, וואָס האָט זיך דעמאָלט פאַרענדיגט. אין 1850 האָט סינסינעטי אַרויסגעשיקט 375 טויזענט פעסער מעל קיין ניו־אָרלינס און נאָך אַנדערע שטעט וואָס זיינען געלעגען אויפ'ן טייך מיסיסיפּי. אין 1858 האָט שוין סינסינעטי קיין ניו־אָרלינס געשיקט ניט מער ווי 18 טויזענד פעסער, דערפאַר אָבער האָט סינסינעטי אַרויסגעשיקט מיט דער באַן אין דער איסט אַן ערך פון 545 טויזענט פעסער מעל.

אָבער נישט קוקענדיג אויף דער קאָנקורענץ איז דער האַנדעל אויפ'ן טייך מיסיסיפּי אין יענע יאָהרען געווען אין אַ בליענדען צושטאַנד, און ניו־אָרלינס האָט אָנגעהאַלטען איר פּלאַץ אַלס איינע פון די וויכטיגסטע האַפען־שטעט אין לאַנד. דאָס האָבען זיי געהאַט צו פאַרדאַנקען די קאַטאַן־שטאַטען וואָס זיינען געלעגען אויף דעם וועסטליכען ברעג פון מיסיסיפּי. די קאַטאַן פּראָדוקציע אין יענע שטאַטען איז אימער געוואַקסען, און זיי האָבען די פּראָדוקציע געשיקט מיט'ן טייך מיסיסיפּי קיין ניו־אָרילנס. די צען יאָר, צווישען 1850 און 1860, ווערען פאַרצייכענט אַלס די בעסטע יאָרען אין דעם מיסיסיפּי־האַנדעל. 1860 איז געווען דאָס בעסטע יאָר וואָס דער טייך האָט געהאַט. ניו־אָרלינס האָט יעדען יאָר אַריינגעקראָגען קאַטאַן אין איר האַפען אין ווערט פון איבער 185 מיליאָן דאָלער. דער טייך־מיסיסיפּי איז יענע יאָרען געווען שטענדיג פול מיט גרויסע

דאמף־שיפען וואָס האָבען געפירט פּאַסאַזשירען און סחורה פון נאָרדליכע שטעט קיין ניו־אָרילנס.*)

אויך דער האנדעל מיט אויסלאַנד האָט זיך ריזיג צוּוואוקסען אין דעם צענדליג יאָר. פאַר 1840 פלעג דער עקספּאָרט און אימ־פּאָרט אין אַ גוטען יאָר צוזאַמען באַטרעפען 250 מיליאָן דאָלער. אין 1860 האָט שוין דער עקספּאָרט און אימפּאָרט באַטראָפען אי־בער 700 מיליאָן. דער הויפּט עקספּאָרט איז געווען קאַטאָן. עס זיינען אויך אַרויסגעפירט געוואָרען קיין אויסלאַנד ווייץ, קאָרן, מעל, געהילץ. קיין זיד־אַפריקא האָט מען שוין דאַן פון די פאַר־אייניגטע שטאַטען גענומען אַרויסשיקען פאַבריצירטע סחורה. פון אויסלאַנד האָט אַמעריקע אַריינגעפירט טעקסטילס, זייד, וואָל־סחורה, אייזענוואַרג, אויך די טראָפּישע פּראָדוקטען ווי קאַפע, טיי און צוקער. דער הויפּט אויסלענדישער האנדעל איז געווען מיט ענגלאַנד.

אַזוי ווי דער גרעסטער טייל פון עקספּאָרט איז געווען קאַ־טאָן, איז ניו־אָרלינס, דער וויכטיגסטער האַפען פון דער סאַוט, געווען דער גרעסטער עקספּאָרט האַפען. קאַטאָן איז אויך גע־שיקט געוואָרען צו די זידליכע האַפען־שטעט טשאַרלסטאָן, מאָביל און סאַוואַנאַ. דערפאַר האָבען די האַפען־שטעט אין דער נאָרט כמעט אינגאַנצען מאָנאָפּאָליזירט דעם אימפּאָרט־האנדעל. ניו־יאָרק האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן. צוויי־דריטעל פון אַלע סחורות וואָס זיינען אַריינגעפירט געוואָרען אין אַמעריקע זיינען אָנגעקומען אין ניו יאָרקער האַפען. באָסטאָן האָט פאַרנומען דעם צווייטען פּלאַץ, פילאַדעלפיע דעם דריטען.

אין אָנפאַנג פון די 50־ער יאָרען האָט אַמעריקע אויפגע־בויט אַ ריזיגע האנדעלס־פלאָטע. אין 1860 האָט אַמעריקע גע־האַט אַזאַ גרויסע האנדעלס־פלאָטע ווי ענגלאַנד. די אַמעריקאַנער שיף־בויער האָבען ערפונדען אַ נייעם סאָרט זעגעל־שיף, וואָס

*) דער באַרימטער אַמעריקאַנער הומאָריסט מאַרק טווען האָט גע־אַרבייט אַלס מאַטראָז אויף די שיפען, און ער האָט דאָרט געזאַמעלט אַ סך מאַטעריאַל פאַר זיינע שריפטען.

האט אריבערגעיאגט אין שנעלקייט די ענגלישע זעגעל־שיפען, און די ענגלישע שיף־קאמפאניעס האבען זיך גענומען באשטע־לען שיפען ביי די אמעריקאנער בויער. ביי גינסטיגען ווינט פלעגען די זעגעל־שיפען פארען שנעלער ווי די דאמף־שיפען.

אמעריקא'ס אויבערהאנט אין דער קאנקורענץ מיט ענגלאנד אין דעם ים־האנדעל האט אנגעהאלטען בלויז עטליכע יאר. אמע־ריקע איז ענדליך באזיגט געווארען פון ענגלאנד, און טאקע דורך דערזעלביגער אורזאך דורך וועלכער זי האט פריער געהאט אזא גרויסען ערפאלג. ענגלאנד האט זיך לכתחילה געשראקען פאר דער ניי־ערפונדענער זעגעל־שיף פון די אמעריקאנער. אבער דערנאך האט זי מיט מער פליים גענומען בויען דאמף־שיפען. די ענגלישע רעגירונג האט סובסידירט די פריוואטע קאמפא־ניעס וואס האבען געבויט די דאמף־שיפען. אין 1850 האט אמעריקע אויך גענומען נאכטאן ענגלאנד'ס ביישפיל אין דעם פרט. די היגע רעגירונג האט געגעבען א סובסידיע פון 350 טויזענט דאלאר א יאר א געוויסען עדווארד קאלינס, וועלכער האט אויפגעבויט די פיר גרעסטע דאמף־שיפען. קאלינס'עס שיפען האבען לכתחילה געהאט א גרעסערען ערפאלג ווי די ענג־לישע דאמף־שיפען. זיי זיינען געווען גרעסער, באקוועמער און זיינען געלאפען שנעלער. די היגע רעגירונג האט די סובסידיע פאר קאלינס'ן פארגרעסערט ביז 858 טויזענט דאלער א יאר. עס האט אויסגעוויזען, אז פונקט ווי אמעריקא האט באזיגט די ענגלישע זעגעל־שיפען, וועט זי אויך באזיגען די ענגלישע דאמף־שיפען.

האבען אבער פלוצלונג פאסירט צוויי גרויסע אומגליקען מיט קאלינס'עס צוויי שיפען. אין 1854 איז איינע פון זיינע שיפען אונטערגעגאנגען אין א צוזאמענשטויס מיט א פראנצוי־זישער שיף. פון די 368 מענשען וואס זיינען אויף דער שיף געווען האבען זיך בלויז 45 געראטעוועט. צווישען די אומגע־קומענע זיינען געווען קאלינס'עס פרוי און זיינע צוויי קינדער. אין יאנואר, 1856, איז א צווייטע פון קאלינס'עס שיפען אינ־גאנצען פארלוירען געגאנגען. זי איז ארויסגעפארען פון ליווער־

פול מיט 156 פּאַסאַזשירען און מאַטראָזען און מען האָט פון איר מער קיינמאָל ניט געהערט.

די צוויי אונגליקען האָבען געטריבען קאָלינס'ן צו באַנקראָט. די שטימונג אין לאַנד האָט זיך איצט געענדערט צוריק לטובת דער זעגעל־שיף. די אמעריקאַנער רעגירונג האָט געענדערט איר פּאָליטיק בנוגע סובסידירען שיף־קאָמפּאַניעס: אונגעפער אין דערזעלבער צייט האָט מען אין ענגלאַנד אָנגעהויבען צו בויען אייזערנע שיפען. דאָס האָט גענעבען די אַמעריקאַנער שיף־קאָמפּאַניעס אַ צווייטען שטאַרקען קלאַפּ. כל זמן די שיפען זיינען געבויט געוואָרען פון האָלץ האָבען די אַמעריקאַנער געהאַט די אויבער־האַנט, ווייל אין געהילץ איז אמעריקע געווען רייכער ווי ענגלאַנד. איצט אָבער האָט דער ענגלישער שיף־בויער געקראָגען די אויבער־האַנט, ווייל אין יענע יאָרען האָט ענגלאַנד געהאַט מער און בעסערע אייזען ווי אמעריקע.

די צען יאָר צווישען 1850 און 1860 זיינען די שענסטע יאָרען אין דער געשיכטע פון דער אמעריקאַנער האַנדעלס־פלאָטע. אַזוי ווי פאַר 1850 האָט אין 1860 די ענגלישע האַנדעלס־פלאָטע ווידער איבערגעיאָגט די אַמעריקאַנער.

פאַר דעם גייעג צו בויען שנעלע באַנען און דאַמף־שיפען האָט דאָס פאָלק באַצאָלט ניט בלויז מיט קהל'שען לאַנד און קהל'שען געלט, נאָר אויך מיט אַ סך מענשליכע לעבענס. די קאָמפּאַניעס וואָס האָבען געבויט די באַנען און די שיפען האָבען ניט אין זינען געהאַט די זיכערקייט פון די פּאַסאַזשירען. אַלץ איז געמאַכט געוואָרען אין גרויס איילעניש. דער רעזולטאַט איז געווען אָפטע סיבות אויף די באַנען און אויף די שיפען. הונדערטער מענשען האָבען זייערע לעבענס פאַרלאָרען. אין לאַנד האָט זיך אויפגעהויבען אַ געשריי, אַז די רעגירונג זאָל מאַכען געזעצען צו באַשיצען די לעבענס פון די פּאַסאַזשירען. אין אַ גאַנצער רייע שטאַטען זיינען דורכגעפירט געוואָרען געזעצען, אַז אין פאַל פון אַ סיבה אויף אַ באַן דאַרף די קאָמפּאַניע צאָלען שאַדענערזאַץ צו די פּאַרוואונדעטע און פאַר די גע'הרג'עטע. די פעדעראַלע רעגירונג האָט אָנגענומען אַ געזעץ, וואָס האָט גע־

פאָדערט אז דאמף־שיפען זאָלען מוזען אונטערזוכט ווערען פון א רעגירונגס־אינספעקטאָר און באקומען אַן ערלויבניש איידער זיי פאָרען ארויס אויפ'ן וואסער.

וועגען דער צאָל אומגליקען אויף די באנען שרייבט ראודס: „אין די צען יאָר צווישען 1850 און 1860 איז געווען פיל גע־פערליכער צו פאָרען ווי איצט. א געוויסער זשורנאל האָט גע־מאָכט א פאָרשלאג אז צו יעדער צוג זאָל זיין צוגעטשעפעט א פריוואטער וואגאָן, אין וועלכען עס זאָל זיצען א דירעקטאָר פון דער קאָמפּאניע". דער עולם איז געווען איבערצייגט, אז פאר יעדען אונגליק איז שולדיג די נאכלעסיגקייט פון דער קאָמ־פּאניע. אין די ערשטע זיבען מאָנאטען פון יאָר 1853 זיינען פאָרגעקומען 65 באן־אונגליקען. אין דעם יאָר 1855 זיינען פאָר־געקומען 142 באן־סיבות.

אויף די שיפען זיינען די אומגליקען געווען פיל גרעסערע און שרעקליכערע ווי אויף די באנען. אין יוני, 1850, איז א שיף פאָרברענט געוואָרען אויף לעיק אירי, א פערטעל מייל פון ברעג, וואו 300 מענשען זיינען אומגעקומען. אין 1852 האָט זיך א שיף אָנגעצונדען פאָרענדיג אויפ'ן האָדסאָן, נעבען יאָנקערס, און 85 מענשען האָבען פארלאָרען זייערע לעבענס. אזוינע סיבות זיינען ניט געווען קיין זעלטענהייטען. א צייטונג האָט געשריי־בען: „שכרות הרג'עט אין די הונדערטע; מגפות טויטען אין די טויזענטער, אָבער די דאמף־שיפען טויטען אין די צענדליגער טויזענטער".

די נייע אומשטענדען האָבען געווירקט איינע אויף די אנ־דערע. א דאנק די באנען און די דאמף־שיפען און שטארק פאָר־בעסערטער קאָלאָניזאציע אין דער וועסט איז געוואקסען דער עקספּאָרט פון תבואה קיין אויסלאנד, ווי אויך די וויכטיגקייט פון די באנען און די דאמף־שיפען; און אדאנק דיביידע זאכען האָבען אין דער וועסט זיך באזעצט א גרויסע צאָל מענשען, וועלכע האָבען זיך אָפּגעגעבען כמעט אויסשליסליך מיט פאר־מעריי, און עס איז געוואקסען די אינדוסטריעלע ענטוויקלונג, די פאבריקאציע און די מינען־בעארבייטונג אין דער איסט. די

ספּעציעלע אומשטענדען אין אייראָפּא, די רעוואָלוציעס פון 1848, דער הונגער אין אירלאַנד, די מלחמה צווישען טערקיי און רוס־לאַנד, האָבען געווירקט, אַז די נאָכפראַגע אויף די אַמעריקאַנער שפּייז־פּראָדוקטען זאָל זיך פארגרעסערען און אַז עס זאָל זיך אויך פארגרעסערען די אימיגראַציע קיין אַמעריקע. די פאַרגרע־סערטע אימיגראַציע האָט פאַרזאָרגט טיילווייז די וועסט מיט נייע פאַרמער־קאָלאָניסטען און טיילווייז די איסט מיט אַרבייטער פאַר די פאַבריקען און די מינען.

אין יאָר 1860 האָט דאָס לאַנד שוין געהאַט אַן אַנדער פּנים ווי מיט צוואַנציג אָדער דרייסיג יאָר פריער. די באַפעלקע־רונג אין 1830 האָט געציילט קנאַפּע 13 מיליאָן. אין 1860 האָט זי געציילט איבער 31 מיליאָן. דער וואוקס איז ניט געווען דער רעזולטאַט בלויז פון נאַטירליכער פאַרמערונג, נאָר ביז אַ גרויסען גראַד אויך פון דער ריזיגער אימיגראַציע. צווישען די יאָרען 1840 און 1860 זיינען אין אַמעריקע אריינגעקומען פיר־און־אַ האַלב מיליאָן אימיגראַנטען. מער וויאַ העלפט פון זיי זיינען געקומען פון אירלאַנד און ענגלאַנד. אַ פערטעל זיינען געקומען פון דייטשלאַנד.

יעדער טייל פון לאַנד איז שנעל געוואַקסען, אָבער ניט אַלע טיילען גלייך. אין דער איסט איז דער וואוקס געווען ניט קיין ערך אַ קלענערער ווי אין דער וועסט. פּראָפעסאָר וועג־מעטרע שרייבט: „אין די מיטעל־וועסט — דאָס וואָס מען רופט איצט די נאָרט־צענטראַלע שטאַטען — איז דער וואוקס פון דער באַפעלקערונג געווען מערקווירדיג. די פרוכטבאַרע ערד פון יענער געגענד האָט צוגעצויגען טויזענדער אייראָפּעאישע אימיגראַנטען און טויזענדער איינוואוינער פון די עלטערע שטאַטען אין דער איסט און אין דער סאוט. ניו־ענגלענדער האָבען פאַרלאָזען זייערע פאַרמס אויף די פאַרשטיינערטע בערג און זיינען אוועק אין דער וועסט. אַ סך קליינע פאַרמער פון דער סאוט האָבען פאַרקויפט זייער לאַנד די גרויסע קאַטאָן פּלאַנטאַטאָרס, און זיינען אוועק אַהין, וואו דער אונטערנעמונגס־גייסט, די איניציאַ־טיווע, די אַרבייט פון דעם יחיד איז רעספּעקטירט געוואָרען און

געבראכט בעסערע פרוכט. אין 1830 איז אין דער געגענד געווען ניט מער ווי א צענטעל פון דער גאנצער באפעלקערונג אין לאנד; אין 1860 איז שוין דא געווען מער ווי א פערטעל פון דער גאנצער באפעלקערונג. די מיטעל־וועסט איז געוואקסען צוויי מאל אזוי שנעל ווי די איבעריגע טיילען פון לאנד". פראפעסאר פעקסאן שרייבט: „אין די צען יאר פאר 1860 זיינען אנגעקומען אהער מער אימיגראנטען ווי אין די זיבעציג יאר פאר 1850. אזוי שנעל ווי זיי האבען דא געלאנדעט, זיינען הונדערטער טויזענטער פון זיי אוועק זוכען א היים אין דער וועסט".

די וועסט האט זיך דעמאלט געצויגען פון די בערג ביז קענזעס. צווישען קענזעס און קאליפארניע האבען געוואוינט זעהר ווייניג ווייסע. מיט דער אויסנאמע פון יוטא, וואו די מארמאנען האבען געוואוינט, איז די געגענד געווען פוסט. אבער אין קאליפארניע איז אין 1850 געווען א באפעלקערונג פון 100 טויזענט מענשען. אין יענעם יאר איז קאליפארניע אריינגענומען געווארען אלס שטאט. קיין קאליפארניע זיינען די גרויסע מאסען געקומען לכתחילה זוכען גאלד, אבער באלד האבען די קאלאניסטען דארטען אויסגעפונען, אז די ערד איז א געבענשטע, און זיי האבען זיך גענומען צו פארמעריי. פון קאליפארניע האט זיך די באפעלקערונג אויסגעשפרייט איבער דער גאנצער געגענד ארום פאסיפישען ברעג. אין 1860 האט די באפעלקערונג ביים פאסיפיק געציילט איבער א האלבען מיליאן.

די הויפט אינדוסטריע אין לאנד איז געווען פארמעריי. אין דער וועסט האט יעדער פארמער געהאט זיין אייגענע פארם. די דורכשניטליכע גרויס פון א פארם איז געווען 200 אקער. „די פארמער זיינען געווען פארמעגליך, — שרייבט פראפעסאר פארמאן, — זיי האבען אויסגעבויט הייזער אנשטאט כאטקעס; זיי האבען געקויפט די פאבריצירטע סחורות פון דער איסט און פון אייראפא. פיאנאס פון דייטשלאנד און זייד פון פראנקרייך האבען געפונען זייער וועג צו די פארם־הייזער אין דער מיטעל־וועסט. דער ווערט פון די פארמס האט זיך געדאפעלט, און געדאפעלט האט זיך אויך דער ווערט פון די פארם־פראדוקטען.

דער וויכטיגסטער פּראָדוקט איז געווען קאטאן. אין 1860 האָט די פאראייניגטע שטאטען פּראָדוצירט זיבען־אכטעל פון דעם גאנצען קאטאן אויף דער וועלט".

אָבער אויך די אַנטוויקלונג פון פאבריקאציע אין דער איסט איז געוואקסען מיט א וואונדערבארער שנעלקייט. אביסעל פאָב־ריקאציע איז געווען אויך אין די צענטראַלע שטאטען, און אפילו אין דער סאוט. אין 1860 האָט דאָס לאנד פאבריצירט סחורה אין ווערט פון א ביליאָן און אכט הונדערט פינף־און־פופציג מי־ליאָן דאָלער. אין 1850 האָט דער ווערט פון דער פאבריקאציע באטראָפען אינגאנצען עפּעס מער ווי א ביליאָן. אין די צען יאָר איז די פאבריקאציע פארגרעסערט געווארען אויף איבער 85 פּראָצענט.

די טעקסטיל־אינדוסטריע איז געווען קאָנצענטרירט אין די ניו־ענגלאנד שטאטען. נאָך דער ערפינדונג פון דער ניי־מאשין האָט זיך אנטוויקעלט א גרויסע שניידער אינדוסטריע. אין 1860 איז שניידעריי געווען איינע פון די גרעסטע אינדוסטריען אין דעם שטאט ניו יאָרק. קליידער זיינען אויך פאבריצירט געווארען פאר׳ן מארק אין באָסטאָן און אין פילאדעלפיא. מען האָט שוין דאן גענייט אונטערוועש און העמדער פאר׳ן מארק. די פאבריקאנטען האָבען געקויפט די סחורה, געדונגען צושניי־דער, און פלעגען די צוגעשניטענע סחורה שיקען צו די ארבייטער אהיים, צום אויפנייען. שוין דעמאָלט איז דער סוועט־שאפּ גע־ווארען א טייל פון דער קליידער אינדוסטריע.

די אַנטוויקלונג פון פאבריקאציע, די דערפינדונג פון מאַ־שינען, דאָס בויען פון באנען און דאמפּ־שיפען, האָבען געשאפען א גרויסע נאָכפראגע אויף אייזען און אייזען־סחורות. מען האָט געדארפט אייזען אויף מאכען די אגריקולטור מאשינען, די טעקסטיל־מאשינען, די ניי־מאשינען. מען האָט זיך גענויטיגט אין אייזען אויף בויען לאָקאָמאָטיוען און וואגאָנען און מאַ־כען רעלסען. מיט דער נאָכפראגע איז, ווי שטענדיג, געקומען דער אָנבאָט. אין 1860 האָט מען שוין דאָ געגאָסען מער ווי א מיליאָן טאָן אייזען. דעם ערשטען פּלאַץ אין דער אייזען־אינ־

דוסטריע האט פארנומען פענסילווייניא. פון פענסילווייניא האט מען ארויסגעגראבען די ערץ פאר'ן גרעסטען טייל פון דעם אייזען וואס דאס לאנד האט פראדוצירט. אייזען איז אויך פאבריצירט געווארען אין אהייא און אין ניו־דזשוירזי.

די ערשטע צייט האט מען זיך באנוצט מיט האלץ־קוילען צו הייצען די גרויסע שמעלץ־אייוועגס פון די אייזען־פאבריקען. שפעטער האט מען אנגעהויבען צו באנוצען שטיין־קוילען. אין 1885 האט מען שוין באנוצט מער שטיין־קוילען ווי האלץ־קוילען.

פון אייזען האט מען אנגעהויבען מאכען אלערליי אייזענווארג — אייוועגס, כלים, רערן, זעגען, פיילען, אלעס וואס ווערט פון אייזען געמאכט. אין 1860 האבען די אמעריקאנער אייזען־פאבריקען ארויסגעגעבען 200 טויזענט טאן רעלסען.

צווישען די אנדערע וויכטיגע סחורות וואס דאס לאנד האט פאבריצירט זיינען געווען לעדער, פאפיר, זייף, גלאז, ליכט, מעבעל, מעל, ראבער־פראדוקטען.

דאס לאנד האט אויך געמאכט גרויס פארטשריט אין דער מינען־אינדוסטריע. אין 1860 האט מען שוין אויסגעגראבען 13 מיליאן טאן קוילען און 7200 טאן קופער. אין 1859 האט מען אנגעהויבען צו ענטוויקלען די אויל־קוואלען אין פענסילווייניא. די גאלד־מינען אין קאליפארניע האבען געהאט א געוואלדיגע ווירקונג אויף דער אינדוסטריעלער ענטוויקלונג פון לאנד. אזוי פיל גאלד איז פון די מינען ארויסגענומען געווארען, אז צווישען 1850 און 1857 האט די רעגירונג אויסגעגאסען 50 מיליאן נייע גאלד מטבעות יעדען יאר. אויסער דעם, איז צוויי־דריטעל פון די אויסגעגראבענע גאלד ארויסגעפירט געווארען אין אויסלאנד.

דער וואוקס פון האנדעל און פאבריקאציע אין לאנד האט געמוזט מיטברענגען א וואוקס פון דער שטאטישער באפעלקערונג. אין 1850 האבען בלויז 12 פראצענט פון דער באפעלקערונג געלעבט אין שטעט פון איבער 8 טויזענד מענשען. אין 1860 האבען שוין אין אזוינע שטעט געלעבט ארום 16 פראצענט פון דער באפעלקערונג. אין 1850 האט די שטאטישע באפעלקערונג באטראפען דריי מיליאן; אין 1860 איבער פינף מיליאן.

אין דער סאוט זיינען כמעט קיין גרויסע שטעט ניט געווען. בלויז צוויי שטעט אין דער גאנצער געגענד — ריטשמאָנד און ניו־אָרלינס — האָבען געהאט מער ווי 30 טויזענד־מענשען. אין סאוט־קאראָליינא זיינען געווען בלויז פיר שטעט מיט אַ באפעלקערונג פון איבער איין טויזענד. די באפעלקערונג אין דער סאוט האָט כמעט איינגאנצען געוואוינט אין דערפער און אויף צעוואָרפענע פּלאַנטאַציעס.

אין דער נאָרט איז אָבער אַנדערש געווען. דאָרטען זיינען די שטעט געוואָרען זייער גרויס. אין ניו יאָרק און ברוקלין (דעמאָלט זיינען זיי געווען צוויי באַזונדערע שטעט) האָט די באפעלקערונג געציילט איבער אַ מיליאָן. אין 1850 האָבען די צוויי שטעט צוזאַמען געהאט ניט מער ווי 600 טויזענט. אין די צען יאָר זיינען זיי כמעט פארדאָפּעלט געוואָרען. פילאַדעלפיא איז אויך אין די צען יאָר אויסגעוואקסען פון 300 טויזענט אויף אַ האַלבען מיליאָן. באַלטימאָר און באָסטאָן האָבען געהאט צו 200 טויזענט. דאָס זיינען געווען די פינף גרעסטע שטעט אין דער נאָרט. קלענערע שטעט, מיט אַ באפעלקערונג פון צווישען 18 און 50 טויזענט, זיינען געווען אַ פּאָר צענדליג.

די וועסט האָט שוין איצט אויך געהאט אירע גרויסע שטעט. דער דאָרטיגער וואוקס איז געווען פּראָפּאָרציאָנעל גרעסער ווי אין דער נאָרט. סט. לואיס האָט אין 1840 געהאט 16 טויזענט מענשען; אין 1860 האָט זי שוין געציילט אַ באַפעלקערונג פון 160 טויזענט. אין די 50־ער יאָרען איז סט. לואיס אויף אַ קורצער צייט געווען די גרעסטע שטאָט אין דער וועסט. ביז 1860 האָט אָבער שיקאַגאָ איר אַריבערגעיאָגט. אין די 50־ער יאָרען האָבען זיך אָנגעהויבען בויען פאבריק צענטערן אין דער וועסט. זיי זיינען נאָך דעמאָלט געווען קליין, אָבער אין זיי איז אָוועקגעלייגט געוואָרען דער יסוד פאַר אַ ריזיגער צוקונפט. צווישען די אינדוסטריעלע שטעט אין דער וועסט וואָס האָבען זיך דעמאָלט גענומען אַנטוויקלען זיינען געווען: לואיוויל, דעטראיט, מילוואָקי, אינדיאַנאַפּאָליס, קליוולאַנד, דעיטאָן, קאָלאָמבוס, טאָלידאָ און מינעאַפּאָליס.

קאַפּיטעל 28.

# דער קריזיס פון 1857.

פּראָפעסאָר מעקמעסטער שרייבט: „אַ גרויסער טייל פון דער שפע פון די 50־ער יאָרען איז געווען אָן ממשות. זייענדיג באַגייסטערט פון דעם געדאַנק, אַז דאָס לאַנד פאַרמאָגט אונ־באַגרענעצטע רייכטימער, און האָבענדיג אַ שטאַרקען באַגער רייך צו ווערען אָן ארבייט, האָבען אונזערע איינוואוינער געבאָרגט אָן חשבון, און דאָס געלט נאַריש אַריינגעלייגט אין אַלערליי ספּעקולאַציעס. זיי האָבען פאַרגרעסערט די פאַבריקאַציע מיט דער האָפענונג, אַז די נייע אייזענבאַנען וועלען עפענען נייע מאַרקען. זיי האָבען געגרינדעט נייע באַנקען כאָטש די אויסזיכ־טען אויף דעפּאָזיטען זיינען געווען קליין. זיי האָבען אָרגאַ־ניזירט נייע דאַמפּשיף־ליניעס, כאָטש עס איז ניט געווען גענוג האַנדעל פון וועלכען די ליניען זאָלען קענען מאַכען ריוח. טוי־זענדער מיילען אייזענבאַן זיינען געבויט געוואָרען אין אַזעלכע געגענדען, וואו די באַפעלקערונג איז געווען אַזוי שיטער, אַז דער אָרטיגער פאַרקער האָט ניט געקענט אַריינטראָגען קיין געלט. און דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרען מיט דעם געבאָרגטען קאַ־פּיטאַל, וואָס דער גאָלד־שטראָם אין קאַליפאָרניא האָט אריינגע־טראָגען. אין די פינף יאָר צווישען 1850 און 1856 זיינען אין לאַנד אויסגעלייגט געוואָרען איבער 12 טויזענט מייל נייע באַ־נען.“

פּראָפעסאָר ווען־מעטער שרייבט: „די ענטדעקונג פון גאָלד אין קאַליפאָרניא און די מתנות פון גרויסע שטרעקעס לאַנד וואָס די רעגירונג האָט געגעבען צו די באַן־קאָמפּאַניעס האָבען

א סך געהאָלפען צו דערמוטיגען ספּעקולאַציע. א סך מיליאָ־נען זיינען אריינגעלייגט געוואָרען אין די אַקציעס, אין די באַנען און פאַבריקען. א סך באַנקען האָבען אנטליען ריזיגע סומען די נייע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, און פאר די הלוואות האָ־בען די באַנקען גענומען די אַקציעס פון די קאָמפּאַניעס".

פּראָפעסאָר דיואי שרייבט: „די ספּעקולאַציע איז געווען ווילד. אין 1843 האָבען אין לאַנד צירקולירט געלט־אסיגנאַציעס אויף דער סומע פון 58 מיליאָן דאָלער. אין 1857 האָבען שוין צירקולירט אסיגנאַציעס אויף דער סומע פון 214 מיליאָן דאָלער. אין 1843 האָבען די הלוואות פון אַלע באַנען אָנגעטראָפען 254 מיליאָן; אין 1857 האָבען זייערע הלוואות אָנגעטראַפען 684 מיליאָן דאָלער".

דאָס לאַנד איז געווען פארטרונקען אין חובות. האָרעיס גרילי, דער באַרימטער רעדאַקטאָר פון דער „טריביון", האָט גע־שריבען אין אַפּריל: „מיר זיינען שולדיג אייראָפּא א מאַסע געלט. אונזערע סוחרים און באַנקירען זיינען שולדיג געלט די סוחרים און באַנקירען פון ענגלאַנד. דער דאָרף איז שולדיג דער שטאָט. דער פאַרמער איז שולדיג דעם סוחר. קורץ: צוויי דריטעל פון אונז זיינען בעלי־חובות".

שוין אין 1854 האָבען זיך גענומען פילען די סמנים פון אן אָנקומענדיגען קריזיס. אין יענעם יאָר איז שוין שווער גע־ווען צו קריגען געלט אין די באַנקען, און א סך באַן־אַקציעס זיינען געפאַלען אין פּרייז. אין דער וועסט האָבען אייניגע באַנ־קען זיך אינגאַנצען צוגעמאַכט. אין ניו יאָרק האָבען שוין אר־בייטער פארלאָרען זייערע שטעלעס, און די שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט באַוויליגט 10 טויזענט דאָלער פאַר הילף פאַר די אָרימע. באַלד אָבער האָט זיך די צייט גענומען בעסערען, און דער עולם האָט פארגעסען און ווייטער געטריבען די ווילדע ספּעקולאַציעס און אונטערנעמונגען.

דער אמת'ער קראַך איז געקומען אין 1857. אין מאָנאַט מאַי האָט זיך גענומען פילען א מאַנגעל אין געלט. אין יולי איז די לאַגע געוואָרען ערגער. אין אויגוסט האָט אין באָסטאָן באַנ־

קראטירט, א פירמע, וואס האט ספעקולירט מיט צוקער, אויף דער סומע פון פינף מיליאן דאלער. פיר טעג שפעטער האט זיך א באנק צוגעמאכט אין ראטשעסטער. באלד נאכדעם האט די „אהייא לאיף אינשורענס קאמפאניע" געשלאסען אירע טירען; אירע חובות האבען באטראפען זיבען מיליאן.

דער פאניק האט זיך פארשפרייט איבער'ן גאנצען לאנד. עס האבען באנקראטירט פאבריקען, באן־קאמפאניעס, סוחרים, אלער־ליי אונטערנעמער. מען האט זיך איצט דערוואוסט, אז געוויסע באן־קאמפאניעס האבען אנגעפאנגען צו בויען באנען, האבענדיג בלויז 20 פראצענט פון דער נויטיגער סומע וואס די אונטער־נעמונג האט געדארפט קאסטען. לאנד־געזעלשאפטען האבען גע־קויפט ערד אויף צוואנציג מאל אזוי פיל ווי זייער קאפיטאל האט באטראפען. עס איז געווארען א געלאף אויף אלע באנקען, אין אלע שטעט. די דעפאזיטען האבען זיך אנטזאגט צו נעמען אסיגנאציעס, זיי האבען געפאדערט גאלד אדער זילבער־געלט. פארמער האבען זיך אנטזאגט צו פארקויפען זייער תבואה אויף בארג אדער פאר פאפיר־געלט; זיי האבען אויך געפאדערט גאלד אדער זילבער. די באנקען האבען איינע די אנדערע ניט גע־טרויט. עס איז אונמעגליך געווען צו קריגען מזומן פאר א טשעק. צווישען די באן־קאמפאניעס וואס האבען באנקראטירט זיינען געווען איניגע פון די גאר גרויסע, ווי, צום ביישפיל, די אירי, די מישיגען סענטראל, אילינאי סענטראל, א. ז. וו.

אין נאוועמבער האט האָרעס גרילי געשריבען אין דער „טריביון": „דער ווערט פון יעדען סארט אייגענטום איז גע־פאלען אויף 25 ביז 75 פראצענט. דער פארמער מוז זיין תבואה פארקויפען פאר א פערטעל פון דעם ווערט. דער פאב־ריקאנט האט כמעט גאר קיין מארק ניט. דער ארבייטער האט ענטוועדער גאר קיין ארבייט ניט, אדער ער איז געצוואונגען צו ארבייטען פאר א געשניטענעם לוין. רייך און ארים ליידען. די ערשטע קרבנות זיינען די סוחרים".

צענדליגער טויזענטער ארבייטער זיינען ארויסגעווארפען גע־ווארען אין גאס. מעקמעסטער שרייבט: „אין לארענס האט די

צאָל פון ארבייטסלאָזע דערגרייכט ביז 3,500 ; אין באָסטאָן ביז 15 הונדערט ; אין ניו יארק צווישען 30 און 40 טויזענד ; אין די שטעט וואו עס זיינען געווען א סך אימיגראנטען און וואו דער גייסט פון סאָציאליזם איז געווען פארשפרייט, האָט די ארבייטסלאָזיגקייט און די נויט געשאפען אומצופרידענקייט. איין מאָל א זונטאָג, אין אָקטאָבער, האָבען זיך די דייטשע ארבייטער אין פילאדעלפיע פארזאמעלט אין א גרויסען ביר־זאל. די פארזאמלונג איז צונויפגערופען געווארען דורך א דייטשער צייטונג. דער רוף האָט געלויטעט : „ארבייטער ברידער ! מיט יעדען טאָג ווערט די לאַגע ערגער. זאָלען מיר אויסשטארבען, ניט אויפהויבענדיג א פינגער עטוואס צו טאָן צו ראטעווען זיך און אונזערע קינדער ? מיר זיינען ניט קיין קינדער. מיר זיינען מענער און פרויען. מיר קענען זיך העלפען און מיר מוזען זיך העלפען. לאָמיר טאָן, ניט בלויז ריידען !" ביי דער פארזאמלונג האָבען די רעדנער שטארק אטאקירט די באנקען, די רעגירונג, די באן־קאָמפאניעס. עס זיינען אָנגענומען געווארען רעזאָלוציעס מיט דער פאדערונג, אז די רעגירונג זאָל גלייך געבען באשעפטיגונג די ארבייטסלאָזע. ביי אנדערע פארזאמלונגען וואס די ארבייטער האָבען פאררופען זיינען ארויסגעשטעלט געווארען פאָדערונגען, אז דער פרייז פון עסענווארג זאָל באלד געשניטען ווערען".

גרויסע מיטינגען פון ארבייטסלאָזע זיינען אויך אָפּגעהאלטען געווארען אין ניו יארק. זיי האָבען אויך געפאָדערט, אז די שטאָט זאָל אָנשטעלען די ארבייטסלאָזע צו טאָן ארבייט אין סענטראל פארק. א צווייטע רעזאָלוציע האָט געלויטעט, אז די שטאָט־רעגירונג זאָל קויפען מעל פאר 50 טויזענד דאָלער און עס פארקויפען די ארבייטער פאר קאָסט־פרייז. אין דער פראָקלאמאציע וואָס די פארזאמעלטע האָבען ארויסגעשיקט איז געשטאנען : „מען קען באמת זאָגען, אז אין ניו יארק איז עס אזוי : די וואָס שאפען אַלץ באקומען גאָרניט, און די וואָס שאפען גאָרניט באקומען אַלץ". אין נאָוועמבער האָבען די דייטשע ארבייטער אין ניו יאָרק אָפּגעהאלטען א פארזאמלונג

אויף טאמפקינס סקוועאר, און פון דארטען געמארשירט צום סיטי האל מיט גרויסע פאנען וואס האבען געטראגען די אויפשריפט: „ארבייט!" איינער פון די רעדנער ביי דער פארזאמלונג האט דערקלערט, אז עס זיינען דא צוויי קלאסען: די וואס עסען די בעסטע פליישען און טרינקען שאמפאניער, און די וואס קענען ניט שטילען דעם שמערץ פון הונגער מיט א שטיקעל ברויט. אין דעם זעלבען טאג איז דורכגעפירט געווארען אזא דעמאנסטראציע: מענער און פרויען, אנגעטאן אין שמאטעס, האבען געשלעפט א קאנאן און מיט אים געמארשירט דורך די רייכע גאסען פון שטאט. דעם 5טען נאוועמבער האבען זיך אויף טאמפקינס סקוועאר פארזאמעלט פינף טויזענד ארבייטער און געשריען מען זאל זיי געבען ארבייט, מעל און ברויט. דאן האבען זיי אוועקגעמארשירט צום סיטי האל און געפאדערט די רעגירונג זאל זיי געבען באשעפטיגונג אין סענטראל פארק, ביי דער וואסער־לייטונג און ביים פארריכטען די גאסען. דער מעיאר האט זיך אנטזאגט נאכצוגעבען דעם פארלאנג. אויף מארגען האבען די ארבייטסלאזע געמארשירט צו וואל סטריט און דארטען געמאכט א דעמאנסטראציע. א שמיד האט געהאלטען א רעדע לעבען דער בערזע און האט אזוי געזאגט: „איר, רייכע לייט דא אין דער גאס, איר האט די מאכט אונז צו העלפען, און איר מוזט אונז העלפען. דא אין גאס ליגען צענדליגער מיליאנען דאלער. איר מוזט זיי ארויסלאזען אין אומגאנג, כדי מיר זאלען זיי קריגען און דערמיט קויפען ברויט. מיר פאדערען בלויז ארבייט. מיר וועלען באשטיין דערויף, אז איר זאלט אונז געבען ענטוועדער ברויט אדער ארבייט".

די הונגער־דעמאנסטראציעס אין ניו יארק זיינען געווארען ערנסטער און גרעסער פון טאג צו טאג. דער מעיאר האט ארויסגערופען פאליציי און סאלדאטען צו באוואכען דעם סיטי האל און די טרעזשורי־געביידע. עס זיינען פארגעקומען אומרועו. מען איז באפאלען וועגענער וואס האבען געפירט ברויט און דאס ברויט צוגענומען.

אין אנדערע שטעט איז די לאגע פון די ארבייטער געוועזן

ניט בעסער. קאָמיטעס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען צו זאַמלען געלט צו קויפען ברויט פאַר די הונגעריגע. אין פילאַדעלפיע האָט אַ פילאַנטראָפּ אויסגעטיילט יעדע וואָך 500 לעבלאַך ברויט. ביי אַ ריזיגער פאַרזאַמלונג וואָס איז דאָרט אָפּגעהאַלטען געוואָרען זיינען צוטיילט געוואָרען צירקולאַרען מיט די פאָלגענדע ווערטער: „פּראָצענטניקעס, די פּיאַווקעס פון דער געזעלשאַפט, האָבען פאַראורזאַכט די שווידערליכע צייטען. זיי האָבען עס אַזוי אַרומגעגאָלט אונזערע באַלעבאַטים, אַז די באַלעבאַטים זיינען געצוואונגען געווען צו פאַרשליסען זייערע פאַבריקען און אונז אָפּזאָגען פון אונזערע שטעלעס. זאָלען די פּראָצענטניקעס אָפּגעבען וואָס זיי האָבען צוגענומען!

דער איצטיגער קריזיס האָט ניט געדויערט אַזוי לאַנג ווי דער קריזיס פון 1837. אין 1859 איז שוין די לאַגע געווען אַ סך געבעסערט, און אין 1860 איז שוין פון דעם פּאַניק במעט קיין סימן ניט געווען. די סבה דערפון איז וואָס נאָך אַלע־מען, איז דאָך די ספּעקולאַציע געמאַכט געוואָרען פאַר ניצליכע אונטערנעמונגען. אמת, מען האָט געבויט אָן אַ טאַלק און אָן אַ חשבון. אָבער, דאָך האָט זיך דאָס לאַנד דאָך גענויטיגט אין די באַנען און פאַבריקען. מיט דער צייט האָבען די אַלע אונ־טערנעמונגען געבראַכט אי נוצען, אי ריוחים.

ווייניגער ווי אַלע האָבען פון דעם פּאַניק געליטען די שטאַטען פון דער סאַוט. דער עקספּאָרט פון קאַטאָן האָט זיך נאָך אין יענע יאָרען פאַרגרעסערט און דער פּרייז איז דעריבער געפאַלען. די צייטונגען פון דער סאַוט האָבען זיך איבערגענומען דערמיט. זיי האָבען אָנגעוויזען דערויף אַלס באַווייז, אַז זייער אינדוסטריע איז אַ געזונטע און אַז זייער שקלאַפען־סיסטעם איז בעסער ווי די סיסטעם פון פרייע אַרבייט. איינער פון זייערע זשורנאַ־לען האָט אַזוי געשריבען: „דאָס רייכטום פון דער סאַוט איז באַשטענדיג און ממשות'דיג; אָבער דאָס רייכטום פון דער נאָרט איז אָן ממשות, אומזיכער. די איצטיגע פּאַסירונגען באַ־ווייזען דעם ליגען פון דער גרויסקייט פון דער נאָרט". אַלס אַ באַווייז ווי ווייניג די סאַוט איז אָנגערירט געוואָרען פון דעם

קריזיס ווערט אנגעגעבען דער פאקט, אז גראדע אין יענע יארען איז געשטיגען דער פרייז פון שקלאפען. א גוטער שקלאף איצט ווערט געווען פון פופצען הונדערט ביז דריי טויזענד דא־לער. א סענאטאר פון דער סאוט האט דערקלערט אין א רעדע: „קאטאן איז קעניג; ווער קען עס צווייפלען? באַ־טראכט וואס עס קומט איצט פאר. איר, אין דער נארט, זייט אין אן אומגליקליכער לאגע. מען סטראשעט אייך מיט רע־וואלוציעס. אייער גליק איז, וואס די סאוט האט אייך ארייננגע־שיקט א מיליאן און 600 פעק קאטאן, וועלכע וועלען אייך רא־טעווען“.

קאַפּיטעל 29.

# די פאַראייניגטע שטאַטען ערב דעם בירגער־קריג.

מיט'ן יאָר 1860 ענדיגט זיך אַן עפּאָכע אין דער אַמע־ריקאַנער געשיכטע. נאָך 1860 איז געקומען דער שרעקליכער בירגער־קריג צווישען דער נאָרט און דער סאוט, וואָס האָט אַלץ צוטרייסעלט און אַ סך חרוב געמאַכט. ווי אַזוי האָט אויס־געזען די אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע, דאָס געזעלשאַפטליכע, קול־טורעלע און פּאָליטישע לעבען פון לאַנד אין אָט דעם מאָמענט, ביי דעם אָפּשלוס פון דער עפּאָכע?

מיר ווילען דאָ איבערגעבען דאָס בילד און די שטריכען, ווי זיי ווערען געמאָלען פון דעם היסטאָריקער ראודס אין דעם דריטען באַנד פון זיין גרויסען ווערק.

ערשטענס, דער פיזישער צושטאַנד פון דעם אַמעריקאַנער פון יענער צייט. די אַלע וואָס האָבען דעמאָלט וועגען דעם געשריבען, סיי טוריסטען פון אַנדערע לענדער, סיי היגע בעאָב־אַכטער, זיינען איינשטימיג, אַז דער אַמעריקאַנער פון יענער צייט האָט געהאַט אַ קרענקליכען, נערוועזען אויסזען. ראודס גיט אַ לאַנגע רייע פון ציטאַטען פון די באַרימטעסטע אַמעריקאַנער שריי־בער פון יענע יאָרען. דער גרויסער עמערסאָן כאַראַקטעריזירט די אַמעריקאַנער אַזוי: „אַ געדריקטער גייסט, קנייטשען פון זאָרג זיינען די סמנים אויף יעדען אַמעריקאַנער שטערן". אין „אַטלאַנטיק מאָנטלי" פון 1856 איז געדרוקט אַן אַרטיקעל, וואו עס האַנדעלט זיך וועגען דעם געזונט־צושטאַנד פון דעם אַמערי־קאַנעם. „מיר זיינען אַ פאָלק פון געזונט־זוכער" — שטייט אין דעם אַרטיקעל. — „און דאָס באַווייזט אַז אונז פעלט דאָס

וואָס מיר זוכען". אַ צווייטער באַרימטער שרייבער, דזשאָרדזש וויליאַם קוירטיס, זאָגט, אַז דער טיפּיטשנער אַמעריקאַנער האָט אַ געלען פּנים, נערוועזע באַוועגונגען און אַן אָנגעשטרענגטען אויסדרוק. „מיר זיינען מאָגער, קרענקליך און כיטרע אויפ'ן אויסזען". ענגלענדער־ליטעראַטען, וואָס האָבען אין יענער צייט באַזוכט אַמעריקע, שטעלען זיך אויך אָפּ אויף דעם, אַז דער אַמעריקאַנער קוקט אויס שטענדיג אַ פאַרזאָרגטער און אַ פאַרטראַכטער. אים פעלט לעבענס־לוסט, פריילichקייט. ראודס צייגט אָן אויף דעם אינטערעסאַנטען פאַקט, אַז אין יענער צייט פלעגען די אַמעריקאַנער שטענדיג ליב האָבען צוריידען צווישען זיך וועגען זייער געזונט. ער ווייזט אָן, אַז קאָנגרעסלייט און סענאַטאָרען פלעגען אין זייערע רעדעס אָפט דערמאָנען, אַז היינט פילען זיי ניט גוט, און אַז נעכטען אָדער פאָריגע וואָך זיינען זיי געווען ניט מיט אַלעמען. דער ענין פון געזונט איז אַלעמען געלעגען שטאַרק אין זינען, און, ווילענדיג אָדער ניט ווילענדיג, האָבען זיי גערעדט וועגען דעם.

ראודס איז מיט דער מיינונג, אַז שולדיג פאַר'ן שלעכטען געזונט־צושטאַנד פון דעם אַמעריקאַנער איז געווען דאָס וואָס ער האָט ניט געגעסען ווי עס בעדאַרף צו זיין און איז ניט געווען געניג אויף דער פרייער לופט. דער אַמעריקאַנער האָט ליב געהאַט זיסע זאַכען, היים ברויט און איידעל־געבעק, „קעיק". וועגען עמערסאָנ'ען, צום ביישפּיל, ווערט דערציילט, אַז יעדען טאָג אויף אָנבייסען פלעגט ער עסען אַ שטיק „פּאַי". דער אַמעריקאַנער האָט אויך געגעסען צופיל פליישׁ, און די פליישׁ פלעגט געקאָכט ווערען זייער שלעכט. דערצו פלעגט ער געברויכען אַ סך שטאַרקע געטראַנקען און אַ סך טאַבאַק. דעם טאַבאַק פלעגט ער ניט רויכערען, נאָר קייען. „ניט די מענער און ניט די פרויען האָבען געמאַכט איבונגען אין דער פרייער לופט. קיינער איז ניט געגאַנגען צו־פוס ווען ער האָט נאָר געקענט פאָרען. די אַמעריקאַנער האָבען ליב געהאַט צו וואוינען אין שטעט. זיי האָבען ניט ליב געהאַט די געזונטע לופט פון דאָרף. פיזישע איבונגען זיינען כמעט געווען אומבאַקאַנט. אפילו אין די קאָלע־

דזשעם האבען די סטודענטען זיך ניט אפגעגעבען מיט קיין ספארט".

אין פאליטיק האט אין די 50־ער יארען געהערשט פאלשטענ־דיגע דעמאקראטיע. מיט דער אויסנאם פון דעם נעגער, האבען אלע געהאט גלייכע רעכט. די באגרענצונגען אין שטימרעכט וואס האבען פריער געהערשט זיינען ביסלעכווייז אפגעשאפט געווארען. עס זיינען געמאכט געווארען די נויטיגע ענדערונגען אין די קאנסטיטוציעס אין די איינצעלנע שטאטען און עס זיינען פון זיי אויסגעמעקט געווארען די אלט־באוואוסטע תנאים, אז כדי צו קענען שטימען, מוז דער בירגער באזיצן אייגענטום אדער מוז געהערען צו א קירכע. דאס פאלק האט איצט אויך געוויילט אלע בעאמטע און ריכטער צו די שטאט־געריכטען. די פאליטישע פארטייען זיינען אויך איבערגעבויט געווארען אויף א דעמא־קראטישען יסוד.

דאך איז דאס פאליטישע לעבען איצטער געווען מער קאר־רופטירט ווי פריער. ראודס שרייבט: „די עקזעקוטיווע און די לעדזשיסלייטשור פון דער נאציאנאלער רעגירונג זיינען אן צווייפעל געווען פארפלעקט מיט קארופציע. אין 1857 האבען דריי מיטגלידער פון קאנגרעס געמוזט רעזיגנירען, ווייל עס איז באוויזען געווארען אז זיי האבען גענומען כאבאר. די לעדזשיס־לייטשורס פון די איינצעלנע שטאטען זיינען געווען ריין, מיט דער אויסנאם פון ניו יארק, ניו־דזשוירזי און פענסילווייניא". אין 1856 האט א באן־קאמפאניע, וועלכע האט געוואלט קריגען א שטיק לאנד אין וויסקאנסין, אונטערגעקויפט א מאיאריטעט מיטגלידער פון דער דארטיגער לעדזשיסלייטשור. די סומע פון 75 טויזענד דאלער אין אקציעס איז צוטיילט געווארען צווישען די שטאט־סענאטארען, און די סומע פון 355 טויזענד דאלער צווישען די מיטגלידער פון דער „אסעמבלי". דעם גאווערנאר'ס פריוואט־סעקרעטער האט באקומען פינף טויזענד דאלער; דער גאווערנאר אליין — 58 טויזענד דאלער, אין אקציעס.

אין יענע יארען האט זיך שוין אויך אנגעהויבען צו מער־קען קארופציע אין די שטאט־רעגירונגען. „די לאגע אין דער

שטאט ניו יארק", שרייבט ראודס, „איז שוין דעמאלט געווען אזוי שלעכט ווי איצט (אין 1894). ווי עס ווייזט אויס זיינען די שטעט פון ניו־ענגלאנד, דער וועסט און דער סאוט געווען ריינער. אין די גרויסע שטעט אין דער איסט האט מען שוין דאן געקויפט שטימען. אין די אנדערע שטעט איז די דאזיגע מאדע נאך דעמאלט געווען אומבאקאנט. ראודס איז מיט דער מיינונג, אז די פאליטישע קארופציע איז געגאנגען צוזאמען מיט'ן וואוקס פון די גרויסע שטעט, און אז פון די גרויסע שטעט האט זיך די קארופציע פארשפרייט איבער די אנדערע טיילען פון לאנד. ער ציטירט אן ערקלערונג וואס פרעזידענט ביוקענען האט געמאכט אין 1858, וועלכע זאגט: „ביז דער לעצטער צייט האבען מיר קיינמאל ניט געהערט אז געלט ווערט באנוצט כדי צו געווינען א וואל־קאמפאניע". איינער פון די אנגעזעענסטע וואשינגטאנער קארעספאנדענטען האט אין 1860 געשריבען: „עס איז ביי קיינעם קיין ספק ניט, אז ביי אונז האט זיך איצט אנגעהויבען א צייט פון קארופציע אין דער פארוואלטונג פון עפענטליכע ענינים. איך בין איבערצייגט, אז דער אינטעליגענטער לעזער, וועלכער איז באקאנט מיט דעם וואס עס קומט פאר אין דער שטאט־און שטאט־רעגירונג פון ניו יארק, און דער וואס איז באקאנט מיט די האנדלונגען פון דער נאציאנאלער רעגירונג און פון די לעצטע צוויי אדמיניסטראציעס, וועט ניט לייקענען דאס וואס איך באהויפט דא".

די לאגע פון די ארבייטער אין די שטעט איז אין די 50־ער יארען ניט געווען פיל בעסער ווי אין די 40־ער יארען. ארבייט איז טאקע געווען מער, אבער א דאנק דער אנטדעקונג פון גאלד אין קאליפארניא, איז געלט געווארען ביליגער, און פרייזען פון שפייז זיינען געשטיגען. פריער האבען די ארבייטער געליטען פון ארבייטסלאזיגקייט, שרייבט פראפעסאר קאממינס, איצט האבען זיי געליטען פון הויכע פרייזען, און דער פראפעסאר ציטירט פון א צייטונג־ארטיקעל אין 1853, וואו עס ווערט באוויזען, אז אן ארבייטער־פאמיליע פון א מאן, א פרוי און צוויי קינדער, מוז האבען אויף אן ארימען לעבען וויינינגסטענס 600 דא־

לער א יאר. אין דעם חשבון גייען אריין די פאלגענדע ציפע־רען: 100 דאלער דירה־געלט; 273 דאלער שפייז, 132 דאלער קליידער, בעט־געוואנט, א. ז. וו., 18 דאלער באהייצונג, 10 דאָ־לער דאקטאר און מעדיצין. אויף דעם חשבון מאכט דער פראָ־פעסאר די פאלגענדע באמערקונג: „אין דעם צעטעל איז נישטא קיין געלט אויף פארוויילונג, לעבענס־פארזיכערונג און אויף צאלען א חוב. די סטאטיסטיק פון די ארבייטער־פארדינסטען אין יע־נער צייט באווייזען, אז דער דורכשניטליכער ארבייטער האט פאר־דינט ווייניגער ווי 600 דאלער א יאר.״

צום ערשטען מאל, שרייבט פראפעסאר קאממינס, הערט מען איצט (אין די 50־ער יארען) פראטעסטען פון ארבייטער־פאר־שטייער געגען אימיגראציע. די ארבייטער־צייטונג, „די שטימע פון אינדוסטריע״, וועלכע איז ערשינען אין פיטסבורג, באקלאגט זיך, אז מען פירט אריין פון אויסלאנד סטרייק־ברעכער. די צייטונג זאגט ווייטער, אז די באלעבאטים בא־שיצען זיך געגען סטרייקערס דערמיט וואס זיי שאפען זיך איין א קלאס ארימע און דערשלאגענע, וועלכע קומען פון אזוינע לענ־דער, וואו די שווערע אומשטענדען האבען זיי געלערענט צו זיין אונטערטעניג, פרידליך און רואיג, און וועלכע זיינען וויליג צו ארבייטען פון 14 ביז 16 שטונדען א טאג פאר אזוינע ווײ־רזשעס ווי קאפיטאל געפינט פאר פאסיג זיי צו געבען.

א צווייטע צייטונג באקלאגט זיך, אז זינט עס האבען אָנגע־הויבען צו קומען אימיגראנטען פון אירלאנד און קענעדע, איז אין ניו־ענגלאנד געבארען געווארען א גייסט פון אריסטאקראטיע, א קלאסען־געפיל. פריער האט זיך קיינער ניט געשעמט צו גיין ארבייטען פאר א צווייטען. א פארמער׳ס א טאכטער האט עס ניט געהאלטען פאר אן אומכבוד צו גיין דינען ביי א צווייטען פארמער. א פארמער׳ס א זון האט זיך ניט געשעמט צו פארדינ־נען פאר אן ארבייטער ביי א צווייטען פארמער. איצט שעמען זיי זיך, ווייל די אימיגראנטען ארבייטען אזוי ביליג און זיי־נען אזוי אונטערטעניג צו זייערע באלעבאטים. דער סוף איז,

אז די זין און טעכטער פון די פארמער אנטלויפען פון דארף און גייען בעסער ארבייטען אין די פאבריקען אין שטאט.

א גרויסער פראצענט פון די נייע אימיגראנטען זיינען פארבליבען אין די שטעט. צו פארדאנקען דער גרויסער אימיגראציע איז ניו יארק אין פארלויף פון די צוואנציג יאר, צווישען 1840 און 1860, אויסגעוואקסען פון א באפעלקערונג פון 410 טויזענד אויף א באפעלקערונג פון 910 טויזענט; פילאדעלפיע איז אויסגעוואקסען פון 360 טויזענט אויף 670 טויזענט. די ארימקייט פון די גרויסע מאסען, וואס האבען אנגעפאקט די שטעדט, שפיגעלט זיך צום שארפסטען אפ אין די אפיציעלע באריכטען פון די קאמיטעס, וועלכע האבען אונטערזוכט די וואוינונגען פון די ארבייטער־קווארטאלען. אט איז אן אויסצוג פון א באריכט אין ניו יארק:

„אויף אליוועך סטריט איז דא א ביר־הויז, זעקס פוס די ברייט און דרייסיג פוס די לענג, פון צוויי עטאזשען און א בוידים. אויף דעם ערשטען עטאזש זיינען פאראן דריי צימערען, אויפ׳ן צווייטען — דריי צימערען און אויפ׳ן באלקאן פיר צימערען. צוזאמען צען דירות. עס וואוינען אין זיי פערצען פאמיליעס. דער אריינגאנג איז דורך א שמאלער, שמוציגער געסעל. דאס הויז איז שרעקליך שמוציג. דאך קאסט דארטען רענט א דאלער־און־א־האלב א וואך פאר א צימער. דער באלעבאס נעמט איין אין רענט א יאר 30 פראצענט פון דעם וואס די גאנצע געביידע קאסט. אין דער זעלבער געגענד איז דא א פאדערשטע און הינטערשטע געביידע, וואו עס וואוינען 56 פאמיליען, 250 פערזאן. אויף טשערי סטריט איז דא א הויז פינף שטאק די הויך, וואו עס וואוינען 120 פאמיליעס, 500 פערזאן". ווען א פאמיליע האט באוואוינט צוויי קליינע צימערען אין א פארפעסטעטען הויז, איז זי באטראכט געווארען פאר א רייכער. אין א באסטאנער רעפארט ווערט דערציילט, אז אין יעדען צימער וואוינט א גאנצע פאמיליע פון עטליכע פערזאן. אין טייל פאלען וואוינען אין איין צימער צוויי פאמיליען, און מער אויך.

די באריכטען צייגען, אז די לענדלארדס, די באלעבאטים

פון די הייזער פלעגען איינגעמען אין רענט סומען וואס האָבען אָנגעטראָפען פון 15 ביז 50 פראָצענט פון דער סומע וואָס זיי האָבען אין די הייזער אריינגעלייגט.

„דער מאָדערנער טרייד יוניאַניזם" — שרייבט פראָפעסאָר קאָממינס, „פאנגט זיך אָן אין די ערשטע 50־ער יאָרען. די קלאַסיפיצירטע ארבייטער האָבען איצט זיך גענומען צו דער אויפגאַבע צו קריגען א העכערען לוין דורך א פערמאַנענטער און באַגרענעצטער אָרגאַניזאַציע". די ארבייטער ווארפען איצט אוועק די אידעאַליסטישע שטרעבונגען פון די 40־ער יאָרען. זיי טראַכטען ניט מער פון גרינדען סאָציאַליסטישע קאָלאָניעס אדער קאָאָפעראַטיוועז. זיי זוכען ניט צו לייזען די גאַנצע געזעלשאַפטליכע פראַגע, איבערצובויען די אָרדנונג אויף יסודות פון יושר און גערעכטיגקייט. זיי הויבען איצט אָן זיך צו פארנעמען מיט אזוינע פראַקטישע פראַגען, ווי א מינימום לוין, א „קלאָוזד שאָפּ", דיוס, סטרייקס, בענעפיטס, א. ז. וו. און נאָך עפּעס: דער אמעריקאַנער ארבייטער הויבט זיך אָן אוועקרוקען פון דעם ארבייטער אימיגראַנט. דער אַמעריקאַנער ארבייטער, וועלכער איז באַשעפטיגט מערסטענס ביי קוואַליפיצירטע ארבייט, בויט פאַר זיך יוניאַנס, העכערט זיין לוין, אין דער צייט וואָס דער אימיגראַנט, וועלכער טוט די פּראָסטע, שווארצע ארבייט, בלייבט הינטערשטעליג.

דאָס בויען פון די מאָדערנע יוניאַנס האָט זיך אָנגעהויבען אין די 50־ער יאָרען. ווייט אָבער איז עס דעמאָלט ניט געגאַנגען. דער קריזיס פון 1857 האָט די אָרגאַניזירטע יוניאַנס כמעט אינגאַנצען פארניכטעט, און איידער די ארבייטער האָבען צייט געהאַט צו קומען צו זיך פון דעם קריזיס און זיך ווידער נעמען בויען זייערע אָרגאַניזאַציעס, איז אָנגעקומען דער בירגער־קריג. און די מלחמה האָט אַלץ פאַראַליזירט. ערשט מיט א פּאָר צענדליג יאָר נאָך דער מלחמה איז די ארבייט פון בויען יוניאַנס ווידער אויפגענומען געוואָרען. אָבער נישט קוקענדיג אויף דעם לאַנגען איבעררייס, זיינען די יוניאַנס אין די 80־ער

יארען געגאנגען אויף דעם וועג וואס איז פאר זיי אנגעצייכענט געווארען אין די 50־ער יארען.

ווען די יוניאנס האבען זיך אנגעהויבען צו ארגאניזירען אין 1850 און אין 1851, האבען זיי די ערשטע זאך אויסגעפארשט די לאגע פון די ארבייטער אין דער אינדוסטריע. פראפעסאר קאממינס גיט איבער א סך ציפערען פון יענע אויספארשונגען. פון די ציפערען זעט מען די אמת'ע עקאנאמישע לאגע פון די בעסערע אמעריקאנער ארבייטער. די לאגע פון די אימיגראנטען ארבייטער איז געווען א סך אן ערגערע.

אט וואס די אויספארשונגען האבען געוויזען וועגען דעם צושטאנד פון דעם דרוקער־פאך אין ניו־יארק: באשעפטיגט ביים פאך זיינען געווען ארום צוויי טויזענד מאן. א זעצער האט דורכשניטליך געמאכט זיבען דאלער א וואך. אין פינף פון די בעסטע דרוקערייען אין שטאט האבען די ארבייטער פארדינט צוועלף־און־א־האלב דאלער א וואך. זיי האבען אבער דארט געמוזט ארבייטען זעכצען שעה א טאג אונטער זייער שווערע און שעדליכע באדינגונגען.

די יוניאנס, וואס האבען זיך ארגאניזירט אין יענע יארען, האבען געפאדערט א העכערונג פון 20 ביז 25 פראצענט אויף זייער לוין. אויסער דעם, האבען זיי געפאדערט א געוויסע מאס זיכערקייט אז זיי וועלען קריגען זייערע שכירות. טייל באלעבאטים פלעגען צאלען איין מאל א חדש אדער איין מאל אין צוויי וואכען. טייל פלעגען צאלען מיט אסיגנאציעס פון געוויסע באנקען אין דער וועסט. די אסיגנאציעס זיינען ניט ווערט געווען אזוי פיל ווי די אסיגנאציעס פון זיכערע באנקען, און די ארבייטער האבען פאר דעם געלט ניט געקענט קויפען אזוי פיל ווי מיט גוטע געלט. אט געגען די אלע איבלען און נאך א סך אנדערע האבען די יוניאנס איצט געקעמפט.

די שטימונג אין די יוניאנס איז געווען געגען מישען זיך אין פאליטיק. פראפעסאר קאמאנס דערציילט, אז ביי א מיטינג פון מאשיניסטען אין ניו יארק האט א רעדנער אפעלירט צו די מיטגלידער, אז די יוניאן זאל זיך באטייליגען אין פאלי־

טישען קאמף. האָט מען אים אויסגעפייפט. די מאַשיניסטען האָבען געשריען: „מיר ווילען ניט קיין פּאָליטיק; דאָס איז אַ מיטינג פון מאַשיניסטען, ניט פון פּאָליטיקער”. אַ פּרוב איז געמאַכט געוואָרען אַריינצוציען די אַרבייטער אין אַ סאָציאַליס־טישער פּאַרטיי. אַ דייטשער אימיגראַנט, יאָזעף ווייצענמויער, וועלכער איז אין אַמעריקע געקומען אין 1851, האָט עס דער ערשטער אָנגעהויבען. ער האָט אָרגאַניזירט אַ רעוואָלוציאָנערע געזעלשאַפט אונטער׳ן נאָמען „פּראָלעטאַרישער בונד”. ער האָט צונויפגערופען קאָנפערענצען פון יוניאָנס און האָט אַגיטירט זיי זאָלען אָרגאַניזירען אַ פּאָליטישע פּאַרטיי מיט דער סאָציאַליס־טישער פּלאַטפּאָרמע. אַן ענליכע טעטיגקייט האָט אָנגעפירט אַן אמעריקאַנער, סעם בריגס, צווישען די אַמעריקאַנער יוניאָנס אין וואַשינגטאָן. זייערעביידענס מי האָט אָבער ניט געבראַכט קיין רעזולטאַטען. אין 1854 איז פון די צוויי אָרגאַניזאַציעס קיין סימן ניט געוועזען.

די צען יאָר פון 1850 ביז 1860, זיינען געוועזען די שענ־סטע צייט אין דער געשיכטע פון דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור. די אַלע גרויסע שריפטשטעלער וואָס האָבען געשאַפען די קלאַ־סישע אַמעריקאַנער ווערק, געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור, זיינען דאַן געוועזען אין זייער רעכטער בליאונג. די דיכטער לאָנגפעללאָו, בראַיענט, וויטיער, דער נאָ־וועליסט האָטאָרן, דער פּאָעט און פילאָזאָף עמערסאָן, די רע־וואָלוציאָנערע שרייבער טהאָראָו און וואָלט וויטמאַן, די גרויסע היסטאָריקער בענקראָפט, פּרעסקאָט, מאָטלי און הילדרעד — זיי אַלע האָבען דעמאָלט געשאַפען זייערע בעסטע ווערק. בלויז צוויי אויסנאַמען דאַרפען דערמאָנט ווערען: דער דיכטער פּאָו, איי־נער פון די גאָר גרויסע קלאַסיקער, איז געשטאָרבען אין 1849, און דער גרויסער שרייבער פון היסטאָרישע נאָוועלען, פענימאָר קופּער, איז געשטאָרבען אין 1851. די דאָזיגע צוויי האָבען זייער ליטעראַרישע אַרבייט געהאַט פאַרענדיגט פונקט דעמאָלט, ווען די גאָלדענע עפּאָכע פון דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור האָט זיך אָנגעהויבען. דער גרויסער הומאָריסט און שריפטשטעלער

וואשינגטאָן אווירווינג האָט שוין אויך דעמאָלט געהאט די מערסטע פארענדיגט זיין בעסטע ארבייט. ער האָט אָבער נאָך א סך געשאפען אין די 50־ער יארען.

די ליטעראַרישע אויפבליאונג איז געווען א צייכען פון דער צייט. די צען יאָר, פון 1850 ביז 1860, האָבען זיך אויסגעציי־כענט מיט אינטעלעקטועלער טעטיגקייט אויף פארשידענע גע־ביטען. פּראָפעסאָר סמיט שרייבט: „רעוואָלוציאָנערער ראדיקאַ־ליזם האָט געהערשט אויף אַלע פעלדער: אין רעליגיע, פּאָליטיק און מאָראל. אין יענע צען יאָר האָט זיך מער גערודערט ווי ווען עס איז פריער אָדער שפּעטער. דער סאָציאַליזם פון די פריערדיגע יארען האָט באוויזען סמנים פון שוואכקייט. די מער־סטע עקספּערימענטען מיט קאָמונעס האָבען צוזאמענגעבראָכען, אָבער אויף זייער פּלאַץ איז איצט געקומען דער נייער רעוואָלו־ציאָנערער סאָציאַליזם פון אייראָפּע, געגרינדעט דורך דייטשע אימיגראַנטען. מער כאראַקטעריסטיש פון דער צייט איז געווען די אַגיטאַציע פאר אבסאָלוטער פּערזענליכער אומאָפּהענגיגקייט און פרייהייט פון וועלכען עס איז צוים פאר דעם מוח אָדער פאר דעם קערפּער. די אַגיטאַציע האָבען אָנגעפירט אינדיווידואַליס־טען. זיי האָבען זייער געדאנק פון אבסאָלוטער פרייהייט דערפירט ביז'ן פּונקט פון פולשטענדיגען אַנאַרכיזם".

זייער אגרעסיוו איז אין יענע יאָרען געווען די רעפאָרם־באוועגונג פאר פרויען־רעכט און פרויען־שטימרעכט. „אַ צאָל פרויען" — שרייבט פּראָפעסאָר סמיט — „האָבען געארבייט ענ־טוזיאַסטיש צו באפרייען זייער געשלעכט, און זיי האָבען געמאכט דעם אָנפאנג מיט זיך אליין. זיי האָבען געזוכט ארייננצוטרעטען אין אזוינע פּראָפעסיעס ווי יוריספּרודענץ, מעדיציען און די קירכע, וועלכע זיינען דעמאָלט געווען פארשלאָסען פאר פרויען. טייל זיינען געגאנגען נאָך ווייטער: זיי האָבען גענומען שערען די האָר און טראָגען אזוינע קאָסטיומען ווי מענער". געוויסע מענער האָבען דער באוועגונג געהאָלפען. די באוועגונג האָט גע־האט א געוויסע צאָל עקסטרעמיסטען, וועלכע האָבען, אין נאָ־מען פון אבסאָלוטער גלייכהייט און פרייהייט פאר פרויען, אַגי־

טירט פאר פרייער ליבע. די אגיטאציע האט, פארשטייט זיך, ארויסגערופען א גרויסען טומעל צווישען די מאסען, וועלכע זיינען אין די דאזיגע ענינים געווען זייער קאנסערוואטיוו. אין 1858 האט פאסירט א פאל, וועלכער האט אויפגעשטורעמט די גאנצע פרעסע. אין דעם שטעטעל ראטלאנד, ווערמאנט, איז אפגעהאלטען געווארען א קאנווענשאן, אין וועלכער אלערליי רע־פארמערס האבען זיך באטייליגט. דארט זיינען געווען אבא־לישאניסטען, ספיריטואליסטען, אגראר־רעפארמער, פרויען־רעכט־לער און אנדערע. איינע פון די רעדנערינס ביי דער קאנווענ־שאן איז געווען א שיינע, סימפאטישע פרוי, וועלכע האט אין א רעדע אויפגעקלערט דעם געדאנק פון פרייער ליבע און אויס־געדריקט די מיינונג, אז דער געדאנק איז א גוטער. די אנ־וועזענדע האבען די רעדע ווארים באגריסט. גלייך האבען די צייטונגען צופויקט די נייעס, אז די גאנצע קאנווענשאן איז באשטאנען פון פרייע־ליבעניקעס און אז די אגיטאציע פאר פרייע ליבע איז געווען דער איינציגער ציל פון דער קאנווענ־שאן. א סך פון די דעלעגאטען האבען געפונען פאר נויטיג צו פארעפענטליכען בריף אין דער פרעסע און אפלייקענען אז זיי האבען געשטיצט אדער אז זיי שטיצען פרייע ליבע.

די מאכט פון דער קירכע איז נאך אין יענע יארען געווען אומגעהייער שטארק. „וואו איר פארשט ניט" — שרייבט ראודס — „אין דער פאליטיק, אין דער מאראל, אין דעם סאציאלען לעבען, געפינט איר דעם שלאגענדען פאקט, אז דער עולם איז געווען פרום און אז די קירכע האט געהאט א גוואלדיגען איינ־פלוס". דאס האט מיטגעבראכט, אז דער עולם האט זיך אפ־געגעבען ווייניג מיט פארוויילונגען. אין פרט פון עפענטליכע פארוויילונגען איז ניו יארק געווען די ליבעראלסטע שטאט. פונ־דעסטוועגען האט א פראפעסאר פון „ניו יארק יוניווערסיטי" דערקלערט, אז ווען ער וואלט געגאנגען צו אפט אין טעאטער, וואלט ער געשטאנען אין געפאר צו פארלירען זיין שטעלע. זונ־טאג איז נאך דעמאלט געווען אזוי הייליג ווי אין די אלטע צייטען. ראודס ברענגט אלס באווייז דעם פאל מיט די טראמ־

ווייען, וואס זיינען דעמאלט אויפגעבויט געווארען אין ברוקלין. עס האט זיך אויפגעהויבען די פראגע צי די טראמוויי‍ען זאלען לויפען זונטאג. די שטאט בעאמטע האבען ערלויבט דער קאמפאניע דאס צו טאן. דאן איז א צייטונג ארויס מיט אן אטאקע אויף די שטאט בעאמטע, און דערקלערט, אז אויב די טראמוויי‍ען וועלען לויפען זונטאג, וועט די שטאט דעמאראלי־זירט ווערען. די צייטונג האט אויפגעפאדערט די דירעקטארען פון דער קאמפאניע, אין נאמען פון דער קריסטליכער רעליגיע, זיי זאלען ניט פארשוועכען דעם הייליגען זונטאג. די דירעקטארען האבען מיט אכט שטימען געגען פיר געפאלגט דער צייטונג און די טראמוויי‍ען זיינען זונטאג ניט געפארען. ראודס ברענגט א ציטא־טע פון א צייטונג, וועלכע האט אטאקירט די „סאראטאגא־באן קאמפאניע" דערפאר וואס זי האט ניט אפגעשטעלט דעם באן אום זונטאג. אין דער ציטאטע ווערט געזאגט: „איך האב געזען פרויען פארענדיג אין באן, אריינפארענדיג אין סאראטאגא אין מיטען זונטאג. פרויען פארען עפענטליך זונטאג! עס איז פאראן אין דעם עטוואס שוידערליכעס. בלויז די סאמע נידעריגסטע פון דעם פרויען־געשלעכט קענען אזוי נידעריג פאלען."

אין 1858 איז פארגעקומען די „גרויע דערוואכונג", א כוואליע פון רעליגיעזען פאנאטיזם האט זיך פלוצלונג פארשפרייט איבערען גאנצען לאנד. (אזוינע „דערוואכונגען" זיינען אין אמע־ריקע פארגעקומען פון צייט צו צייט. געוויינליך פלעגען זיי אנקו־מען נאך א שווערען קריזיס. די „גרויסע דערוואכונג" פון 1858 איז געווען דער רעזולטאט פון דעם פאניק פון 1857. די עקאנא־מישע צרות, הונגער און נויט האבען געווירקט פסיכאלאגיש אז די מענשען זאלען זיך פלוצלונג א קער טאן צו גאט.) די „דער־וואכונג" איז באשטאנען אין דעם, וואס איבעראל, אין שטעט און שטעטלאך, האבען זיך באוויזען גלחים, וועלכע האבען געהאלטען פייערדיגע מוסר־דרשות. דער עולם איז געקומען מאסענווייז, און נאכדעם ווי זיי האבען זיך צוגעהערט צו די דרשות, האבען א סך פון די צוהערער גענומען אויף זיך פון איצט אן און ווייטער צו זיין פרום. די בעל־תשובה'ס האבען אויסגעשריען הויך פאר'ן

עולם זייערע פריערדיגע זינד און זייער איצטיגע חרטה, און דער גלח פלעגט זיי צוגעבען מוט. און דער גאנצער עולם פלעגט תפילה טאָן. דאָס פלעגט אריינברענגען די מאסע פארזאמעלטע אין א רעליגיעזען עקסטאז, וועלכער פלעגט זיך אויסדריקען אין ווילדע, משוגענע סצענעס און האוואיעס און אין געשרייען.

ראודס דערציילט, אז אפילו ניו יאָרק, וואו דער עולם איז געווען מעהר פאראינטערעסירט אין מאטעריעלע זאכען, איז אָנגע־שטעקט געוואָרען פון דער רעליגיעזער כוואַליע. יעדען טאָג זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען צענדליגע רעליגיעזע אסיפות אין פאר־שיידענע טיילען פון שטאָט. אין דער פּלימוט קירכע אין ברוקלין זיינען איין מאָל אויפגענומען געוואָרען 190 בעל־תשובה׳ס. דער גרויסער עולם האָט זיך פון באגייסטערונג אויפגעהויבען פון די פּלעצער און געזונגען שבחים צו גאָט פאר דעם חסד וואָס ער האָט באוויזען די זינדיגע. די בעל־תשובה׳ס זיינען געווען מענשען, וואָס זיינען געווען פארבונדען מיט אזעלכע פּלעצער ווי די סאלונען און די טעאטערס.

דאָך זיינען געווען ראדיקאלע באוועגונגען אויך אין רעליגיע. עס זיינען געווען ראדיקאלע גלחים, וואָס האָבען געפּרעדיגט ליבעראלע רעפאָרמען אין זייערע קירכעס. עס זיינען אויך געווען פאָרטגעשריטענע מענשען, וואָס האָבען אָפען געפּרעדיגט דעם פרייען געדאנק. איינער פון די חשוב׳סטע פערזענליכקייטען אין די באוועגונגען געגען דער אלטער פּוריטאנישער קירכע איז געווען טעאָדאָר פּארקער, וועלכער איז אויך געווען א פייערדיגער אבאָלישאָניסט. אין דעם פרט איז פאַרקער ניט געווען קיין אויס־נאָם. די פארשיידענע רעפאָרם־באוועגונגען אין יענער צייט האָבען זיך אויסגעמישט איינע מיט די אנדערע. דער וואָס איז געווען טעטיג אין איינער פון די באוועגונגען האָט אָפט מיטגע־האָלפען די איבעריגע. דער וואָס איז, צום ביישפּיל, געווען אן אבאָלישאָניסט, איז כמעט שטענדיג געווען אן אָנהענגער פון פרויען־רעכט, פון ליבעראליזם און ראדיקאליזם אין דער קירכע, פון פּראָהיבישאָן, א. אז. וו.

דאָס לאנד איז איצט געווען א סך רייכער. די גרויסע

אונטערנעמונגען, די באנקען, טעלעגראף, שיף־ליניעס, האבען גע־שאפען א רייכען קלאס. עס האבען זיך ענטוויקעלט רייכע זומער און ווינטער־פלעצער, וואו די אויפגעקומענע גבירים האבען פאר־בראכט זייער צייט אין פארגעניגען און לוקסוס. אין די גרויסע שטעט וואו די מאסען האבען געוואוינט האבען אבער נאך געפעלט אפילו די געוויינליכע באקוועמליכקייטען. דער ברוק איז געווען צודרייט, די גאסען זיינען געווען טונקעל, די וואסער־לייטונג א שלעכטע. אין די 50־ער יאהרען האט מען שוין אבער אנגעהויבען צו בויען טראמווייען.

אין די צעהן יאהר איז פארגעקומען א גרויסע ענדערונג אין די געפיהלען פון די מאסען בנוגע שקלאפעריי און די שקלאפען אייגענטימער אין דער סאוט. „אין 1850" — שרייבט פראפע־סאר סמיט — האט די גרויסע מאיאריטעט פון די בירגער אין דער נארטה ניט געוואלט דערלאזען, אז זייער פיינטשאפט צו שקלאפעריי זאל ווירקען אויף זייערע געפיהלען צו די ווייסע אין דער סאוט. זיי האבען געזוכט דורכצוקומען מיט דער סאוט אויף א פריינדליכען אופן, דורך פשרות. אין 1860 איז די נארט געווען פיינדליך געשטימט צו דער שקלאפישער סאוט. די מאסען אין דער נארט האבען איצט גענומען פילען, אז דער שקלאפען־אייגענטימער אין דער סאוט איז א גרויזאמער מענש, א גרויס־האלטער און א מענש אויף וועמענס ווארט מען קען זיך ניט פאר־לאזען. אין 1860 זיינען אין די נארט שוין כמעט ניט געווען אזוינע, וואס האבען פארטיידיגט שקלאפעריי. א סך אין דער נארט האבען שוין איצט געגלויבט און אפען געזאגט, אז דער קאמף איבער שקלאפעריי וועט אנהאלטען ביז וואנען שקלאפעריי וועט איינגאנצען אויסגעראטען ווערען. איצט האבען אזוינע פאלי־טישע פירער ווי לינקאלן און סיווארד פארטיידיגט דעם דאזיגען געדאנק. זיי וואלטען עס ניט געוואגט צו טאן מיט צען יאר פריער. דאס הייסט ניט, אז לינקאלן אדער סיווארד זיינען איצט געווארען אבאלישאניסטען. זיי זיינען זיך פאנאנדערגעגאנגען מיט געריסאנ'ען און מיט פיליפס'ען אין דער מעטאדע ווי אזוי שקלא־פעריי זאל באקעמפט ווערען. לינקאלן און זיינע רעפובליקאנישע

אָנהענגער האָבען געגלויבט, אַז דאָס דאַרף געטאָן ווערען אויף אַ שטרענגען, געזעצליכען אופן, אַז די נאָרט דאַרף זיך ניט מישען אין דער סאַוט; דאַרטען דאַרף שקלאַפעריי איבערגעלאָזען ווערען צו די דאָרטיגע איינוואוינער. גערריסאָן און פיליפס האָבען גע־טענה'ט, אַז עס איז די פליכט פון יעדען מענשען צו באַקעמפען שקלאַפעריי וואו זי געפינט זיך, און אַז עס איז אַ פאַרברעכען צו פאָלגען די געזעצען וואָס דער קאָנגרעס מאַכט לטובת שקלאַפעריי.

די אַגיטאַציע פון די אַבאָלישאָניסטען האָט אָבער געהאַט אַ גרויסע ווירקונג. זיי צו פאַרדאַנקען האָט זיך אַנטוויקעלט די אונטער־אירדישע באַן, אַרויסצושמוגלען נעגער־שקלאַפען קיין קענעדע. אַ דאַנק זייער אַגיטאַציע האָבען די בירגער פון דער נאָרט אין אַ סך פאַלען עפענטליך געהאָלפען נעגער־שקלאַפען צו אַנטלויפען. זיי צו פאַרדאַנקען האָבען אַ סך שטאַטען דורכגע־פירט געזעצען וואָס האָבען געמאַכט אונמעגליך פאַר די פעדעראַלע בעאַמטע צו כאַפען אַנטלאָפענע שקלאַפען אין דער נאָרט. איין געזעץ האָט פאַרבאָטען צו באַנוצען די שטאָטישע געפענגנישען צו פאַרשפאַרען געכאַפטע שקלאַפען. אַ צווייטער געזעץ האָט פאַרבאָטען די בעאַמטע פון די שטאַאטען צו העלפען כאַפען אַנטלאָפענע שקלאַפען. אַ דריטער געזעץ האָט געהייסען, אַז ווען אַן אַנטלאָפענער שקלאַף ווערט געכאַפט, האָט ער אַ רעכט צו פאָדערען אַ דזשורי־פראָצעס, און אַז דער שטאַאט דאַרף אים פאַר־זאָרגען מיט אַן אַדוואָקאַט. אָט די, און ענליכע געזעצען האָבען מעגליך געמאַכט פאַר די אַנטלאָפענע שקלאַפען זיך אויסצודרייען פון די הענט פון זייערע באַלעבאַטים אפילו נאָכדעם ווי מען האָט זיי געכאַפט.

אין דער סאַוט איז דאָס לעבען געווען אונגעפער דאָס זעלבע ווי אין 18טען יאָרהונדערט. אַלץ האָט געטראָגען דעם טאָן פון דער הויכער קאַטאָן־אַריסטאָקראַטיע; דער קליין הייפעלע פון רייכע שקלאַפען־האַלטער האָבען געהערשט פאָליטיש און געזעל־שאַפטליך. אַלץ האָט זיך געבויגען פאַר זיי. די שקלאַפען־אַריסטאָקראַטען צווישען זיך זיינען געווען דעמאָקראַטיש. פאַר

אן אויפגעקומענעם שקלאפען־האלטער און פלאנטאטאר איז ניט שווער געווען אריינצוטרעטען אין די הויכע קרייזען. אבער די צאל פון אזוינע אויפגעקומענע איז ניט געווען גרויס.

„דער אריסטאקראטישער קאטאן פלאנטאטאר אין דער סאוט איז געווען פאראינטערעסירט אין עטליכע זאכען: קאטאן, נעגערס, זיין פאמיליע, די אינטערעסען פון זיין נאכבארשאפט און פאליטיק" — שרייבט פראפעסאר סמיט. „זייער א קליינע צאל פון זיי האט זיך אינטערעסירט מיט בילדונג, מיט קולטור." דער אריסטאקראט פון דער סאוט איז געווען א „דזשענטעלמען" אין זיינע פערזענליכע באציהונגען. דאס ווארט „דזשענטעלמען" האט אין דער סאוט געהאט די פאלגענדע באדייטונג: גאלאנט־קייט צו פרויען, העפליכקייט צו נידעריגערע מענשען, גאסט־פריינדליכקייט און ברייט־הערציגקייט צו פריינט, אונדערשראקענ־קייט און האנאר. דער לעצטער פונקט פאדערט אן ערקלערונג. דער „דזשענטעלמען" פון דער סאוט איז געווען זייער סענסיטיוו. ווען אימעצער האט אנגערירט זיין פערזענליכען כבוד אדער דעם כבוד פון זיין פאמיליע, האט ער עס געהאלטען פאר זיין פליכט צו פארטיידיגען דעם האנאר מיט געווער אין די הענט. אין דער סאוט האט נאך דעמאלט געהערשט דער אלטער מנהג פון דעם דועל. אויב דער געגנער האט זיך אנטזאגט צו דועלירען, האט דער באליידיגטער געהאלטען פאר זיין פליכט אים צו באשטראפען מיט א קערפערליכער אטאקע. „מערדערליכע ווארנונגען און שימפע־רייען" — שרייבט פראפעסאר סמיט — „זיינען געווען א געווייגליכע טעגליכע פאסירונג אין דער סאוט. די נארט האט אויף דעם געקוקט מיט א שוידער. ווען אן אריסטאקראט פון דער סאוט פלעגט ארויסרופען איינעם פון דער נארט אויף א דועל און יענער פלעגט זיך אנטזאגען צו דועלירען, פלעגט די סאוט אים באַ־טראכטען פאר א טרוס, פאר א מענשען אן ווירדע און שטאלץ; און פארקערט, אין דער נארט פלעגט מען באטראכטען די געוואלט טאטען פון דער געזעלשאפט אין דער סאוט אלס א צייכען פון ברוטאליטעט. צו דער זעלבער צייט אבער איז דאס הויז־לעבען פון די אריסטאקראטען אין דער סאוט געווען איידעל און שיין,

פול מיט צערטליכקייט און העפליכקייט, וואָס איז געווען אומ־
באַגרייפליך פאַר די מענשען אין דער נאָרט."

פון די אַלע רעפאָרם־באַוועגונגען מיט וועלכע די נאָרט האָט געקאָכט איז אין דער סאַוט כמעט קיין סימן ניט געווען. דאָרטען האָט מען ניט געהערט פון קיין ראַדיקאַליזם אין רעליגיע, פון קיינע קאָמונעס, קיין פרויען באַוועגונגען, פון אַבאָלישאָניסטען איז דאָך אָפגערעדט. די פרעסע פון דער סאַוט האָט דערמיט שטאָלצירט. אַ צייטונג אין ריטשמאָנד, ווירדזשיניא, האָט אין 1856 געשריבען: „אין דער נאָרט האָט יעדעס שטעטעל זיין צייטונג און זיין זאַל פאַר לעקציעס, און יעדער רעדאַקטאָר און יעדער לעקטאָר רופט מען זאָל דיסקוטירען די אָנגענומענע דאָגמען פון דער רעליגיע. מיט פופציג יאָר צוריק איז די נאָרט געווען קאָנסערוואַטיוו. דעמאָלסט איז געווען גוט פאַר אונז צו שיקען אונזער יוגענט אין די קאָלעדזשעס פון דער נאָרט. איצטער איז די נאָרט אַ לאַנד פון אפיקורסות און אַבערגלויבען, און מען קען איר מער ניט אָנפערטרויען מיט דער בילדונג פון אונזערע זין און טעכטער".

אין דער צייט וואָס אין דער נאָרט איז פאָרגעקומען אַ ליטע־ראַרישע אויפלעבונג איז די סאַוט געווען ליטעראַריש טויט. מיט דער אויסנאַם פון איין איינציגען שריפטשטעלער, וויליאַם גילמאָר סימס, האָט די סאַוט אין יענע יאָרען ניט אַרויסגעגעבען קיין איינציגען באַדייטענדען שרייבער. עס איז אין דער סאַוט אומ־מעגליך געווען אַרויסצוגעבען אַ זשורנאַל, ווייל עס זיינען דאָרטען ניט געווען ניט קיין שרייבער און ניט קיין לעזער. די פרעסע אין דער סאַוט האָט זיך געהאַלטען אין באַקלאָגען, אַז די שולען זיינען געצוואונגען צו באַנוצען זיך מיט די לערען־ביכער וואָס ווערען געשריבען אין דער נאָרט. זיי האָבען געשריען, אַז די ביכער וואָס קומען פון דער נאָרט אַנטהאַלטען בלבולים אויף דער סאַוט און זיינען פול מיט אפיקורסות. אָבער די געשרייען האָבען ניט געהאָלפען. קיין אייגענע ביכער האָט די סאַוט ניט געהאַט.

„אין יענע יאָרען איז איין באַדייטענדע ענדערונג פאָרגעקומען אין דער סאַוט" — שרייבט פּראָפעסאָר סמיט. — „עס

האט זיך דארטען אומגעהויער פארשטארקט דאס געפיל, אז די שטאטען פון דער סאוט האבען בשותפות'ע אינטערעסען און אידעאלען; אז זיי זיינען אלע פארבונדען דורך דער אינסטיטוציע פון שקלאפעריי. די איינוואוינער פון דער סאוט האבען גענומען פילען אז זיי געהערען צו א באזונדער לאנד. זייער פאטריאטיזם צו דער סאוט האט איבערשטיגען זייער טרייהייט צו די פאראייניגטע שטאטען. זיי האבען תמיד פארגליכען די סאוט מיט דער נארט און אנגעוויזען אז די סאוט שטייט גייסטיג העכער. די נארט איז נאר פארטאן אין מאכען געלט, האבען זיי גע'טענה'ט. די סאוט האט א נשמה, האנאר, אמת'ע איידעלקייט."

אבער נישט קוקענדיג אויף דער בארימעריי, האט די סאוט געפילט אז זי איז עקאנאמיש ארעם אין פארגלייך מיט דער נארט. די פירער פון דער סאוט האבען געזען, אז די נארט ענטוויקעלט זיך, בשעת די סאוט שטייט אויף איין ארט, און זיי האבען גענומען זוכען עצות. אין די 50־ער יארען האבען די שטאטען פון דער סאוט פאררופען קאנווענשאנס, צו באטראכטען די דאזיגע פראגען. מען האט דארט גערעדט וועגען בויען באנען, וועגען בויען שיפען, וועגען צוקריגען נייע טעריטאריע. עס איז דארטען אפילו דיסקוטירט געווארען די מעגליכקייט, אז מען זאל ווירקען אויפ'ן קאנגרעס, ער זאל ערלויבען ווידער אריינצופירען נעגער שקלאפען פון אפריקע. דער פרייז פון נעגערס איז דעמאלט געווען הויך. האבען די פלאנטאטארס גע'טענה'ט, אז דאס איז איינע פון די סבות ווארום די סאוט איז עקאנאמיש הינטערשטעליג. זאל מען אריינפירען נייע שקלאפען, וועט דער פרייז פאלען, און עס וועט מעגליך זיין צו באשעפטיגען מער שקלאפען אויף די פעלדער.

פארשטייט זיך, אז דער קאנגרעס האט די פאדערונג ניט נאכגעגעבען. אבער עס האט זיך ענטוויקעלט א גרויסע שמוגלעריי פון שקלאפען. צענדליגע שיפען האבען געשמוגעלט אין דער סאוט נעגער פון אפריקע. די וואשינגטאנער רעגירונג האט זיך געמאכט ניט־וויסענדיג.

די סאוט האט איצט פארטיידיגט שקלאפעריי ווי א גערעכטע

און נויטיגע אינסטיטוציע. שקלאַפעריי מוז און וועט אייביג עקזיסטירען, — האָבען זיי גע'טענה'ט, ווייל אַזוי וויל גאָט און אַזוי וויל די נאַטור. די סאַוט האָט געפילט, אַז דערמיט וואָס שקלאַפעריי ווערט אַטאַקירט אין דער נאָרט, ווערט באַגאַנגען אַן עולה ניט בלויז געגען דער סאַוט, נאָר געגען דער מענשהייט, געגען גאָט אַליין. די סאַוט האָט אָנגעהויבען צו קוקען אויף דער נאָרט ווי אויף אַ שונא און אַ גאָט־לעסטערער.

קאפיטעל 30.

# דער וואל קאמף פון 1860.

דאס גענויע יאר וואס איז פארלאפען צווישען דער היני־ריכטונג פון דזשאן בראון און דער דערוויילונג פון אייברעהעם לינקאלן פאר פרעזידענט איז געווען א נערוועז יאר. די שקלאפען־אריסטאקראטיע אין דער סאוט האט געברענט מיט א ווילדען צארן אויף דער נארט, און האט אויסגענוצט יעדע געלעגענהייט צו סטראשען די נארט אז זי וועט זיך אפרייסען פון דער רעגי־רונג; אז זי וועט צושטערען די „יוניאן" (די פאראייניגטע שטאטען). זי האט אויך אנגענומען פארשיידענע מיטלען אפצור־רעכענען זיך מיט דער נארט, איר צו שעדיגען עקאנאמיש, איר צו באליידיגען. די אטמאספערע אין לאנד איז געווען געדיכט מיט'ן שרעק פאר אן אנקומענדער, אונפארמיידליכער געפאר. און וואס נעענטער עס האבען זיך אנגערוקט די פרעזידענט־וואלען, אלץ שווערער און אנגעלאדענער איז געווארען די לופט.

די נייע זיצונג פון קאנגרעס האט זיך געעפענט דריי טעג נאך דער הינריכטונג פון דזשאן בראון, און גלייך האט דארט אויס־געבראכען א פייערדיגע, שטורמדיגע דעבאטע איבער שקלאפעריי. דער קאמף איז ארויסגעקומען איבער דער דערוויילונג פון א פאר־זיצער (ספיקער). קיינער פון די פארטייען האט ניט געהאט קיין מאיאריטעט אין „הויז". דערצו זיינען די פארטייען גופא געווען צוטיילט אין פראקציעס. עס זיינען לכתחילה געלאפען פאר'ן אמט צוויי רעפובליקאנער, צוויי דעמאקראטען און איינער פון דער „אמעריקען פארטי". דער שטארקערער, דער רעפובליקאנישער קאנדידאט, איז געווען קאנגרעסמאן דזשאן שערמאן פון אהייא. נאכדעם ווי עס איז אנאנסירט געווארען דער רעזולטאט פון דעם

ערשטען באַלאָט, האָט קאָנגרעסמאַן קלאַרק פון מיזורי געמאַכט אַ פאָרשלאַג, אַז שערמאַן'ס נאָמען זאָל צוריקגעצויגען ווערען און אַז ער זאָל ניט טאָרען לויפען פאַר דעם אַמט דערפאַר, וואָס ער האָט רעקאָמענדירט די בירגער פון לאַנד זיי זאָלען לעזען אַ געוויס בוך מיט'ן נאָמען „דער אָנקומענדיגער קריזיס". („אימפּענדינג קריסיס").

דאָס בוך איז מיט צוויי יאָר פריער דערשינען אונטער'ן פסעוודאָנים: „אַן אָרימער ווייסער פון נאָרט־קאַראָליינא". דער נאָמען פון שרייבער איז געווען הינטאָן ראָללען העלפער. דער ציל פון דעם ווערק איז געווען צו איבערצייגען די אָרימע איינוואוינער פון דער סאוט, די ווייסע וואָס האָבען קיין שקלאַפען ניט געהאַט און וואָס האָבען געלעבט אין גרויס אָרימקייט, אַז פאַר זיי וואָלט געווען אַ גליק ווען שקלאַפעריי וואָלט אָפּגעשאַפט געוואָרען. ער האָט באַוויזען מיט ציפערען און מיט ציטאַטען פון אָנגעזעענע פערזאָנען, אַז די סאוט קען זיך ניט אַנטוויקלען עקאָנאָמיש כל זמן דאָרט הערשט שקלאַפעריי. זאָל שקלאַפעריי אָפּגעשאַפט ווערען, און די סאוט וועט אויפבליען פונקט ווי די נאָרט, האָט ער געשריבען, ער האָט אויך פאַרדאַמט שקלאַפעריי אַלס אונמאָראַליש, אַלס אַ פאַרברעכען געגען גאָט און געגען מענשען.

דאָס בוך איז שטאַרק געפעלען געוואָרען די פירער פון די רעפּובליקאַנער אין דער נאָרט, און עס איז פאָרגעשלאָגען געוואָרען אַ פּלאַן, אַז די רעפּובליקאַנישע פּאַרטיי זאָל זאַמלען אַ פאָנד פון 16 טויזענד דאָלאַר, אָפּצודרוקען אַ גרויסע צאָל קאָפּיעס פון דעם ווערק און זיי פאַרשפּרייטען אין די צווייפעלהאַפטע שטאַטען וואָס ליגען לעבען דער סאוט. די רעפּובליקאַנישע פירער האָבען געגלויבט, אַז דאָס וועט זיי העלפען קריגען שטימען אין יענע שטאַטען אין די נעקסטע פּרעזידענט וואַלען. אויפ'ן אויפרוף פאַר'ן פאָנד האָבען זיך אונטערגעשריבען עטליכע צענדליג קאָנגרעסלייט. שערמאַן איז געווען איינער פון זיי. קאָנגרעסמאַן קלאַרק האָט דערקלערט, אַז דאָס בוך איז אַ פאַרראַט געגען דער סאוט און געגען גאַנצען לאַנד, און אַז יעדער איינער וואָס רעקאָמענדירט אַזאַ בוך איז אַ פאַררעטער. קאָנגרעסמאַן מילמאַן

פון ווירדזשיניא, וועלכער האט געשטיצט קלארק'ס פארשלאג, האט אין זיין רעדע געזאגט: „א מענש וואס גיט זיין איינפלוס צו פארשפרייטען אזוינע שריפטען איז ניט נאר ניט פאסיג צו זיין פארזיצער אין קאנגרעס, נאר ער דארף אינגאנצען ניט לעבען אויף דער וועלט.“

די דעבאטע האט אנגעהאלטען מאנאטען לאנג. קאנגרעס־לייט האבען זיך געווארפען שלאגען איינע די אנדערע. אין זייערע רעדעס האבען די קאנגרעסלייט פון דער סאוט אבער און ווידער דערקלערט, אז אויב עס וועט דערוויילט ווערען א רעפובליקאני־שער פרעזידענט, וועט די סאוט ארויסטרעטען פון די פאר־אייניגטע שטאטען. סענאטאר סיוארד, וועלכער איז דעמאלט באטראכט געווארען אלס דער וויכטיגסטער פירער פון דער רע־פובליקאנישער פארטיי, איז פארדאמט געווארען אלס פאררעטער. זיי האבען אים באשולדיגט אז ער האט געהאלפען דזשאן בראון'ס אויפשטאנד. דער קאמף איבער דעם פארזיצער האט אנגעהאלטען נאענט צו צוויי מאנאטען. לסוף האט זיך שערמאן צוריקגעצויגען. די רעפובליקאנער האבען ארויסגעשטעלט אן אנדער קאנדידאט, און יענער איז אויסגעקליבען געווארען.

די שטימונג אין דער סאוט קען לייכט געאורטיילט ווערען פון די פאלגענדע עטליכע פאקטען: די לעדזשיסלייטשור פון שטאט ארקענסא, האט דורכגעפירט א געזעץ, אז די פרייע נעגערס וואס וואוינען אין דער שטאט האבען איינע פון צוויי ברירות: ענטוועדער פארלאזען דעם שטאט אדער ווערען שקלאפען. א סך פון די נעגער האבען אנגענומען די צווייטע ברירה. די איבעריגע זיינען אנטלאפען. זיי האבען געמוזט ארויס פאר דעם ערשטען יאנואר 1860.

אין דער סאוט האט זיך איצט אנגעפאנגען א באוועגונג צו באיקאטירען די נארט. אין א סך פלעצער זיינען פאררופען גע־ווארען פארזאמלונגען, ביי וועלכע דער באיקאט איז אגיטירט גע־ווארען. אין וועסט מארלאנד קאונטי, ווירדזשיניא, האבען די איינוואוינער באשלאסען ניט צו פארען אין די נארט, קיינעם דארט ניט באזוכען, אפילו איינענע פריינט ניט; ניט צו

האַנדלען מיט סוחרים אין יענע שטאַטען וואו שקלאַפעריי איז פאַרבאָטען, ניט צו דינגען קיין אַרבייטער וואָס קומען פון דער נאָרט, און אַרויסשיקען אַלע וואָס קומען אין דער סאַוט פאַרקויפען ביכער, זשורנאַלען און צייטונגען פון דער נאָרט, אָדער אַזוינע מענשען, אויף וועמען עס איז דאָ אַ חשד אַז זיי זיינען געגען שקלאַפעריי. אין דעצעמבער זיינען אין וואַשינגטאָן אָנגעקומען 32 אַגענטען פון ניו יאָרקער און באָסטאָנער פירמעס און אָפגעגעבען אַ באַריכט, אַז אין דער סאַוט איז דער צאָרן געגען דער נאָרט אַזוי גרויס, אַז זיי האָבען געמוזט אויפגעבען זייערע געשעפטען דאָרטען. עלף אַנדערע אַגענטען פון פירמעס אין דער נאָרט האָבען באַריכטעט אַז ווען זיי זיינען געקומען אין ווירדזשיניאַ פאַרקויפען זייער סחורה, האָבען קאָמיטעס זיי באַגעגענט אויף דער באַן־סטאַנציע און זיי באַפוילען גלייך צו פאָרען צוריק. יונגעלייט פון דער סאַוט וואָס האָבען געשטודירט אין אוניווערזיטעטען פון דער נאָרט האָבען פאַרלאָזען זייערע קורסען אין מיטען און זיינען אַוועקגעפאָרען אַהיים.

די סוחרים אין דער נאָרט האָבען זיך דערשראָקען און האָבען גערופען מאַסען פאַרזאַמלונגען צו באַרוהיגען די סאַוט. די פאַרזאַמלונגען האָבען געטראָגען דעם אָפיציעלען נאָמען „מיטינגען צו ראַטעווען די יוניאָן". ביי די פאַרזאַמלונגען האָבען די רעדנער פאַרדאַמט דזשאָן בראַון, פאַרדאַמט די אַלע וואָס מישען זיך אין די שקלאַפען־אינסטיטוציעס. דער האַנדעל מיט דער סאַוט איז פאַר די סוחרים פון דער נאָרט דעמאָלט געווען זייער נויטיג, ווייל די וועסט און די איסט זיינען אויסגעהונגערט געוואָרען און פאַראָרעמט געוואָרען נאָכ'ן קריזיס פון 1857, און די סאַוט האָט פון דעם קריזיס צום קנאַפסטען געליטען.

דאָס גאַנצע לאַנד האָט איצט געטראַכט וועגען איין זאַך: ווער וועט זיגען אין די נעקסטע פרעזידענט וואַלען? די אויסזיכטען פאַר דער רעפובליקאַנישער פאַרטיי זיינען געווען זייער גוטע, און די פאַרשטייער פון דער סאַוט האָבען ביי יעדער געלעגענהייט געסטראַשעט אַז אין פאַל עס וועט דערוויילט ווערען אַ „שוואַרצער רעפובליקאַנער", וועט די סאַוט זיך אָפרייסען פון

דער רעגירונג. דערווייל איז מען אָבער נאָך ניט געווען זיכער ווער צווישען די צוויי פּאַרטייען וועט נאָמינירט ווערען פאר'ן פּרעזידענט אמט. בעלנים אויף דער נאָמינאציע זיינען איןביידע פּאַרטייען געווען אַ סך.

די צוויי וויכטיגסטע פּרעזידענט קאנדידאטען אין דער רעפּובליקאנישער פּאַרטיי זיינען געווען סענאטאָר סיואַרד פון ניו־יאָרק און אייברעהעם לינקאָלן פון איליגאָי. סיואַרד איז געווען אָן אַ שיעור מער פּאָפּולער און מער איינפלוסרייך ווי לינקאָלן. אין דער איסט האָט מען פון לינקאָלן'ען וויינינ געוואוסט. זיין נאָכפאָלגערשאַפט האָט ער געהאט כמעט אויסשליסליך אין דער וועסט. סיואַרד איז געווען בארימט אין אַלע טיילען פון לאַנד.

אין מאָנאַט פעברואַר איז לינקאָלן געקומען אין ניו־יאָרק אויף דער איינלאַדונג פון אַ רעפּובליקאנישען קלוב. דעם 27־טען פון דעם מאָנאַט האָט ער געהאַלטען אַ רעדע אין „קופּער אינסטיטוט". אין זאַל זיינען געווען פאַרזאמעלט די העכסטע אינטעליגענץ פון דער שטאָט. זיין טעמע איז געווען, פאַרשטייט זיך, שקלאַפעריי. האָרעים גרילי האָט אין „טריביון" געשריבען אויף מאָרגען: „איך זאָג, אַז דאָס איז געווען די בעסטע פּאָליטישע רעדע וואָס איך האָב ווען עס איז געהערט. די רעדע האָט געמאַכט אַ טיפען איינדרוק. לינקאָלן האָט ווידערהאָלט זיין שטעלונג צו דער פראַגע, די שטעלונג פון דער רעפּובליקאנישער פּאַרטיי. שקלאַפעריי מוז אָפּגעשטעלט ווערען! מען טאָר איר ניט לאָזען זיך ווייטער פאַרשפּרייטען. אָבער דאָרטען וואו שקלאַפעריי עקזיסטירט שוין איצט דאַרף מען זי צורו לאָזען. זי וועט מיט דער צייט דאָרט אַליין אויסשטאַרבען."

די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי איז געווען צושפּאַלטען אין צוויי פראַקציעס; די נאָרדליכע פראַקציע און די זידליכע פראַקציע. דער אָנפירער פון די דעמאָקראַטען אין דער נאָרט און וועסט איז געווען סענאַטאָר דאָגלעס. דער אָנפירער פון די דעמאָקראַטען אין דער סאַוט איז געווען דזשעפערסאָן דייוויס. די סאַוט האָט באַטראַכט דאָגלעס'ן אַלס אַ פאַררעטער זינט ער האָט גענומען זיין שטעלונג לטובת דער פרייע קאָנסטיטוציע אין קענזעס. די

סאַוט איז געשטאַנען אויף דעם פּרינציפּ, אַז קיינער, ניט דער קאָנגרעס אַז ניט די טעריטאָריעלע רעגירונגען, טאָר ניט האָבען דאָס רעכט וואו עס איז צו פאַרבאָטען שקלאַפעריי. דאָגלעס איז געשטאַנען אויפ׳ן שטאַנדפּונקט, אַז די איינוואוינער פון יעדער טעריטאָריע מוזען האָבען אַליין דאָס רעכט צו באַשטימען צי זיי ווילען שקלאַפעריי אין דער טעריטאָריע צי ניט.

די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט די ערשטע פאַררופען איר קאָנווענשאָן צו נאָמינירען קאַנדידאַטען פאַר די וואַלען אין 1860. די קאָנווענשאָן איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין טשאַרלסטאָן, סאַוט קאַראָליינאָ, דעם 23טען אַפּריל.

די קאָנווענשאָן איז געווען אַ שטורמדיגע. דאָגלעס׳עס פראַקציע האָט געהאַט אַ מאַיאָריטעט, און זי האָט דורכגעפירט די רעזאָלוציעס וועגען שקלאַפעריי לויט זיין פּרינציפּ. די דעלע־גאַטען פון דער סאַוט האָבען פּראָטעסטירט און האָבען איינציגווייז פאַרלאָזען די קאָנווענשאָן. פריער זיינען אַרויס די דעלעגאַטען פון אַלאַבאַמאַ, דערנאָך די דעלעגאַטען פון מיסיסיפּי, פון לואיזי־אַנאַ, סאַוט־קאַראָליינאַ, פלאָרידאַ, טעקסעס און אַרקענסאָ. ביי־נאַכט האָבען די דעלעגאַטען געמאַכט אַ דעמאָנסטראַציע איבער די גאַסען פון שטאָט. אויף מאָרגען האָבען די דזשאָרדזשיא דעלע־גאַטען אויך פאַרלאָזען די קאָנווענשאָן. די פאַרבליבענע דעלע־גאַטען האָבען געפּרובירט פאָרטזעצען די אַרבייט; זיי האָבען אָבער ניט געהאַט די נויטיגע צוויי־דריטעל שטימען צו נאָמינירען אַ קאַנדידאַט. עס איז באַשלאָסען געוואָרען די קאָנווענשאָן צו שליסען און צו פאַררופען אַ צווייטע קאָנווענשאָן אין באַלטימאָר דעם 18טען יוני. די אָפּגעריסענע דעלעגאַטען האָבען זיך אָרגאַ־ניזירט און אַרויסגעלאָזען אַן אויפרוף צו אַלע דעמאָקראַטען וואָס האַלטען מיט זיי, צו שיקען דעלעגאַטען צו אַ נייער קאָנווענשאָן אין ריטשמאָנד, דעם 2טען מאָנטאָג אין יוני.

די קאָנווענשאָן פון דער רעפּובליקאַנער פּאַרטיי האָט זיך פאַרזאַמעלט אין שיקאַגאָ דעם 16טען מאַי. ביי דער דערעפענונג פון דער קאָנווענשאָן איז געווען כמעט ווי זיכער, אַז סענאַטאָר סיואַרד וועט קריגען די נאָמינייִשאָן פאַר פּרעזידענט. אין שטאָט

זיינען אנגעקומען א דרייסיג טויזענד מענשען פון פארשיידענע שטאטען צו מאכען דעמאָנסטראציעס פאר די פארשיידענע קאנ־דידאטען. די קאָנווענשאָן איז אָפּגעהאלטען געוואָרען אין א גרויסער ביידעל, וואו עס איז געווען פּלאַץ פאר צען טויזענד מענשען.

טאָג און נאכט האָט די שטאָט געשטורמט מיט פּאראדען און דעמאָנסטראציעס פאר די פארשיידענע קאנדידאטען. איבער־הויפּט זיינען געווען אקטיוו די סיווארדיסטען און די לינקאָלן־אָנהענגער. די אלגעמיינע מיינונג איבער'ן גאנצען לאנד איז געווען, אז סיוארד וועט נאָמינירט ווערען. סיווארד אליין איז געווען זיכער אז ער וועט זיין דער קאנדידאט.

ווען מען האָט אָנגעהויבען צו שטימען, האָט עס אויך אויס־געזען אז סיוארד וועט געווינען. ער האָט אויפ'ן ערשטען באלאָט געצויגען 173 שטימען; לינקאָלן בלויז 102. נאָך עטליכע קאנדידאטען האָבען באקומען קלענערע צאָלען — איינער פופציג, א צווייטער 49 א. אז. וו. קיינער האָט ניט געקראָגען די נויטיגע מאַיאָריטעט.

אָבער אויפ'ן צווייטען באלאָט האָט סיוארד באקומען 184 שטימען און לינקאָלן 181; אויפ'ן דריטען באלאָט האָט שוין סיוארד געקראָגען 180 און לינקאָלן 231; אויפ'ן דריטען באלאָט איז לינקאָלן נאָמינירט געוואָרען כמעט איינשטימיג. אלס וויס־פּרעזידענט איז נאָמינירט געוואָרען העניבאל העמלין פון מעין.

די דעמאָקראטישע פּארטיי האָט לינקאָלנ'ס נאָמינאציע אויפ־גענומען מיט חוזק. זיי האָבען אָנגערופען לינקאָנ'ען א דריטער־קלאסיגער אדוואָקאט, א פערט־קלאסיגער רעדנער, וועלכער קען אפילו ניט ריידען גראמאטיקאליש. סיוארד, — האָבען זיי גע־שריען, — איז א פעהיגער מענש, מיט כאראקטער, מיט בילדונג. ווער איז לינקאָלן? קיינער קען אים ניט, קיינער וויס אים ניט; א מענש אָן ערפארונג אין פּאָליטישען לעבען פון לאנד. אָבער סיוארד'ן האָבען די רעפּובליקאנער נידערגעשטימט; נאָמינירט האָבען זיי לינקאָלן. אזא פּארטיי מיט אזא קאנדידאט וועט מוזען פארלירען אין די וואלען.

די רעפּובליקאַנישע פּרעסע האָט, פאַרקערט, אָנגעוויזען אויף דעם אַז לינקאָלן איז אַ מענש פון פאָלק, מיט אַ גוטען, ריינעם נאָמען, און מיט אַ פעסטען כאַראַקטער.

די צושפּאָלטענע דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט אָפּגעהאַלטען צוויי קאָנווענשאָנס. די נאָרדליכע פראַקציע האָט זיך פאַרזאַמעלט אין באַלטימאָר און איינשטימיג נאָמינירט דאָגלעס'ן פאַר פּרע־זידענט. די זידליכע פראַקציע האָט אין דער זעלבער שטאָט אָפּגעהאַלטען אַ קאָנווענשאָן אין אַ צווייטען זאַל און נאָמינירט דזשאָן ברעקענרידזש, פון קענטאָקי.

אויסער די דריי פּרעזידענט־קאַנדידאַטען איז געווען אַ פערטער. אַ פּאַרטיי וואָס האָט זיך גערופען „קאָנסטיטושאָנעל יוניאָן פּאַרטי" און וועלכע האָט איגנאָרירט די שקלאַפען פראַגע און ארויסגעשטעלט אויף איר פּראָגראַם די איינינקייט פון לאַנד, האָט נאָמינירט פאַר פּרעזידענט דזשאָן בעלל פון טענעסי.

דער קאַמפּיין איז געווען דער שטורמדיגסטער אין דער גע־שיכטע פון לאַנד. די רעפּובליקאַנער זיינען אַרויס די זיגער, כאָטש לינקאָלן האָט באַקומען ווייניגער ווי אַ העלפט פון די אָפּ־געגעבענע שטימען פון לאַנד. לינקאָלן האָט געצויגען 1,857,000 שטימען; דאָגלעס — 1,291,000; ברעקענרידזש — 880,000 און בעלל — 646,000. ווען די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי וואָלט זיך ניט געשפּאָלטען, וואָלט לינקאָלן העכסט וואַרשיינליך ניט געווען ערוויילט געוואָרען.

„די נאָרט האָט געזאָגט איר וואָרט" — שרייבט ראָודס — „און ביי יעדען אין מח האָט זיך געשטעלט די פאַר־באָטענע פראַגע: וואָס וועט זיין דער ענטפער פון דער סאָוט?"